חיים לייב פוקס




דאָס יידישע גייסטיקע און דערהויבענע לאָדזש

(100 יאָר יידישע און אויך העברעאישע ליטעראַטור און קולטור
אין לאָדזש און אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך)

פאַרלאַג י.ל. פרץ ישראל

תל־אביב, תשל״ב — 1972



פאָטאָגראַפיע פון מיין פאָטער ז"ל

דעם הייליקן אָנדענק פון מיין פאָטער ר׳ יצחק מאיר ב״ר יוסף ז״ל, פון דער גזע ר׳ יוסף קארו. אַ בורח מין הכבוד, האָט ער געהאַט אין זיך אַ כח, בעת ער האָט שוין געהאַט פיר קינדער, אָװעקצוװאַרפן די שטעלע פון אַ מורה הוראה אין לאָדזש און װערן אַ שילדן־מאָלער. נאָך די שװערע אַרבעט־שעהן האָט ער ביז שפּעט אין די נעכט געשריבן לידער, משלים און אַ גרויסע צאָל חידושי־תורה אין יידיש און אין לשון קודש, (אויף די מאַרגינעסן פון זיין גרויסן װילנער ש״ס, װאָס ער האָט משלים געװען זעקס מאָל) אָבער קיין מאָל זיי נישט געלאָזט אָפּדרוקן.

## קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס בוך „לאָדזש של מעלה"

אהרן אַלפּערן, זאב בוימגאָלד, דוד בערעזער, בעני טרוי,
שמואל מילמאַן, ישראל סטאָלאַרסקי, יצחק פּולוווער־
מאַכער, לעאָן קעניגסבערג, הלל קעמפּינסקי

✶

מיר דאַנקען האַרציק די פריינד, וואָס האָבן זיך באַטייליקט מיט גרעסערע סומעס (אָנהויבנדיק פון 25 דאָלאר און מער) און געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס ספר פון אונדזער לאַנדסמאַן, דעם דיכטער חיים לייב פוקס. וועלט־פאַרבאַנד פון די בערגען־בערזענער, יוסף ראָזענזאָפט, פאָרזיצער. סעם בלאָך, סעקרעטאַר, ווי אויך דעם שריפטשטעלער אליעזר ווייזעל. יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד; יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט; אַרבעטער רינג; בערנאַרד איזשביצקי, זאב בוימגאָלד, נחמה בערלינער, מעקסיקע, אסתר גרינשטיין — מעקסיקע, זשאמע דאווידסאָן — מעקסיקע, מאיר זיידע — פאַריז, הערי שטראַסבערג — פאַריז, אברהם יעקב פילאָ־זאָף—מיאַמי, אברהם און חנה, וואַרשע—מיאַמי, יאָסעלע צוקערמאַן—מיאַמי, יצחק ראָטבלום — לאָס אַנדזשעלעס, הערמאַן גאָלדבערג — נ. י., בעני טרוי — נ. י., שאול טורי — נ. י., יצחק זייפע — נ. י., זאקי און אסתר זכריה — סקראַסדעל, שמואל מילמאַן — נ. י., מאָטל זעלמאַנאָוויטש — נ. י., פאַרסקי־פאַרקסאָן — נ. י., יצחק פולווערמאַכער — נ. י., לעאָן קעניגסבערג — נ.י., רייזע אפער — נ.י., א. מון (מאנטשניק) — נ.י.

מיר דאַנקען אויך די ,וואָס האָבן זיך באַשטייערט מיט קלענערע סומעס, צווישן זיי:

לאָדזשער אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ — א .ביאַלער, דוד ביאַלער, י. ברוין, פרוי גאָלדשטיין, מ. ביילין־כהן, דאַווידסאָן, א. דודעלטשיק, מ. דלוזשני, י. גערשאָן, מ. ווייטלאנד, מנחם האנעלדע, ל. זשעפּקאָוויטש, פילאַדעלפיאַ, י. וויצענטאָוסקי, מעלבורן, יעקב טענענבוים, נ. ליבעסקינד, לאָטי מלאך, יצחק נאריטש, ס. נוטקעוויטש, לאָס אַנדזשעלאס, מודעי, פילא, מעבל געשעפט ראס פון לאָדזש, ל. פריד, אבע פאסערמאן, א. צאלא, י. צאלא נ. י., ד"ר מ. קאַץ, מרים קראנט, קאַנאַדע, קוטנער נ. דזש. יוחנן קלעטשעווסקי, מאטל ראַוכמאַן, שיקאגאָ, י. ניוואן, נ. י., וועלוול ראָזענבלום און פראָפ. אַרטור לערמער, קאַנאַדע.

אויך די אַלע, וואָס האָבן פון פריער באַשטעלט דאָס בוך און דערמיט מיטגעהאָלפן אין זיין דערשיינען.

**אהרן אַלפּערן — פאָרזיצער, הלל קעמפּינסקי — סעקרעטאַר**

★

מיין גרויסן דאַנק צום בוך־קאָמיטעט, צו אַלע באַשטייערס און צו די אַלע, וואָס האָבן מיט זייער מיטהילף, מעגלעך געמאַכט, אַז מיין לאַנג־יאָריקע אַרבעט צו פאַראייביקן אונדזער היימשטאָט און זיינע מענטשן פון גייסט זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן.

**חיים לייב פוקס**

# לאדזש מיין היים

הנני העני... ווי אַן אָרעמאַן, וואָס האָט אַלץ פאַרלוירן, שטיי איך ביי דעם אומזעבאַרן קבר פון מיינע לאָדזשער יידן, פון מיינע נאָענטסטע.

שטאָט מיינע! דו, וואָס האָסט געוויגט אין דיין יידישן שויס מיינע אַלע דורות. שטאָט פון מיינע עלטער־זיידעס, וואָס זענען ווי זאַפטיקעביימער אַריינגעוואַקסן אין דיין פרי־ערד, ווען דו ביסט נאָך אַ ווילדער וואַלד געווען, ביז מיין איצט, וואָס שפרייט זיינע גרויע חושך־טעג איבער מיין טרויעריקן קאָפּ און שאָטנט מיט דעם קדושים־טויט פון מיין טייערער עדה קדושה — יידיש לאָדזש.

צעשאָטן זיך מיין שטאַם־בוים און צעשאָקלט דיינע צווייגן איבער מיר און פון די שפּעלטלעך הימל. לאָז מיר זען מיין פאַרגאַנגענהייט פון הונדערט פינף און זעכציק יאָר אויף דיין לאָדזשער ערד...

ברענג מיר אויף דאָס לויטערע פּנים פון מיינע עלטער־זיידעס, דעם ערשטן לאָדזשער רב, ר׳ מענדל־וואָלף יעראָזאָלימסקי, וועלכן דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע האָט אין אַ פּריוויטיק פשוט געטריבן קיין לאָדזש אָנצונעמען דאָס רבנות — און לאָז מיך אים זען, ווי ער גייט דרייסט מיט געטלעכער שליחות דורכן דעמאָלטיקן וואַלד — דאָס שפּעטערדיקע „ווילקע" ווו וועלף זענען נאָך לאַנגע יאָרן שפּעטער אַרומגעלאָפן, אָבער יידן האָבן דעם וואַלד צו אַ גרויסשטאָט איבערגעבויט, ביז צום „פּוילישן מאַנטשעסטער"...

טויכט אויף, אָ, טייערע געשטאַלטן פון מיינע פעטערס, וואָס

האָבן זיך אין אַלע פּוילישע אויפשטאַנדן געשלאָגן מיטן שונא און האָבן מיט זייער בלוט אַריינגעשריבן זייער בלעטל לעבן אין פּוילנס געשיכטע, ווי אַ סימן פון זייער טריישאַפט און ליבע וואָס האָט זיי צוגעבונדן צום לאַנד, ווי צו זייער אייגנס, צו אַ ירושלים ד׳פּוילן...

עס בליקן צו מיר איצט די אַזוי פּרי צוגעמאַכטע אויגן פון מיינע נאָענטע, וואָס האָבן מיט חסידישן ברען זייער יונג לעבן, ווי אַ קרבן עולה אויפן מזבח פון 1905־טן יאָר מקריב געווען און זיי פרעגן מיך אין איצטיקן אָוונטשיין מיט דער שטימע פון אונדזערע 250 טויזנט קדושים אין זייערע לעצטע מחשבות אויף דעם שייטער:

— צי ביסטו אַליין, איינער פון אַלע געבליבן?

איך שטיי ביי דיינע חורבות, מיין שטאָט, מיין יידן־שטאָט, מיין לאָדזש. עס שרייען די ליידיקע רוימען פון דער אַלט־שטאָט מיטן אומגעשטילטן געשריי פון דיינע יידן, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַלע מיתות משונות דורך די רוצחים; ליידיק זענען דיינע יידישע גאַסן, ווי זיי וואָלטן קיין מאָל דאָ נישט געווען, נאָר פון צווישן די גראָזן פאַרוואַקסענע מיט אונדזער וויי און פּיין, שטייגט אויף דאָס קליינע הייזל אויף פולנאָצנע נומער 10, וווּ איך האָב חומש געלערנט צוזאַמען מיטן שפּעטערדיקן געטאָ־העלד, יעקל וועקסלער, וואָס האָט יעדן טאָג זיך מקדיש געווען על קידוש השם,מיטן ברענגען די געהיימע ראַדיאָ־ידיעות אין לאָדזשער געטאָ אַריין און דערמיט דערהאַלטן, געגעבן אַ טרייסט און האָפענונג, אַ חיי־שעה צו די טויזנטער לעבעדיק פאַר־מויערטע לאָדזשער יידן — אַ גבורה, וואָס איז אפשר נאָך גרעסער, ווי דער קאַמף מיט געווער אין האַנט קעגן שונא און נאָך הייליקער, ווייל זי איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע און יעדער רגע אַ צום טויט איינגעשטעלטע.

צעזינג זיך ניגון פון די טויזנטער חדר־ייִנגלעך איבער די לאָדזשער יידישע גאַסן, וואָס איז אויפגעגאַנגען צו די הימלען

צוזאַמען מיטן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע חלומות פון די „אַרבעטער בירזשעס" און געזאַנגען וועגן ציון און ירושלים און זיך אויסגעמישט אינעם הילכיקן אָפּשלאָג אינעם יידישן האַנדל וואַנדל יאַריד פון אַלטן מאַרק אָדער דעם „סטאָוו" און פון די „רופּערס" פון די יידישע מלבושים-געשעפטן אויף נאָוואָמיעיסקאַ אָדער אַנדערע יידישע גאַסן.

פעדים זיך איין אין דער וועלט, פאַרב אָפּ מיט אונדזער נישט געשטילטן טרויער די אַלע וועלטשטעט, ווו אונדזערע לאָדזשער יידן, פאַבריקאַנטן און רייזנדע האָבן זייערע אָפּזאַצמערק גע־פונען. לויף זיי נאָך, פלי מיט אין זייער וויזיע איבער דעם ערד־קיילעך, ווו אַ לאָדזשער ייד איז געשטאַנען מיט איין פוס אין שאַנכאַי און מיטן צווייטן אין באַגדאַד אין דיין נאָמען, לאָדזש מיין היים.

עפנט זיך מיר הימלען, ווי פענצטער און וואַרפט אַראָפּ די שטערן. אפשר וועלן זיי באַלויכטן דעם פינצטערן תהום, וואָס האָט זיך גערופן — „לאָדזשער געטאָ", כדי צו ווייזן דער גאַנצער וועלט די גרויסע גבורה, דעם אומבויגזאַמען נצח און ווילן פון לאָדזשער ייד, וואָס האָט געשקלאַפט אין די רעסאָרטן און זיך דערנערט מיטן ביסל וואַסערדיקע זופּ, געשוואָלן דער גוף, נאָר דער גייסט פול מיט אמונה איבערצולעבן היטלערן און זיין מלכות הרשעה.

פיר מיר אַרויס די שטענדיקע „עשרה בטלנים", וואָס אָן זיי קען די וועלט קיין קיום נישט האָבן און ווייז זיי פאַר כל עם ועדה די לאָדזשער טיפּן: די חיים וואָדניקס, וואָס מען האָט גערופן דער לאָדזשער סאָקראַטעס, און די אַנדערע, די הערשל „זוהרס", משה מאַנדעלס ,לייב אַנאַרכיסט און די הונדערטער זיך נאָך נישט אַנטפּלעקטע יידישע פּאָעטן און מוזיקער, נביאים און מאָלערס (חוץ די לאָדזשער קינדער, די באַרימטע הירשענ־בערגס, גליצענשטיינס, יאַנקל אַדלערס און אַנדערע), וואָס האָבן

זיך גענעסטיקט אין דיינע וואַרמע יידישע שויסן און איבערראַשט די וועלט, ווי די ברידער האַבער, לייזעראָוויטש און אַנדערע...

ווייז מיר די צעשטראַלטע פנימער פון דיינע יידישע „פאַ־בריקאַנטן", וואָס זענען בייטאָג געווען אַריינגעוועבט אין זייערע פאַבריקן און מסחר און צווישן איין געשעפטל און צווייטן, אַן אינערלעכע הנאה געהאַט פון דער יידישער קונסט און ליטע־ראַטור און געציילט שוין אין אומגעדולד, שעה נאָך שעה, ווען זיי וועלן קענען קומען אין די ליטעראַרישע קאַפעטעריעס יידישע, די „אַסטאָריע", אָדער „קאַפּרי", נהנה צו זיין פון די מאָדערנע יידישע קונסט־שמועסן, ווי עס זענען געווען די „שטיצער לשמה", אָן פאַרלאַנגען כבוד אָדער „גוטע ווערטער", די היימישע: שמעיה צימערמאַן און זיין פרוי, וואָס האָבן געמאַכט זייער היים פאַר דער לאָדזשער היים פון ווייסענבערגן און אַנדערע, אָדער ווי עס זענען געווען די יידישע קונסט־העלפער און „כבוד אַנטלויפער" יוסף פרידמאַן, מאַקאָווסקי, קאבאקער און רוכטשע ראָטבאַרד, ווישניאַק און צענדליקער אַנדערע, וואָס אפשר נאָר אין זייער זכות, איז לאָדזש געווען דאָס יידישע קינסטלערישע לאָדזש!

לאָז מיך מיטגיין מיט די יידן לומדים און חסידים, וואָס זענען מיט די פיס איבער דיינע לאָדזשער גאַסן געגאַנגען און מיטן קאָפּ, ווי אין פרצעס „חסידיש" — נאָר אויף דער וואָר — געגרייכט אין די הימלען, די האַרציקע און טייערע ווי אַ ר' שמחה אובערבוים, וועלוול קרוטקער, ר' יאָסעלע פיינער און טויזנטער אַנדערע, וואָס זענען געשווומען אין ים התלמוד ווי אין היימישן טייך און מיט זייערע מעשים געגרויסט דעם נאָמען פון לאָדזשער ייד, סיי אין די גוטע צייטן און מיטגעליטן מיט אַלע אין לאָדזשער געטאָ, נישט וועלנדיק נהנה זיין אַפילו איין כזית מער, ווי יעדער הונגעריקער לאָדזשער געטאָ־ייד און אויך אויף זייער לעצטן וועג אין אוישוויצער גיהנום זענען זיי פול געווען מיט טרייסט־ווערטער פאַר יעדן...

קומט מיט מיר, מײַנע לאָדזשער ייִדן, און לאָמיר זיך באַ־העפטן מיט זיי אין מחשבה. לאָמיר מיטשפּאַנען מיט זיי דורך די לײדיקע ייִדישע גאַסן פון אונדזער שטאָט. לאָמיר אַרײַנבליקן אין די לײדיקע פענצטער, פון וואַנען עס האָבן אין די פרײטיק פאַרנאַכטן אַרויסגעלויכטן די פרומע שבת־ליכט פון אונדזערע מאַמעס, וואָס האָבן דערפרייט אונדזערע יונגע ייִנגלשע הער־צער...

אַ ווינט איז אָנגעלאָפן. זאָל ער זײַן דער ווינט פון אָשוויענ־טשים, וואָס רעדט צו מיר איצט מיט ווערטער פון טויט? זאָל עס זײַן די שטימע פון דיכטער־קדוש, אונדזער בן־עיר, יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס האָט ווי דער נביא ירמיהו אין זײַן צײַט, איבערגעלאָזט די מגילה און קינה פון גרעסטן צער אונדזערן, דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק און אפשר איז עס גאָר דאָס אָפּגעהאַקטע ליד פון לאָדזשער מקונן זוסמאַן סעגאַ־לאָוויטש, די נישט אָנגעשריבענע קאַפּיטלעך פון זײַנע „דאָרטן און איצטער" און אפשר איז עס דאָס לעצטע קאַפּיטל פון דער גרויסער פּאָעמע „ייִד", וואָס אונדזער טרובאַדור משה בראָדער־זאָן האָט נישט דערזונגען אין זײַן לאָדזשער צײַט און ערשט אין סטאַלינס טויטן־לאַגער אין מחשבה עס פאַרענדיקט, ווי ער האָט פאַרענדיקט זײַן לעבן אויף לאָדזשער ערד אין די ערשטע וואָכן פון זײַן צוריקקומען אין זײַן חרובער לאָדזשער היים־שטאָט?

נעם מיך אַרום ווינט און היל מיך אײַן אין דער הייליקייט און ריינקייט פון די טײַערע נשמות, פון די קעמפער אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן זייער טאָג־טעגלעך לעבן אין געטאָ, ווי אַ קרבן געפּלאַקערט צום דינסט פון מענטש. לאָז מײַן פּנים אָפּ־שפּיגלען זיך אין זיי, די העלדן, ווי עס זענען געווען די ציוניסטן שמואל לעוו און לאָזער בוים, די בונדיסטן חיים־לייב פּאָזנאַנסקי און ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגוליעס, די לינקע פּועלי־ציוניסטן לייב האָלענדערסקי און עמנואל וואָלינסקי, און די „לינקע"

זולא פּאַצאַנאָווסקי און דער קליינער פּישמאַן, די רעכטע פּועלי ציון טאָביאַש און הערשקאָוויטש, די רעליגיעזע יידן משה באַנדע און נחמן שוואַרץ און די אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן מיט זייערע נשמות און מעשים אָנגעצונדן אין אונדזער לעבן די פלעמלעך, וואָס האָב געפלאַקערט פון פאַרמויערטן לאָדזשער געטאָ אַריבער צו די אויפשטאַנדן אין די געטאָס פון וואַרשע און ביאַליסטאָק, ווו אונדזערע לאָדזשער האָבן אַריינגעשריבן אַ רומפול בלעטל פון קאַמף ביזן אומקום!

באַשטראַל מיך מיט דיין חסד־טויט און בלענד מיר נישט די אויגן, דו העלד פון מיין לאָדזשער גאַס. עס ציטערט אין מיר די לעצטע שעה פון קדוש חיים ווידאַווסקי, דעם איניציאַ־טאָר פון דער אומלעגאַלער „ראַדיאָ־נעץ״, דעם „הערער״ און איבערברענגער פון דער לעצטער מינוט די ידיעות, וואָס זענען געווען ווי די לעצטע טויט־טרייסטונגען צו די האַלב־טויטע יידן פון מיין לאָדזשער עדה...

דער ווינט איז שטיל געוואָרן און פּלוצים האָב איך דערזען ווי די ליידיקע גאַסן האָבן זיך פאַרפולט מיט מיינע 250 טויזנט לאָדזשער יידן. נאָר וואָס שוועבן זיי עפּעס, פאַר וואָס לויפן זיי נישט, אַזוי ווי אין זייער שטענדיקן לאָדזשער לויף?

און פאַר וואָס באַרירן נישט זייערע פיס די ערד? ווילן זיי נישט מער די לאָדזשער ערד באַטרעטן?

זיי שוועבן, שוועבן און איך שוועב מיט מיט זיי אין די איצטיקע טעג פון טרויער, גיי מיט מיט זיי דעם לעצטן וועג. דער ווינט האָט אַלץ נאָך געשריגן און איך האָב אין אים געהערט דעם אַלטן ניגון פון „איכה ישבה בדד העיר״, ווי אַן אלמנה, ביסטו מיין היים־שטאָט, מיין לאָדזש. דיינע ליידיקע יידישע גאַסן וויינען דעם ניגון אויס און איך צוזאַמען מיט זיי, מיט מיינע לאָדזשער יידן וועל שוין וויינען אַזוי אַלע טעג פון מיין לעבן.

אין דער געשיכטע פון דער נייער יידישער און טיילווייז אויך פון דער העברעישער ליטעראַטור, האָבן לאָדזשער יידישע שרייבערס אַריינגעשריבן אַ גאַנץ בכבודיק און איינגאַרטיק בלאַט.

שוין אין די גאָר ערשטע יאָרן, ווען לאָדזש האָט אָנגעהויבן צו פֿאַר־נעמען אַן אייגענע פּאָזיציע אין יידישן לעבן, באַמערקן מיר די אָנהייבן פון יידישער און העברעישער שאַפונג. עס מערן זיך און ווערן געלייענט דורך גרויסע מאַסן, צוגלייך מיט ספרים, אויך ווערק פון וועלטלעכן כאַראַקטער.

עס זענען באַקאַנט די ספּעציפישע לאָדזשער פֿאָלקס־לידער וועגן דער „גרויסער שריפה" (אין טענענבוימס הייזער), טרויעריקע געזאַנגען וועגן יידישע צרות אין די פאַרשטעט, ווו די אָרטיקע פּאָליאַקן האָבן זיך אין די חגא־טעג געלאָזט ווילגיין איבער די אָרעמע יידן.

מיר געפינען אָפּקלאַנגען פון זיי אין די אַנאָנימע לידער ווי דער „באַלוטער פּאָגראָם" און אַ סך אַנדערע, וואָס אין זיי האָט דער אַנאָנימער מחבר זיך באַנוצט מיט רעגיאָנעלער, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער טעמאַטיק.

אַזוי איז כאַראַקטעריסטיש דאָס באַרימטע אין יענער צייט ליד אויף אַ לאָדזשער טעמע „די טראַגישע ליבע", וואָס עס האָבן מיט פאַרבענקטע טענער געזונגען לאַנגע יאָרן יידישע פרויען. אויך דאָס ליבע־ליד „חיים זעליג גיי שוין צום דאָקטער", וואָס אין אים האָט דער ביז לעצטנס אַנאָני־מער שרייבער אויסגעוויינט דעם טרויעריקן גורל פון אַ לאָדזשער יידישן בחור, וואָס האָט פאַרלוירן זיינע אויגן צוליב אַן אָפּגענאַרטער ליבע. אין 1957 האָב איך נאָך לאַנגע זוכענישן אויסגעפונען, אַז דער דיכטער פון דעם ליד איז געווען דער לאָדזשער בדחן און לידער־שרייבער „אַחינועם" — אפרים זעליג שמולעוויטש (1844—1910), וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל ביכלעך: „דאָס ליד וועגן לאָדזשער ראַבונעק", „מרדכי גבאים גאַס",

„דער נייער איכה, אָדער דער לאָדזשער אומגליק" (וועגן בלוטיקן מיטוואָך אין לאָדזש 1905).

עס זענען אויך באַקאַנט אַ גרעסערע צאָל יידישע לידער, וואָס זענען אַריין אין אַלגעמיינעם אוצר פון דער פאָלקס־שאַפונג און זיי זענען געשאַפן געוואָרן פון לאָדזשער שרייבערס. למשל דאָס ליד „שפּיץ בוידעם אָן דרערד. אַלע שטיבעלעך אויסגעקערט", פאַרשידענע וועבער־לידער, ווי „די לאָדע" און אַנדערע; דינסטמיידלעך־לידער, זעלנער־לידער, רעוואָלו־ציאָנערע לידער אאַז"וו (טייל פון זיי ווערן צוגעשריבן דעם טאַלאַנטירטן יעקל לערער, וואָס האָט זיי אַריינגעשריבן אין זיינע געגראַמטע בריוו). זיי זענען געזאַמלט געוואָרן פון פאָלקס־דיכטער הערשעלע, וואָס האָט נאָר אַ קליינעם טייל אָפּגעדרוקט אין פאַרשידענע זאַמלביכער, די איבעריקע זענען צוזאַמען מיט הערשעלען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. אַ טייל נייערע מאַטעריאַלן פון לאָדזשער ליטעראַרישן פאָלקס־נוסח האָט געזאַמלט דער לאָדזשער שרייבער יוסף זעלקאָוויטש (אומגעקומען אין אוישוויץ סוף זומער 1944). זיי זענען טיילווייז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן", ב. 1, לאָדזש 1938).

אויפן געביט פון סצעניעשע און כאָראַלע אויפטריטן זענען באַקאַנט פאַרשידענע פורים־שפּילן, מכירת־יוסף־שפּילן מיט אַ לאָדזשער אינהאַלט, אַריינגעפלאָכטענע צייט־מאָטיוון, דערהויפּט וועגן עגונות, וואָס זייערע מענער זענען אַוועק אין „נייעם אַמעריקע", ווי לאָדזש האָט דעמאָלט געהייסן.

אויך ווייסן מיר וועגן פאַרשידענע אַנדערע שפּילן־פאַרשטעלונגען פון אַ לאָקאַלן אינהאַלט, וואָס ישיבה־בחורים און וועבער־געזעלן פלעגן אויפ־פירן אין די ימי־דפגרא (איך אַליין געדענק אַ פורים־שפּיל, וואָס מיין פאָטער יצחק מאיר האָט פאַרפאַסט, אין וועלכן ער האָט אויף אַ הומאָריסטישן אופן געשילדערט צוויי רביים בעלי־מופתים און איז געשפּילט געוואָרן אין אַ פורים־פאַרנאַכט, ביי דער סעודה).

לאָדזשער יידן האָבן אויך אַ געוויסן פאַרדינסט צוליב די פאַרשידענע מעשה־ביכלעך, וואָס אַנאָנימע לאָדזשער מחברים האָבן אָנגעשריבן און לאָדזשער מוכרי ספרים (שלאָמאָוויטש, מאָרגענשטערן, סענדאַטש און פערלע) האָבן פאַרשפּרייט בכל תפוצות הגולה.

# יאַנקל לערער — דער מחבר פון פאָלקסטימלעכע מעשיות

ווען מיר באַטראַכטן היינט די ליטעראַרישע און אַפילו קינסטלערישע ווערטן פון די פאָלקסטימלעכע מעשיות פון ערשטן לאָדזשער שרייבער יאַנקל לערער (המכונה יעקב מאָרגענשטערן) און דערהויפּט זיין „שימכע פלאַכטע", וואָס עס האָבן אויסגענוצט סיי דער דיכטער יעקב פרעגער פאַר זיין קאָמעדיע מיט זעלבן נאָמען, וואָס האָט געבליצט מיט הומאָר, און סיי דער באַקאַנטער לאָדזשער שרייבער י. י. טרונק פאַר אַ צאָל ביכער פון וועלכע יאַנקל לערערס ווערק זענען דער אונטערגרונט, קען מען ערשט ריכטיק אָפּשאַצן דעם ווערט, די פּיאָנערישקייט פון לאָדזשער שרייבער יאַנקל לערער.

„שמחה פלאַכטע" איז ליידער עד היום נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך די יידישע ליטעראַטור־קריטיקערס און היסטאָריקערס פון דער יידישער ליטעראַטור, און זיין מחבר איז כמעט נישט באַקאַנט די נייע יידישע לייענערס, ווי ער האָט באַדאַרפט צו זיין.

איך וויל דעריבער דערציילן וואָס איך ווייס און האָב אויסגעפאָרשט וועגן יאַנקל לערער.

יאַנקל לערערס אמתער נאָמען איז געווען יעקב קאָטשקאָ און דעם נאָמען מאָרגענשטערן האָט ער זיך געגעבן, כדי מען זאָל נישט געוואָר ווערן וועגן זיין שרייבערישער טעטיקייט, וואָס האָט געקענט אים שטערן צו דער פּרנסה אין זיין מאָדערנעם חדר.

ער איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער משפּחה אין פּיעטריקאָוו, ביי לאָדזש, אַנהייב 1820. ער האָט געלערנט אין חדר, בית־המדרש ביי פּריוואַטע מלמדים און לערערס. דער עיקר וויסן זיינער איז אָבער געקו־מען דורך זעלבסטבילדונג. אַ לענגערע צייט האָט ער געלערנט אין לענטשיץ

און דאָרטן איז ער צוגעשטאַנען צום קרייז פון די לענטשיצער און אָזאָר־קאָווער משכילים. אין אַ צייט אַרום איז ער צוריקגעפאָרן קיין פּיעטריקאָוו און דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ טויב־שטומער פון אַ פאַרמעגלעכער היים, וואָס דערפאַר האָט מען אים צוגעזאָגט אייביקע „קעסט". יאַנקל האָט פאַר ליב גענומען זיין גורל מיטן מיין, אַז ער וועט זיך קענען אָפּגעבן מיט בילדונג און מיט שרייבן, וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן אין די בית־מדרש־יאָרן מיט זיינע יידיש־העברעישע פּורים־שפּילן. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיינע שוויגער־עלטערן אים געהייסן ברענגען פּרנסה פאַר זיין הויזגעזינד, וואָס איז אין משך פון עטלעכע יאָר שוין באַשטאַנען פון זיין פרוי, דריי זין און אין נישט־געראָטענער טאָכטער. דעריבער, נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין לאָדזש, דאָס דעמאָלטיקע „נייע אַמעריקע" און געעפנט אויף דרעוונאָווסקע־גאַס דעם ערשטן מאָדער־ניזירטן חדר, און צוליב דעם באַקומען דעם צונאָמען יאַנקל לערער. מיט זיינע תלמידים, וואָס זענען באַשטאַנען בלויז פון קינדער פון די אָרעמע אַרבעטער און בעלי־מלאכות, האָט ער חוץ יידישע לימודים אויך געלערנט שרייבן און לייענען יידיש, פּויליש און אַ ביסל רוסיש. מיט דער צייט איז דאָס חדר צעפאַלן געוואָרן. ער האָט זיך דעריבער געמוזט אַריינציען אין אַ זייער אָרעמער דירה אין באַלוטער „פּרעוועטן־געסל" און דאָרט געוואָרן אַ „בעלפער" ד"ה אַ מין מלמד פאַר מיידלעך. ער פלעגט גיין „אָפּלערנען". קיין גרויסע פּרנסה האָט עס אים נישט געגעבן און ער האָט זיך אין יענער צייט געמאַכט אַ שטיקל נעבן־פּרנסה פון שרייבן לידער און אַנדערע זאַכן פאַר די לאָדזשער בדחנים. חוץ דעם איז ער אַליין געוואָרן אַ שטיקל שדכן און בדחן.

ער פלעגט אויך צופאַרדינען אַ זייטיקן גראָשן פון שרייבן בריוו פון פרויען צו זייערע מענער אין אַמעריקע, אָדער צו מענער וואָס האָבן געדינט אין רוסישן מיליטער אין די ווייטע מקומות; דערהויפּט ליבע־בריוו וואָס ער פלעגט שרייבן מערסטנס אין גראַמען. דאָס אַלץ איז אים אָבער נישט געווען ניחא און ער פלעגט פון צייט־צו־־צייט צוריקפאָרן קיין פּיעטריקאָוו און זיך באַקענט מיט די דאָרטיקע יידישע דרוקערס. פּיעטרי־קאָוו איז אין יענע יאָרן געווען אַן אָרט פון וואַנען עס האָבן זיך פאַרשפּרייט

פאַרשידענע רומל־ספרים און ביכלעך, וואָס אַ טייל האָבן די דרוקער אַליין פאַרפאַסט (בעלכאַטאָווסקי, ליבעסקינד א״אַנד). דאָרט האָט ער אויך זיך גענומען צו זיינע ביכלעך. ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען 50 יאָר. די דרוקערס האָבן נישט געוואָלט מיט אים מאַכן שותפות און ער איז ווידער צוריקגעקומען קיין לאָדזש. זיין ערשט ביכל „מעשה בג׳ אחים״ איז דערשינען אין לאָדזש אין 1870 און אים געבראַכט אַנערקענונג. דער עיקר האָט ער זיך דערפילט דערהויבן, וואָס זיינע פריינד, די משכילים, האָבן זיין שרייבן פאַרגליכן מיט די מעשיות פון „טויזנט און איין נאַכט״. אַזוי איז עס אויך פאַרצייכנט אין די כראָניקעס, וואָס זענען אין פאַרעם פון בריוו געדרוקט געוואָרן סיי אין „המגיד״ און סיי אין „המליץ״. אין יאָר 1875 איז אַרויס אין וואַרשע און אין לאָדזש גלייכצייטיק זיין „שמחה פלאַכטע דער וועלט־שווינדלער״. ער האָט דאָס באַטראַכט ווי אַן אָפּרעכענונג אין פאַמפלעט קעגן די רביים בעלי־מופתים, וואָס האָבן אַריינגענומען אין זייערע הענט דאָס יידישע לעבן. אין יאָר 1882 האָט ער אַרויסגעגעבן דעם צווייטן טייל פון שמחה פלאַכטע א״נ „דער גליקלעכער נאַר, דער חבר פון שמחה פלאַכטע״, וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין גרויסע צאָלן אין אויפלאַגעס, נישט בלויז אין לאָדזש און פּיעטריקאָוו, נאָר אויך אין ווילנע און וואַרשע. דאָס האָט אים געגעבן מוט צו זיינע ווייטערדיקע ביכלעך. זיינע ווייטערדיקע ווערק „מקדש מלך״, „שבת קודש אין גן־עדן״ זענען שוין צוערשט בכלל דערשינען אין ווילנע (1889) און ערשט שפּעטער אין וואַרשע. און אַזוי אויך די „מעשה בשני שותפים און בשני קצבים״, וואָס איז אין דעם זעלבן יאָר דערשינען. די איבערגעזעצטע ביכלעך פון דייטש און פּויליש, וואָס ער האָט אויך „צוגעיידישט״, ווי „מאַגדאַלענע די קרוינ־פּרינצעסין פון נעאַפּאָל״, „די שעהנע בלימה גענאָפּעפּאַ״, „די שעהנע העלענע״ און אַנדערע, האָט ער שוין אַרויסגעגעבן אין וואַרשע, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ צענטער פון יידישער רומל־ליטעראַטור (1881). פאַר זיין קרוינווערק האָט ער אָבער אַליין באַטראַכט נאָר זיינע „בדחנישע לידער״, וואָס זענען דערשינען אין לאָדזש אין יאָר 1885 און וואָס ער האָט ליב געהאַט צו זינגען סיי פאַר די וועבער־געזעלן און סיי אַריינגעפירט אין

זיינע פורים־שפּילן און אַנדערע פּאַרוויילונגס־מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט אויפגעפירט ווי טעאַטער־שפּילן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

מיין פאָטער (אַ לענטשיצער), וואָס האָט אויך געשריבן נאָר נישט געהאַלטן פון דרוקן, האָט מיר אַמאָל דערציילט וועגן אים ווי וועגן אַ לענטשיצער משכיל, וואָס איז צוליב זיין משכילות גערודפט געוואָרן און געמוזט אַנטלויפן פון שטעטל און געזוכט אַ מקום־מקלט אין לאָדזש. לויט ווי מיין פאָטער האָט אים געשילדערט, איז ער געווען אַ משכיל, אָבער נישט געחוזקט פון יידישע מנהגים. עס האָבן פון אים געהאַלטן סיי די יידישע אָרעמקייט, די וועבערס פון באַלוט, וואָס פלעגן אים אַרומרינגלען און הערן זיינע מעשיות און שטיפערייען, און אויך די משכילים פון „ווילקע", וואָס האָבן זיך געהאַלטן יחוסדיקער. לויט ווי עס האָבן מיר אים פאַרגעשטעלט און געשילדערט אַלע, וואָס האָבן אים געקענט — מיין פאָטער, חיים וואָדניק (שלום אַשס רבי), דער שרייבער צבי כהן, דער דיכטער י. ה. ראַדאָשיצקי, וואָס האָט אים געקענט אַלס יינגל פון 7 יאָר, וואָס זיינע עלטערן האָבן מיט יאַנקל לערער געוווינט אויף איין הויף אַ יאָר פאַר זיין טויט, אָנהייב 1890, און איבערהויפּט דער איינציק לעבעדיקער קרוב זיינער, דער אַלטער משכיל און טעאַטער־מעלאָמאַן שעראַדזקי, וואָס האָט אים גוט געקענט (געשטאָרבן אָנהייב 1957 אין פּעטערסאָן) — איז יאַנקל געווען אַ הויכער, בלאָסער ייד, מיט אַ תמיד אומעטיק פּנים. אפילו ווען ער איז שוין געווען אַלט, האָט ער ליב געהאַט צו מאַכן אַ הלצהלע און אויך אַ כוסה. ער פלעגט אויך פאַרשטעלן פורים און זינגען זיינע אייגענע „שטיקלעך". געשטאָרבן איז ער אין לאָדזש 13 טעג אין אָקטאָבער 1890 (עס איז מיר אַ חידוש, וואָס אין יזכור־בוך פון אנציקלופדיה של גלויות, ספר בריסק, וואָס איז רעדאַגירט פון גרויסן למדן און פאָרשער א. שטיינמאַן, איז גאָר אָנגעגעבן אַז יאַנקל לערער איז אַ בריסקער... איך האָב אַליין געזען זיין מצבה אויפן לאָדזשער בית־עולם).

עס איז נישט באַוווסט מיט וועמען ער האָט זיך געחברט פון דער שרייבערישער וועלט. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכן, וואָס ער איז כל ימיו געווען אַ בלוטיקער אָרעמאַן און האָט געהאַט זייער אַ שווער לעבן.

עס איז אויך באַוווסט, אַז ער האָט געשריבן אַ סך זאַכן, וואָס די

לאָדזשער פאַרלעגערס האָבן אָפּגעדרוקט אָן זיין נאָמען, כדי אים נישט צופיל מפורסם מאַכן, ער זאָל נישט פאָדערן מער שכר פאַר זיינע מעשיות, וואָס האָבן זייער אויסגענומען ביים לאָדזשער לייענער.

עס בלייבט אָבער נישט קלאָר די סיבות, פאַר וואָס אונדזערע ליטע־ראַטור־היסטאָריקערס און קריטיקערס האָבן אים לגמרי פאַרזען, בעת עס איז אַזוי פיל געשריבן געוואָרן וועגן זיינע צייט־חברים, וואָס זייער גאַנצער ליטעראַרישער פאַרדינסט איז נאָר, וואָס זיי האָבן מיט מ ע ר משכילישער טענדענץ געמאָלן דאָס דעמאָלטיקע יידישע לעבן...

## ערשטע פּעריאָדישע אויסגאַבעס און זייערע מיטאַרבעטערס

מיר האָבן ביז לעצטנס זייער ווייניק געוווּסט וועגן די פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס זענען דערשינען אין לאָדזש ביזן 5טן יאָר. למשל: „לאָדזשער הויז־בלאַט", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1892, און אַפילו וועגן די אַרבעטער־צייטונגען „דער פּרייהייטס־גלאָק", 1901, „לאָ־דזער פלוגבלאַט", 1902, „דער אַרבייטער", 1905, אָדער וועגן דער ערשטער ציוניסטישער אַרבעטער־אויסגאַבע „פּונקען", 1905, צי וועגן דער וויכטיקער פּאַר דער געשיכטע פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואָס עס איז געווען די „כראָניק פון דער פּראָפ. באַוועגונג", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער ס"ס־פּאַרטיי. מיר קענען ביז היינט אַפילו נישט דעשיפרירן די נעמען פון די מיטאַרבעטערס. ערשט לעצטנס זיך דערוווּסט, אַז דער רעדאַקטאָר סיי פון „פּונקען" און סיי פון דער „כראָניק" איז געווען משה גוטמאַן (1883—1939). דאָרטן האָט אויך דעביוטירט דער פאָלקס־דיכטער הערשעלע, וואָס איז פאַר אַ ליד אַרעסטירט געוואָרן און נאָכן זיצן אין דער קאַלישער טורמע, אַוועק קיין זשענעווע. אויך האָבן מיר ביז 1957 נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן דעם רעדאַקטאָר פון ערשטן ציוניסטישן זשורנאַל „דער געדאַנק וועגן ציון", וואָס עס האָט אין לאָדזש אַרויסגעגעבן דער משכיל און קליינער סוחר שלמה בראָמבערג (1862—1919). ער איז אויך דער מחבר פון אַ ראָמאַן, אין נוסח פון א. מ. דיק, „די נקמה פון אַ ווייב", לאָדזש, 1899„ וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אונטערן פען־נאָמען „משולם הגיבור".

וועגן די לאָדזשער שרייבער משה הירשפעלד (1879—1929), מחבר פון די סאַטירעס „ארץ־ישראל נאָך דער גאולה" (לאָדזש, 1909), „דער ליטוואַק", 1918, האָב איך בלויז דורך אַ צופאַל זיך דערוווּסט, אַז ער איז

געווען פון די גרינדער פון לאָדזשער „הזמיר" און איינער פון די ערשטע אָנפירערס פון די ליטעראַריש־קינסטלערישע אָוונטן אין לאָדזש אין יענע יאָרן (1900—1906)„ לויט אַ בריוו פון צבי יפה, דער אייגנטימער פון „וועגעטאַ", דער עסקן לטובת יידישער קונסט און ציוניסטישער וועטעראַן (געשטאָרבן אין 1957 אין הרצליה). דאָס זעלבע וועגן יצחק יעקב ווייס־וואָהל (1892—1918), געפאַלן אויפן פראָנט, וואָס איז געווען פון די טוערס פון „דראַמע און מוזיק" אין לאָדזש און געדרוקט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה נאָוועלן אין „לאָדזשער טאַגעבלאַט" און איז דער מחבר פון „אין קעלער", לאָדזש, 1908. עס איז אויך ביז גאָר לעצטנס געווען אומבאַקאַנט דער שרייבערישער דרך פון ערשטן לאָדזשער זשורנאַליסט און הומאָריסט אברהם פערלמוטער (1872—1934), וואָס האָט זיך נאָך באַטייליקט אין פּרצעס „יום־טוב־בלעטלעך", אין 1895, און איז געווען דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון די ערשטע הומאָריסטישע זשורנאַלן און יום־טוב־בלעטער, ווי דאָס „לאָדזשער וויצבלאַט", 1903, „גוטוואָך" און „קוקערוקו", 1904, „דער לאָדזשער קצב־יונג", 1905, „די בייטש" און „פּסח־בלאַט", 1909, „יום טוב געלעכטער" און „פייערלעך", 1910. ער איז אויך דער מחבר א"נ „אברהמל" פון דער לידער־זאַמלונג „משפט פון קאַפּיטאַן דרייפוס", 1908, וואָס זענען ווי פאָלקסלידער געזונגען געוואָרן פון די יידישע מאַסן אין פוילן.

און ווער האָט זיך אונטערגענומען צו דערגיין די לאָדזשער אויסגאַבעס „יוגענט חלומות", „דער לאָדזער שפּיגעל", אָדער „דער לאָדזער פויגל", וואָס זייער רעדאַקטאָר איז געווען דער אַלטער שרייבער און ערשטער מיטרעדאַקטאָר פון די „לאָדזער נאַכריכטן" און „לאָדזער טאַגע־בלאַט", דער היסטאָריקער פון יידישן לאָדזש און מחבר פון אַ צאָל ביכער, אברהם טענענבוים־ארזי (1883—1970), מחבר פון „געשיכטע פון לאָדז און לאָדזער יודן", „נאַפּאָלעאָן אין לאָדז", און פון נאָך אַ צאָל ביכער, צווישן זיי דאָס וויכטיקע בוך „לאָדזש און אירע יידן", 1956, און וואָס זיין זון אורה האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער „הגנה" אין ישראל. אַפילו די אויסגאַבעס פון געצל אייזנער (1897—1939), מיטגרינדער פון „ייוואָ" אין אַמעריקע און אויסגעצייכנטער זשורנאַליסט, אָבער וועגן זיינע אויסגאַבעס „אונזער יום־טוב" — אַן אויסגאַבע, וואָס איז דערשינען צו יעדן יידישן

יום־טוב פון 1912 ביז צו דער מלחמה אין 1914, איז כמעט נישט געווען קיין ידיעות. דאָס זעלבע וועגן דער ערשטער יידישער „שאך־צייטונג", 1913, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון שאך־מייסטער מ. סאַלווע און מ. קרישעק (1894—1971), צי וועגן דער „ערשטע יידישע ספאָרט־צייטונג", מערץ 1914, רעדאַקטאָר א. מאָרגענשטערן. און וועגן פיל אַנדערע ווערק און אויסגאַבעס פון לאָדזשער מחברים, וואָס צוליב די אָדער אַנדערע סיבות האָבן זיי זיך נישט מפורסם געמאַכט. זייערע שריפטן זענען דערשינען אַנאָנים און ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיי זענען שוין געווען אַנערקענטע שרייבערס, האָבן זיי די אַנדערע ווערק געשריבן אונטער זייערע נעמען. למשל: דאָס לידער־בוך פון „דער נשרף", וואָס איז אַן ערשטלינג פון אַ שפּעטערדיקן יידישן דיכטער, וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור (ז. סעגאַלאָוויטש), אַזוי אויך די אויסגאַבע, „לאָדזער הזמיר", 1907, אונטער דער רעדאַקציע פון ראובן ברייניִן, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָדזש און פינאַנציעל האָט אים געהאָלפן משה הירשפעלד.

## לאָדזשער טאָג־צייטונגען און זייערע מיטאַרבעטערס
## ישעיה אוגער — דער רעדאַקטאָר

וועגן דער ראָל פון לאָדזשער יידן אין יידישן צייטונגס־וועזן איז שוין באַקאַנט. זיי פאַרנעמען אַ גאַנץ אָנגעזעען אָרט אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

שוין אין די יאָרן 1906—1907, בעת אין גאַנץ רוסלאַנד איז נאָר דערשינען איין יידישע טאָג־צייטונג „דער פריינד" און אין וואַרשע „דער טעלעגראַף" און „דער וועג" (ערשט שפּעטער האָט יאַצקאַן אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיין קאָפּיקע־צייטונג „וואַרשעווער טאָגעבלאַט", פון וועלכן עס איז אין יאָר 1908 געוואָרן דער „היינט"), גיבן לאָדזשער יידן שוין אַרויס די יידישע טאָג־צייטונג „לאָדזער נאַכריכטען", אין וועלכע עס שרייבן חוץ דעם רעדאַקטאָר אוגער און מיטרעדאַקטאָר לאַזאַר קאַהאַן אויך די זשור־נאַליסטן און שרייבערס: אברהם טענענבוים, צבי כהן, אברהם פּערלמוטער, ש. זאַקס, י. מ. פאָזנאַנסקי, עזרא גאָלדין, צ. ה. זילבערצווייג, י. מ. פּליאַט, יחיאל מאיר (בן אברהם) סאָכאַטשעווסקי, דער מטיף צבי מאסליאַנסקי, צבי מיליאַווסקי, אפרים פישל פּערלמוטער, היינריך צימערמאַן, לעאָ ליאָוו און אויך יידישע שרייבער פון גאַנץ רוסלאַנד.

אפרים פישל פּערלמוטער (1884—1965), איז געווען טעטיק אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און געמוזט אַנטלויפן פון לאָדזש. ער האָט אָנגעהויבן אין „לאָדזער נאַכריכטען" מיט לידער און סקיצן, דערנאָך אויך אין „לאָדזער טאָגעבלאַט", „נייער פאָלקסבלאַט", ווי אויך אין „ראָמאַנצייי־טונג". בעת ער האָט געלעבט אין לאָנדאָן, האָט ער אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „יוגענד שטראַלען" און געווען אַ מיטאַרבעטער אין ד"ר זאַלקינדס „אידישע וועלט". ער האָט אויך געדרוקט דערציילונגען און לידער אין ניו־יאָרקער, קענעדער און ישראלדיקע צייטשריפטן. בעת זיין באַזוך אין

№ 98. פרייז 2 קאפ. **Najes Lodzer Morgenblatt**

# נייעס לאָדזשער מאָרגענבלאַט

24 אפריל 1914

"הזמיר" גרויסען טעאטער

## דוד פרישמאנ'ס יובילעאום

די מלחמה צווישען אמעריקא און מעקסיקא. | פון דער לעצטער מינוט.

---

№ 2 פרייז 20 גראשען **Lodzer Tageblat**

# לאָדזשער טאָגעבלאַט

3 stycznia 1927 r.

## געשטארבען אחד העם (ד"ר אשר גינזבורג) ז"ל

---

„LODZER OWENDPOST" opłata pocztowa uiszczona

# לאָדזשער אָווענדפּאָסט

פרייז 5 גר.

Łódź, Niedziela dn. 28-go października 1934 r.

Adres Redakcji i Administracji: Łódź, Zachodnia 39.

---

עסטרייך מאכט שלום מיט היטלערן?

№ 2

# די יודישע שטימע

Piątek, 25 maja.

---

№ 1

אנ'ארטאדאקסישע טאג-צייטונג אין לאדז.

# לאָדזשער עקסטראַבלאַט

## איינצידענט מיט אמב: מארגענטוי

מאהילעוו, וויטעבסק און פאלאצק ווערען עוואקוירט

ישראל, אין י. 1964, ווען ער האָט צוגעגרייט זיינס אַ בוך צום דרוק, איז ער שווער קראַנק געוואָרן און קוים אַהיימגעפאָרן קיין סאַנטאַ באַרבאַראַ, קאַ־ליפאָרניע, און דאָרט געשטאָרבן.

צבי מיליאַווסקי (1860—1922), וואָס איז געווען אַ העברעישער לערער און פון די ערשטע חובבי־ציון אין לאָדזש און מיטגרינדער פון „הזמיר", האָט חוץ אין די העברעישע צייטונגען „המליץ" „המגיד", „הצפירה" א"אַנד, אויך געדרוקט זיינע הומאָרעסקעס און פעליעטאָנען סיי אין „לאָדזער נאַכ־ריכטען", סיי אין „לאָדזער טאַגעבלאַט". ער איז דער מחבר פון די ביכלעך „אַ רייזע פון לאָדז קיין קאַבצאַנסק", 1908, „אַ מעשה מיט אַ טאָפּ צימעס", 1910, „מגילת דאַטשע", 1913, (א"פּ „חלוץ הפולני"). ער איז געשטאָרבן אין לאָדזש.

היינריך (שלום צבי) צימערמאַן (1882—1940), וואָס האָט אין יענער צייט נאָר געשריבן אין דייטש, איז מיטן גרינדן די „לאָדזער נאַכריכטען" אַריבער צו יידיש. אין דער צייטונג האָט ער געשריבן וועגן טעאַטער. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט", „ראָמאַנצייטונג", „טעאַטער־וועלט" מיט איבערזעצונגען פון דער דייטשער ליריק. ער איז געווען פון די ערשטע שרייבערס, וואָס האָבן געשריבן איבער דער „טעאָריע פון דער יידישער ליטעראַטור", וואָס איז אַרויס אין בוכפאָרעם אין יאָר 1907. ער האָט אויך געשריבן די פּיעסן „אַ חלום", 1908, „דער פרילינג" א"אַנד, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין יידישע און דייטשע טעאַטערן. ביז היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן איז ער געווען רעדאַקטאָר פון אַ דייטשער צייטונג אין דאַנציק און דאָרטן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס.

אויך ליעאָ ליאָוו (1880—1960), וואָס איז דער עיקר געווען באַקאַנט ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, האָט אין „לאָדזער נאַכריכטען" ווי אויך אין שפּעטערדיקן „לאָדזער טאַגעבלאַט" געדרוקט וועגן מוזיק און טעאַטער.

דאָס זעלבע יעקב מאיר סענדאַטש (1875—1917), וואָס האָט אין יענע יאָרן געהאַט אַ ליי־ביבליאָטעקל אויף דער ווסכאָדניע־גאַס. ער האָט אין „לאָדזער נאַכריכטען", ווי אויך אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" געדרוקט זיינע באַאַרבעטע חסידישע און פאָלקס־מעשיות, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן א"נ „מעשה פליאות". ער איז געשטאָרבן אין לאָדזש.

די „לאָדזער נאַכריכטען", וואָס ווערן פאַרשפּרייט אין דרייסיק טויזנט עקזעמפּליאַרן אַ טאָג (צו יענער צייט אַ גוואַלדיקער טיראַזש), שפּיגלען אָפּ דאָס יידישע לעבן נישט בלויז פון לאָדזש און אומגעגנט, נאָר אויך דאָס יידישע לעבן פון גאַנץ רוסלאַנד און אויך פון דער גאַנצער יידישער וועלט.

שפּעטער, ווען אַלס שותף קומט צו עמנואל האַמבורסקי (1870—1931), וואָס שטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער צייטונג זיין מאָדערנע דרוקעריי אויף אָגראָדאָווע 3, ווערט די צייטונג פאַרגרעסערט און אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט פון די „לאָדזער נאַכריכטען" דאָס „לאָדזער טאַגעבלאַט" — אַ גרויסע טאָג-צייטונג לויטן מוסטער פון דער רוסישער רעזידענץ-פּרעסע.

ישעיה אוגער (1873—1939), טראָץ דעם, וואָס ער אַרבעט אַלס רע־דאַקטאָר פון דער צייטונג, שרייבט אין יענער צייט אויך אין דער ליבעראַ־לער דייטשער צייטונג „נייע לאָדזער צייטונג" (דאָרט האָט שפּעטער אויך מיטגעאַרבעט ד"ר מאַקס ווײַנרייך (1894—1969) — וואָס ווערט געלייענט פון אַ גרויסן קרייז לאָדזשער יידן, וועמענס אומגאַנג-שפּראַך איז דייטש. די אַמביציע פון אוגערן איז געווען, אַז ער זאָל אַ ל ע לאָדזשער יידן מאַכן פאַר לייענער פון זיין יידישער צייטונג. צו דעם צוועק באַמיט ער זיך צו מאַכן פון „לאָדזער טאַגעבלאַט" אַ מוסטער-צייטונג, וואָס זאָל אַפילו זיין בעסער פאַר דער לאָדזשער דייטשער פּרעסע. ער פירט אַריין אין „ל. ט." די זעלבע רובריקן, וואָס אין די אייראָפּעישע צייטונגען. ער באַמיט זיך אָבער, אַז אויך דער „ספּעציעל יידישער טייל" זאָל זיין אינטערעסאַנט. ער ציט צו יידישע שרייבער פון לאָדזש און זיי פילן זיך אין דער צייטונג, ווי אין דער היים.

עס וועט דעריבער זיין ריכטיק אָנצורופן דאָס „לאָדזער טאַגעבלאַט" די קוזשניע פון דער יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק אין לאָדזש.

אין דער צייטונג האָבן אין פאַרשידענע צייטן געהאַט סיי אַ סטאַבילן אַרבעטס-אָרט און סיי אַ צייטווייליקן, אַלע לאָדזשער שרייבערס, עלטערע, יונגע און אויך אָנהייבערס.

איך וויל דעריבער געבן אַ רשימה פון אַלע שרייבערס, וואָס האָבן זיך דאָרט געדרוקט:

יוליוס אַדלער, מרים אולינאָווער, אהרן אַלפּערן, חיים אַרמיאַן, חיים

יצחק בונין און זיין זון מגר. ש. בונין, זאב בוימגאָלד, משה בליישטיפט, לייב בערמאַן, משה בראָדערזאָן, שלמה בראָמבערג, א. י. ברזשעזשינסקי, וואָלף ברעסלער, א. י. גאָלדין און זיין זון יצחק גאָלדין, עזרא גאָלדין, ישראל גלאַטשטיין, וואָלף געלבאַרד, סט. געלבאַרט, בן ציון גרינבוים, משה דאַרגוזשאַנסקי, זלמן זילבערצווייג און זיין פאָטער צבי הירש און זיין ברודער נתן, מענדל חמץ, משה טאָלטשין, שמואל טאַרנבערג, אריה טאַרטאַקאָווער, יוסף טורקאָ (אויך: אָקרוטני, נירוואַן), אברהם טענענבוים, שלום טרייסטמאַן, מיכאל און מרדכי יאַרבלום, ראָזאַ יאַקובאָוויטש, צבי כהן, מלכיאל לוסטערניק, פישל לידאָר, אהרן ליובאָשיצקי, גרשון ליכטענ־שטיין, שלמה ליכטענבערג, יוסף לעווי (אויך: עברי), אברהם לעווינסאָן, א. מאַיערטשיק, ישעיה מאַרגאָליס, איטשע מאיר מאָשקאָוויטש, צבי מאס־ליאַנסקי, צבי מילאָווסקי, נתן נתניה און פרץ מילייקאָווסקי, אליהו נייגאָלד־בערג, בן אברהם סאָכאַטשעווסקי, זוסמאַן סעגאַלאָוויטש (אויך: סווענגאַלי), יעקב מאיר סענדאָטש, נתן עק, י. מ. פּאָזנאַנסקי, ב. פּאָרעצקי, י. מ. פּליאַט, יצחק פּליוואַצקי, אברהם און אפרים פישל פּערלמוטער, מאיר פּאָנער, חיים לייב פוקס, משה און שלמה פיינקינד, אברהם הערש און פישל פלאָק־סער, ירמיהו און מנשה פרענקעל, היינריך צימערמאַן, לאַזאַר און ישראל קאַהאַן, א. ש. קאַמענצקי, פּנחס קאַן, יוחנן קיהן, יעקב קירשבוים, יצחק הערש ראַדאָשיצקי (אויך: ראדא־ראדא), יידל ראָזענבערג, ישראל רובין (אויך: ראָזענטאַל), יצחק ריבקינד, משה יחיאל שאַטאַן, י. ה. שאַיאַק, ישכר שוואַרץ, זרח שטראַוך, י. ד. שיניאַק, אברהם שלעזינגער (אויך: שר של אש), אבנר שטיין (בר נש).

מיר געפינען דאָרטן די ערשטע יידישע לידער און אויך פּראָזע פון יצחק קאַצענעלסאָן (1886—1944), וואָס האָבן שוין אין יענע יאָרן געברענגט אים די אָנערקענונג, נישט בלויז ווי אַ העברעישער משורר, נאָר ווי דער צוקונפטיקער גרויסער יידישער פּאָעט, דער מקונן פון אונדזער חורבן, ווי ער האָט עס באַוויזן אין זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק". זיינע לידער און פּאָעמעס, וואָס זענען צעוואָרפן איבער כמעט אַלע יידישע און העברעישע צייטשריפטן, זענען טיילוויז אַריין אין דער אויסגאַבע, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער קיבוץ „לוחמי הגיטאות" אין ישראל. פון זיינע

ווערק זענען אין יידיש און עברית דערשינען „בגבולות ליטא", די דראַמעס „הנביא", „פאַטימאַ", „אונדזערע נאָענטע באַקאַנטע" די דערציילונגען „דאָס ווייסע לעבן", „די וועלט אָן וואונדער", די איינאַקטערס „קאַריקאַטורן", „בחורים", „דער דעקאַדענט", 50 לידער (קינדער־לידער, צוזאַמען מיט מ. בראָדערזאָן), אייניקע בענדער „שירים" און די איבערזעצונג פון היינעס לידער אויף עברית. בכלל איז יצחק נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן סיי דורך דער העברעיִשער קריטיק, וואָס האָט אים נאָר אין זיין ערשטן פּעריאָד אויפגענומען. וואָס די סיבה איז געווען, ווייסן מיר נישט. ער האָט זיך אָבער קונה שם געווען און איז פּאַראייביקט אין פּאַנטעאָן פון דער יידישער ליטעראַטור דווקא דורך זיינע אין יידיש געשאַפענע לידער און פּאָעמעס (אויך טיילן פון אַ געטאָ־דראַמע) אין די צייטן פון יידישן חורבן אין פּוילן. יצחק קאַצענעלסאָן איז געוואָרן אומגעבראַכט דורך די נאַציס, וואָס האָבן אים פאַרנאַרט פון זיין מקום מנוחה, אין וויטעל, פראַנקרייך, און אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ, ווו ער איז אומגעקומען אַ מיתת קדושים, צוזאַמען מיט די לעצטע יידן פון זיין לאָדזשער עדה.

עס דרוקט דאָרט זוסמאַן סעגאַלאָוויטש (1884—1949), וואָס האָט חוץ לידער און נאָוועלן אויך געדרוקט יעדן פרייטיק „וואָך־גראַמען" א"פּ סוועגנאַלי. סעגאַלאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך לידער „ווען די זון פאַרגייט" און „שטילע טרוימען" און פון פּראָזע די ביכער „אַ לעגענדע וועבט זיך", „מיניאַטורן" א"אַנד. ער האָט לאַנגע יאָרן געדרוקט סיי אין „היינט" און סיי אין „מאָמענט" (אויך אונטערן פּסיידאָנים אַלעקסאַנדער יאַוויץ). דער עיקר אָבער פילט זיך אין אַלע דרייסיק ביכער זיינע דער אָטעם פון דער לאָדזשער סביבה, וואָס האָט אים אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ גאַר באַזונדערן פּלאַץ פאַרנעמען אין דער חורבן־ליטעראַטור זיינע ביכער „איצטער" און „דאָרט", אין וועלכע ער האָט זיך אַרויפגעהויבן איבער אַלע זיינע ביזמלחמהדיקע ווערק און געוואָרן דער בעל הקינות פון יידישן פּיין און וויי, און דערמיט זיך פאַראייביקט אין דער יידישער געשיכטע.

אויך משה בראָדערזאָן (1890—1957), וואָס האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין דער זייד־פאַבריק פון גראַוּוע, האָט זיינע ערשטע

לידער געדרוקט אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט״; טיילן דערפון זענען אַריין אין זיין ערשט ביכל לידער „שוואַרצע פליטערלעך״, 1913. ער דרוקט דאָרט אויך הומאָריסטישע לידעלעך אונטערן פּסיידאָנים „בראָדערזינגער״. הער־שעלע, ה. דאַנילעוויטש (1892—1942) פֿאַרעפֿנטלעכט דאָרט זיינע ערשטע פֿאָלקסטימלעכע לידער, וואָס זענען אַריין אין בוך „הערשעלעס לידער״, לאָדזש. אויך הומאָריסטישע לידער און בילדער פון לאָדזשער אָרעמקייט א״פ אַ שאָלטיק, קנאָפּזאָרגער, אַ שרעטעלע, גערן־גרויס א״אַנד. צבי כהן (1885—1968), דער תּלמיד פון סאָכאַטשאָווער רבין, וואָס האָט נאָך גע־אַרבעט אין „לאָדזער נאָכריכטן״, אַרבעט איצט ווי אַ זשורנאַליסט. אָבער חוץ דעם דרוקט ער סיי זיינע קליינע שטימונגס־בילדער, מעשהלעך און משלים, וואָס זענען אַריין אין זיינע ערשטע ביכער, דאָס העברעישע „בתבל״, 1912 און „פון טיפן האַרצן״. ערשט שפּעטער, ווען ער איז אַריין אַרבעטן אין לאַזאַר קאַהאַנס „לאָדזער פֿאָלקסבלאַט״, האָט ער דאָרט געדרוקט די דערציילונגען, וואָס זענען אַריין אין די צוויי ביכער „דאָס שוואַרץ בוך״. די נאָוועלן, געבויט אויף פֿאַקטן פון יידישן פּיין און צער אין די מלחמה־טעג הינטערן רוסישן פראָנט (1915), האָבן דערציילט וועגן קידוש־השם פון די געצוווּנגענע יידישע „טעלעפאָן־היטערס״, פון יידישע רבנים, וואָס האָבן אָוועקגעגעבן זייערע לעבנס, כדי צו באַשיצן דאָס לעבן פון זייערע עדות, די צעשראָקענע יידן פון די קליינע שטעטלעך. זיין באַדייטונג האָט ער אָבער באַקומען ווען ער איז געוואָרן ליטעראַרישער לייטער פון „היינט״ (1918—1920). שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע ווו ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „טאָגעבלאַט״, „טאָג״ און צולעצט, ביז זיין טויט, פון „פֿאָרווערטס״, ווו ער פֿאַרעפֿנטלעכט צוו״אַנד „די פילאָזאָפיע פון אידענטום״, דערשינען אין צוויי בענדער, ניו־יאָרק, 1958. ער איז אויך געווען דער מחבר פון „דער־ציילונגען״; „דאָס ליד פון אויסלייזונג״; די דראַמאַטישע טרילאָגיע פון חסידות: „דער רבי פון קאָצק״, „דער רבי פון בערדיטשעוו״, „דער רבי פון ליאַדי״; פון היסטאָרישן ראָמאַן אין 6 טיילן „שטורמישע דורות״ און די טעאַטער־שטיק „שוויגערס״, „דער שיינער וועג״ און „דער סאָלדאַט אברהם מילנער״, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין יידישן טעאַטער אין לאָדזש.

אַ צאָל פון זיינע ווערק זענען אויך איבערגעזעצט אין ענגליש און אַנדערע שפּראַכן. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק ממש מיט דער פעדער אין האַנט.

עס איז דאָרט געוואָרן אַ מיטאַרבעטער מיט אַ שטענדיקער פּענסיע בעריש עפּלבוים (1887—1945), וואָס איז דעמאָלט נאָר־וואָס געקומען קיין לאָדזש פון קליינעם שטעטל טשיזשעוו. דער רעדאַקטאָר י. אוגער, האָט אויפגענומען עפּעלבוימען, וואָס איז נאָך דאַן געווען אַ חסידישער בחור און לאַנג געקליידט, מיט גרויס וואַרעמקייט און אַפילו אים געדרוקט צוויי מאָל אין איין פּרייטיק־נומער (אויך חסידישע מעשיות אונטערן נאָמען „ב. תפוח"). אויך דער דיכטער יצחק הערש ראַדאָשיצקי (1883—1957), וואָס איז ערשט צוריקגעקומען פון בערלין און אָנגעהויבן שרייבן יידיש, האָט דאָרט געהאַט אַן אָרט ווו זיך צו דרוקן. זיינע לידער פון יענער צייט געפינען מיר אין זיין ערשט ביכל „אין דער שטיל" (לאָדזש, 1909), ווי אויך זיינע קינדער־לידער און פאַבעלן, וואָס ער דרוקט א"ב ראַדאָ־ראַדאָ. עס דרוקט זיך דאָרט אויך י. מ. פליאַט (1885—1955) מיט ראָמאַנען (אונטערן נאָמען „י. פּלוני"), בילדלעך און דערציילונגען (אונטערן נאָמען „אַלמוני"). ישראל טאַבאַקסבלאַט (1891—1950), פון די ערשטע פּועלי־ציון אין לאָדזש, דער שפּעטערדיקער כראָניקער פון לאָדזשער געטאָ, דרוקט דאָרט חוץ לידער אויך פעליעטאָנען אויף לאָדזשער טעמעס א"ב „אַ טאַבאַק־שקעטעלע". ישראל טאַבאַקסבלאַט, דער מענטש מיטן ברייטן האַרץ, וואָס האָט אַפילו אין די פינצטערע לאָדזשער געטאָ־יאָרן געשטיצט מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט יידישע שרייבערס און קולטור־מענטשן, האָט איבערגעלאָזט די צוויי ביכער „חורבן לאָדזש" און „עבדים היינו", וואָס זענען אַ חתימה לדורות פון יידישע יסורים און אמונה. געשטאָרבן אין ישראל, ווו ער איז געקומען פון פּאַריז, איבערלאָזנדיק דאָרט אַ גוטע פּרנסה, נאָר טריי געבליבן זיין גלויבן אין ארץ־ישראל. בן אברהם סאָכאַטשעווסקי (1889—1958) דרוקט דאָרט חוץ זיינע ערשטע לידער, וואָס זענען אַריין אין זיין בוך „אין שטילע צייטן", לאָדזש, 1913, אויך זיינע ערשטע דערציילונגען און חסידישע מעשיות. ערשט שפּעטער האָט ער אין דער יידישער וועלט־פּרעסע, דערהויפּט אין מאָריס מייערס לאָנדאָנער „די צייט", זיך אַנטוויקלט

און אָנגעשריבן די אַלע ביכער, וואָס זענען דערשינען ביז זיין טויט. ער האָט אָבער אַלע זיינע יאָרן זיך געגרויסט מיט זיין אָנהייב און תמיד געווען פאַרבונדן מיט די לאָדזשער שרייבערס איבער דער וועלט און פון זיי האָט ער געירשנט זיין ליבשאַפט צום יידישן לשון, וואָס האָט אים געגעבן כוחות אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן אָפּצושפּאָרן פון זיינע מענטשלעכע נויטן און אַפילו פון עסן, כדי אַרויסצוגעבן אין לאָנדאָן די צייטונג „די יידישע שטימע", כדי עס זאָלן נישט בלייבן אָן אַ יידיש וואָרט די אַלטע יידישע תושבים פון לאָנדאָן, וואָס לעבן זיך אויס אין אַ יידישער צייטונג.

אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" האָט אויך אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט מענדל חמץ (1892—1965), וואָס איז דערנאָך געווען אַ מיט־אַרבעטער פון ניו־יאָרקער „טאָג" און פון דער פּועלי־ציון־פּרעסע אין אַמעריקע, אין וועלכער ער איז נאָך אין לאָדזש געווען פון אירע ערשטע עסקנים. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געווען אין מיאַמי־ביטש דער גרינדער פון דער יידישער שול פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פון די אָנפירערס פון „דוד פּינסקי־קלוב" מיט וועלכן עס פירט אָן עד היום אויך אַ לאָדזשער קינד, דער איידעלער פּועלי־ציון־עסקן אברהם יצחק פּילאָזאָף (געב. 1894), וואָס איז אין פּאַריז געווען פון די טוערס פון דער אונ־טערגרונד־באַוועגונג און איינער פון די מיטגרינדער פון זשורנאַל „קיום". אין מיאַמי־ביטש איז ער פּאַרזיצער פון דער אָרטיקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי און פון אירע אַלע פאַרצווייגונגען.

עס האָט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" געדרוקט לידער אַ יונגער דיכטער אליהו ווינאָגראַד, וואָס איז יענע יאָרן געווען אַ סטודענט און געדרוקט אין דער רוסישער פּעריאָדיק, אָבער אונטער דער ווירקונג פון אוגערן אַריבער צו יידיש. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין רוסלאַנד. זיין גורל איז נישט באַקאַנט. נאָך אַ לאָדזשער ווינאָגראַד, לודוויק ווינאָגראַד (געב. 1895), דער זון פון לאָדזשער פּאַרטרעטער פון „מאָמענט". וואָס איז געווען לאַנגע יאָרן טעטיק אין לאָדזשער „בונד" און וואָס האָט איבערגעלעבט דעם לאָדזשער געטאָ און אוישוויץ, איז אויף דער עלטער געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער יידישער פּובליציסט. ער איז חוץ אַ מיטרע־דאַקטאָר פון בונדישן „אונזער געדאַנק" אין בוענאָס־איירעס, אויך אַ ספּאָנ־

טאָנער שרייבער אין „די פּרעסע" און דרוקט אויך אין ניו־יאָרקער „אונדזער צייט" און אין כמעט אַלע בונדישע אויסגאַבעס איבער דער וועלט.

אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע נאָוועלן פון אָרעמען אַרבעטער־לעבן וואָלף געלבאַרד (1882—1945). עס האָט דאָרט אויך געדרוקט זיין ראָמאַן „ווען הערצער בליען" משה טאָלטשין (1895—1953), וואָס האָט זיין ערשטע דערציילונג דאָרט געדרוקט. פון דאָרט האָט ער געצויגן זיין ליטעראַרישע יניקה, וואָס עס זאָגן עדות זיינע ביכער דער־ציילונגען און זיינע ראָמאַנען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער אַמערי־קאַנער פּרעסע.

אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" האָבן אויך געדרוקט כמעט אַלע העברעישע שרייבערס, וואָס האָבן ווען עס איז געלעבט אין לאָדזש. צווישן זיי: יצחק בערקמאַן וואָס האָט זיין ארץ־ישראל־רייזע אין יאָר 1910, באַשריבן דאָרט. יצחק בערקמאַן איז געווען אַ פּיאָנער פון העברעישן שול־וועזן אין לאָדזש און דער מחבר פון אַ צאָל לערנביכער אין עברית, וואָס זענען באַנוצט געוואָרן לאַנגע יאָרן אין פּוילן. ער האָט זיך באַזונדער מפורסם געמאַכט דורך זיין „אילוסטרירטן חומש" און מיט זיינע כרעסטאָמאַטיעס און אַלס דראַמאַטורג מיט דער דראַמע „משה", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן דורך העברעישע טעאַטערן. צבי מאַסליאַנסקי (1856—1943), דער באַקאַנטער ציוניסטישער מטיף, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָדזש און אַרעסטירט געוואָרן דורך דער צאַרישער פּאָליציי פאַר זיינס אַ דרשה, האָט דאָרט געדרוקט זיינע בילדער פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה און אויך זיין באַרימטע דערציילונג „לייבל שמש אין קריג", וואָס ער האָט געשריבן אין יידיש. עס האָבן אויך מיטגעאַרבעט די יידיש־העברעישע שרייבער: עזרא גאָלדין (1886—1915), אבנר שטיין (אב. באָרנשטיין 1871—1938), אויך א"פ בר נש; ישכר שוואַרץ (1859—1936); א. ח. גאָלדין (1871—1918), (צוו"אַנד די סעריע אַרטיקלען וועגן דער וואָלאָזשינער ישיבה); צבי הירש זילבערצווייג (1870—1948) דער פאָטער פון זלמן זילבערצווייג (פּעליע־טאָנען און די הומאָריסטישע אָפּטיילונג „הכל בכל מכול" א"פ „צביה"). אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע האָט אויך אַ צייט געאַרבעט דער באַקאַנ־טער אַרבעטער־טוער, מיטגליד פון דער „איסקראַ", יוסף אַבראַמסאָן

(געב. 1880), וואָס איז אין 1914 געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „טשענ־סטאָכאָווער טאָגבלאַט" און איז ביים מלחמה־אויסברוך אַוועק מיט רוסישן מיליטער און זינט דעמאָלט פאַרשוווּנדן. לויט ידיעות איז ער נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש צוריק געוואָרן טעטיק אין דער פאַרטיי און פאַרנומען ביז 1937 פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס. בעת די פּראָצעסן באַשולדיקט אין נאַציאָנאַליזם און דערשאָסן.

די הויפּט־זשורנאַליסטישע אַרבעט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" פלעגט מאַכן, אונטער אוגערס דירעקטער אָנווייזונג, לאַזאַר קאַהאַן (1885—1946) און זיין ברודער ישראל קאַהאַן (1888—1943), וואָס האָבן געשריבן אונטער פאַרשידענע נעמען, דערהויפּט אונטער די איניציאַלן לאַזאַר ק. און לאַזאַר י.

וועגן לאַזאַר קאַהאַן לוינט זיך ברייטער אָפּצושטעלן.

ער איז געבוירן אין גאָלדינגען, לעטלאַנד. זיין פאָטער ר' שמעון כהן, אַ מחבר פון ספרים, איז געווען רב אין מיטאַווע. ער האָט געהאַט חוץ אַ טיף יידישער דערציונג אין דער היים און אין ישיבות, אויך אַלגעמיין וועלטלעך וויסן. יונג אַריין אין דער אָנפירונג פון די „צעירי ציון" אין רוסלאַנד און צו 17 יאָר שוין געשריבן. אין 1906 שוין געווען אַ מיט־אַרבעטער פון פּרילוצקיס „דער וועג", דערנאָך אין „אונזער לעבן", „ראָמאַנצייטונג". פון 1907 איז ער מיטרעדאַקטאָר פון „לאָדזער נאַכריכטען" און שפּעטער פון „לאָדזער טאָגעבלאַט".

לאַזאַר קאַהאַן האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין „פּריוואַט לעבן". תמיד פאַרנומען מיט שרייבן און מיט יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, צוערשט ווי אַ ציוניסט, דערנאָך ווי אַ טעריטאָריאַליסט און צום סוף ווי אַ פאָלקיסט (איינער פון אירע גרינדער אין פּוילן און איר קאַנדידאַט צום סענאַט. ער איז אויך געגעראַל־סעקרעטאָר פון צענטראַל־קאָמיטעט). ער איז געווען אַ יידישער פּרעסע־פאַרשטייער אויפן ביילים־פּראָצעס, וועגן וועלכן ער האָט געדרוקט נישט בלויז אין דער לאָדזשער פּרעסע, נאָר אויך אין „פריינד". לאַנגע יאָרן געווען פאָרזיצער און מיטגרינדער פון לאָדזשער „דראַמאַ־טישע קונסט", אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פיל באַגאַבטע לאָדזשער קינסטלער און אַקטיאָרן. אַ פייערדיקער יידישיסט, איז ער געווען

פון די הויפט־עסקנים פון דער טשערנאָוויצער שפּראַכן־קאָנפערענץ און איר סעקרעטאַר. ער איז אויך געווען דער פּריוווילעקער אימפּרעסאַריאָ פון כמעט אַלע פּרצעס פּאָרלעזונגען אין לאָדזש. אין יאָר 1915, גרינדער פון „פאָלקסבלאַט", אין 1916 פון „וואַרשעווער טאָגעבלאַט", אין 1917 פון „דאָס פאָלק" אין וואַרשע. אין יאָר 1918, גרינדער פון פאַרלאַג „אויפגאַנג", וואָס גיט אַרויס ווערק פון די יונגע שרייבערס (בימקאָ, בראָדערזאָן, סעגאַ־לאָוויטש, הערשעלע) און צאָלט זיי גוטן האָנאָראַר. אין זיין פאַרלאַג זענען אויך דערשינען זיינע בראָשורן „די פאָלקסבילדונג ביי לייטן און ביי אונז", „די לאַגע און די אויפגאַבען פון יידישן האַנטווערקער". מחבר פון גרויסן ווערק „יידן, די פּיאָנערן פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע", 1924. פון יאָר 1926 ביז צו דער מלחמה אין 1939, געווען רעדאַקטאָר פון „אונזער עקספּרעס", וואַרשע, דערנאָך געלעבט אין ווילנע, ווו דער ערשטער געשריבן אין „פאָרווערטס" וועגן די יידישע פּליטים. שפּעטער, איבער רוסלאַנד געקומען קיין קאָבע, יאַפּאַן, ווו געווען פאָרזיצער פון דער יידישער שרייבער־פּליטים־גרופּע, וואָס האָט שפּעטער געלעבט אין שאַנכיי. געווען רעדאַק־טאָר פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין יענעם וועלט־טייל, דאָס וואָכנ־בלאַט „אונזער וועלט", וואָס ער האָט נאָך רעדאַגירט זיין לעצטן נומער, איידער ער איז געשטאָרבן פון טיפוס, נאָכן באַפרייט ווערן פון שאַנכאַיער געטאָ.

אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" האָט קאַהאַן, אין דער צייט ווען אוגער איז געווען אויף אורלויב אָדער אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן אין אויסלאַנד, געגעבן אַרבעט די יונגע שרייבערס און טאַקע אויך גוט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט און אַזוי אַרום זיי מדריך געווען און זיי אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אוגער האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט די לאָדזשער שריי־בערס, נאָר אויך צוגעצויגן צו דער צייטונג שלום־עליכמען (1859—1916), דוד פרישמאַן (1860—1922), מענדעלע (1836—1917), יעקב דינעזאָן (1856—1919), מ. ספּעקטאָר (1858—1925) און פון צייט צו צייט אַפילו פּרצן אַליין (1852—1915) בכלל האָט אוגער געהאַט זיין אייגענעם דרך אין לעבן ווי אין שרייבן. א גראַדואירטער פון די אוניווערסיטעטן פון קעניגס־

בערג (פילאָלאָגיע) און בערלין (טעכנאָלאָגיע), האָט ער געוואָלט דורך דער צייטונג געבן בלוט און פלייש זיינע ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע אידעען. אַ הייסער ציוניסט און ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע, האָט ער דאָך זייער ליב געהאַט יידיש און זיך ממש מקריב געווען סיי ביי די ציוניסטן און סיי ביי די אַסימילירטע יידן לטובת יידיש. (באַקאַנט איז זיין מאמר אין יובל־נומער פון „פריינד", 1912, „נעבעך יידיש", אַז אַפילו די הייסעסטע חסידים פון יידישיסטישן לאַגער וואָלטן זיך געקענט אונטערשרייבן אויף זיינע אויספירן). ער האָט מער ווי איין מאָל געהאַט אויסצושטיין פון זיינע אַפּוטרופּסים, די כלל־ציונים פון לאָדזש, פאַר זיינע „גלותדיקע" איינשטעלונגען. ער האָט אַ ביסל גע־חוזקט סיי אין פעליעטאָנען און סיי אין זיין „גלות דאַטשע", ווו ער האָט זיי אומדירעקט פאַרטשעפּעט. אוגער האָט אויך צוגעצויגן צו דער צייטונג די דעמאָלטיקע יונגע שרייבערס שלום אַש (1880—1957), א. רייזען, (1876—1954), י. מ. ווייסענבערג (1881—1938), יואל מאַסטבוים (1884—1957), י. ז. אָנוכי (1878—1947), בעריש אויערבאַך (1888—1941), פישל בימקאָ (1890—1965) און כמעט אַלע, וואָס זענען געווען שפּעריש אין דער נייער יידישער ליטעראַטור.

כדי צו פאַרשענערן די צייטונג האָט אוגער אויך גענומען בילדער און צייכענונגען פון לאָדזשער קונסט־מאָלערס און מיט זיי באַצירט די צייטונג. אַזוי געפינען מיר דאָרט לאָדזשער טיפּן און בילדער פון אַדאָלף בערמאַן, משה מענדזשיצקי, משה האַנעמאַן (ספּעציעל זיינע ארץ־ישראל־צייכענונגען) און פון די ערשטע קאַריקאַטורן פון אַרטור שיק (1894—1951), וואָס האָט דאָרט אָנגעהויבן מיט „לאָדזשער טיפּן". א. שיק איז געווען איינער פון דער גרויסער פּלעיאַדע לאָדזשער קינסטלער, וואָס האָבן אויסגעמיטן היטלערס געטאָ און לאַגערן. אין 1935 האָט מען אים פאַר־בעטן קיין אַמעריקע צו אילוסטרירן די „אַמעריקאַנער רעוואָלוציע" און צוליב דעם איז ער שוין פאַרבליבן. פון זיינע גרויסע ווערק דאַרפן דערמאָנט ווערן „מגילת אסתר", 1923, „דער קאַלישער סטאַטוט", 1929, „די הגדה" 1937. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער אויסגאַבע „פּוילישער ייד" און איינער פון די איניציאַטאָרן פון „לאָדזשער יזכור־בוך" נ. י.

1943, פאַר וועלכן אויך געצייכנט דאָס שער־בלאַט. די לעצטע יאָרן אַרומגעטראָגן זיך מיט אַ שולד־געפיל, פאַר וואָס ער איז נישט געבליבן מיט זיינע לאָדזשער טיפּן, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין נ. י. אויך משה ווילענסקין (1889—1944), וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו אַ גוטן פּאָרטרעטיסט האָט אוגער צוגעצויגן.

אַ גאָר באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט אוגער אַרויסגעוויזן דעם יידישן טעאַטער. וועגן יעדער ניי־געשפּילטער פּיעסע פלעגט ער דרוקן גרעסערע אָפּהאַנדלונגען און רעצענזיעס. ער האָט נישט אָנפאַרטרויט שרייבן רעצענזיעס וועגן מוזיק קיין פּשוטן מעלאַמאַן, נאָר צוגענומען פאַרן „טאָגעבלאַט" דעם מוזיק־רעצענזענט פון דער דייטשער צייטונג, דעם ד"ר. פאַלק (1876—1952), וואָס איז אויך געווען פון די ערשטע דיריגענטן פון לאָדזשער „הזמיר" און יענער האָט געשריבן אין יידיש זיינע מוזיקאַ־לישע באַריכטן פון די קאָנצערטן. אויך וועגן ספּעציעל־יידישע קאָנצערטן פלעגט אין יענער צייט שרייבן פאַרן ל. ט. דער שפּעטער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר לעאָ ליאָוו (1880—1960), דערנאָך ד"ר לייב פּריבולסקי (1884—1933), און ווען ד"ר פּריבולסקי איז געשטאָרבן, האָט געשריבן דער לאָדזשער באַקאַנטער מוזיקאָלאָג טוביה העכט (1902—1944), אַן אייניקל פון לאָדזשער מנגן, שבתי העכט (אויך א"נ הערי פייק).

אין יאָר 1912—1913, בעת די באַקאַנטע לאָדזשער רבנים־וואַלן, ווען דאָס „לאָדזער טאָגעבלאַט" האָט להיפּוך זיין ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, גע־פירט די וואַל־קאַמפּאַניע פאַרן ראַדאָמער רב ל. טרייסטמאַן פון דער „אגודה" (אגב האָט טרייסטמאַן געהאַט צוויי זין פּאָעטן און וויסנשאַפטלער, וואָס האָבן געשריבן אין יידיש און עברית: שלום טרייסטמאַן (1900—1963), וועלכער האָט געדרוקט זיינע לידער אונטערן נאָמען „שלום ט." און איז אַ צייט געווען ראש הקהל אין פינלאַנד און די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט אין ישראל געווען אַ מיטאַרבעטער פון די „לעצטע נייעס", תל־אביב, און זיין יינגערער ברודער הרב שמחה טרייסטמאַן (1904—1944), דער געלערנ־טער און גרויסער בעל־הרוח, דער אָריענטאַליסט און קענער פון יודאַיקאַ, וואָס האָט געשריבן איןביידע שפּראַכן. ער איז פון לאָדזשער געטאָ אַוועק־געפירט געוואָרן צום אומקום אין אָשוויענטשים), האָבן דעריבער אַ גרופּע

ציוניסטישע און מזרחיסטישע עסקנים, צוזאַמען מיט די אַלעקסאַנדערער חסידים, וואָס האָבן געשטיצט די קאַנדידאַטור פון קאַלישער רב, ליפשיץ, געגרינדעט אַ צווייטע יידישע צייטונג.

די צייטונג, וואָס האָט זיך געפונען אין דער דרוקעריי פון א. י. אָסט־טראָווסקי, אויף פּיעטריקאָווער 66, האָט געהייסן „דאָס לאָדזער מאָרגען־בלאַט״ און געהאַט צוויי רעדאַקטאָרן: ד״ר יהושע העשל גאָטליב (1882—1941), דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „היינט״ און פירער פון דער ציוניסטישער עת לבנות־גרופּע און איר דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים, אומ־געבראַכט אין די סאָוויעטישע לאַגערן; און ד״ר אַלעקסאַנדער קאַפּעל (ד״ר א. מוקדוני, 1878—1958), וואָס האָט אין לאָדזש אָנגעהויבן זיין קאַריע־רע אַלס רעדאַקטאָר און האָט אין דער צייטונג געדרוקט חוץ זשורנאַליס־טישע מאַמרים און באַריכטן פון יידישן טעאַטער אויך זיינע הומאָרעסקעס, וואָס זענען אַריין אין בוך „ערנסט און שפּאַס״ ער האָט יענע צייט אויך פּאַראייביקט אין זיינע ביכער „אין וואַרשע און אין לאָדזש״.

אין דער רעדאַקציע פון נייעם „לאָדזער מאָרגענבלאַט״ האָט געאַרבעט ווי אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער דער ריגער שריפטשטעלער מ. גלעמבאָצקי־לאַזאַרסאָן (1882—1944), וואָס האָט געשריבן די אַרטיקלען און פעליעטאָנען א״פ „עגאָ״ און מ. בן אליעזר. ער איז שפּעטער געווען פון די מיטאַרבעטער פון דער ארץ־ישראל־פּרעסע און באַקאַנט ווי דער איבערזעצער פון שלום אַשן אויף עברית, געשטאָרבן אין תל־אביב; דער יידיש־העברעישער שרייבער עזרא גאָלדין, וואָס האָט געדרוקט דערציי־לונגען; ב. פּאָרעצקי (1888—1941), דער שפּעטערדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער יידישער און אייראָפּעישער פּרעסע פון דער פעלקער־ליגע אין גענף, וואָס האָט דאָרט חוץ שטאָטישן רעפּאָרטאַזש, אויך געדרוקט קאַפּיט־לעך פון זיין ווערק „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש״; א. א. גאָלדבערג (געב. 1892) — כראָניק.

אַ גאָר גרויסע ראָלע האָט אין דער צייטונג געשפּילט הלל מיימאָן (1885—1942), וואָס איז געווען פון די אָנפירערס פון דער לאָדזשער אָר־גאַניזאַציע „פועלי־ציון״ און דריי יאָר געווען פאַרשיקט קיין סיביר פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. ער איז געווען פון די ערשטע מיטאַרבעטערס סיי

פון „לאָדזער נאַכריכטען" און פון „ל. טאַגעבלאַט" און אויך פון די ערשטע מיטאַרבעטערס פון „פּראָלעטאַרישער געדאַנק", ווילנע 1906. ער האָט אויך דער ערשטער איבערגעזעצט פון רוסיש אויף יידיש באָראָכאָווס „די קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע", 1907, און געווען רעדאַקטאָר פון די פּועלי־ציון־פאַרלאַגן „דער האַמער", ווילנע; „אַרבעטער־היים", וואַרשע. 1912 צוריקגעקומען קיין לאָדזש און געוואָרן אַ טעטיקער מיטאַרבעטער אין דער נייער צייטונג. געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט יעדן פרייטיק אַ קינדער־ביילאַגע, אין וועלכער ער האָט געדרוקט לידער, קינדער־מעשיות, הומאָרעסטעס און פעליעטאָנען א"פ „ר' הלל", „הלל הזקן", „דער זיידע", „דער אַלטער". ער האָט אויך געשריבן אין „פאָלקסבלאַט" אין די יאָרן 1915—1917, און אין דער גאַנצער יידישער פרעסע אין פוילן. אין 1939, אַנטלאָפן פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק. דאָרט גערודפט געוואָרן ווי אַ פּועלי־ציוניסט. נאָכן צונעמען אים די רעכט אויף אַ מיטאָג אין דער קיך אויף סטאַריבאָיאַרסקי, האָט ער געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און דורך חברים געפירט קיין לידע. דאָרט אַרעסטירט דורך נקוו"ד און פאַרשפאַרט אין תפיסה. דערנאָך פאַרשיקט אין די וויטסטע צפון־געגנטן פון די קאָמי־וויסטענישן און דאָרט געשטאָרבן פון הונגער.

אין נייעם „ל. מאָרגענבלאַט" האָט פנחס קאַץ (1891—1941) זיך צום ערשטן מאָל געדרוקט אין דעם אָפּטייל „דער קיביצער", וואָס עס האָט רעדאַגירט דער דעמאָלט יונגער י. מ. ניימאַן (1893—1956). ער האָט דאָרט געדרוקט לידלעך און וויצן אונטערן נאָמען „שפּרינג קאַץ". פּ. קאַץ האָט אין יענע יאָרן געוווינט אין לאָדזש און געאַרבעט ביי וועבעריי, און ערשט אין יאָרן אַרום אָנגעהויבן דרוקן אין די וואַרשעווער וויצנבלעטער און אין „היינט".

אַ גאָר נאָענטער מיטאַרבעטער איז אויך געווען י. א. לייזעראָוויטש (1883—1927), באַקאַנט אַלס איזידאָר לאַזאַר, וועלכער האָט חוץ זיינע פּאָעמעס און מעשהלעך אויף יידיש־היסטאָרישע טעמעס און פעליעטאָנען, מיטגעאַרבעט אין די „קינדער־אָפּטיילונג". דער הויפּט־בעל־דעה אָבער איז געווען דער לאָדזשער מזרחי־טוער און יידיש־העברעישער שרייבער משה העלמאַן (1873—1957), וואָס האָט געדרוקט אַרטיקלען אויף יידיש־נאַציאָנאַלע

טעמעס, אויך פעליעטאָנען און זיינע באַקאַנטע „אַראַבישע מעשהלעך". משה העלמאַן, דער שפּעטערדיקער סיים־דעפּוטאַט, איז געווען דער הויפּט־אַקציאָנער און געלטגעבער פאַר דער צייטונג (געשטאָרבן אין ישראל).

צווישן די מיטאַרבעטער האָבן זיך אויך געפונען די באַקאַנטע שרייבערס דוד פרישמאַן, מ. ספּעקטאָר און ז. ווענדראָף. אין דער צייטונג האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ נייער נאָכוווקס. דאָרט איז געווען אַן אָפטער גאַסט יחזקאל משה ניימאַן, וואָס האָט געדרוקט זיינע ערשטע געשליפענע פעליעטאָנען און לידער אויף הומאָריסטישע טעמעס א"ב „אַ פויגל", י. מ. ניימאַן, דער שפּעטערדיקער גלענצנדיקער פעליעטאָניסט, דיכטער און דראַמאַטורג, מיטאַרבעטער פון „נייעם פאָלקסבלאַט" און „היינט". ער איז אויך געווען אַ מיטגרינדער פון דער לאָדזשער „יונג־אידיש"־גרופּע און געדרוקט זיך אין כמעט אַלע נומערן פון זשורנאַל. ער האָט געדרוקט אין כמעט אַלע אויסגאַבעס פון די לאָדזשער יונגע. ער איז אויך געווען פון די פּיאָנערן פון יידישן קליינקונסט־טעאַטער, ווי „חד גדיא", „אַזאַזעל" און פון יידישן פילם („תקיעת כף", „על חטא"). ער איז אויך דער מחבר פון אַ באַנד לידער „יום־טוב אינדערוואָכן" און פון דער דראַמע „שבת־אויבסט", פאָלקס־שטיק אין 3 אַקטן, וואָס איז געווען די פּלאַסטישע געשטאַלטיקונג פון יידיש־פּוילישן שטעטל אויפן פאָן פון אַלטן יידיש־פּרימיטיוון לעבנס־שטייגער און לעבנס־עקסטאַז פון אַ שבת־ייד. אין די מלחמה־יאָרן איז ער מגולגל געוואָרן קיין ווילנע און פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל, און ביז צו זיין פריִען טויט, געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „דבר", די טאָג־צייטונג פון דער הסתדרות, ווו געוואָרן אַ פּרעכטיקער סטיליסט פון נייעם עברית (ספּעציעל אין זיינע רעצענזיעס פון טעאַטער און קונסט, אין וועלכע עס האָבן געשפּרודלט זיינע בליצן, וואָס ער האָט אַריינגעברענגט אין זיינע טעאַטער־פעליעטאָנען אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן). געשטאָרבן אין תל־אביב.

אין דער צייטונג האָט זיינע ערשטע טריט געשטעלט אַ גאָר יונגער דיכטער, אלימלך שמולאָוויטש (1899—1944). אַ זון פון אַ לאָדזשער פאַבריקאַנט, איז ער געווען באַקאַנט אין לאָדזש, ווי איינער פון די נאָענטסטע

און אינטימסטע פריינד פון יצחק קאַצענעלסאָן. אונטער יצחקס השפּעה אָנגעהויבן שרייבן שירים אין עברית, אָבער דערנאָך געשריבן בלויז יידיש. ער איז געווען איינער פון די באַגייסטערטע חסידים און מיטאַרבעטער פון דער „יונג־אידיש״־גרופּע, און הגם ער איז אויך געווען אַ טעקסטיל־פּאַב־ריקאַנט, האָט ער דאָך מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט געצערטלט זיינע יידישע שריפטן. ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געדרוקט לידער אין אייגנאַרטיקע פּראָזע, אין סטיל פון שאַפּמאַן, אין כמעט אַלע לאָדזשער צייטונגען און צייטשריפטן, ווי אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער״. ער האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגנאַרטיק בוך „עמיץ — ער״, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ מין לירישער פּראָזע, וואָס איז הגם אין אויסדרוק, ווי פון אַן אַנדערער ליטעראַטור געווירשנט, דאָך האָט זי געהאַט אין זיך ספּעציפיש־יידישע אַקסעסואַרן און שטימונגען. די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן געשריבן דראַמעס. ער האָט געוואָלט באַשאַפן אַ נייעם מאָדערנעם טעאַטער־אופן אין סטיל פון דער מאָדערנער דייטשער דראַמאַטורגיע (טאָלער, ברעכט, האַסענקלעווער), אונטער וועמענס איינפלוס ער איז געווען, פּונקט ווי ער איז עס געווען אין זיין ליד, וואָס האָט געהאַט איינפלוסן פון דער דייטשער „שטורם״־ריכטונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער סיי זיינע דראַמען און סיי זיינע לעצטע לידער, נישט באַוויזן צו דרוקן. אַ צייט נאָך דעם ווי היטלער האָט פאַרנומען לאָדזש, געווען אין געטאָ, דערנאָך אין וואַרשע. לאַנגע יאָרן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן. זאָל האָבן אומגעקומען אין 1944 ביים אונטערדריקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין אויגוסט.

זיין קוזין, וואָס האָט זיך אין ארץ־ישראל געענדערט דעם נאָמען אויף אפרים שמואלי (געב. 1908), האָט נאָכן ענדיקן די לאָדזשער העברעישע גימנאַזיע שטודירט אויפן ברעסלער אוניווערסיטעט און פון דייטשלאַנד געשיקט קאָרעספּאָנדענצן אין „לאָדזער טאַגעבלאַט״. אָנגעהויבן מיט לידער אין א. ליובאָשיצקיס „כוכב״, לאָדזש, איז ער במשך פון יאָרן אויסגעוואַקסן אַלס וויסנשאַפטלער מיט אַ גרויסן אינטערעס פאַר יידישער געשיכטע. ביז 1933 געלעבט אין דייטשלאַנד און געשריבן, חוץ אין דייטש און עברית, אויך אין יידיש. מחבר פון אַ ריי ווערק, צווישן וועלכע עס צייכענען זיך

אויס: „מסורה ומהפכה", „בנתיב הדורות", גירוש ספרד באַספּקלריה של דעת הקהל ומשכילים באירופּה" און די מאָנאָגראַפיעס „סערוואַנטעס", „דון יצחק אַברבנאל", „אנשי הרנסנס" און אַנדערע, ווו ער ווייזט זיין דרך אין אויפנעמען יידישע און אַלגעמיינע קולטור־געשיכטע און וויסנשאַפט. לעבט אין מדינת ישראל. אין „נ. מ." האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע ערשטע ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע אַרבעטן דער לאָדזשער שרייבער „כאַציק", שמעון שפּיגעל (געב. 1891), וואָס האָט פאַר דער צייטונג איבערגעזעצט נאָוועלן פון דער וועלט־ליטעראַטור און געשריבן זיינע ערשטע פאָלקלאָריסטישע פאָרשונגען. ש. שפּיגעל, וואָס האָט שפּעטער מיטגעאַרבעט אין וואַרשעווער „היינט", איז געווען אַ קענער פון פיל שפּראַכן. ער האָט דער ערשטער אין יידיש איבערגעזעצט וואָלטערס „פילאָזאָפישע דערציילונגען". לעבט אין ישראל.

אין „נייעם מאָרגענבלאַט" איז אויך אַנטדעקט געוואָרן אַ צווייטער יידישער קאַריקאַטוריסט, וואָס האָט צו זיינע צייכענונגען צוגעגעבן אייגענע לידער. דאָס איז געווען דער מאָלער ניסענהויז־דינדי, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין ארץ־ישראל. אין אַמעריקע איז ער געווען באַקאַנט ווי דער מאָלער „חיים", וואָס האָט געדינט משה נאַדירן פאַר פיל טעמעס. דענדי איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ מיטאַרבעטער פון „גרויסן קונדס" און פון אַנדערע הומאָריסטישע אויסגאַבן אין ניו־יאָרק.

אַ שטיקל ראָלע האָט אין „מאָרגענבלאַט" געשפּילט מאָטעלע פראַנקענטאַל (1893—1943), דער שפּעטערדיקער מחבר פון צען איינאַקטערס. ער האָט דאָרט געדרוקט זיינע „לאָדזשער בילדלעך". מאָטעלע פראַנקענטאַל איז אין לאָדזש געווען אַ שם־דבר. תמיד פאַרנומען מיט ליטעראַרישע געשעפטן, האָט ער דערמיט געלעבט און מער האָבן אים קיין שום אַנדערע זאַכן נישט אינטערעסירט. אַ זון פון אַ גרויסן הויז־אייגנטימער, אַ יורש פון אַ פאַרמעגן, האָט ער אַלץ אַריינגעלייגט אין „ליטעראַטור", וואָס דאָס האָט געמיינט: אין זיינע דראַמעס, וואָס הגם זיי האָבן קיין מאָל נישט זוכה געווען צו אָנערקענונג, האָבן זיי זיך דאָך באַוויזן אויף דער לאָדזשער יידישער בינע. מאָטעלע האָט אויך דערינען אַריינגעפּאַקט זיין געלט. אַ צייט רעדאַגירט אַ חודש־זשורנאַל „דער געדאַנק". אין די יאָרן פאַרן חורבן האָט ער

באַאַרבעט פאַר דער בינע עליזאַ אָזשעשקאָוואַס ראָמאַן „מאיר עזאָפאָוויטש", וואָס האָט אים צום ערשטן מאָל געגעבן אַ ביסל אָנערקענונג. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ „יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעקסיקאָן" פון לאָדזשער יידישע פּערזענלעכקייטן, און האַרט פאַר דער מלחמה — אַ חודש-זשורנאַל „גרינע בלעטער", וואָס איז געווען דער לעצטער יידישער ליטעראַרישער זשורנאַל ביזן חורבן. ער איז געווען טעטיק אין לאָדזשער האַנטווערקער-פאַריינען מיט אַ פאָלקיסטישער באַפאַרבונג; אַ מיטגליד פון פאָלקיסטישן ראַט אין פוילן און מיטגעאַרבעט אַ צייט אין פאָלקיסטישן וואָכנבלאַט „דאָס פאָלק", לאָדזש—וואַרשע, ווו י. י. זינגער איז געווען אַ צייט דער ליטעראַ-רישער רעדאַקטאָר. אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען אַ שטאַרקער קעמפער קעגן רומקאָווסקין און געליטן הונגער. פון הונגער איז ער משוגע געוואָרן. ער איז געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ, אין יאָר 1943.

סוף 1912 איז אין לאָדזש געווען טעטיק אַ יונגע קינסטלער-גרופּע אונטערן נאָמען „מחמדים", צו וועלכער עס האָבן געהערט שרייבערס, מאָלערס און מוזיקערס, וואָס האָבן אין 1913 אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל פאַר ליטעראַטור און קונסט. איינער פון זיי איז דער באַקאַנטער מאָלער און קונסט-קריטיקער יצחק ליכטענשטיין (געב. 1888), מחבר פון די מאָנאָ-גראַפיעס וועגן מאַרק שאַגאַל, הירשענבערג א"אַנד. לאַנגע יאָרן געווען דער אָנפירער פון דער קונסט-אָפּטיילונג פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנג-רעס אין ניו-יאָרק, לעצטנס אָנפירער פון קונסט-מוזיי אין צפת.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, דעם 1טן אויגוסט 1914, איז דאָס לאָדזשער יידישע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע לעבן אין גאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. טייל שרייבערס, ווי סעגאַלאָוויטש, בראָ-דערזאָן און אַ גרויסער טייל פון די מיטאַרבעטערס פון „נייעם מאָרגענ-בלאַט", האָבן פאַרלאָזן לאָדזש. די צייטונג האָט זיך אויפן צווייטן טאָג מלחמה אָפּגעשטעלט און די שרייבערס זענען געבליבן אויפן גאַס.

דאָס „לאָדזשער טאָגעבלאַט" איז נאָר אַרויס פון צייט צו צייט, ווייל די דייטשע אַרמיי איז שוין דעם 6טן אויגוסט געווען אויף אַ „שפּאַציר" אין לאָדזש. אוגערס פּאָזיציע אין דער צייטונג האָט גענומען זיך וואַקלען, צוליב זיין אויסגעשפּראָכן רוסישער אָריענטאַציע, און צום סוף האָט ער

געמוזט אַוועק פון דער צייטונג און אַפילו זיך באַהאַלטן, ווייל די דייטשן האָבן אים געזוכט... ער איז סוף כל סוף אַריינגעפאַלן אין זייערע בלוטיקע לאַפּעס, וואָס האָבן אים אומגעבראַכט אין די ערשטע טעג פון זייער ממשלה אין לאָדזש, סעפּטעמבער 1939.

בכלל איז אין 1914 געווען אַ פּירוד הלבבות צווישן די יידישע טוערס. די דייטשן האָבן באַלד אין די ערשטע טעג מלחמה פון צעפּעלינען אַראָפּגעוואָרפן יידישע און העברעישע פלוגבלעטלעך „צו די ברידער יידן", וואָס עס האָט פאַר זיי אָנגעשריבן דער לאָדזשער יידישער געלערנטער און שפּראַך־פאָרשער ד"ר יעקב פּראַם (1865—1943), דער שפּעטערדיקער קולטור־לייטער פון דער יידישער קהילה אין בערלין, וואָס איז דערמאָר־דעט געוואָרן פון זיינע דייטשישע „קולטור־גענאָסן". אין די אויפרופן האָבן זיי זיך דערקלערט אַלס יידן־פריינד און גערופן די יידן צו קעמפן צוזאַמען מיט זיי קעגן דער אַנטיסעמיטישער רוסישער רעגירונג. אויך האָבן די דייטשן צוגעזאָגט „רעכט פאַר יידן אויסצולעבן זיך נאַציאָנאַל", און כאָטש די דייטשן זענען ווידער אַוועק פון לאָדזש, און ערשט סוף דע־צעמבער 1914, צוריק פאַרנומען לאָדזש, איז ישעיה אוגער שוין נישט צוריק געגאַנגען אַרבעטן אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" און זיין אָרט האָט פאַרנומען ישראל קאַהאַן.

אונטער ישראל קאַהאַנס רעדאַקציע האָט אָבער די צייטונג אָנגעווירן איר פּנים און כאַראַקטער. די לייענער האָבן זי אויפגעהערט צו קויפן. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז זי האָט זיך אין גאַנצן געמוזט אָפּשטעלן.

שפּעטער, סוף דעצעמבער 1914, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין לאָדזש, ווי אָקופּאַנטן, האָבן זיי פאַר דער אַנטי־דייטשער שטעלונג פאַר־מאַכט אויף איבער אַ יאָר דאָס "לאָדזער טאַגעבלאַט", און ערשט אָנהייב 1916 האָט אוגער ווידער איבערגענומען די צייטונג. אוגער אַליין האָט אָבער נאָר געשריבן איבער יידישע און ציוניסטישע פראַגן און איבערן יידישן טעאַטער. וועגן פּאָליטיק האָט ער אויפגעהערט צו שרייבן, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ געגלייבט אין דייטשלאַנדס מפּלה.

אָנהייב יאַנואַר 1915, עטלעכע טעג נאָך דעם ווי די רוסישע אַרמיי האָט פאַרלאָזן לאָדזש און די דייטשן האָבן זיך נאָך נישט געהאַט גוט פאַר־

פעסטיקט, איז דערשינען אַ יידישע צייטונג. דאָס איז געווען „דער לאָדזער אַרבייטער״, אָרגאַן פון „בונד״ אין לאָדזש. די צייטונג, וואָס איז דערשינען אָן דער דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט האָט געברענגט צום אויסדרוק די שטעלונג פון „בונד״ צו דער געענדערטער פּאָליטישער סיטואַציע: זי האָט אָנגעשלאָגן שאַרפע אַנטי־מלחמה־טענער, וואָס האָבן אַרויסגערופן קעגן זיך דעם צאָרן פון דער דייטשער מיליטער־מאַכט. די צייטונג איז פאַרווערט געוואָרן צו פאַרשפּרייטן, נאָר די מיטגלידער פון „בונד״ האָבן זי אין צוויי טויזנט עקזעמפּליאַרן פאַרשפּרייט אומלעגאַל איבער דער גאַנצער שטאָט.

די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון מ. ד. אָגוז (געב. 1870), דער אַמאָליקער אַקטיווער בונדישער טוער און צו יענער צייט אַ פאָרשטייער פון צ.ק. פון „בונד״ אויף די פּוילישע געביטן; חיים לייב פּאָזנאַנסקי (1879—1940), דער שפּעטערדיקער בונדישער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט און קהילה, באַקאַנט פון זיין בוך „מעמוארן פון אַ בונדיסט״ און קאָרעספּאָנדענט פון די „לעבנס־פראַגן״ און „פאָלקסצייטונג״ א״נ „ראַן״ — פון די ערשטע קרבנות פון די היטלעריסטן אין לאָדזש, אין יאָר 1939; און ישראל ליכטענשטיין (1883—1933), איינער פון די אָנטיילנעמער אין אומלעגאַלן יידישן לערער־צוזאַמענפאָר אין לוקישקער טורמע אין יאָר 1907, שפּעטערדיקער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט און קהילה און רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער וועקער״. געדרוקט אויך אַרטיקלען איבער ליטעראַטור און טעאַטער אין „פאָלקסצייטונג״ און „פאָרויס״, וואַרשע. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק בעת אַ שליחות פאַר די ציש״אָ־שולן. אין דער צייטונג האָט זיך אויך באַטייליקט אַדוו. משה אַנדערס (1875—1937), פאָרזיצער פון „בונד״ אין לאָדזש, שפּעטערדיקער פּראָקוראָר ביי די באָלשעוויקעס. דורך זיי אומגעבראַכט אין יאָר 1937; אברהם שמויש (1892—1968), שפּעטערדיקער עסקן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פּוילן, מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקס־צייטונג״ און מחבר פון ביכער וועגן יידישער קאָאָפּעראַציע. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק; דוד שוואַרצמאַן־„לעאָן״, שפּעטער אַוועק צו די באָלשעוויקעס און אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער פּאָליטישער אַרענע, און דער יונגער מאָלער־אַרבעטער שמואל מילמאַן (געב. 1896), שפּעטערדיקער בונדישער

לאָוויניק אין לאָדזש און מיטאַרבעטער פון כמעט אַלע בונדישע צייט־שריפטן אין דער וועלט. איצט אין ניו־יאָרק, סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־אָרט״.

אָבער מער ווי איין מאָל איז די צייטונג נישט דערשינען.

צו יענער צייט איז די לאַגע אין לאָדזש געווען אַן אומקלאָרע. דער פראָנט איז נאָך געווען זייער נאָענט און וואַרשע איז נאָך געווען אין די רוסישע הענט. אָבער דער לאָדזשער יידישער קיבוץ, וואָס איז געווען אָפּגעריסן אי פון וואַרשע און אי פון וועלכן עס איז צענטער, האָט זיך געניייטיקט אין אַ יידישער צייטונג, וואָס זאָל באַדינען און אינפאָרמירן דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטור־לעבן פון יידישן לאָדזש. אָבער עס איז נישט געווען ווער ס׳זאָל עס רעאַליזירן.

אוגער, וואָס איז אַלץ נאָך געבליבן ביי זיין דייטש־פיינטלעכער אָריענ־טאַציע, האָט זיך געהאַט אָפּגערוקט אין אַ זייט. ער איז נאָר געווען טעטיק אין אינערלעך ציוניסטישער אַרבעט: דער גרינדונג פון ״בית העם״, דעם ציוניסטישן פאָלקס־אוניווערסיטעט, ווו ער איז געווען פון די הויפּט־לעק־טאָרן און אויך אַרום נייעם יידישן טעאַטער, וואָס איז מיט זיין מיטהילף געשאַפן געוואָרן אין יענע טעג.

אין יענע יאָרן האָט ישעיה אוגער געשאַפן זיינע ביכער „די מאָלערייען פון רעמבראַנדט״ און „וועגן דעם מאָדערנעם טעאַטער״ און רעדאַגירט די זאַמלביכער „בלוי־ווייס״, וואָס זענען נאָך עד־היום אַ וויכטיקער אידעאָלאָ־גישער מאַטעריאַל וועגן דער יידן־פראַגע און ציוניזם.

## רעדאַקטאָר לאַזאר קאַהאַן און זיינע מיטאַרבעטערס

פלוצעם איז געקומען אַ סענסאַציע פאַרן לאָדזשער עולם: אַ גרויסע יידישע טאָג־צייטונג. עס איז געווען דאָס „לאָדזער פאָלקסבלאַט“ און איר רעדאַקטאָר איז געווען דער אַמאָליקער הויפּט־מיטאַרבעטער פון „לאָדזער טאַגעבלאַט“, לאַזאר קאַהאַן.

דאָס „לאָדזער פאָלקסבלאַט“, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דער דייטשער מלוכה־דרוקעריי איז אין ערשטן מאָמענט נישט געווען צום האַרצן דעם רוב פון דער לאָדזשער ליטעראַרישער משפּחה, דער עיקר צוליב איר אָפענער פּראָ־דייטשער אָריענטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון די נצחונות אויף די פראָנטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן טייל אמת.

אָבער ביסלעכווייז האָט אַ גרופּע שרייבערס, טייל צוליב פרנסה און טייל צוליב די רוסישע גרויל־מעשים קעגן דער יידישער באַפעלקערונג פון די געביטן נעבן די פראָנטן (די באַקאַנטע גזירה וועגן די יידישע „טעלע־פאָן“־היטערס, די גזירה פון גירוש פון מאַסן יידן נענטער צו מזרח־רוסלאַנד), אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער צייטונג.

לאַזאר קאַהאַן האָט באַנייט זיין אַלטע באַקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט מיט דער יידישער שרייבערישער וועלט און עס איז אים געלונגען צו באַווייזן, אַז ער איז נאָר אויסן יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן און אַז ער גיט יעדן שרייבער אַ פרייע מעגלעכקייט צו זאָגן זיין אייגענע מיינונג אין יידיש־נאַציאָנאַלע פראַגן.

אַזוי איז לאַזאַרן ביסלעכווייז געלונגען צו ברענגען אַלס מיטאַר־בעטערס פון „לאָדזער פאָלקסבלאַט“, חוץ זיין ברודער ישראל קאַהאַן, אויך די אַלטע חברים זיינע, די מיטאַרבעטערס פון אַלטן „לאָדזער טאַגע־בלאַט“: י. מ. פּליאַט, צבי כהן, פישל בימקאָ, דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם פלינקן רעפּאָרטער י. ראָזענפעלד (1896—1926) און אַ גאַנצע ריי פון נייע, יונגע שרייבערס, וואָס ער האָט מדריך געווען אַלס גוטע זשורנאַליסטן.

לאַזאַר קאַהאַן האָט אויך צוגענומען אַלס אינעווייניקסטן מיטאַרבע־טער, מיט אַ פעסטער פענסיע, דעם שריפטשטעלער הערש לייב זשיטניצקי (1942—1891), וועלכער האָט אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער צייטונג „דעם זיידנס הייזל״, וואָס האָט זשיטניצקין אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור, אַזוי אַז ער האָט געקענט זיך אָפּזאָגן פון זיין שטעלע אַלס העברעישער לערער און סעקרעטאַר פון דער קהילה אין זיין היימשטעטל לאַסק, און זיך אין גאַנצן אַריבערציִען קיין לאָדזש. זשיטניצקי האָט דאָרט אָפּגעדרוקט די גרעסטע צאָל נאָוועלן פון זיין צווייט בוך „די נאָוועלן פון טויט״ און ערשט שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ מיטאַרבעטער פון „היינט״, האָט ער אָפּגעדרוקט דעם ראָמאַן „דער גורל פון אַ הויז״, וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט, ווי אַן אייגנאַרטיקן שרייבער, דער ערשטער פון דער יונגער שרייבער־גענעראַציע אין פּוילן, וואָס האָט דאָס שטעטל באַהאַנדלט ווי אַ פאַרגאַנגענע ראָמאַנטישע וויזיע. זשיטניצקי איז פון וואַר־שעווער געטאָ אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרט אומגע־בראַכט געוואָרן פון די נאַציס.

אַ גרויס געווינס איז אויך די שטענדיקע מיטאַרבעטערשאַפט אין דער צייטונג פון אַזאַ קרעפטיקן טאַלאַנט ווי פישל בימקאָ (1965—1890), וואָס האָט פון קעלץ צוגעשיקט צוויי מאָל אַ וואָך אין „פאָלקסבלאַט״ זיינע נאָוועלן און זיינע „בריוועלעך פון קראַטשיקראַך״, וואָס אין זיי האָט ער אויף אַ הומאָריסטישן אופן אָפּגעלאַכט פון די דייטשע מושלים און פון זייערע מעשים אין פוילן. און כאָטש לאַזאַר קאַהאַן האָט גוט פאַרשטאַנען וועמען בימקאָ מיינט, און עס האָט לאַזאַרן געקענט קאָסטן, חוץ זיין רעדאַקטאָר־פּאָסטן, אויך עפּעס מער... (פאַרט מלחמה־צייט געווען) דאָך האָט לאַזאַר קאַהאַן גערן געדרוקט בימקאָס זאַכן. ערשט שפּעטער האָט בימקאָ אָנגעשריבן זיין דראַמע „גנבים״ און די אַנדערע קינסטלערישע דראַמעס און דערציילונגען (זיי פאַרנעמען 20 בענדער). אגב, איז „גנבים״ צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן פון דער ווילנער טרופּע אין לאָדזש. בימקאָ איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק. זיינע קינדער האָבן ממשיך געווען די יערלעכע פרעמיע פאַר דער בעסטער דערציילונג אין דער „גאָלדענער קייט״ דורכן אַלגעמיינעם יידישן קולטור־קאָנגרעס.

אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט״ האָט אויך אויסגעברייטערט זיין טאַלאַנט י. מ. ניימאַן, וואָס האָט צוליב דער מלחמה אַנגעוווירן זיין אַרבעט אין „מאָרגענבלאַט״. דאָ האָט ער געפירט די וועכנטלעכע הומאָריסטישע אָפּ־טיילונג „דער שראַפּנעל״, ווו ער האָט אויך געדרוקט אַ צאָל סאַטירעס סיי קעגן די מלחמה־גבירים און סיי קעגן די דייטשן אַליין.

אויך דער פאָלקס־דיכטער הערשעלע איז אין די ערשטע טעג מלחמה אַנטלאָפן פון זיין „ווויסילקע״־אָרט, די שטאָט קאַליש, ווו ער האָט געמוזט זיין לויט אַן אורטייל פון דער צאַרישער מאַכט פאַר זיינס אַ ליד, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע פון די סיימיסטן, „פונקען״ אין לאָדזש. הערשעלע האָט זייער געליטן און מיט זיין אַרבעט אין „פאָלקסבלאַט״ האָט זיך פאַר הערשעלען אָנגעהויבן אַ נייע צייט פאַר שעפערישער טעטיקייט.

אין יענער צייט האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן זיינע ערשטע לידלעך און הומאָרעסקעס דער היינט באַקאַנטער הומאָריסט, דער לוסטיקער פּע־סימיסט (יוסף שמעון גאָלדשטיין, געב. 1893), וואָס איז באַלד עולה לגדולה געוואָרן און אויך אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער גאַנצער יידיש־פּוילישער פּרעסע און אויך צוגעשטעלט מאַטעריאַלן פאַר דער יידישער קליינקונסט־בינע. ערשט שפּעטער געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג פון „היינט״ און נאָכן איבערלעבן די רוסישע לאַגערן, אַ צייט געווען אין ישראל. לעצטנס, רעדאַקטאָר פון „שטיף קינד״ פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״. דער לוסטיקער פּעסימיסט פאַרמאָגט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן וואָקאַבולאַר, וואָס ער נוצט אויס אין זיינע געגראַמטע פעליעטאָנען, וואָס צייכענען זיך אויס הן מיט זיינע זייער געלונגענע וואָרטשפּילן און יידיש־העברעישע וואָרט־קאָמבינאַציעס, אויך מיט זייער עספּרי, איראָפּעישן פאַרנעם און שווונג.

אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט״ איז אויך געוואָרן אַ שרייבער דער היינט־באַרימטער שריפטשטעלער און מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, ברוך שעפנער (געב. 1893). ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן מיט רעפּאָרטאַזש און שטאָטישער כראָניק, אָבער ער האָט יעדע נאָטיץ געמאַכט מיט טאַלאַנט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז שוין שעפנער געוואָרן איינער פון די בעסטע

זשורנאַליסטן און מיטאַרבעטער פון „לאָדזער פאָלקסבלאַט‟, ווו ער האָט אויך געדרוקט זיינע גייסטרייכע אַרטיקלען און פעליעטאָנען. שעפּנערס פעליעטאָנען פון יענער צייט זענען אויפן לאָדזשער באָדן געוועזן אַ נייעס מיט זייער פיינער, געשליפענער שפּראַך און דער עיקר מיט זייער קלאָר־קייט און צילבאַשטימטקייט, וואָס האָבן געצייכנט שעפּנערס ווייטערדיקן וועג. זיין גלאַנץ־פּעריאָד האָט ער דערגרייכט אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג‟, ווו ער איז געוואָרן איינער פון אירע הויפּט־מיטאַרבעטער. פון זיינע ערשטע פעליעטאָנען אונטער לאַזאַר קאַהאַנס רעדאַקציע ציט ער אָבער די גלייכע ליניע פון סאָציאַליסטישן אידעאַל און גוטמוטיקן שמייכל, וואָס גייט נאַטירלעך ווי פון האַרץ אַרויס און באַקומט אַן אייגנאַרטיק ליכט. שעפּנערס ביכער „אַנדערש‟, „לינקס‟, „נאַוואַליפּיע 7‟, „פון מיין רייזע אין ישראל‟, זענען מוסטערן פון אויפנעמען די וועלט און פּראָבלעמען פון אַ באַזונדערן קוק־ווינקל. ער איז אָבער דער עיקר אַ פּראָדוקט פון לאָדזשער סביבה און פון לאָדזשער געמיט.

אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט‟ האָט גלייכצייטיק מיט שעפּנערן אָנגעהויבן אויך צו אַרבעטן חיים יאַנקל בזשוסטאָווסקי (1893—1941), איינער פון די שפּעטערדיקע דריי רעדאַקטאָרן פון „נייער פאָלקסבלאַט‟. ער האָט חוץ דער כראָניק און רעפּאָרטאַזש אויך געדרוקט בילדלעך פון לאָדזשער טיפּן און הומאָרעסקעס אונטערן נאָמען „בן חנוך‟, וואָס ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן א״ב „מלחמה־צייט‟, בילדער פון לאָדזש אונטער דער דיי־טשער אָקופּאַציע, ווו ער מאָלט אין אַ קרומען שפּיגל די דייטשע (ווילהעל־מישע) „אָרדענונג‟. בזשוסטאָווסקי האָט אויך געדרוקט טעאַטער־רעצענ־זיעס א״פ „אַ שאַרפּצינגל‟. זיין דראַמע „זי שפּילט ווייטער‟ איז אַ ווייטער־דיקער עטאַפּ אין זיין שאַפן. ער האָט אויך געדרוקט עטלעכע איינאַקטערס צו שפּילן פאַר דראַמקרייזן. זיין לעבן איז איבערגעהאַקט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים. אַ נישט קליינע שולד (כאָטש נישט קיין דירעקטע) טראָגן אויך די „טרייע דינער‟ פון דער סאָוויעטישער צייט אין ביאַליסטאָקער ליטעראַטן־פאַראיין. אין אָנהויב 1940, ווען ער איז צוזאַמען מיט משה בראָ־דערזאָן גערודפט געוואָרן פון די יעווסעקעס, וואָס האָבן צוגעטראָגן ווו מען האָט באַדאַרפט... אַז ער און בראָדערזאָן זענען שונאים פון אַרבעטער־קלאַס

און געוועזענע רעדאַקטאָרן פון אַ בורזשואַזער יידישער צייטונג (בראָדערזאָן האָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן דערפון. מען האָט אים, ווי אברהם זאַקן און מיין וויניקייט, נישט געוואָלט אָננעמען פאַר מיטגלידער פון סאָוויעטישן שרייבער־פאַרבאַנד, ווי ציוניסטן אָדער בונדיסטן, רחמנא ליצלן). בראָדער־זאָן האָט נאָך געהאַט מזל, וואָס ער האָט זיך באַצייטנס אַרויסגעצויגן פון שרייבן, נאָר צוזאַמען מיט דזשיגאַן און שומאַכער באַנייט זיין קליינקונסט־טעאַטער און דאָס האָט אים געראַטעוועט אין יענער צייט. חיים יאַנקל בזשוסטאָווסקי איז צו דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור געקומען גלייך פון אַרבעטער־וואַרשטאַט. ער האָט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געאַרבעט אַלס „שערער" ביי טיכער ביי אַ גרויסער יידישער פירמע. אַן אַקטיווער לינקער פּועלי־ציוניסט האָט ער נישט געטראַכט אָוועקצופאָרן פון די באָלשעוויקעס, ווען נישט די מסירות קעגן אים פון זיינע אַמאָליקע חברים, וואָס האָבן זיך איבערגעקייקלט און געוואָרן שטאַרק „רעוואָלו־ציאָנער". ער האָט געפילט, אַז זיי וועלן אים אין גאַנצן אָפּווישן. איך האָב מיט אים אין יענע טעג פיל גערעדט וועגן דעם... (מיר איז געלונגען, ווייל איך בין אַוועק אַרבעטן ביי שילדן אין אַרטעל „רויטע פּאַליטרע", ווו איך בין אַפילו געוואָרן אַ סטאַכאַנאָוויעץ...). זיין פרוי מיטן זון זענען שוין דעמאָלט געווען אין ווילנע און ער האָט פון זיי פאַרלאַנגט, זיי זאָלן דורכויס צוריקקומען קיין ביאַליסטאָק. אָבער אין עטלעכע טעג שפּעטער (ווען הלל מיימאָן (1885—1942), דער אַלטער יידישער שרייבער און מיטאַרבעטער פון „היינט" האָט געמאַכט זיין זעלבסטמאָרד־פּרווו), האָט חיים יאַנקל באַשלאָסן אַוועקצולאָזן זיך קיין ווילנע. בעת מיין טרעפן זיך מיט אים אין ווילנע (אָנהייב 1941) האָט ער מיר אָפן געזאָגט, אַז ער פילט, ער וועט שוין פון טויט נישט אַנטרונען...

עס האָט אויך אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט" געאַרבעט ווי אַן אינעוויי־ניקסטער מיטאַרבעטער יאַניע שולמאַן (1895—1944), וועלכער איז געקומען צווישן יידן פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער לינקער פּועלי־ציוניסט און איז זיין גאַנצע צייט געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער פרעסע. זיין איבערגעגעבנקייט צו פּען־חברים האָט מען ערשט געקענט דערקענען אין דער ביטערער צייט פון לאָדזשער

געטאָ. ער האָט, לויטן עדות־זאָגן פון שרייבער ירחמיאל בריקס, געהאָלפן ממש מיטן לעצטן ביסן די לאָדזשער יידישע שרייבערס. ער האָט צוליב זיינע אַלטע פאַרבינדונגען געהאַט אַ בעסערע אַרבעט און מיט זיינע צוגאָב־„ראַציעס" האָט ער זיך געטיילט מיט די, וואָס האָבן נישט געהאַט. ער איז אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, אויגוסט 1944.

עס האָט אויך דאָרט געאַרבעט יהושע אינפעלד (1896—1943), וואָס פלעגט דרוקן בילדער „פון געריכט־זאַל" א"פ „אַרגוס" און אויך פירן דעם אָפּטייל פון יורידישע עצות. אינפעלד איז ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַקטיוו אין דער לינקער פּ.צ.־פּאַרטיי און אַ באַקאַנטער לעקטאָר און רעדנער. געשטאָרבן פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ.

שטאַטישער רעפּאָרטער איז געווען דער שפּעטער באַקאַנטער נאָוועליסט און דראַמאַטורג, ביינוש זילבערשטיין (1902—1942), וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָדזש. ב. ז. האָט דורך לאַזאַר קאַהאַנס דירעקטער אָנווייזונג, אין 1916, אָנגעהויבן שרייבן נאָוועלן, וואָס האָבן אים באַלד געבראַכט אָנערקענונג. ער האָט דערנאָך אויך געשריבן לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען און דראַמעס. אין יאָר 1953 אָוועק קיין אַנטווערפּן און רעדאַגירט די צייטשריפט „בעלגישע בלעטער", וואָס האָט געעפנט אירע שפּאַלטן פאַר יונגע שרייבער אין מערב־אייראָפּע. ער איז דער מחבר פון: „אין אייגענעם קרייז", לידער, 1922, „סאָנקט העלענע אינזל", 1925, „אייביק פאַרמשפּטע"; נאָוועלן, 1928, „פינצטערע דערציילונגען", 1929; „ברויט", ראָמאַן, 1930; „הורא, זאָל לעבן דער קעניג", דראַמאַטישע סאַטירע, 1932; „ברוך שולמאַן", דראַמאַטישער רעפּאָרטאַזש 1934; „בלוט אויף מיינע הענט", 1935. אין זיין גאַנצן לעבן און שאַפן איז ער תמיד געווען דער פאַרטיידיקער פון די אָרעמע און דורך זיין שרייבן געוואָלט דערהייבן די דערנידעריקטע און באַליידיקטע. אַ קעמפער קעגן שלעכטס, האָט ער, באַלד ווי די נאַציס האָבן פאַרנומען בעלגיע, אַלע זיינע כוחות אָפּגעגעבן אין קאַמף קעגן זיי און געווען פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין אַנטווערפּן. געכאַפּט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ און אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ צום פאַרגאַזן. אין מיטן מאַרש, צוזאַמען מיט אַ גרופּע בעלגישע יידן, געוואָרפן זיך מיט אַ שטיין אויפן שומר, וואָס האָט

אים דערשאָסן. אין יאָר 1959 איז דורך זיין פרוי, בינע, אַרויסגעגעבן געוואָרן „געזאַמלטע לידער", אין וועלכן עס קומען אַריין זיינע לעצטע לידער פון יאָר 1932 ביזן טאָג פון זיין דעפּאָרטאַציע פון בעלגיע, דעם 10טן אַפּריל 1942.

עס האָט ביים איבערזעצן טעלעגראַמעס געאַרבעט משה גערשטיין (1879—1920), וואָס איז געווען אַ משפּחה פון לאַזאַרן. קיין לאָדזש איז ער געקומען נישט מיט זיין ווילן, נאָר דורך אַן אוקאַז פון דער צאַרישער פּאָליציי, וואָס האָט אים אַרויסגעשיקט פון קיִעוו, ווו ער איז געווען טעטיק אין „איסקראַ". ער האָט אויך געדרוקט איבערזעצונגען פון דער אוקראַיִני־שער און רוסישער ליטעראַטור און פעליעטאָנען א"נ „שטיינגער". באַלד נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש צוריקגעפאָרן קיין קיִעוו, אָבער דאָרט באַלד אַרעסטירט געוואָרן און אומגעבראַכט. אין יאָר 1920 האָבן מיר געהערט וועגן זיין טויט. אין יענער צייט איז אַ גרויסע צאָל יידישע רעוואָלוציאָנערן געפאָרן פון לאָדזש קיין רוסלאַנד. צווישן זיי דער באַקאַנטער יידישער לערער יוסף ראַווין (1890—1937), וואָס האָט אויך געדרוקט אין דער פרעסע געלונגענע קינדער־לידער און איבערזעצונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור פאַר קינדער. אין לאָדזש האָט ער אַרויס־געגעבן אין יאָר 1918 אַ ביכל „מעשהלעך שיינע פאַר קינדערלעך קליינע". אַ צייט געווען אַ לערער אין די מינסקער יידישע שולן און געדרוקט אין דער אָרטיקער פּרעסע קינדער־לידער און אַרויסגעגעבן די ביכלעך „פרי־לינג־לעבן", „די קינדער־וועלט" און „די פאַרקישעפטע באָס מאַלקע". אומגעבראַכט אין יאָר 1937. דער זעלבער גורל האָט געטראָפן זיין יִינגערן ברודער שלמה־איטשע ראַווין (1892—1937), דעם מיטגרינדער, פאַרוואַל־טער און לערער פון דער ערשטער יידישער פאָלקשול אין לאָדזש. ער איז געווען באַקאַנט ווי אַ לעקטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור און געהאָט נאָך אין לאָדזש פאַרטיק אַ בוך וועגן די קלאַסיקער, וואָס איז אָבער אין רוסלאַנד נישט דערשינען.

## מרים אולינאָווער   אין איר שרייבער־קרייז

אין „לאָדזער פּאָלקסבלאַט" האָבן געהאַט אַן אָפענע טיר די לאָדזשער יונגע שרייבערס. אויך די דיכטערין מרים אולינאָווער (1890—1944). נאָך איידער עמיצער האָט געוווּסט, אַז זי שרייבט האָט זי עס פּאָרטרויט לאַזאַר קאַהאַנען און ער איז עס געווען דער, וואָס האָט זי אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור. מרים אולינאָווער איז זייער פרי געוואָרן אַ יתומה און האָט זיך דערצויגן ביי איר באָבען אין שטעטל לאַסק, נעבן לאָדזש. ווען ה. ל. זשיטניצקי, וואָס איז געווען פון זעלבן שטעטל, האָט אָנגעהויבן זיך צו דרוקן אין „ל. פּאָלקסבלאַט", האָט ער מיטגענומען מרימס עטלעכע לידער. זיי זענען לאַזאַר קאַהאַנען זייער געפעלן און ער האָט זיי אָפּגע־דרוקט אין דער צייטונג. אין אַ צייט אַרום איז מרים געקומען קיין לאָדזש און חתונה געהאַט מיט איר קוזין וואָווטשע אולינאָווער.

אַ שטיקל צייט האָט זי געגעסן „קעסט" ביי וואָווטשעס עלטערן, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָלאָניאַל־געוועלב אויף דער פּיעטר־קאָווער גאַס. מרים, צוזאַמען מיט איר מאַן, האָבן געאַרבעט אין געשעפט. דעמאָלט האָט זי אויך געשריבן אירע לידער. געוווינט האָבן די אולינאָווערס אין זייערע עלטערנס הויז אויף דזשעלנע 11. דאָרט זענען אויך געבוירן געוואָרן אירעביידע טעכטער. מרים אולינאָווער איז געווען אָפּגעהיטן רעליגיעז, געטראָגן אַ שייטל און געפירט אַ כשר, טראַדיציאָנעל הויז. איר מאַן, וואָווטשע, איז געווען אַ צייט דער פאָרזיצער פון קליינהענדלער־פאַריין און אויך אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „מזרחי" און אירס אַ פאָרטרעטער אין דער לאָדזשער קהילה. אין מרימס שטוב איז תמיד געווען אַ שטילע געמיטלעכ־קייט, אַ שלווה. דער מאַן האָט זי פאַרגעטערט און זי האָט אים אָפּגעצאָלט מיטן זעלבן. טראָץ דער פרומער הויזפירונג, איז איר שטוב צו יעדער צייט, מיטן אויסנאַם פון פרייטיק פאַרנאַכט, ווען זי האָט געדאַרפט צינדן ליכט,

אָפּן געווען פאַר יעדן. תמיד האָט זי מיט אַ פריי, גוטמוטיק פּנים אָקעגנ־געטראָגן יעדן חבר, אַ מאַן צי אַ פרוי, איר קלינגענדיקן ברוך־הבא. אין דער צייט ווען זי האָט געהאַט איר ערשט קינד און אויפגעהערט צו אַרבעטן אין געוועלב, איז איר הויז געוואָרן אַ שטיקל בית־ועד פאַר יונגע דיכטערס, מיט וועלכע זי איז באַלד, פון ערשטן באַקאַנט ווערן, געוואָרן היימיש. מרים פלעגט ליב האָבן מען זאָל פאַר איר לייענען און אויך זי פלעגט זייער ליב האָבן צו לייענען אירע לידער פאַר חברים. אַזוי איז אויך געבליבן, ווען איר בוך „דער באָבעס אוצר" האָט איר געבראַכט די גרעסטע דערפאָלגן. זי האָט זיך דערמיט נישט געגרייסט, נאָר ווי פריִער, געפרעגט מבינות. די באַציִונג פון אַלע, אָן אויסנאַם, לאָדזשער יונגע דיכטער צו מרימען, איז געווען ווי צו אַן עלטערער שוועסטער. אַזוי איז זי געווען ביזן חורבן און אַזוי איז זי געווען בעת דער גרעסטער ביטערניש אין לאָדזשער געטאָ. מרים אולינאָווער האָט האַרט פאַרן חורבן געהאַט גרייט צום דרוק צוויי נייע ביכער. איין בוך לידער און פּאָעמעס אויף מאָטיוון פון חומש און „שבת־לידער"; דאָס צווייטע — אַ בוך געבויט אויף די „כעלמער מעשיות", וואָס אַ טייל פון זיי איז געווען געדרוקט אין דער לאָדזשער פּרעסע. מרים אולינאָווער האָט אין דער יידישער פּרויען־דיכטונג צוריק אַריינגעבערענגט דעם אַראָמאַט און די שיינקייט פון אַלט־יידישן לשון, פון דער אַלטער יידישער פרומער פרויען־דיכטונג און זי האָט נישט קיין גלייכן אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. זי איז געווען און געבליבן אַ גאַנצער יידישער מענטש. אירע קינדער האָט זי דערצויגן טראַדיציאָנעל. ביידע מיידלעך האָבן פון דער פריסטער קינדהייט גערעדט אַ פליסיקן יידיש, אויך עברית האָבן זיי געקענט.

די קינדער האָבן געקענט דער מאַמעס לידער אויף אויסנווייניק און ווען עמעצער האָט נאָר פאַרלאַנגט, האָבן זיי באַלד דעקלאַמירט לידער מיטן זעלבן ניגון, וואָס מרים. אַ שטיקל צייט פאַרן חורבן האָט מרים חתונה געמאַכט איר עלטערע טאָכטער און יענע האָט זיך געגרייט, צוזאַמען מיט איר מאַן, צו פאָרן אין קיבוץ פון „הפועל־המזרחי", קיין ישראל. וואָס מיט איר און מיט דער איבעריקער משפחה איז געשען איז נישט באַוווּסט.

מרים אולינאָווער האָט פון איר משפחה מיטגעבערענגט מיט זיך אין

דער יידישער פּרויען־דיכטונג נאָך עטלעכע דיכטערינס, וואָס האָבן געלעבט אין לאָדזש.

די דיכטערין, וועמעס לידער זי האָט אָפּגעדרוקט אין ערשטן העפט „געזאַנגען", וואָס איז געווען געווידמעט ליבע־ליריק, איז געווען איר קוזינע חנה גערסאָן (1896—1944), פון מאַן ראַבינאָוויטש. חנה גערסאָן איז געווען אַ פּאַרמעגלעכע פרוי, און דאָך האָט זי איר בעסטע צייט אָפּגעגעבן פאַר ציוניסטישער טעטיקייט און פאַר שרייבן לידער. זי איז געווען פון דער ערשטער גרופּע פרויען, וואָס האָבן געהאָלפן מיטגרינדן דעם „בית־העם" און מיטהעלפן ביים אָרגאַניזירן סיי די פּאַרלעזונגען און סיי די ליטע־ראַריש־קינסטלערישע פּראָגראַמען. טייל מאָל האָט זי אויך מיטגעשפּילט אין איינאַקטערס. אירע לידער פלעגן תמיד אָנשלאָגן אַ נאַציאָנאַלן טאָן און אַפילו אירע ליבע־לידער האָבן געאָטעמט מיט דער העראָיִק פון יידישן עבר און יידישער גבורה, וואָס וועט באַנייט ווערן מיטן פאַרווירקלעכט ווערן פון ציוניזם און יידישן מלכות. ליידער האָט זי צו דעם נישט דער־לעבט. אין געטאָ איז זי געווען אין דער גרופּע פון יונגע שרייבערס אין אולינאָוווער־קרייז, אָבער דערשלאָגן, פּאַסיוו סיי אין אירע לידער, וואָס זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין אוישוויץ און סיי אין איר לעבן.

ביידע דיכטערינס האָבן געהאַט איין טרויעריקן גורל: ביידע זענען זיי אומגעקומען אין די פלאַמען פון די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ. וועגן דער דיכטערין מרים אולינאָווער דערציילט דער שרייבער ירחמיאל בריקס, אַז בעת איר לעצטן גאַנג פון לאָדזשער געטאָ, אויגוסט 1944, האָט זי אין אַ זאַק, צוזאַמען מיטן לעצטן ביסל חפצים, אויך מיטגענומען אירע לידער. לויט ווי ס'האָבן דערציילט געראַטעוועטע פון אוישוויץ, איז מרים אויך אין די פּאָר לעצטע טעג דאָרטן, איידער זי איז אומגעקומען, געווען באַ־זאָרגט וועגן אירע לידער, ווי וועגן אירע קינדער און איר משפּחה.

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

מיטן מאָמענט ווען די דייטשע אַרמיי האָט פֿאַרנומען וואַרשע (סוף אויגוסט 1915), האָט לאַזאַר קאַהאַן זיך באַמיט צוצוציִען צום „פֿאָלקס־בלאַט" די וואַרשעווער יידישע שרייבערס. עס איז אים אָבער בלויז געלונגען צו באַקומען די מיטאַרבעט פֿון צוויי יונגע דיכטערס: יעקב רייזפֿעדער (1890—1942) און לייב מלאך (1894—1936). פֿון דער עלטערער גענעראַציע האָט נאָר מיטגעאַרבעט ה. ד. נאָמבערג (1870—1927), וואָס האָט אויך שפּעטער אַליין איבערגענומען די ליטעראַרישע לייטונג פֿון „וואַרשעווער טאָגעבלאַט", געגרינדעט פֿון באַרימטן מאָלער הערמאַן שטרוק, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען אַ דייטשער אָפֿיציר. ה. ד. נאָמבערג איז געווען דער אַנטדעקער פֿון לייב מלאך, וועמען ער האָט שטאַרק מקרב געווען. נאָמבערג האָט זיך אין מלאכן נישט טועה געווען, ווי מיר זעען עס פֿון די אַלע ביכער, לידער, באַלאַדן, דערציילונגען, ראָמאַנען, רעפּאָרטאַזשן און די עטלעכע דראַמעס, ווי „מיסיסיפּי" און „איבערגוס", וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער וועלט־בינע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, בעת ער איז אַזוי יונג געשטאָרבן.

אין יענער צייט איז נאָמבערגס מבינות געווען פֿאַר לאַזאַרן גאָר אַ סך. נאָמבערג האָט אויסגעפּועלט ביי לאַזאַרן פֿאַר מלאכן אַ שכירות, כדי ער זאָל קענען אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט ביי דער באַנליניע אין לוקאָווע, וווּ מיר ביידע האָבן געאַרבעט, און ער זאָל זיך קענען אין גאַנצן אָפּגעבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט.

אַ דאַנק דעם וואָס נאָמבערג האָט מיטגעאַרבעט אין „וואַרשעווער טאָגע־בלאַט" זענען בעסער געוואָרן די באַציִונגען צווישן דעם טייל שרייבערס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען טאָר נישט מיטאַרבעטן מיט די דייטשן אין זייערע צייטונגען, און די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיט דעם וואָס זיי אַרבעטן מיט אין די צייטונגען, דריקן זיי נאָר אויס זייער פּראָטעסט קעגן די אַנטיסעמיטישע מעשׂים פֿון די צאַרישע מושלים.

אָנהייב 1916 האָבן די דייטשן נאָך לאַנגע באַמיִונגען דערלויבט צוריק צו עפֿענען דאָס „לאָדזער טאָגעבלאַט". זיי האָבן אויך דערלויבט, אַז אוגער

זאָל צוריק ווערן דער רעדאַקטאָר. די צייטונג האָט אָבער נישט געקענט זיך דערלויבן אויף צונעמען שרייבערס, ווייל דורך דער צייט, וואָס זי איז געווען פאַרמאַכט, האָט זי אָנגעוווירן איר פּאָזיציע. אוגער האָט זיך אָבער נישט געשראָקן און ער פלעגט כמעט אַליין אויספילן דעם נומער.

אין יענער צייט הייבט אָן צוריק צו אַרבעטן, ווי אַ שטענדיקער מיט־אַרבעטער זלמן זילבערצווייג (1894—1972).

זלמן זילבערצווייג האָט זייער פרי אָנגעהויבן שרייבן. שוין אין יאָר 1910, אַ 16־יעריקער בחור, דרוקט ער אָפּ אין „ל. טאַגעבלאַט" זיין ערשטע איבערזעצונג: יאַנוש קאָרטשאַקס אַ סקיצע א"פ „סאָלאָמאָן". ער דרוקט זיך אויך אין א. רייזענס "אייראָפּעיִשע ליטעראַטור" און אין אַ צאָל ליטע־ראַרישע זאַמלונגען. ער איז אויך שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען טעטיק אין די טעאַטער־קרייזן. אין „ל. טאַגעבלאַט" אַנטוויקלט ער זיין שרייבערישן טאַלאַנט. ער שרייבט דאָרט סיי דעם ראָמאַן און סיי די כראָניק, שרייבט פעליעטאָנען און פּאָליטישע אַרטיקלען. עס זענען נישטאָ קיין סך שרייבערס, ווייל לאַזאַר קאַהאַן האָט אַלע באַשעפטיקט אין „פּאָלקס־בלאַט" און עס איז אויך נישטאָ גענוג מיטלען צו קענען צאָלן שכירות... ער מוז אַפילו שרייבן רעצענזיעס וועגן יידישן טעאַטער, וואָס האָט אים שפּעטער דערפירט צום שאַפן זיין קרוינוווערק, דעם „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער", וואָס אפשר אַן אַקאַדעמיע־קאָלעגיע האָט באַדאַרפט עס טאָן.

מיט די זעקס בענדער „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער" האָט ער נישט נאָר געטאָן אַ פּיאָנערישע אַרבעט, וואָס איז געווען זייער פאַרנאַכלעסיקט, נאָר עס וואָלט לגמרי נישט מעגלעך געווען צו געפינען די שפּורן פון די הונדערטער אַקטיאָרן און שרייבער פאַרן יידישן טעאַטער, וואָס די קומענ־דיקע דורות וואָלטן אַפילו נישט געוווּסט וועגן זייער עקזיסטענץ. אין בין הזמנים, צווישן איין באַנד און אַנדערן און אין מיטן פון זיין וואַנדערן אַרום דער וועלט לטובת דעם לעקסיקאָן, האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצוזעצן פּיעסן פאַרן יידישן טעאַטער, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן פון די בעסטע יידישע אַקטיאָרן און חוץ דעם צו שרייבן זיינע ביכער „הינטערן פאָרהאַנג", אַ גרויסע צאָל איינאַקטערס, די ביכער איבער גאָלדפאַדען און גאָרדין, וועגן אחד־העם א"אַנד. ער איז אויך אַ צייט געווען דער ארץ־ישראל־קאָרעס־

פּאַנדענט פון „היינט" און פון „פאָרווערטס". בעת זיין לעבן אין ניו־יאָרק געווען דער רעדאַקטאָר פון „אַמעריקאַנער" און נאָך אָפּגעשפּאָרט צייט צו זאַמלען די מאַטעריאַלן און צו רעדאַגירן דאָס גרויסע „לאָדזשער יזכור־בוך", וואָס האָט אַרומגענומען מיט זאָרג די אַלע לאָדזשער, וואָס זענען געווען אין די אַמעריקעס און זיי מעורר געווען צו אַקטיוויטעטן פאַר די אָפּגע־ראַטעוועטע לאָדזשער לאַנדסלייט. אויך דאַרף מען דערמאָנען זלמנס פרוי, ציליע, אַ באַקאַנטע יידישע אַקטריסע אין פוילן און אַמעריקע, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר מאַן אין זייערע יידישע ראַדיאָ־אוידיציעס אין לאָס־אַנזשעלעס מיטגעהאָלפן אין די אַלע קולטור־טעטיקייטן פון אָרטיקן יידישן ישוב.

אויך זלמנס יינגערער ברודער, נתן זילבערצווייג (געב. 1899), איז געווען לאַנגע יאָרן דער ארץ־ישראל־קאָרעספּאָנדענט פון „היינט" אין וואַרשע און אויך פון צייט צו צייט געדרוקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און אין דער ישראל־פּרעסע.

אין יענער צייט האָט אוגער אַנטדעקט אַ נייעם טאַלאַנט. דאָס איז געווען דער יונגער ציוניסטישער טוער משה בליישטיפט (1902—1932).

משה בליישטיפט האָט אין „ל. טאָגעבלאַט" געשריבן לייט־אַרטיקלען אויף פּאָליטישע טעמעס ווי אויך וועגן יידישע פּראָבלעמען. ער האָט אויך דאָרט געדרוקט זיינע איבערזעצונגען פון דער פּוילישער ליטעראַטור (שענקעוויטש, פּרוס א"אַנד). אין בוכפאָרם איז בלויז אַ טייל פון זיינע יידי־שע איבערזעצונגען דערשינען, ווי: ד"ר ל. פּינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַ־ציע", ד"ר פאַסמאַניקס „די פּסיכאָלאָגיע פון גלות־יידנטום". אין די בענדער „התקופה" האָט ער אויך געדרוקט זיינע העברעיִשע איבערזעצונגען פון י. זשולאַווסקיס „שבתי צבי" און דזש. גאָלסוואָרטיס עטלעכע דראַמען. צום באַדויערן איז ער געשטאָרבן זייער יונג און זיינע איבערזעצונגען פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור, וואָס ער האָט איבערגעזעצט אויף יידיש און אַ צאָל איבערזעצונגען פון דער פּוילישער נייער ליטעראַטור, וואָס זענען נאָך אים פאַרבליבן, זענען פאַרלוירן געגאַנגען.

ישעיה אוגער האָט אויך אין יענער צייט צוגעצויגן צו יידישער צייטונגס־אַרבעט אַ יונגן טוער פון די „צעירי־ציון", ישראל שאַליט

(1944—1900), וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אַלס אַ גוטער צייטונגס־מענטש. שאַליט איז ביז 1939 געווען טעטיק אין יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן. אומגעקומען אין אוישוויץ.

מיט דער צייט האָט זיך דאָס „לאָדזער טאָגעבלאַט" צוריק איינגעבי־ר־גערט אין דער לאָדזשער געזעלשאַפט און צוזאַמען מיט די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן, וואָס האָבן געברענגט אַן אויפלעבונג צווישן די יידישע פּאַר־טייען, איז אויך דאָס „טאָגעבלאַט" ווידער געוואָרן דער אָרגאַן פון דער ציוניסטישע מחנה אין לאָדזש און באַקומען פון איר די פולע אונטער־שטיצונג.

אין יענער צייט הייבט אָן אין דער צייטונג מיטצואַרבעטן משה העלמאַן פון „נייעם מאָרגענבלאַט", דער פּרי־פאַרשטאַרבענער סיים־דעפּוטאַט ד"ר י. ראָזענבלאַט (1880—1940) און פיל אַנדערע ציוניסטישע טוערס. פון יענער צייט דאַטירט זיך אויך די שרייבערישע טעטיקייט פון מיכאַיל יאַרבלום (1875—1927), וואָס איז געווען אַ ציוניסטישער ראַטמאַן אין לאָדזש, און פון זיין ברודער מרדכי יאַרבלום (1887—1972), וואָס האָט אונטער אוגערס רעדאַקציע געדרוקט זיינע ערשטע אַרטיקלען און איז שפּעטער געוואָרן דער וויכטיקער זשורנאַליסט און פּועלי־ציוניסטישער עסקן אין פּאַריז און איינער פון די שיינע געשטאַלטן פון פראַנצויזישן יידנטום און רעדאַקטאָר פון אַ צאָל יידישע צייטונגען אין פּאַריז.

אוגער האָט אויך צוריק צוגענומען אין רעדאַקציע געצל אייזנערן, וואָס איז געוואָרן דער אָנפירער פון דער שטאָטישער כראָניק, און דעם פלינקן רעפּאָרטער שלמה פיינקינד (1891—1942), וואָס האָט דורך דער צייט וואָס די צייטונג איז געווען פּאַרמאַכט, געאַרבעט אין דער פוילישער און דייטשער פּרעסע אין לאָדזש.

וועגן שלמה פיינקינדן לוינט אַ ביסל מער צו דערציילן. ער איז געווען אַ זון פון דעם אַלטן יידיש־העברעישן שרייבער משה פיינקינד (1884—1935), וואָס איז געווען פון די נעסטאָרן פון דער יידיש־העברעישער פּעריאָדיק אין פוילן און וואָס האָט געמאַכט וויכטיקע פאָרשונגען פון לעבן פון די יידן אין פוילן. מחבר פון אַ צאָל ביכער. זיין לעצטע אַרבעט איז געדרוקט אין „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן" (1938). שלמה פיינקינד איז ביזן

חורבן געווען פון די פעיִקסטע יידישע רעפּאָרטערן אין פּוילן און דער עיקר פאַר דער וואַרשעווער "פאָלקסצייטונג". בעת די נאַציס זענען אַריין קיין וואַרשע האָבן זיי אים אַרומגעזוכט כדי צו אַרעסטירן, אָבער ער איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין וועלדער און מאַלינעס. אָבער צום סוף פאַרהאַלטן געוואָרן און דערשאָסן ביים אַנטלויפן פון דער געשטאַפּאָ. אַ טייל פון זיינע איטערעסאַנטע באַשרייבונגען א"נ "צווישן לעבן און טויט" איז געפונען געוואָרן צווישן די מאַטעריאַלן פון רינגעלבלום־אַרכיוו אין וואַרשע.

אין "טאָגעבלאַט" האָבן אויך מיטגעאַרבעט פישל לידאַר (1888—1938), וואָס האָט געשריבן אַרטיקלען; וו. ראָזענפעלד, דער שוואָגער פון לאַזאַר קאָהאַן, וואָס האָט באַאַרבעט די פּוילישע און דייטשע פּרעסע און י. מ. פליאַט. עס האָט אויך סטאַביל דאָרט געאַרבעט גרשון גראָסמאַן (1887—1934), וואָס האָט חוץ זשורנאַליסטיק אויך געדרוקט פעליעטאָנען א"פ "גרשון חכם". עס האָט אויך געדרוקט זיינע אַרטיקלען אויף ציוניסטישע טעמעס נתן נתניה מילייקאָווסקי (1879—1935), וואָס איז אין יענע יאָרן געווען דער מטיף אין דער שול "אוהל יעקב" און מיט זיינע דרשות מעורר געווען די יידישע יוגנט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל ער האָט אויך געשריבן אין די "ווייס־בלוי"־ביכער און פון צייט צו צייט אין "פאָלקסבלאַט". מחבר פון די ביכער: "הנביאים והעם", לאָדזש 1913 (דאָס זעלבע אין יידיש), "פאָלק און לאַנד", 1928. ער איז געשטאָרבן אין ירושלים.

אין יענער צייט האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן אין "לאָדזער טאָגעבלאַט" זיינע יידישע אַרטיקלען יצחק ריווקינד (1895—1968), וואָס האָט זיך געהאַט קונה־שם געווען מיט זיינע עטלעכע זאַכן, געדרוקט אין "הצפירה", אונטער סאַקאָלאָווס רעדאַקציע. יצחק ריווקינד האָט אָבער באַלד געמוזט אַוועק פון לאָדזש, צוליב זיינס אַ דרשה, וואָס ער האָט נאָכן לעמבערגער פּאָגראָם געהאַלטן אין דער אַלטשטאָטישער שול און די פּאָליציי האָט אים אַרומגעזוכט צו אַרעסטירן. ער איז דעריבער אין געהיים אַוועק פון לאָדזש און דורך דאַנציק געקומען קיין אַמעריקע. דערפון איז אָבער אַרויסגעקומען אַ גרויס געווינס פאַר דער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

שוין אין זיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, האָבן מיר וועגן אים באַ־

קומען די בעסטע גרוסן און מיט אים זיך געגרויסט, ווי מיט איינעם פון אונדזער יונגער לאָדזשער שרייבער־גרופּע. יצחק ריווקינד האָט אין אַמעריקע פֿאַרנומען לאַנגע יאָרן דעם פּאָסטן פון ביבליאָטעקאַר אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און דורך זיינע פֿאָרשונגען באַרייכערט דאָס פעלד פון יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור־פֿאָרשונג דורך די הונ־דערטער אַרבעטן, וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט סיי אין „ייוואָ־בלעטער", „פנקס פון אַמאָפּטייל", „אידישער קעמפּער", „צוקונפט" א"אַנד, און סיי אין „הדואר", „קרית ספר", א"אַנד. זיינע ביכער, אָנהייבנדיק מיט דער מאָנאָגראַפּיע וועגן „ר' מאיר שץ", ביז צו זיינע „אַזאַרט־שפּילן" און זיין גרויס און וויכטיק ווערק „אידיש געלט" ווייזן זיין טיפע, אינערלעכע באַציִונג צו אַ גאַנץ נייער חכמת ישראל־פֿאָרשונג, וואָס ער האָט אַריינגע־ברענגט זיינע סיי יידיש־נאַציאָנאַלע און סיי טיף־מענטשלעכע אייגנאַרטי־קייטן. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק און געקומען צו קבורה אין מדינת ישראל, פֿאַר וועלכער ער האָט פון זיינע ייִנגסטע יאָרן אין דער "צעירי־מזרחי"־באַוועגונג אין לאָדזש, ביז צו זיינע לעצטע טעג געהייליקט זיין לעבן... עס וואָלט געווען וויכטיק, ווען זיין גרויסע ביבליאָטעק פון יודאַיִקאַ וואָלט געפינען איר אָרט אין אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן פֿאָרשער צו באַנוצן זיך מיט דער זייער רייכער זאַמלונג.

עס האָט אויך אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" דעביוטירט מיט לידער און מעשהלעך דער זייער יונג־פֿאַרשטאָרבענער דיכטער יצחק פּליוואַצקי (1896—1918), וואָס איז אַן אומדירעקטער קרבן פון לעמבערגער פּאָגראָם. ער האָט אין זיינס אַ פּאָעמע „מכבי" שטאַרק אָנגעגריפֿן די נייע פּוילישע מושלים און איז דערפֿאַר אַרעסטירט געוואָרן. אין טורמע קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געשטאָרבן. זיין יונגער טויט האָט אַרויסגערופֿן גרויס טרויער ביי זיינע יונגע חברים־דיכטער, וואָס האָבן לזכרו געווידמעט לידער אין דער לאָדזשער פּרעסע (צוו"אַנד דאָס ליד „ווען עס שטאַרבט אין זיינע יונגע יאָרן אַ פּאָעט" פון משה בראָדערזאָן).

אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" האָט לאַנגע יאָרן געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן פון ווין און טיילן פון זיינע וויכטיקע אַרבעטן וועגן יידישער מוזיק און מוזיקערס דער אַלטער יידיש־העברעיִשער שרייבער יוחנן קיהן (געבוירן

אין לאָדזש אין יאָר 1870). ער איז דער מחבר פון אַ צאָל ביכער וועגן ייִדישער ליטורגיע. צוו״אַנד דאָס גרויסע ווערק „המוסיקה בכתבי הקודש, בתלמוד ובקבלה״. ער איז געווען פון ערשטן דור לאָדזשער משכילים און שרייבערס. זיין גורל — נאָך דעם ווי היטלערס אַרמייען האָבן אָקופּירט ווין — איז נישט באַקאַנט.

עס האָבן אויך מיטגעאַרבעט די ציוניסטן: ד״ר ל. פּראַשקער (געב. 1868); ד״ר ש. י. שווייג (1891—1968), דער גוטער חבר פון דער לאָדזשער פּ.צ.־פּאַרטיי און ראַטמאַן פון שטאָטראַט. ער איז חוץ מיט זיין שרייבן און מיט זיין ייִדישער אַקטיוויטעט, געווען באַקאַנט ווי איינער פון זי׳ בעסטע אויגן־דאָקטוירים און פלעגט זיך תמיד באַמיִען צו היילן אָן געלט אָרעמע אינטעליגענטע מענטשן. האָט זיך געראַטעוועט קיין ישראל, ווו געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך און שרייבעריש. מחבר פון ספרים. אין ישראל געענדערט זיין נאָמען אויף שתקאי און אונטער דעם נאָמען גע־דרוקט אין דער העברעיִשער פּרעסע און פּעריאָדיק; אַדוו. זרח שטראַוך (געב. 1905), וואָס איז געווען פון די אַקטיווסטע טוערס אין דער ציוניס־טישער באַוועגונג צווישןביידע וועלט־מלחמות אין לאָדזש. ראַטמאַן פון שטאָטראַט. איבערגעלעבט דעם חורבן אין רוסישער פאַרשיקונג און נאָכן צוריקקומען פון דאָרט, באַלד אַוועק. געווען טעטיק אין דער עסטרייכישער זאָנע פון דער שארית הפליטה און פון איר פּרעסע. ער האָט ביז דער מלחמה אויך געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט״ און אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי־פּרעסע אין ייִדיש און פויליש. ז. ש. איז דער פאָרזיצער פון „לאָדזשער פאַרבאַנד״ אין ישראל און אַ פּרעזידיום־מיטגליד פון דער וועלט־פעדעראַ־ציע פון פוילישע ייִדן. ער דרוקט אין דער „ציוניסטישער שטימע״ אין פּאַריז און אין די ישראלדיקע צייטונגען „הארץ״, „היום״.

אַן אַנדערער ציוניסטישער ראַטמאַן אין לאָדזשער שטאָט־ראַט איז געווען מאיר זיידע (געב. 1902), וואָס האָט דאָרט פאַרטראָטן די רעוויזיאָניס־טישע פּאַרטיי. ער איז חוץ דעם געווען זייער אַקטיוו אין ייִדיש־געזעל־שאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון אונדזער היים־שטאָט. ביזן חורבן געווען וויצע־פאָרזיצער פון דער „געזעלשאַפט פאַר לאַנדקענטעניש״ אין פוילן און פאָרזיצער פון איר לאָדזשער אָפּטייל. לויט זיין איניציאַטיוו און מיט זיינע

געלט־מיטלען איז דערשינען דער ערשטער באַנד פון ד״ר פיליפּ פרידמאַנס וויכטיקער פאָרשונג „די יידן אין לאָדזש״. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און זיך באַזעצט אין פּאַריז, דאָרט געשאַפן צום אָנדענק פון זיין משפּחה, יערלעכע פּרעמיעס פאַר יידישע קינסטלער, וואָס האָבן איבער־געלעבט דעם חורבן.

אַ ריי לערערס פון די פּויליש־העברעיִשע גימנאַזיעס פון ד״ר ברוידעס טיפּ, זענען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען פון גאַליציע קיין לאָדזש, ווי : ד״ר פיליפּ פרידמאַן (1901—1960), וואָס האָט אין לאָדזש אַנטוויקלט זיין גרויסע וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט סיי אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע און סיי אין „יונגער היסטאָריקער״, „ייוואָ־בלעטער״ און אין דער העברעיִשער פּעריאָדיק. רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן״. ער האָט אויך אין לאָדזש אָנגעשריבן זיין „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש״ (פּויליש) און טיילן פון זיין „געשיכטע פון יידן אין גאַליציע״, זיין „קורות היהודים בתקופה החדשה״. איבערגע־לעבט דעם חורבן און זינט 1944 אַנטוויקלט די וויכטיקע פאָרשונג־אַרבעט צו געשטאַלטן וויסנשאַפטלעך די שואה, גרינדער פון דער „יידישע היס־טאָרישע קאָמיסיע״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל וויכטיקע ווערק, וואָס ער האָט רעדאַגירט (אויך זיין „דער אומקום פון די לעמבערגער יידן״, לאָדזש 1945). פון 1944 ביז צו זיין פריִען טויט, אין גאַנצן זיך אָפּגעגעבן מיט דער חורבן־פאָרשונג און דערוועגן אָנגעשריבן אַ צאָל וויכטיקע ביכער אין פאַרשידענע שפּראַכן. ער איז אויך געווען דער איניציאַטאָר פון די וויכטיקע בענדער פון דער „חורבן־ביבליאָגראַפיע״ און פון די שטענדיקע מיטאַרבעטערס פון די ייוואָ־פּובליקאַציעס אין ניו־יאָרק און פון כמעט אַלע צייטשריפטן צו פאָרשן די שואה אין מדינת ישראל. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

ד״ר נתן עק (געב. 1896) האָט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָר געדרוקט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט״ און אין „פאָלק און לאַנד״. איבער־געלעבט דעם חורבן אין פאַרשידענע לאַגערן און אַרויס, געשטאַרקטער און שעפערישער. מחבר פון ווערק וועגן חורבן און איינער פון די עסקנים פון יד־ושם אין ישראל. ער דרוקט סיי אין עברית און סיי אין דער גאַנצער יידי־

שער פעריאָדיק אין דער וועלט, אויך אויף אַלגעמיינע און ליטעראַרישע טעמעס. אויך ד״ר ז. עלנבערג (געשט. 1966) ; ד״ר חיים אַרמיאַן (געב. 1901), וואָס האָט געשריבן איבער פסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען און איבער חינוך־פראַגן. ער האָט שפּעטער אויך געדרוקט אינטערעסאַנטע אַרבעטן אין „דאָס קינד״ און „ייוואָ־בלעטער״ אין ווילנע. זיך געראַטעוועט פון חורבן און לעבט אין מדינת ישראל, ווו ער איז טעטיק אין זיין געביט און אויך אין דער ישראל־פּרעיאָדיק ; ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער (געב. 1897), וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער „התאחדות״־פּאַרטיי און אַ ראַטמאַן פון שטאָטראַט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין יידישער דעמאָגראַפיע און פּראַגן פון יידישער וואַנדערונג. מחבר פון אַ גרויסע צאָל וויסנשאַפטלעכע ווערק סיי אין יידיש און סיי אין עברית. צווי״אַנד : „יידישע וואַנדערונגען״, „יידישע עמיגראַציע און מיגראַציע״, די בענדער „שבטי ישראל״. ער איז אויך געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון די „ייוואָ־בלעטער״. אין ישראל, — אַ פּראָפעסאָר אין ירושלימער אוניווערזיטעט און אַקטיוו אין די אויסגאַבעס פון דער „אנציקלו־פדיה של גלויות״, פּרעזידיום־מיטגליד פון יידישן וועלט־קאָנגרעס א״אַנד.

און אויך דער „געלער דריילינג״ : פּראָפ. בראָמבערג־ביטקאָווסקי (געב. 1877), וואָס האָט איבערגעזעצט שיר השירים אויף פּויליש ; אליהו נייגאָלד־בערג (1896—1939), ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט און קאַנדידאַט צום פּוילישן סיים פון דער התאחדות־פּאַרטיי. ער האָט אויך געדרוקט אין „היינט״ און רעדאַגירט „אונזער ציל״, 1924, און מיטרעדאַקטאָר פון די לאָדזשער צייטשריפטן „אונזער טריבונע״ און דער התאחדות־אויסגאַבע „פאָלק און לאַנד״, וואָס איז דערשינען אין לאָדזש אין די יאָרן 1931—1935. אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער, בעת די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט קיין לאָדזש, איז ער אַוועק אויפן וועג קיין וואַרשע און אומגעקומען פון אַ דייטשער באָמבע ; יוסף לעווי (1895—1944), וואָס איז שפּעטער געווען לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פון „היינט״ אויך אַ צייט דער רעדאַקטאָר פון „לאָדזער טאָגעבלאַט״ און פון „פאָלק און לאַנד״, סיי ווען זי איז דערשינען אין לעמבערג און סיי אין לאָדזש. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין „הצפירה״, „בדרך״ (אויך א״פ יוסף עברי, בן זאב). געווען אין לאָדזשער געטאָ און אין וואַרשע. אומגעקומען אין אוישוויץ.

אין יענער צייט דרוקט אין „טאָגעבלאַט״ זיינע רעצענזיעס פון יידישן און פוילישן טעאַטער ד״ר ווילהעלם פאַלעק (געב. 1897), רעדאַקטאָר פון דער פויליש־יידישער צייטונג אין לאָדזש. ער איז געווען דער ערשטער באַגייסטערער פון מ. בראָדערזאָנס „אַררט״ און אַ שטיצער פון דער יידישער קליינקונסט־בינע. זינט דער מלחמה, אין 1939, נישטאָ וועגן אים קיין שום ידיעות.

עס ווערט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער דער יידישער רעליגיעזער פילאָ־סאָף און דענקער, חיים יצחק בונין (1875—1942), וואָס האָט דאָרט געדרוקט זיין איבערזעצונג פון „משנה חבד״ און טיילן פון זיין בוך „די אַנטפּלעקונג פון גרויסן שאָטן״. ער איז דער מחבר פון די ביכער „לימודי היהדות״ „שאר ישוב״, „די דריטע עליה״, וואָס ער האָט געשריבן אין לאָדזש. אָנהייב 1939 אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע און געווען טעטיק אויפן געביט פון יידישן חינוך אין וואַרשעווער געטאָ. זומער 1942 אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע און אומגעבראַכט. זיינע צוויי זין, דער העברעישער משורר דוד (לעבט אין ישראל) און דער יידישער פובליציסט, מאַגיסטער ש. בונין, האָבן פון צייט צו צייט דאָרט אויך געדרוקט. מג״ר ש. בונין איז אומגעקומען אין אוישוויץ אין יאָר 1944.

עס האָבן אויך דאָרטן געדרוקט: מ. י. קריניצקי (1880—1944) איינער פון די מיטגרינדער פון לאָדזשער „הזמיר״, וואָס האָט א״פ „מקרי״ געדרוקט איבערזעצונגען פון מדרשים און אויך טעמעס פון יידישער געשיכטע — אומגעבראַכט אין אוישוויץ; נחמן סילאָנסקי (1896—1943), געדרוקט קליינע פעליעטאָנען און געפירט דעם אָפּטייל „פון דער האַנדלס־וועלט״. געשטאָרבן פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ; דוד וויינריב (1892—1944), וואָס האָט דאָרט געדרוקט רעפּאָרטאַזשן. ד. וו. איז געווען פון די ערשטע פועלי־ציון אין לאָדזש. אומגעקומען אין אוישוויץ.

דער אַרטיסט יוליוס אַדלער (1880—1967), דער באַליבטער אַקטיאָר פון לאָדזשער עולם, האָט געדרוקט חוץ זיינע זכרונות, אויך אַרטיקלען וועגן טעאַטער. עס האָבן פון צייט צו צייט געדרוקט זייערע חסידישע מעשיות — מאיר הערץ (1887—1944), יעקב אַבעזשאַנעק (1891 — 1943), וואָס האָט דאָרט אָנגעהויבן מיט הומאָריסטישע לידלעך און שפּעטער

געוואָרן אַן אָנערקענטער יידישער הומאָריסט, מיטאַרבעטער פון „לאָדזער פאָלקסבלאַט״, מחבר פון פיל נומערן פאַר דער „יידישער באַנדע״ און אַנדערע יידישע קליינקונסט־טעאַטערן. מחבר פון בוך „נאַדיר און ווייז נישט״, לאָדזש 1938, וואָס האָט אים געברענגט אָנערקענונג. געווען פון די ערשטע יידישע שרייבער, וואָס זענען איינגעזעצט געוואָרן אין לאַגער ראַדאָגאָשטש, ביי לאָדזש. אַנטלאָפן קיין וואַרשע. אומגעקומען בעתן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ.

יעקב קירשבוים (געב. 1885), האָט אין יאָר 1916 אָנגעהויבן מיטצו־אַרבעטן אין דער צייטונג. אָנגעהויבן מיט שטאָטישער כראָניק, אַריבער צו זשורנאַליזם. דערנאָך געלעבט אין בערלין און דאַנציק, ווו געווען אַ מיט־אַרבעטער פון „פרייהייט״ (רעדאַגירט פון חיים אַרלאָזאָראָוו און שמעון ראַבידאָוויטש) און פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״. רעדאַקטאָר פון „דאַנ־ציקער אינפאָרמאַטאָר״, 1938. אין אַמעריקע געוואָרן מיטאַרבעטער פון פאַרשידענע צייטשריפטן, מחבר פון „די געשיכטע פון די יידן אין דאַנציק״, „פליכטלינגע און העלדן״, „וואָס יידן האָבן געגעבן אַמעריקע״, „מירושלים עד ירושלים״. ער האָט אויך געדרוקט אַ צאָל וויכטיקע אַרבעטן, ווי: „די אַנטוויקלונג פון יידישן דרוק־וועזן אין אַמעריקע״, „די באַציִונג פון תנ״ך צו דעם אַרבעטס־פּראָבלעם ״און אַנד. לעבט אין תל־אביב.

עס האָבן דאָרט אויך געשריבן: א. י. בזשעזשינסקי (1893—1957) אויף אַקטועלער לאָדזשער טעמאַטיק. ביזן חורבן געווען איינער פון די גרויסע יידישע אינדוסטריעלער, כלל־טוער און מיטגליד פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. אויך אין דער יידישער אַגענץ. איבערגעלעבט דעם חורבן און זיך באַזעצט אין ישראל, ווו נאָר זיך אָפּגעגעבן מיט שרייבן. געדרוקט אין „לעצטע נייעס״, „הארץ״ א״אַנד, דער עיקר זיך פאַרנומען מיט זיין גרויסער מאָנאָגראַפיע וועגן יידן אין לאָדזש, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין עברית אין 5 בענדער; דער אַלטער יידיש־העברעיִשער א. באָרנשטיין, מחבר פון מעשיות און קליינע פעליעטאָנען א״פּ אבנר שטיין (האָט אויך דער ערשטער איבערגעזעצט אויף יידיש אייזשען סיוס „דער אייביקער ייד״, וואַרשע, 1880); און דער יונגער שרייבער מענדל קאָכאַנסקי, וואָס איז שפּעטער געווען אַ מיטאַרבעטער פון „דאָס וואָרט״, וואַרשע, און פון „אידי־

שער קעמפּער״, ניו־יאָרק. געראַטעוועט זיך פון חורבן, האָט ער אַ צייט געלעבט אין אַמעריקע. איצט אין ישראל, מיטאַרבעטער פון „דזש. פּאָסט״.

דעם וועכנטלעכן הומאָריסטישן אָפּטייל „דער לאַמטערן״ האָבן צוזאַמענגעשטעלט דער שוין דערמאָנטער גרשון חכם און שמעון שפּיגעל, וואָס האָט אויך געפירט די זייט „לאָדזשער כראָניק״. אין „לאַמטערן״ איז אויך געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פּנחס זאָנענבערג (1892—1942), וואָס איז געווען אַ צייטונגס־פאַרקויפער. ער האָט שפּעטער אויך געדרוקט פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס. זינט 1913 אַרויסגעגעבן אין לאָדזש הומאָריסטישע „יום־טוב בלעטער״, וואָס ער האָט אַליין אויסגעפילט. געווען אין לאָדזשער געטאָ און אַ צייט געאַרבעט ביי זאָקן־מאַכן, וואָס ער האָט געטאָן אין די יונגע יאָרן. אויסגעגאַנגען פון הונגער, זומער 1942.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

ביים סוף פון דער מלחמה און מיטן אָנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, זענען אויפן געביט פון דער יידישער פּרעסע אין לאָדזש פאָרגעקומען באַדייטנדיקע ענדערונגען.

דאָס „לאָדזער פאָלקסבלאַט" האָט איצט אָנגעהויבן צו דערשיינען א"נ „פאָלקסבלאַט". צו דער נייער רעדאַקציע האָבן געהערט אַלע אַלטע מיט־אַרבעטערס, חוץ י. מ. ניימאַן און צבי כהן, וואָס זענען אַריבער קיין וואַרשע אין „היינט".

אויף זייער אָרט האָט לאַזאַר קאַהאַן צוגענומען: לאַזאַר פוקס (1892—1935), וואָס האָט אויך געשריבן אונטער די נעמען: ה. בראַנט און ל. לעאָף און אויך געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער לינקער פּ.צ.־פּרעסע. אַ צייט געלעבט אין מאָסקווע, ווו געווען אַ לעקטאָר אין אַ יידישן אוניווערסיטעט, אָבער שנעל איינגעזען די קאָנסעקווענצן און צוריקגעקומען קיין לאָדזש. געווען דער קאַנדידאַט צום סיים פון די לינקע פּועלי־ציון. געשטאָרבן אין לאָדזש; ישראל ראָזענבערג (1895—1944), וואָס האָט געפירט די לאָדזשער כראָניק, טעגלעכן ראָמאַן און טעאַטער־רעצענזיעס, אויך אונטער די פּסיי־דאָנימען: י. דאַנקין, י. איזראַעלי א"אַנד. אומגעקומען אין דער חורבן־צייט; אברהם שלעזינגער (1874—1938), וואָס האָט געשריבן אויף טעמעס פון דער סדרה פון דער וואָך און קליינע פעליעטאָנען א"פ שר של אש. ער האָט אויך לאַנגע יאָרן געדרוקט אין דער העברעיִשער פּעריאָדיק. געשטאָרבן אין לאָדזש; יוסף שמעון גאָלדשטיין — דער לוסטיקער פּעסימיסט, וואָס האָט געפירט דעם אָפּטייל „דער שראַפּנעל"; חיים לייב פוקס, וואָס האָט דאָרט געדרוקט לידער און געשריבן אויף יידישע קולטור־טעמעס און אויך געפירט דעם וועכנטלעכן איבערזיכט פון ביכער א"נ „פון בוך צו בוך" און אויך וועגן מאָלעריי און קונסט. עס האָט אויך מיטגעאַרבעט בערעלע זינגער (1893—1965), דער שפּעטערדיקער מיטאַרבעטער פון וואַרשעווער „היינט", וואָס האָט פון וואַרשע צוגעשיקט זיינע וועכנטלעכע פּאָליטישע אַרטיקלען

א״פ „רעגניז״. ב. זינגער האָט אַדורכגעמאַכט אין די מלחמה־יאָרן אַ גרויסע אַנטוישונג, אַ פריינד פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע איז ער אין רוסלאַנד „אויסגעהיילט״ געוואָרן פון יעדן מין לינקיזם. אָבער ער איז אויך נישט מער צוריקגעקומען צו זיין פאָלקיזם, פאַר וועלכן ער האָט אין פוילן אַוועקגעגעבן אַ סך יאָרן. ב. ז. איז לאַנגע יאָרן געווען איינער פון די עסקנים פון דער „פאָלקס־פאַרטיי״ און איינער פון אירע מיטגרינדער און אַ מיטגליד פון איר צענטראַל־קאָמיטעט. ער איז אַ צייט געווען אירס אַ ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָטראַט און אַ מיטרעדאַקטאָר פון אירע אויסגאַבעס: „דאָס פאָלק״, „דער יידישער האַנטווערקער״ א״אַנד אין פוילן. אין די ערשטע טעג מלחמה אַוועק אין די סאָוויעטיש־באַזעצטע געביטן. אָבער דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט אין אַ לאַגער. נאָך דער מלחמה זיך באַזעצט אין לאָנדאָן און געוואָרן אַ מקורב צו דער אָנפירונג פון דער פוילישער „גלות־רעגירונג״. אָבער אויך דאָרט זיך געפילט איבער־ריק און איינזאַם, כאָטש מען האָט געדרוקט זיינע אַרטיקלען סיי אין דער פוילישער פרעסע און אין „קולטורא״. זיין פויליש בוך איבער די יידישע „נאַלעווקעס״ האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע קריטיק אין דער יידישער פרעסע, וואָס האָט אים פאַרגעוואָרפן נישט אָביעקטיוויטעט און אַפילו חוזק פון זיינע יידישע מיטבירגערס, די יידישע פאָלקסמאַסן, וועמענס פאַרשטייער ער איז לאַנגע יאָרן געווען אין וואַרשע. געשטאָרבן איינזאַם און כמעט פאַרגעסן פון זיינע יידישע פען־מענטשן, אין לאָנדאָן.

אויך אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״ זענען פאַרגעקומען ענדערונגען. י. מ. פליאַט און יצחק הערש ראַדאָשיצקי זענען געפאָרן קיין אַמעריקע. יעקב אַבאַזשאַנעק איז אַריבער אין „פאָלקסבלאַט״, גרשון חכם איז געפאָרן קיין לייפציק און דאָרט זיך פאַרנומען מיט מסחר אויפן גרויסן מאָסשטאָב און איז זייער רייך געוואָרן. אוגער האָט אָבער געוואָלט מיט אַלע זיינע כוחות צוריק דעראָבערן די פאַרלוירענע פאָזיציע, וואָס די מלחמה האָט ביי אים צוגענומען. ער באַמיט זיך צו פאַרברייטערן די באַזע פון דער צייטונג, וואָס זאָל נישט מער זיין ענג־ציוניסטיש, נאָר פּראָסט פאָלקסטימלעך, מיט אַ נייגונג צו דער פשוטער יידישער גאַס, וואָס האָט גאָר געשמאַק געלייענט דאָס „פאָלקסבלאַט״. אוגער ציט צו, באַלד נאָך זיין צוריקקומען פון רוס־

לאַנד קיין לאָדזש, דעם לאָדזשער צעירי־ציון־עסקן און אַדוואָקאַט אברהם לעווינזאָן (1891—1955), דעם שפּעטערדיקן מיטרעדאַקטאָר פון דער „גאָל־דענער קייט" אין ישראל און פראַכטפולן איבערזעצער פון פּושקינען אויף יידיש. א. לעווינזאָן האָט אין „ל. טאַגעבלאַט" אָנגעהויבן מיט הומאָריסטישע שירים און שפּעטער מיט קליינע פעליעטאָנען און צום לעצט, ווען ער איז שוין געווען אַ סיים־דעפּוטאַט פון דער ליסטע פון מינדערהייטס־בלאָק און אַפילו וויצע־פּרעזידענט פון בריסק ליטאָווסק, געשריבן סיי אין „ל. ט." און סיי אין דער פּועלי־ציון־פּרעסע, וועגן יידישער פּאָליטיק אין פּוילן. ער איז דער מחבר פון אַ צאָל ביכער אין יידיש, פּויליש און עברית. איבער־זעצער פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין" און לערמאָנטאָווס „מצירי" אויף יידיש און אַ בוך פון משה נאַדיר אויף עברית. ער האָט אויך איבערגעזעצט אָגניעווס „קאָסטיאַ ראַבצעוו" און שענקעוויטשס „דער מבול", ער איז דער מחבר פון אַ צאָל וויכטיקע ווערק צוו"אַנד „בראשית התנועה" און „תולדות יהודי ווארשה", וואָס זיינען אַ וויכטיקער צושטייער צו דער גע־שיכטע פון יידן אין פּוילן. נאָך זיין טויט איז אין ישראל דערשינען „כל כתבי" און „ספר המחזות", געשטאָרבן אין תל־אביב. אויף זיין נאָמען זענען אין מדינת ישראל אָנגערופן געוואָרן אַ צאָל וויכטיקע מוסדות, וואָס פאַראייביקן זיין זכרון לדורות. דער עיקר שטריך פון זיין לעבן און שאַפן איז, וואָס ער איז געבליבן געטריי זיין אָנהייב אין לאָדזש.

„גראַף קאַלי", דער פּסעוודאָנים פון לייב בערמאַן (1887—1944), וואָס האָט חוץ ערנסטע, לירישע לידער, אויך געדרוקט הומאָריסטישע לידער, הומאָרעסקעס און קליינע דערציילונגען. לייב בערמאַן, וואָס האָט זיך דער־נערט פון געבן לעקציעס אין קאַליגראַפיע, האָט געהאַט אַ זייער שווער לעבן. תמיד אַן אָרעמאַן, האָט ער זיך מפרנס געווען פון אַרויסגעבן אויף יעדן יום־טוב אַ הומאָריסטיש בלעטל מיט לידלעך געווידמעט די יעניקע, וואָס האָבן זיך באַשטייערט אָדער געגעבן אַנאָנסן. אָבער חוץ אַלע צרות האָט ער אין זיינע ערנסטע און אַפילו אין די הומאָריסטישע לידער זיינע געהאַט אַן אייגענעם טאָן און דער עיקר פּאָעטישע אימפּולסן, וואָס האָבן צוגעגעבן די לידער עפּעס אייגנאַרטיקס. ער האָט אויך געדרוקט אין „היינט" און אין כמעט אַלע וויצן־בלעטער אין וואַרשע. אין בוכפאָרם

„געלעכטער דורך טרערן״, 1920, געזאַמלטע לידער, 1935. אין לאָדזשער געטאָ געליטן שרעקלעכן הונגער און געווען געשוואָלן. דאָס האָט אים געצווונגען צו דרוקן אייניקע לידער אין רומקאָווסקיס „ליצמאַנשטאַטער געטאָ־צייטונג״, וואָס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן צו בלייבן לעבן. אומ־געקומען אין אוישוויץ.

אוגער האָט אויך צוגעצויגן צו דער צייטונג יונגע נייע כוחות: יעקב בער גיפּס (1884—1942), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון שטעטל בזשעזשין, און האָט אַ צייט געאַרבעט ווי אַ לערער אין דער באַראַכאָוו־שול; ישראל רובין (ראַבאָן) וואָס האָט דאָרט געדרוקט זיינע סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען אונטער פאַרשידענע נעמען און יוסף אָקרוטני, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון דער שולבאַנק און געשריבן זיינע ערשטע זאַכן (מער וועגן די דריי — ווייטער).

עס איז אויך געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער צייטונג אַלטער אייזענשלאָס (1879—1925), וואָס האָט שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַ שרייבער פון חסידישע מעשיות אין דער יידישער פּרעסע אין גאַליציע, און האָט זיך אין אַ צייט אַרום אין גאַנצן באַזעצט אין לאָדזש. אין „טאַגע־בלאַט״ האָט ער חוץ חסידישע מעשיות אויך געדרוקט פאָלקס־לעגענדעס און דערציילונגען. אין לאָדזש איז אייזנשלאָס געוואָרן זייער שעפעריש און האָט אָנגעשריבן די דראַמען „כסא הרבנות״, „אין מהרל״ס צייטן״, „דער פעלדשער־יונג״ א״אַנד, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן אין די יידישע טעאַטערן אין וואַרשע און אַנדערע ערטער. געשטאָרבן אין לאָדזש. זיין טאָכטער לאָטע דרוקט פון צייט צו צייט אין דער אַרגענטינער יידישער פּרעסע אַרטיקלען און זכרונות וועגן לאָדזשער שרייבערס.

איןביידע צייטונגען האָבן אויך כמעט יעדן פרייטיק געדרוקט לידער סיי יצחק קאַצענעלסאָן און סיי משה בראָדערזאָן, און אויך אַנדערע דיכטער, וואָס זענען נישט געווען קיין סטאַבילע מיטאַרבעטערס, נאָר געדרוקט פון צייט צו צייט.

## יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישע שטוב

אַ גרויס אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון דער לאָדזשער שרייבער־ און קינסטלער־גרופּע האָט פאַרנומען יצחק קאַצענעלסאָנס שטוב, וואָס איז געווען אַ מין גייסטיקער אוניווערסיטעט פאַר די לאָדזשער יידישע קינסטלערס.

יצחק קאַצענעלסאָנס שטוב קען מען טאָקע נאָר פאַרגלייכן מיט דער שטוב פון י. ל. פּרץ אין וואַרשע, ווייל פּונקט ווי פון פּרצס שטוב זענען אַרויסגעקומען די אַלע טאַלאַנטן, וואָס זענען צו אים געקומען, ווי צו אַ רבין, אַזוי זענען די פאַרשידענע יונגע מענטשן געקומען צו יצחקן אויסצוגיסן זייערע בענקשאַפטן, סיי אין לידער, סיי אין בילדער און סיי אין מוזיק.

עס איז נישט געווען בנמצא קיין איין אמתער טאַלאַנט, וואָס האָט נישט אין יצחקס שטוב געפונען קיין פאַר וואַרעמע אויגן, קיין היימישן שמייכל, וואָס האָט אים געגעבן פליגל צו זיין שאַפן.

כמעט אַלע שפּעטערדיקע לאָדזשער שרייבערס האָבן זייער ערשטע „סמיכה" באַקומען ביי יצחקן אין שטוב.

שוין אָפּגערעדט פון די שטענדיקע „תושבים", ווי הערשעלע, יואל מאַסטבוים און דוב־בעריש אויערבאַך (1888—1941), אַ קליינער, אַ דאַרער יונגערמאַן, געקומען מלחמה־צייט פון וואַרשע, געשריבן העברעיִשע לידער, עסייען און מעשהלעך און אויך פעליעטאָנען אין יידיש, וואָס געדרוקט נאָך אין „אונזער לעבן" און אין „לאָדזער טאָגעבלאַט". אין יאָר 1909 האָט ער אַרויסגעגעבן אין לאָדזש אַ סעריע „חתן־כלה־בריוו" א"פּ „אַברך" און עטלעכע ביכער דערציילונגען א"נ „מעשהלעך פון אַמאָל", וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אינטימען טאָן און שטימונג. נאָך דער מלחמה צוריק געפאָרן קיין וואַרשע און פון צייט צו צייט עפּעס געדרוקט אין יידיש און מער אין העברעיִש אין „הצפירה", „בדרך" א"אַנד ליטעראַרישע זאַמלונ־

געןָ. געווען אין וואַרשעווער געטאָ ווו ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. די אַלע און נאָך אַ גאַנצע ריי שרייבער פון דער פּראָווינץ האָבן געהאַט זייער „היים" אין יצחקס שטובן. יצחקס טייערע מאַמע, די „אם כל חי", ווי מיר האָבן זי גערופן, האָט פאַר זיי געזאָרגט ווי פאַר אירע אייגענע קינדער.

יצחקס מוטער האָט מער ווי איין מאָל אין יענע הונגעריקע טעג, אונטער דער גרויזאַמער דייטשער אָקופּאַציע, ווען מען האָט אַפילו פאַר געלט נישט געקענט קריגן קיין פּראָדוקטן, אַראָפּגענומען „חלה" פון דעם עסן פון די שטוביקע און פּשוט עס אַוועקגעגעבן יצחקס געסט, די קינסטלערס, וואָס האָבן אונטערגעהונגערט, און זענען אַרויפגעקומען אין יצחקס שטוב צו דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ כזית...

פון אַלע שיכטן און קרייזן זענען זיי געקומען און זיך געפילט היימיש אין יצחק קאַצענעלסאָנס געצעלט. עס זענען געקומען חסידישע יונגעלייט־לעך, וואָס זענען ערשט אַוועק פון דער בית־מדרש־באַנק. זיי האָבן זייערע שאַפונגען, אויסגעציטערטע אין די נעכט פון אַ גוט־אויג, באַהאַלטן אונטערן האַרץ־דעק, ממש אויפן דנאָ פון זייער גאַנצן איך. זיי האָבן זיך ווי צו אַן עבודה, אַריינגעגנבעט אין יצחקס שטוב. זייער הולך איז געווען לאַנגע שוואַרצע יוביצלעך און רונדע יידישע טוכענע היטעלעך מיט אונטערגע־שאָרצטע פּאות אונטער די אויערן, נאָר די אויגן — צעגליטע האָבן גע־שפּריצט מיט פייער, מיט אַן אומגעשטילטער תשוקה צו אַ נייער וועלט. זיי האָבן זיך באַלד, נאָך דעם ערשטן ווערטער־אויסטויש, געפילט היימיש פון דער וואַרעמקייט און מיט אַלעמען געוואָרן אויף „דו".

פון אָט די יונגעלייטלעך זענען שפּעטער אַרויס פיל אָנגעזעענע גע־לערנטע און רבנים, ווי דער יונג־פאַרשטאָרבענער „שטיבל"־חבר מיינער, אהרן־זאב אשכלי (1901—1948), וואָס האָט נאָך דעמאָלט געהייסן אהרן וואָלף ווײנטרויב. ער האָט געלערנט אין גרויסן אַלעקסאַנדערער שטיבל און אין מסתרים געשריבן דווקא יידישע לידער און גאָוועלן. ער האָט אין אַ צייט אַרום — פון דער ישיבה פון ר' חיים העלער (אגב אַ לאָדזשער איידעם, ר' סענדער דישקינס, און אַ פּעטער פון ר' יצחק ריווקינד) אין בערלין — געשיקט זיינע שריפטן, נאָוועלן און רעפּאָרטאַזשן פון בערלינער יידישן לעבן — צו דרוקן דווקא אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" און אין די

אויסגאַבעס פון די יונגע, אונטערן נאָמען א. ז. ווינאָגראַדאָוו. אויך שפּעטער, ווען ער האָט שוין געקריגן זיין פּראָפעסאָר־טיטל פון דער פּאַריזער סאָר־באָנע פאַר זיין פראַנצויזיש בוך וועגן בעש״ט, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין העברעיִש און געפאָרן קיין ארץ־ישראל. אין פּאַריז האָט ער נאָך אַלץ געדרוקט אין יידיש זיינע נאָוועלן און דערציילונגען א״פ ווינאָגראַדאָוו. א. ז. אשכלי איז לאַנגע יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער פון „דבר״, דער עיקר אָבער האָט ער זיך פּאַראייביקט דורך זיינע ווערק, וואָס ער האָט געשריבן מיטן לאָדזשער חסידישן ברען. עס וואָלט פארנומען צופיל אָרט, אויסצורע־כענען אַלע ספרים זיינע. איך וועל נאָר דערמאָנען די וויכטיקסטע, ווי: „גזע האדם״, „החסידות בפולין״, „יהודי חבש״, „תנועת טוביאנסקי״, „ספר ה־פלשים״, „קהילת לודז״, „התנועות המשיחיות בישראל״, „סיפור דוד הראובני״. זיינע צוויי בענדער וועגן דער עטנאָלאָגיע פון ישראל ווערן געלערנט אין די מיטלשולן. איבערגעזעצט פון דער אַלטער ליטעראַטור (לאַאָ טצע). זיין בוך „בעש״ט״, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָ־ראַט פון דער סאָרבאָנע, האָט ער אַליין געשריבן אין פראַנצויזיש. אָבער זיינע יידישע דערציילונגען און עסייען זענען ליידער עד היום נישט דער־שינען, נישט אין יידישן אָריגינאַל און נישט אין קיין שום שפּראַך. אַ שאָד. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע און פון „וועד הלשון״, מיט־געאַרבעט און רעדאַגירט אַ גרויסע צאָל ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן. אין די יאָרן פון דער מלחמה געווען אַ ראַבינער אין דער ענגלישער אַרמיי אין אייראָפּע און מיטגעהאָלפן אין דער „הפעלה״ פון דער שאַרית הפליטה אין איטאַליע. געשטאָרבן אין ירושלים.

דער אומגעקומענער אין חורבן לאָדזש, דער מתמיד, הרב שמחה טרייסטמאַן (1902—1944), וואָס האָט געקענט כמעט די גאַנצע אַלטע העב־רעיִשע שירה בעל־פּה און אויך די גאַנצע נייע העברעיִשע און יידישע ליטעראַטור. דער בקי, צו וועמען מען איז געקומען, ווען מען האָט געדאַרפט געפינען אַ פאַרבאָרגענעם מאַמר חז״ל אָדער אַ פּסוק. עס זענען צו יצחקן אַרויפגעקומען סיי דער אין לאָדזש באַקאַנטער מאַטעמאַטיקער און קאַנטיאַ־נער אברהמל קאָן, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען נאָך אַ שטיבל־זיצער, און סיי דער שפּעטער אין פראַנקרייך באַקאַנטער תלמיד־חכם, דער תלמיד

מובהק פון ר׳ חיים העלער און אַ צייט דער פּריוואַט־סעקרעטאַר פון הערין — אברהמל באַטשינסקי (1902—1944), וואָס האָט זיך אין יענע יאָרן אַרויסגעוויזן ווי אַ ווונדער־יונגלינג און עלוי.

עס האָט אויך אָנגעהויבן אַרויפצוקומען צו יצחקן — לייזער דאַמאַנקע־וויטש (געב. 1897), וואָס האָט אין יענע יאָרן שוין געשמט ווי אַ בעל תנ״ך און האָט בצנעה געשריבן העברעיִשע שירים און איבערגעזעצט לידער פון יידיש אויף עברית. לייזער דאַמאַנקעוויטש האָט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין פּאַריז און געווען אַ לערער פון העברעיִש, אָבער דרוקן האָט ער ערשט אָנגעהויבן אין יאָר 1945, ווען ער איז געוואָרן רע־דאַקטאָר פון „אַרבעטער וואָרט״, דאָס וואָכנבלאַט פון די לינקע פּועלי־ציון אין פּאַריז, ווו ער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַן אייגענעם סטיל הן אין זיין פּובליציסטיק און הן אין זיינע עסייען און קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און ביכער און וועגן קונסט בכלל. פון 1948 איז ער מיטרעדאַקטאָר פון „אונזער וואָרט״, ווו ער שרייבט וועגן יידישער ליטעראַטור און וועגן שרייבער און ווערק. ער איז דער מחבר פון צוויי ביכער, וואָס באַהאַנדלען אין אַן אייגנאַרטיק ליכט סיי יידישע פּראָבלעמען און סיי ליטעראַטור און פילאָזאָפיע, געזען פון קוקווינקל פון „אַקטועלן און אייביקן״, ווי עס רופט זיך זיין ערשט בוך. אויך זיין צווייט בוך „ווערטער און ווערטן״, וואָס באַ־האַנדלט פּראָבלעמען פון יידישן און וועלטלעכן דויער אין דער פילאָסאָפיע און ליטעראַטור, איז געשריבן מיט אַ טיפער ערודיציע און ווייזט זיין באַהאַוונטקייט אין די אַלע פראַגן, וואָס ער באַרירט מיט אַן אינטימער אינ־טויציע און מאַכט אים פאַר אַ תלמיד פון די גרויסע דענקער בערגסאָן און היפּאָליט טען, פון וועלכע ער איז באַאיינפלוסט אָבער נישט דאָמינירט פון זיי, נאָר גייט זיין אייגענעם דרך. ער איז אַ מיטרעדאַקטאָר פון „פּאַריזער אַלמאַנאַך״, וואָס האָט צוגעגעבן אָנזען די יידישע שרייבער־גרופּע אין פּאַריז אויפן אַליידישן שרייבערישן פאָרום.

עס האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו יצחקן — יעקב וויינזאַפט (געב. 1899), וואָס האָט נאָך דעמאָלט געשמאַק געלערנט סיי אין אַלעקסאַנדערער שטיבל און סיי ביי זיין פאָטער, דער לאָדזשער מורה הוראה ר׳ פּנחסל און געשמט פאַר אַן עילוי. אין יענע יאָרן האָט ער געשריבן פאַר זיך. נאָר ערשט

אין 1925 אָפּגעדרוקט זיין ערשטן מאמר וועגן נביא עמוס אין בערלינער „העולם". ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען סעקרעטאַר פון הרב שמחה טרייסטמאַן און זיכער פון אים באַאיינפלוסט געוואָרן. די יאָרן פון דער מלחמה געווען אין רוסלאַנד, ווו ער האָט געליטן נויט. ערשט אין יאָר 1945, בעת עס האָט זיך געגרינדעט די יידישע אָפּטיילונג פון „פאַרבאַנד פון פוילישע פּאַטריאָטן", געוואָרן טעטיק אַלס רב. נאָך דער מלחמה בלויז אַ קורצע צייט געלעבט אין לאָדזש, פון וואַנען ער איז, נאָך אַ קורצן באַזוך אין דייטשלאַנד, עולה געווען קיין ישראל. דערנאָך געקומען קיין פּאַריז, ווו ער לעבט עד היום. אין דייטשלאַנד און אין פוילן אָנגעהויבן דרוקן אויף יידיש. זינט דעמאָלט דרוקט ער אַרטיקלען וועגן דער אַלטער תלמוד־וויסנשאַפט אין „אונזער וואָרט". דאָרט געדרוקט אַ גרויסן טייל פון זיין בוך „דער תלמוד און זיינע פּערזענלעכקייטן", וואָס האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג. ער איז אַ לעקטאָר איבער תלמודישער וויסנשאַפט אין פאָלקס־אוניווערסיטעט ביי דער פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן אין פּאַריז.

עס זענען אויך צו יצחקן געקומען און זיך געהאַלטן גרויס, די שיינע יונגעלייטלעך פון דער „חובבי שפת עבר", וואָס האָבן אַ ביסל אונטערגעזינדיקט מיט מליצהדיקע ציון־לידער פון באַקאַנטן אָך־קוצץ־סטיל. און עס זענען געקומען און געווען אָנגעלייגטע געסט און גוטע חברים יצחקס, אינטימע חברים, — פאַרברענטע בונדיסטן־יידישיסטן, וואָס האָבן אָבער אין יצחקס אויפריכטיקער, אָפּן קינסטלערישער באַציִונג, געהאַט די גאַראַנטיע, אַז יצחק, אויב ער וועט איינזען, אַז זיי האָבן טאַלאַנט און וואָס צו זאָגן, וועט ער זיי מקרב זיין, ווי ער האָט עס תמיד געטאָן...

ביי יצחקן אין שטוב איז צוזאַמען מיט דער גאַנצער ליטעראַרישער חברותא, אויך געווען ווי אַן אייגענער, דער לערער פון די יידיש־פוילישע פּרויען־גימנאַזיעס, ישראל ליכטענשטיין.

ישראל ליכטענשטיין, דער ערשטער בונדישער ראַטמאַן פון דער לאָדזשער יידישער אָרעמקייט, איז געווען אַ לערער פון יידישער ליטעראַטור און יידישער געשיכטע. ער איז אָבער אין גאַנצן מהות זיינעם געווען אַ שרייבער. אַ פאַרליבטער אין דער נייער יידישער ליטעראַטור, האָט ער זי געדינט מיט דער ליבשאַפט, ווי אַ פרומער ייד דינט צו גאָט. ער פלעגט

יעדן טאָג באַלד אין דער פרי, דאַווענען אַ קאַפּיטל יידישע דיכטונג. און זיינע פרייע מינוטן זענען געווען געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער פלעגט רעפערירן אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. פון זיין אָרעמער לערער־פּענסיע פלעגט ער מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעבן אויף נייע ביכער. ער איז געווען אַ כסדרדיקער אָפּנעמער פון יעדן נייעם העברעישן בוך אָדער ספר, וואָס ער האָט פאַרגלייכט מיט דער נייער יידישער ליטע־ראַטור. ער איז אויך געווען אַ געטרייער פריינד פון העברעישן שרייבער און געקענט כמעט אַלע, וואָס זיי האָבן געדרוקט.

ליכטענשטיין איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן צוגעגעבן מוט דער יונגער גרופּע דיכטערס, וואָס זענען אין זייער מערהייט געקומען פון די בונדישע און פּועלי־ציון־קרייזן און לאָדזשער אָרעמקייט.

ער איז תמיד געווען זייער פּאַרטיידיקער און פּראָטעקטאָר און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זייער שאַפן. ער פלעגט אויך זען, אַז די שרייבערס וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַשעפטיקונג, זאָלן באַקומען אין די בונדישע אינסטיטוציעס צו פאַרדינען, אָדער „אויף באָרג" עסן אין די קיכן פון דער „האַרפּע" אָדער אין „אַרבעטער־ווינקל". י. ליכטענשטיין האָט געהאַט אַ זייער גרויסע ווירקונג אויף יצחק קאַצענעלסאָנען, סיי צוליב זיין עטיש־ריינער און גייסטיקער פּערזענלעכקייט און סיי צוליב ליכטענשטיינס קענען די העברעישע ליטעראַטור, וואָס איז ביי יצחקן געווען אַ גרויסע מעלה. דערצו נאָך איז ליכטענשטיין ביי אים געווען די פאַרקערפּערונג פון יידישיזם, וואָס אויב ער איז אַזעלכער, ווי ביי ליכטענשטיינען, גאָר נישט קעגן העברעיש — און מען קען מיט אַזעלכע יידישיסטן אַרבעטן צוזאַמען. אונטער ליכטענשטיינס השפּעה איז יצחק געוואָרן אַ גאָר נאָענטער פריינד פון דער מעדעם־שול אין לאָדזש און ער פלעגט תמיד, ביי יעדן שול־יום־טוב, העלפן סיי אין דער רעזשי און סיי מיט טעקסטן און אויך קומען פון צייט צו צייט און פאָרלייענען זיינע קינדער־לידער פאַר די שילער פון דער שול און זיך פרייען, אויב עמעצער פון די שילערס האָט אויך געשריבן אַ ליד אָדער אַן אַנדערע זאַך. פון יענעם פּעריאָד שטאַמען כמעט אַלע יצחקס יידישע קינדער־לידער זיינע.

אין יענער צייט האָבן כמעט אַלע שילער פון די העכערע קלאַסן,

פון די יידיש־פוילישע און העברעיִש־פוילישע שולן אין לאָדזש „געשרי־בן״ און האָבן פאַרפולט יצחקס שטובן און געוואָרט אויף „סמיכה״.

עס איז בכלל אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל, וואָס דווקא תלמידים פון העברעיִש־פוילישע גימנאַזיעס, פון ד״ר ברוידעס טיפּ, וואָס זענען אין תוך געווען אַסימילאַטאָריש, האָבן דווקא געשריבן אין יידיש און אין יידיש האָבן זיי געזוכט אויסצודריקן זייערע חלומות און בענקשאַפטן.

פון אָט די בחורים זענען שפּעטער אַרויסגעקומען אָנגעזעענע יידישע און העברעיִשע שרייבערס און כלל־טוערס.

איך וועל דעריבער אָנרופן בלויז עטלעכע פון זיי, וואָס לויט מיין מיי־נונג, האָבן זיי באַרייכערט דאָס פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרע־סע און אַפילו געשאַפן געשיכטע אין דער יידישער ליטעראַטור־ און קולטור־וועלט. זיי זענען געוואָרן וואָרטזאָגערס אין דער יידישער דיאַספּאָראַ, און האָבן משפּיע געווען אויף זייערע יידישע מיטבירגערס.

דאָס זענען: פּנחס גאָלדהאַר (1947—1901), אהרן אַלפּערן (געב. 1901), אלי באַרוכין (1942—1901), מישאַ העלמאַן (געב. 1900), זלמן הירשפעלד (געב. 1902), משה נעלקען (1944—1901), שמחה ווײנשטאָק (1942—1898), וואָס האָבן געשאַפן אין יידיש, און מלכיאל לוסטערניק (1942—1911). יחיאל ראָזענצווייג (געב. 1900), און פּנחס חורגעל (געב. 1900), וואָס האָט אין יענער צייט געשריבן שירים, אָבער האָט זיך שפּעטער אין גאַנצן געווידמעט דעם נייעם העברעיִשן טעאַטער, און איז געווען פון די מיטגרינדער פון דער ארץ־ישראלדיקער קליינקונסט־בינע און האָט דערגרייכט זיין רום ווי אַן אייגנאַרטיקער געשטאַלטיקער דורך זיינע טיפּן, וואָס ער ברענגט אַרויס אין „קומדי״־טעאַטער אין תל־אביב. איך וועל וועגן זיי דערציילן באַריכות שפּעטער.

ביי יצחקן אין שטוב האָבן אויסגעלאָדן זייער „רעוואָלוציאָנערישקייט״ די יונגע דיכטערס חיים קרול, דוד זיטמאַן, ישראל ראַבאָן (וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אונטערן נאָמען רובין), ישעיה שפּיגעל, שלמה בער־לינסקי, יצחק בערלינער, יצחק יאַנאַסאָוויטש, יוסף אָקרוטני (וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן דרוקן אונטער י. טורקאָ), ריקודה פּאָטאַש, (וואָס איז דעמאָלט געווען די פרוי פון חיים לייב פוקס און זיך אונטערגעשריבן:

ריקודה פּאָטאַש־פּוקס), לייזער דאָמאַנקעוויטש( וואָס האָט דעמאָלט געשריבן העברעיִש און איבערגעזעצט פון דער יונגער יידישער דיכטונג), יעקב וויינזאַפּט (דער איצטיקער דוד מלכי, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ בית־מדרש־בחור און אַ ביסל „אונטערגעזינדיקט" מיט שירים), און דער שרייבער פון די שורות.

אין יצחקס שטוב האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט באַגייסטערונג די שוין אָנערקענטע, עלטערע שרייבערס: צבי כהן, י. ה. ראַדאָשיצקי, פישל בימקאָ, ז. סעגאַלאָוויטש, משה בראָדערזאָן, י. מ. ניימאַן, יואל מאַסטבוים און ב. עפּלבוים. אויך דער פאָלקסדיכטער הערשעלע, וואָס איז געווען עלטער פון יצחקן, איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון פאַרשידענע פאָלקס־מאָטיוון, וואָס יצחק האָט זיי איבערגעגעבן הערשעלען צו באַאַרבעטן.

פון יצחקן האָט אַ סך געלערנט הערש לייב זשיטניצקי, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן, און אויך די דיכטערין מרים אולינאָווער אין די ערשטע צייטן, ווען זי האָט זיך באַזעצט אין לאָדזש.

יצחק האָט באַזונדער ליב געהאַט י. מ. ניימאַנען, וואָס הגם ער האָט שוין פריִער זיך אַליין דערוואָרבן אָנערקענונג, איז ער דאָך מיט יעדן נייעם ליד, מיט יעדן פרישן עסיי, געקומען צו יצחקן און געוואַרט אויף זיין הסכמה. ניימאַן האָט אויך געקענט אימפּאָנירן מיט זיין טרעפלעכן, אימפּראָוויזירטן הומאָריסטישן עפּיגראַם און ליד און מיט זיינע געשליפענע וויצן אויף די „יעקעס", וועלכע ער האָט נישט געקענט דרוקן אין זיין „שראַפּנעל" אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט".

ביי יצחקן האָט באַקומען „סמיכה" אַזאַ באַגאַבטער מאָלער, ווי חנוך באַרטשינסקי (1904—1942), וואָס איז צו יצחקן געקומען פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, ווען ער איז נאָך געווען כמעט אַ יינגל. בכלל איז באַרטשינסקי דורך יצחקן געקומען צו זיין מאָלן און יצחק איז צו אים געווען ווי אַן אמתער טאַטע. כמעט אַלץ, וואָס באַרטשינסקי האָט אין יענער צייט געמאָלן האָט יצחק צוגעכאַפּט און נישט געלאָזט פאַרקויפן, נאָר צעהאָנגען אין אַלע שטובן און אַפילו אין „גן ילדים". יצחק האָט אים געהאָלפן פאָרן קיין בערלין און פאַריז צו פאַרפולקאָמען זיין שטודיע. פון יצחקס שטוב אַרויס האָבן זיך צום ערשטן מאָל געהערט די האַרציקע מעלאָדיעס צו יידישע און

העברעיִשע לידער פון דעם קאָמפּאָזיטאָר ישראל גלאַטשטיין (1893—1944), וואָס האָט אָנגעהויבן ווי אַ כאָריסט אין „גרויסן יידישן טעאַטער" און דערנאָך געוואָרן איינער פון די בעסטע קאָמפּאָנענטן פון יידישן ליד און מוזיק־קריטיקערס, וואָס האָבן געדרוקט אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן. מחבר פון די ביכער „געזאַנגען און שפּיל", „די פּרייע מוזע" און מוזיק צו די „50 לידער" פון דער בשותפותדיקער לידער־אויסגאַבע פון יצחק קאַצע־נעלסאָן און משה בראָדערזאָן. אומגעקומען בעתן חורבן פּוילן.

אַ דירעקטע השפעה האָט אויך יצחק געהאַט אויפן גרויסן מאָלער יאַנקל אַדלער (1895—1949), וואָס האָט אין דער פרייער צייט פון זיין לערנען זיך אַלס גראַווירער ביי דעם ערשטן יידישן קונסט־גראַווירער פ. ה. שטיפּט, און ביי מיין פאָטער — שילדן־מאָלעריי, געשריבן זיינע ערשטע יידישע לידער און געמאָלן זיינע אויסטערלישע יידן און געשניצט פון פשוטן האָלץ משונהדיקע בילדער אין זיין פאָטערס קוילן־בודקע. אויך הענעך קאָן (1889—1972), וואָס איז אין יענע יאָרן שוין געווען אַ גע־ענדיקטער קאָמפּאָזיטאָר פון בערלינער קאָנסערוואַטאָריע, איז ער, ווען ר'האָט נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט, געווען ביי יצחקן אַ „שטאָמגאַסט".

## פעריאָדישע אויסגאַבעס

אַזוי אַרום האָט דווקא אין די יאָרן 1917—1918, ווען די פּוילישע ייִדן זענען געווען אָפּגעריסן פון די גרויסע ייִדישע צענטערן, אין לאָדזש אָנגע־הויבן צו ווירקן אַ קרעפטיקע שרייבער־חברותא, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל זשורנאַלן און חודש־שריפטן.

אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק קאַצענעלסאָן און ה. ל. זשיטניצקי, האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אַ ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל „העפטן", אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע עלטערע לאָדזשער שרייבער און אייניקע פון די ייִנגערע: מרים אולינאָווער, אלימלך שמולאָוויטש, ראָזע יאַקובאָוויטש און שושנה טשענסטאָכאָווסקי. די חודש־שריפט איז דערשי־נען 5 מאָל.

צבי כהן האָט רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „יוגענט", אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט צום מײַנסטנס עלטערע שרייבערס און עטלעכע יונגע פּרויען־דיכטערינס: אולינאָווער, טשענסטאָכאָווסקי, יאַקו־באָוויטש, חנה גערסאָן, מירל ערדבערג און איינער פון די יונגע דיכטערס, שלום ט. (הרב שלום טרייסטמאַן). פון דעם זשורנאַל זענען דערשינען נאָר 4 נומערן. צבי כהן האָט דערנאָך רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן אַ גרויס זאַמלבוך „אונדזער בוך", מיטן אָנטייל פון 50 שרייבערס.

עס איז אויך אין דער זעלבער צייט דערשינען פון צייט צו צייט די ליטעראַרישע אויסגאַבע „ליטעראַטור", רעדאַגירט פון מיטאַרבעטער פון „לאָדזשער טאָגעבלאַט" איטשע מאיר פּאָזנאַנסקי (1889—1937), וואָס איז שפּעטער געפאָרן קיין אַמעריקע און געווען פון די מיטאַרבעטערס פון פילאַ־דעלפיער „אידישע וועלט" און „צוקונפט", איבער פּעדאַגאָגישע פּראָבלע־מען. ער איז אויך געווען פון די אַקטיוויסטע עסקנים אין ייִדישן שולוועזן און אַ לערער פון מיטלשולן. אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע אין מאָנטרעאָל.

אין „ליטעראַטור" האָבן זיך געדרוקט חוץ די לאָדזשער: יצחק קאַצע־נעלסאָן, י. ה. ראַדאָשיצקי, צבי כהן און דער מאָלער מאַרק שוואַרץ, אויך דער ד"ר י. ב. ציפּור (1888—1942) דער מחבר פון „די שכינה אין גלות", „אין בבל", „נחת פון קינדער" און די דראַמע „אויפשטאַנד", וואָס איז גע־שפּילט געוואָרן אין יידישע טעאַטערן איבער גאָר דער וועלט. ער האָט אויך איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש. ער האָט דעמאָלט געוווינט אין וולאָצלאַוועק און האָט צוזאַמען מיט י. מ. וויסנבערג אַרויסגעגעבן די „זאַמלביכער".

אויך דער קאַלישער שריפטשטעלער י. ה. סאָלניק (1869—1942), וואָס האָט נאָך אין 1890 אַרויסגעגעבן זיין ליד „ירושלים" און אין קאַליש „דאָס קאַלישער וואָכנבלאַט" (1914) און איז צוליב דער מלחמה געקומען קיין לאָדזש, האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „די יעצטיקע צייט", אין וועלכן עס האָבן געשריבן, חוץ רעדאַקטאָר, אויך קאַצענעלסאָן, הערשעלע, י. מ. פּאָזנאַנסקי, ראַדאָשיצקי, מרים אולינאָווער, א. שמולאָוויטש און שלום ט. (טרייסטמאַן).

פון „די יעצטיקע צייט" זענען אַרויס 8 נומערן מיט ליטעראַרישער צייט־פּראָזע און לידער. סאָלניק האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן די ביכער „הימל און ערד", „פון אַלטן קלויסטער". י. ה. סאָלניק האָט בימי חורבן ווידער נישט אויסגעמיטן די דייטשן, וואָס האָבן אים, פּונקט ווי אין 1914, פאַרטריבן פון קאַליש קיין לאָדזש. געווען אין לאָדזשער געטאָ און געהונ־גערט און געשריבן. אין יאָר 1942 אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ. אומגעקו־מען צוזאַמען מיט זיינע שריפטן.

די אַלע זשורנאַלן און חודש־בלעטער, האָבן אָבער געהערט צו דער עלטערער גרופּע לאָדזשער שרייבערס, וואָס זייער מדריך איז געווען יצחק קאַצענעלסאָן.

די יונגע האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע טריבונע. צו דעם צוועק זענען זיך אין דער דירה פון דיכטער י. ה. ראַדאָשיצקי צוזאַמענגעקומען די לאָדזשער „יונגע". עס זענען אַנוועזנדיק געווען חוץ בעל־הבית, י. ה. ראַדאָשיצקי, חיים קרול, וואָס איז אין יענער צייט געווען זייער אָרעם און דערשלאָגן. זיינע לידער האָבן אַפילו אויסגענומען ביי אַלעמען, אָבער פון דרוקן זיי אין אַ צייטונג האָט מען זיך אַרויסגעדרייט. דוד זיטמאַן, וואָס

האָט אין יענער צייט שוין געהאַט געדרוקט עטלעכע לידער אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט". ער איז אָבער נישט געווען צופרידן, נאָר פאַרלאַנגט מער ווי די קליינע צאָל שורות, וואָס מען האָט אים באַוויליקט צו דרוקן פון צייט צו צייט. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַ פּריוואַטער העברעיִשער לערער אין רייכע יידישע היימען, אָבער ער איז געווען אַליין, פּשוט היימלאָז, צוליב זיין סענסיטיוון כאַראַקטער, וואָס האָט אים יונגערהייט געטריבן צום טויט. ישראל ראַבאָן, וואָס הגם ער האָט נאָר געדרוקט אין הומאָריסטישן אָפּטייל פון „פאָלקסבלאַט" א"נ „ישראליק דער קליינער", האָט מען אים גערן צוגעצויגן צו דער גרופּע „יונגע", פאַר זיינע נישט־געדרוקטע לידער און פאַר זיין קענען די וועלט־דיכטונג; די דיכטערין שרה בוים פון סאָסנאָוויץ, וואָס איז דעמאָלט געקומען אַרבעטן ווי אַ פּרעבליסטין קיין לאָדזש און דער שרייבער פון די שורות. עס איז אויך אַנוועזנדיק געווען הערשעלע, וואָס האָט געוווינט ביי די ראַדאָשיצקיס און מיר האָבן זיך מיט אים געחברט און צוגעטיילט כבוד.

פון דעם פּלאַן איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. די וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט און אויפן צעבליטן, לאָדזשער ליטעראַרישן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן נייע אויסזיכטן און מעגלעכקייטן.

עס איז צוריקגעקומען פון דער שווייץ און זיך באַזעצט אין לאָדזש יחיאל ישעיה טרונק (1887—1961). זיין שיינע און רייכע דירה אין פּאַלאַץ אויף פּאָלודניאָווע־גאַס איז געוואָרן אַ מין ליטעראַרישער סאַלאָן. טרונק, דער ליבלינג פון פּרצן און אייניקל פון גאון ר' יהושיעלע קוטנער, האָט טראָץ זיין רייכטום, זיך געחברט מיט אייניקע פון די יונגע און זיי פאַרבעטן אויף די שמחהלעך, וואָס ער פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדענען ביי זיך. באַטש ער האָט ליב געהאַט מער צו זיין ביחידות און אַפילו צו יצחקן איז ער זעלטן געקומען, האָט מען זיך אָבער צו אים באַצויגן ווי צו אַ גוטן חבר אויך צוליב דער רייכער ביבליאָטעק פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס ער פלעגט אויסבאָרגן צו די יונגע (ראַבאָנען, מיר און זיטמאַנען), וואָס האָבן נישט געקענט קויפן, נאָר געוואָלט לייענען. דאָך האָבן מיר אין זיין ווילן צו שרייבן געזען, אַז ער וועט סוף כל סוף זיך מוזן דערנענטערן צו אונדז, יונגע, און מיר האָבן אים ליב געהאַט, כאָטש מיר האָבן נישט מסכים

געווען מיט זיין בוך וועגן אָסקאַר ווײַלד (דאָריאַן גריי), וואָס איז אונדז געווען ווי אַ שטיקל מורה דרך אין שרײַבן. טרונק האָט זיך אָבער תמיד, ווען זײַנס אַ נײַ בוך איז דערשינען, באַמיט צו געפעלן אונדזערע קריטיקער און אויך פון צײַט צו צײַט הערן וואָס מיר האָבן וועגן אים געשריבן.

י. י. טרונק איז געווען אַ מענטש מיט זעלטענע מידות, וואָס נאָר אַ טייל האָט געוווּסט. למשל, זײַן באַציִונג צו ישראל ראַבאָן (אין זײַן וואַרשעווער פּעריאָד, ביי זײַן אַוועקפאָרן פון ווילנע און ביים געזעגענען זיך מיט אונדז ביידע). מיר האָבן עס אויך געזען אין די יאָרן, ווען ער איז געווען אַ יורד אין ניו־יאָרק און געלעבט פון די פּאָר דאָלאַר, וואָס ער האָט פאַרדינט אין „טאָג". ער האָט זײַן אַמעריקאַנער אָרעמקייט אַזוי שיין און עלעגאַנט אַריבערגעטראָגן, פּונקט ווי זײַן רײַכטום, וואָס האָט אים נישט געשטערט צו זײַן אַ מיטגליד פון „בונד", אין וועלכן ער האָט געזען אַ נײַע משיחישע באַוועגונג לטובת דעם יידישן פאָלקס־מענטש.

טרונק, וואָס האָט אָנגעהויבן דרוקן אין פּרצס זאַמלונגען, האָט מיט זײַן בוך „פון דער נאַטור" זיך קונה־שם געווען אַלס אַן אייגנאַרטיקער שרייבער. אין יענע יאָרן האָט ער אין לאָדזש אַרויסגעגעבן חוץ „פייגנ־בוימער" און „דאָריאַן גריי", אויך זײַן בוך „מידע", אין וועלכן ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פּסיכאָלאָגישער נאָוועליסט מיט אַן אונטערגעמיט פון דער פּרווידיאַנישער שול. ער איז אויך געווען אַ מין קינסטלערישער היס־טאָריקער, און מיט זײַנע 7 בענדער „אין פּוילן", פּאַראַייביקט פּלאַסטיש די וועלט פון זײַן חלום, וואָס איז אויך צוגלייך אַ בילד פון דער סביבה אין וועלכער ער איז געוואַקסן און געשטיגן דורך די שפּעטערדיקע גרעסערע דערציילונגען, ווי: „סימכע פּלאַכטע פון נאַרקאָווע", „כעלעמער חכמים" און „די וועלט איז פול מיט ניסים". ער איז אויך געווען אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער קריטיקער פון די קלאַסיקער, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַנגט אין זײַנע ביכער וועגן שלום־עליכם און ה. ד. נאָמבערג, און ווי עס האָט אים באַ־צייכנט מלך ראַוויטש, איז ער געווען „איינער פון די טיפסטע מפרשים פון אונדזערע קלאַסיקערס — אַ געטרייער תלמיד פון י. ל. פּרץ און שלום־עליכם". ביז צו זײַן טויט, אין ניו־יאָרק, אַרויסגעגעבן 28 בענדער שריפטן פון אַלע זשאַנרען אין דער ליטעראַטור: ליד, נאָוועלע, דערציילונג, ראָמאַן

און עסיי. דער עיקר יניקה האָט ער אָבער געצויגן פון זיין חסידישער היים אין לאָדזש אונטער דער השפעה פון זיין פאָטער חיים אברהם, וואָס איז געווען אַן איש תמים און האָט חוץ די ווערק פון חז״ל אויך געקענט וועלט־ליטעראַטור און אַ סך שפּראַכן.

אונטער טרונקס השפעה, האָט זיך סיי פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך (אין „בונד״) און סיי שרייבעריש, אַנטוויקלט אברהם ביאַלער (געב. 1907), יונג געוואָרן אַ יתום נאָכן פאָטער — אַ באַקאַנטער אַלעקסאַנדער חסיד און באַנקיר, האָט ער אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווען ער איז געווען הויפּט־בוכהאַלטער אין דער פירמע „ברידער קאַן און כּרונק״, זיך אָנגעזאָפּט מיט דעם שיינגייסט פון אלישע קאָן און מיט דער טרונקישער לעבנס־פילאָזאָפיע. אין 1939 געקומען קיין אַמעריקע און בעת דער מלחמה קעגן די נאַציס געווען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, דאָרטן אָנגעהויבן שרייבן זיינע איינדרוקן, פאַרעפנטלעכט סיי אין „טאָג״ און סיי אין „פאָר־ווערטס״.

אַ גוטער באַאָבאַכטער, זענען זיינע אַרטיקלען און איינדרוקן וועגן ישראל און וועגן אַנדערע פּראָבלעמען און אויך וועגן טרונקן, תמיד אָנ־געלאָדן מיט דער פּיקחות און „נאָן־שאַלאַנס״ פון דער לאָדזשער אַטמאָ־ספער און ליטעראַרישער שול. לעבט אין ניו־יאָרק, דרוקט אין „אונדזער צייט״.

# משה בראָדערזאָן און די לאָדזשער דיכטער־גרופּעס

באַלד טאַקע האָט זיך פֿאַר דער יונגער חברה באַוויזן זייער אויסגע־חלומטער דיכטערישער פּרינץ. דאָס איז געווען משה בראָדערזאָן.

מיטן צוריקקומען פֿון בראָדערזאָן קיין לאָדזש, אַרום וועמען עס האָבן זיך באַלד גרופּירט כמעט אַלע יונגע שרייבערס און קינסטלערס, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ליטעראַרישע און קינסטלערישע אויפֿלעבונג.

אויך דאָס צוריקקומען פֿון דייטשלאַנד פֿון יאַנקל אַדלער, וואָס האָט מיט זיך מיטגעברענגט דעם רום פֿון אַ מאָדערנעם קינסטלער פֿון דער רעוואָלוציאָנער־עקספּרעסיאָניסטישער שול, וואָס מיר האָבן ערשט אָנגע־הויבן צו באַנעמען אין אונדזער צייט אויפֿן יידישן באָדן, האָט געווירקט אויף דער צעמענטירונג פֿון אַלע יונגע אין דער לאָדזשער חברותא. זיי האָבן גענומען שטורעמען די אַלטע ליטעראַרישע און קינסטלערישע פֿעסטונגען.

שוין אין די ערשטע וואָכן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן גרויסע און קלענערע ליטעראַריש־קינסטלערישע אונטערנעמונגען און דווקא אין די לאָקאַלן פֿון די אַרבעטער־פֿאַראיינען אָדער אין די אַרבעטער־קלובן, אין די באַלוטער געסלעך און אַפּילו אין טייל געגנטער אַרום די באַלוטער געסלעך, וווּ עס האָט געוווינט די יידישע אָרעמע מאַסע און דער רוב פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט און עס זענען געוואָרפֿן געוואָרן לאָזונגען צו פֿאַר־ברידערן די יידישע שרייבערס און מאָלערס מיט די יידישע אַרבעטער און מיט די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן.

די ראשי־המדברים זענען געווען משה בראָדערזאָן און יאַנקל אַדלער, אָבער אויך מיר, די יונגע (ראַבאָן און מיין ווייניקייט), האָבן מיטגעהאָלפֿן צו פֿאַרכאַפּן די הערצער און שטימונג פֿון יידישן ליטעראַרישן און קינסט־לערישן לאָדזש.

עס איז געווען אַ נאָכפֿרעג אויף ליטעראַטור און אויף ליטעראַרישע

אוונטן. אַלע פּאַרטייען האָבן געוואָלט זיך איבערליציטירן און אויפנעמען אין זייערע לאָקאַלן דעם אָדער יענעם שרייבער אָדער קינסטלער. די יידישע פּאַרטייען, וואָס זענען מיטן אויפשטיין פון נייעם פּוילן, אויך אויפ־געשטאַנען צו אַ נייער טעטיקייט אויפן נאַציאָנאַלן געביט, איבערהויפּט די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען „בונד" און לינקע פּועלי־ציון, וואָס האָבן געקעמפּט און צווישן זיך קאָנקורירט איבער דער העגעמאָניע פון די לאָדזשער יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסן, האָבן אין זייערע לאָקאַלן, כמעט יעדע וואָך, איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אונטערנעמונגען און פאָרלעזונ־גען. אויף זיי זענען אַלע יונגע שרייבערס, צוגלייך מיט זייערע עלטערע קאָלעגן, אויפגעטראָטן פאַרן עולם און באַקומען פיל לויבן, וואָס האָט ביים יונגן שרייבער געוועקט האָפענונג און אים געשטאַרקט אין זיין שאַפן.

דאָס אַלץ האָט באַוויזן, אַז עס איז געקומען די צייט, די נויטווענדיקייט פאַר אַ ליטעראַרישער אויסגאַבע, וואָס זאָל אַרויסברענגען די שאַפונגען פון דער נייער, יונגער גרופּע שרייבער און קינסטלערס. צו הילף דער יונגער שרייבע־גרופּע איז געקומען משה בראָדערזאָן, וואָס האָט באַלד פון דער ערשטער וואָך פון זיין צוריקקום, געהאָלפן דער גרופּע מיט ראָט און טאָט און אונדז אַלעמען נאָך מער צוגעבונדן איינער צום צווייטן.

משה בראָדערזאָן (1890—1957) האָט נאָך זיין צוריקקומען פון מאָס־קווע, ווו ער האָט באַקומען זיין ליטעראַרישע אָנערקענונג פאַר זיין בוך „שיחות חולין", איבערגעלעבט זיין בלי־צייט הן אין זיין דיכטונג און הן אין זיין פּריוואַט־לעבן. ער איז צוריקגעקומען אין גאַנצן אַן אַנדערער. דאָס ערשטע ביכל זיינס „שוואַרצע פּליטערלעך", לאָדזש, 1913, האָט נישט אויסגענומען ווי ער האָט פאַרגעזען; אָבער דאָס נייע בוך זיינס, האָט אַלעמען איבערראַשט מיט דער נייקייט פון פאָרעם און מיט דער רייכקייט פון אויס־דרוק און דער עיקר, מיט דער שיינקייט פון דער מוזיק פון וואָרטשפּיל; מיט אַזאַ מוזיקאַלישקייט פון די פערזן, וואָס איז דעמאָלט (חוץ ביי לייבניידוס) געווען נײַ אין דער יידישער דיכטונג. בראָדערזאָן האָט געקענט צוציִען צו זיך אויך מיט זיין עפעקטפולער אויסערלעכקייט און עלעגאַנץ. ער האָט זיך תמיד געקליידט רייך און מיט זיין עקסטראַוואַגאַנץ האָט ער צוגעצויגן צו זיך, חוץ דעם שיינעם מין, אויך די לאָדזשער יוגנט, וואָס האָט

אין אים געזען דעם טיף פון אַ גרויסן דיכטער. די יונגע דיכטערס און מאָלערס האָבן זיך צו אים געטוליעט און נישט אָפּגעטרעטן פון אים ביז שפּעט אין די נעכט. בראָדערזאָן האָט אָבער חוץ אַלעם געקענט מיט נאָך עפּעס אימפּאָנירן. ער איז צו יעדער צייט געווען גרייט צו זאָגן אַ גוט ווערטל, אַ טרעפלעכן וויץ, אַ געלונגענעם קאַלאַמבור און ער אַליין איז צו יעדן טאַלאַנט געווען אַזוי צוגעלאָזן און פּשוט, ווי אַן אייגענער חבר און נישט ווי אַן אָנערקענטער אַלטער שרייבער. צו בראָדערזאָנען זענען די יונגע קינסטלערס געקומען נישט מיט דעם דרך־ארץ, מיט דעם באַהאַל־טענעם ציטער, ווי צו יצחק קאַצענעלסאָנען, נאָר ווי צו אַ ביסל אַן עלטערן חבר פון דער זעלבער חברותא, מיט וועמען מען דאַרף זיך באַראַטן, אָבער נישט תמיד האָרכן זיינע אָנווייזונגען...

משה בראָדערזאָן איז געווען טאַלאַנטפול אויף אַלע געביטן פון יידישער קונסט. ער האָט זייער שיין געצייכנט און געמאָלט אין „שוואַרץ ווייס" פאַרשידענע מאָטיוון און טיפּן. ער איז געווען אַ גוטער רעדאַקטאָר און זשורנאַליסט און פעליעטאָניסט און תמיד אויסגעצייכנט זיך אין די קליינע פעליעטאָנען וואָס ער האָט געחתמעט מיט ר׳ זאַנוועלע, שמילשמעלקע. באַזונדערע גרויסע פאַרדינסטן האָט ער מיטן אַנטוויקלען די יידישע קליינ־קונסט־בינע און דער עיקר זיין אָנפירונג מיטן „אַראַראַט"־טעאַטער, וואָס האָט אין פּוילן געשמט ווי דאָס בעסטע טעאַטערל אין וועלכן עס האָבן זיך אַנטפּלעקט די נייע און יונגע כוחות, וואָס עד היום האָבן זיי אַריינגע־בראַכט אייגנאַרטיקן מהות אין יידישן הומאָר. ער איז געווען דער ערש־טער, וואָס האָט געזען די גרויסע קינסטלערישע וואַלאָרן פון שמעון דזשיגאַן, שומאַכער, שמוליק גאָלדשטיין און משה פּולאַווער און האָט זיינע געשריבענע פּראָגראַמען פאַרן טעאַטערל צוגעפּאַסט די ראָלן זייערע, אַז זיי זאָלן זיך קענען אויך אַליין וואָס מער אַרויסווייזן אין זייער מיליע און כאַראַקטער. ער האָט אויפגעזוכט און אַרויסגעפירט די טאַלאַנטירטע מאַשעלע פּעטער־מאַן, די קאָנפעראַנסיעס קאַסמאַן, נעלקען און סימי וויינשטאָק, די מאָלערינס דינע מאַטיס, אידאַ ברוינער און זאָפיע גוטענטאַג, אַז זיי זאָלן צוגלייך מיטן מאָלער שמואל בלום באַצירן און באַחנען די פּראָגראַמען. און אַזוי אויך מיט די מוזיקער, וואָס האָבן חוץ הענעך קאָן, אויך געשאַפן די מוזיק

פאַר „אַראַראַט״. ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט צוזאַמען מיט הענעך קאָן געשאַפֿן די ערשטע יידישע אָפּערע „דוד און בת־שבע״ און פון דער ערשטע דראַמאַטישער גרופּע, וואָס האָט אין לאָדזש, פריִער פאַר אַלעמען, אויפגעפירט סצענעס פון אַנסקיס „דיבוק״. עס איז אוממעגלעך אין דער אַרבעט אויסצורעכענען אַלץ, וואָס משה בראָדערזאָן האָט געשאַפֿן. איך וויל נאָר דערמאָנען די וויכטיקסטע ווערק, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין זיין לאָדזשער פעריאָד. די לידער־ביכער: „טוי״, „פּערל אויפן ברוק״, „שוואַרץ שבת״ און די דראַמאָלעטן „שניי־טאַנץ״, „אַ חתונקע״, „די מלכה שבאָ״, „תחית המתים״, „דער רויטער רייטער״ און דאָס בוך „פאַרשטעלונגען״ — צען דראַמאָלעטן. גאַנץ באַזונדער דאַרף אָנגעצייכנט ווערן זיין לעצט לידער־בוך „יוד״, אין וועלכן ער האָט מיט אַ נביאישער קראַפט אַרויסגע־ברענגט די שטימונגען און געפילן פון אַ יידישן דיכטער, וואָס האָט פאַרגע־אַנט דעם חורבן. עס דאַרפן אויך באַזונדער דערמאָנט ווערן זיינע קינדער־לידער־ביכער „אַלדאָס גוטס״ און „לעבעדיק און פריילעך״, וואָס זענען געווען צווישן די בעסטע לידער פאַר דער יידישער שול אין פוילן און זענען געזונגען געוואָרן פון טויזנטער יונגע יידישע קינדער אין די שולן.

בראָדערזאָן האָט מיט זיינע לידער געהערט צו די גרעסטע פאָרעם־דיכטער אין דער יידישער פּאָעזיע און האָט באַרייכערט דאָס יידישע לשון מיט אָריגינעלע איינפאַלן און נייע ווערטער־פאַרבינדונגען און קען דרייסט אָנגערופן ווערן דער „ווירטואָז פון יידישן לשון״.

די חורבן־יאָרן האָט ער איבערגעלעבט אין רוסלאַנד און נישט אויסגע־מיטן די סאָוויעטישע לאַגערן, וואָס ער האָט איבערגעטראָגן מיט שטאָלץ און כבוד. אין יאָר 1957, נאָך לאַנגע פיינען, ערשט באַשלאָסן צוריק צו פאָרן קיין פוילן, וואָס ער האָט מורא געהאַט עס צו טאָן בעת דער אַלגעמיינער רעפּאַטריאַציע פון פוילישע יידן אין 1946/45. אָבער קומענדיק קיין פוילן, האָט זיין האַרץ נישט געקענט איבערטראָגן די גרוילן, וואָס ער האָט אַפילו אין זיין דיכטערישער וויזיע נישט געקענט זיך פאָרשטעלן און געשטאָרבן פון אַ האַרצאַטאַק. זיין פרוי, די שוישפּילערין שיינע מרים, האָט חוץ אין איר בוך וועגן משה בראָדערזאָן, פאַראייביקט זיין אָנדענק מיטן איבערדרוקן

און אויפסניי אַרויסגעבן אַ צאָל פון זיינע שריפטן און מיטן איבערפירן זיין קערפּער אין מדינת ישראל, ווו ער איז צו קבורה געקומען.

אַז משה בראָדערזאָנס השפעה האָט באַווירקט, אַז קיין לאָדזש זאָלן זיך ציִען יידישע דיכטערס פון אַרומיקע ערטער קען מען זען פון פּרץ מאַרקישס אַ פעליעטאָן פון די ערשטע נומערן פון די „ליטעראַרישע בלע־טער״, אין אַ דיאַלאָג, וויפל דיכטערס עס איז איצט דאָ אין לאָדזש? האָט ער געענטפערט, אַז ביז נעכטן, ד״ה ווען ער איז צוריקגעקומען פון לאָדזש, זענען דאָרט געווען 80, נאָר איצט ווייסט ער נישט, עס קען זיין טאָפּלט...

און עס איז נישט געווען קיין וויץ, ווייל פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך האָט מען זיך געצויגן קיין לאָדזש מיט „ליטעראַטור״, אַז עס זענען פון אָט די מענטשן אויסגעוואַקסן טאַלאַנטירטע שרייבער, וויל איך בלויז לדוגמא דערמאָנען איין שטעטל: טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, פון וועלכן עס שטאַמען דער היינט באַרימטער ראָמאַניסט און דערציילער משה דלוזשנאָווסקי, דער דראַמאַטורג און גלענצנדיקער רעפּאָרטאַזשן־שרייבער ירחמיאל האָניק און זיי צו לאַנגע יאָרן — די אומגעקומענע נטע גאָלדקראַנץ, דיכטער און זשורנאַליסט; די ברידער בערל און חיים זאַכאַריאַש און פיל פיל אַנדערע.

## לאָדזשער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין

דעמאָלט איז אין לאָדזש געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, וואָס האָט באַקומען אַ בחינמדיקע דירה אין הויז פון יידישן און העברעישן שרייבער משה העלמאַן.

די פאַרוואַלטונג פון ערשטן יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין לאָדזש איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים: יצחק קאַצענעלסאָן (פאָרזיצער), מ. בראָדערזאָן, ברוך שעפנער, י. ה. ראַדאָשיצקי, זלמן זילבערצווייג, הערשעלע, ה. ל. זשיטניצקי, משה בליישטיפט, ח. י. בזשוס־טאָווסקי, שמעון שפּיגעל און א. ד. ווינער (ביוראָ־לייטער און סעקרעטאַר). קאַנדידאַטן: יצחק פּליוואַצקי און חיים לייב פוקס.

די ערשטע אַרבעט פון נייעם פאַראיין איז געווען אַ גרויסע ליטעראַרישע אויסגאַבע — „דער יידישער זשורנאַליסט" — אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די יידישע און אויך די העברעישע שרייבער, וואָס האָבן געגעבן זייערע שריפטן אין יידיש, כדי די זאַמלונג זאָל מיט זיך רעפּרע־זענטירן אַלע שרייבער, וואָס לעבן אין לאָדזש.

אין „יידישן זשורנאַליסט", האָבן זיך באַטייליקט: יוליוס אַדלער, ב. אויערבאַך, מרים אולינאָווער, מרדכי אַלעי, פייגע באַרנשטיין, משה בליי־שטיפט, בן ימיני (יצחק קאַצענעלסאָנס פאָטער, וואָס האָט פון צייט צו צייט געשריבן אין יידיש [1859—1930], מחבר פון די דראַמען „גדליה דראַגאַ", „עוללות אפרים", „חזון בן ימיני", וואָס האָבן אין זיין צייט אַרויסגערופן אָנערקענונג. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל תנ"ך און אין זיין העברעישער שול אין זגערזש האָבן געלערנט אַ צאָל יידישע און העברעישע שרייבערס. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף יצחקן און יצחק אויף אים. בעת די לאָדזשער יונגע שרייבערס זענען אַרויפגעקומען צו יצחקן, האָט ער זיי מדריך געווען. דאָס האָט אים אויך באַווירקט צו

שרייבן אַ צאָל שירים אין יידיש, וואָס ער האָט געדרוקט סיי אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" א"אַנד ליטעראַרישע אויסגאַבן. ער איז געשטאָרבן אין לאָדזש), לייב בערמאַן (אויך אונטער „גראַף קאַלי"), יצחק בערקמאַן, חיים יאַנקל בזשוסטאָווסקי, פייוול גאָרפינקעל, הערשעלע, א. ד. ווינער, ש. זאַקס, דוד זיטמאַן, בערנאַרד זינגער, ה. ל. זשיטניצקי, שלום ט. (טרייסטמאַן), ראָזע יאַקובאָוויטש, דער לוסטיקער פּעסימיסט, מ. מאַרקוזע( וואָס איז דערנאָך אַוועק קיין רוסלאַנד און מיר האָבן מער פון אים ניט געהערט), יוסף מילער, לייב מלאך, י. מ. ניימאַן, מירל ערדבערג, חיים לייב פוקס, י. מ. פּאָזנאַנסקי, ב. פּאַרעצקי, אַ פויגל (ניימאַן), י. מ. פּליאַט, לאַזאַר קאַהאַן, ישראל קאַהאַן, יצחק קאַצענעלסאָן, יעקב קירשבוים, י. ה. ראַדאָשיצקי (אויך אונטער ראַדאָ־ראַדאָ), יצחק ריווקינד, א. שאַבעלסקי (אהרן אַלפּערן), אלימלך שמולאָוויטש, ברוך שעפּנער און שמעון שפּיגעל.

די רייכע אויסגאַבע האָט געשטעלט דעם וואַרשעווער ליטעראַטן־־פּאַר־איין פאַר אַ געשעענעם פּאַקט פון אַ לאָדזשער ליטעראַרישער איינהייט, מיט וועלכער מען דאַרף זיך רעכענען. צווישן די שרייבער אָבער האָט זי אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט, צוליב איר בלאַסן, נישט־גענוג קינסט־לערישן כאַראַקטער, וואָס איז געווען מער ענלעך צו אַ צייטונג, ווי צו אַ ליטעראַרישער זאַמלונג, וואָס זאָל זיך קענען פּאַרמעסטן מיט וואַרשע.

עס איז דעריבער נאָך מער נייטיק געוואָרן צו מאַכן „שבת פאַר זיך", ד"ה אַליין צוטרעטן צו אַ ליטעראַרישער זאַמלונג, וואָס זאָל זיך קענען פּאַרמעסטן מיט די אַלטע שרייבערס און דער עיקר זיך קאָנצענטרירן אויף ליטעראַטור און קונסט. צו דעם צוועק האָט די גרופּע „יונגע" זיך פאַר־זאַמלט ביי זייער אַלטן חבר י. ה. ראַדאָשיצקי.

ראַדאָשיצקיס „רעזורע" (באַרבער־שאָפּ) איז באַשטאַנען פון אַ גע־וועלב, אַ הינטערשטוב, כמו אַ וואַרטזאַל. דאָרט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט צו לייענען אונדזערע נייע זאַכן און צו באַטראַכטן אַלע ליטעראַרישע פּלענער אונדזערע.

מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן העפטן מיטן נאָמען „געזאַנגען", וואָס זאָלן גרופּירן אַרום זיך די גאַנצע ליטעראַרישע יוגנט אין לאָדזש און אומ־געגנט. מיר האָבן זיך אַפילו אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויך די אויסגאַבע

וועט מער נישט זיין ווי אַ מין מאַניפעסט. זי וועט נישט אַלעמען צופרידנ־שטעלן, אָבער מיר האָבן געוואָלט שטעלן די עלטערע לאָדזשער שרייבער פאַר אַ פאַקט פון אַ געאייניקטער דיכטערישער גרופּע, וואָס וויל עפּעס נייעס.

פאַר אַ רעדאַקטאָר האָבן מיר באַשטימט הערשעלען. מיר האָבן געהאַט צו אים פֿאַרפּליכטונגען, ווייל ער איז גראָד געווען אָן פּרנסה און חוץ דעם האָבן מיר אַלע גערעכנט, אַז הערשעלע וועט זיין אומפּאַרטייאיש צו די זאַכן, וואָס דאַרפן אַריינגיין אין די העפטן. איך און ראַדאָשיצקי האָבן געדאַרפט מיטהעלפן ביים אָפּקלייב פון מאַטעריאַל, מיט רעכט אַפילו אָפּצוּוואַרפן די, וואָס זענען שוואַך.

אין ערשטן נומער „געזאַנגען" זענען אַריין לידער פון עטלעכע און צוואַנציק דיכטערס פון לאָדזש און אומגעגנט. דאָס ערשטע העפט האָט געהאַט לידער חוץ פון די לאָדזשער שרייבערס: יצחק קאַצענעלסאָן, משה בראָדערזאָן, הערשעלע, י. ה. ראַדאָשיצקי, מרים אולינאָווער, י. מ. ניימאַן, חיים קרול, א. שמולאָוויטש, מרדכי אָלעי, פּ. גאַרפינקעל און חיים לייב פוקס, אויך פון אַ גאַנצער ריי אָנהייבערס פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

דער שפּעטער באַוווּסטער שריפטשטעלער און ראָמאַניסט שמעין האָראָנטשיק (1889—1939), האָט אין די „געזאַנגען" געדרוקט זיינע ערשטע לידער און ערשט שפּעטער, מיט דער הילף פון דער לאָדזשער גרופּע, אַרויסגעגעבן זיין ערשט ביכל לידער „פעלד־בלומען".

עס האָט אויך געדרוקט זיינע לירישע לידער דוד זיטמאַן (1898—1923), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון אַ קליין שטעטל פון קוילנשאַכטן טשע־לאָדזש, הינטער סאָסנאָוויץ. אין לאָדזש האָט ער געאַרבעט ווי אַ העברעיִשער לערער, אָבער כאָטש ער האָט זייער גוט געקענט העברעיִש, האָט ער געשריבן נאָר יידיש. ער האָט אויך געדרוקט אין די ניו־יאָרקער „שריפטן" אונטערן נאָמען דוד זון. אין יאָר 1921 איז דערשינען זיין בוך לידער „אויף ווייטקייטן קרייזנדיקע פאַל איך". געשטאָרבן פון אַן אומהיילבאַרער קראַנקייט אין ברעסלוי.

אין „געזאַנגען" האָט זיך אויך צום ערשטן מאָל באַוויזן מיט אַ ליד דער נאָענטסטער חבר פון דוד זיטמאַן, אפרים קליינמאַן (1898—1966). אַ שניידער־אַרבעטער, איז ער פון די יונגע יאָרן אָן, חוץ ליטעראַריש,

אויך געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, צוערשט אין „צעירי־ציון״, וועמענס פאָרשטייער ער איז געווען אין 1924, אין דער בענדינער קהילה און פון 1925 ביזן חורבן — אַ ראַטמאַן פון „פועלי ציון״ (רעכטע) פון שטאָטראַט.

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט געמט אַרום לידער אין די לאָדזשער אויסגאַבעס „וועגן״, „שוועלן״, „נייער פאָלקסבלאַט״ א״אַ. אויך געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער „אַלגעמיינער צייטונג״, „זאַגלעמביער־שלעזיש וואָרט״ און באַזונדער באַווירקט די יונגע שרייבער־גרופּע, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַרום דעם ליטעראַרישן זשורנאַל „יונג־זאַגלעמביע״. אין די יאָרן פון דער היטלער־אָקופּאַציע געווען אין פאַרשידענע לאַגערן און אַנגעפירט מיט דער אונטערערדישער טעטיקייט. איבערגעלעבט דעם חורבן און געקומען קיין ישראל. געשטאָרבן אין כפר סבא.

צו יענער גרופּע האָט אויך געהערט די דיכטערין שרה בוים (1900—1942). געבוירן אין סאָסנאָוויץ אין אַ האַלב־אַסימילירטער משפחה (איר פאָטער איז לאַנגע יאָרן געווען דער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה), האָט זי נאָכן ענדיקן אַ פּוילישע גימנאַזיע צופעליק זיך באַקאַנט מיט די דיכטערס דוד זיטמאַן און אפרים קליינמאַן און פון זיי באַווירקט געוואָרן פון דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. זי האָט שפּעטער אַליין אָנגעהויבן שרייבן לידער, צוערשט אין פּויליש, דערנאָך אין יידיש און באַלד ביי איר דערשיינען אויפגעשיינט דורך געלונגענע מעטאַפאָרן און גראַמען. זיך באַוויזן ווי אַ בליץ און באַקומען אָנערקענונג. הן צוליב איר ליריק און הן פאַר איר איבערגעבן אין לירישע פערזן די נויט פון די קוילנגרעבערס און אויך אַ טיפן אומעט פון אַ צאַרט קינד. זי האָט שפּעטער זיך באַטייליקט אין כמעט אַלע אויסגאַבן פון די יונגע ווי „ס׳פעלד״, „שוועלן״ און אויך אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט״. דערנאָך אַ צייט געלעבט אין פּאַריז און דאָרט געדרוקט לידער. אומגעקומען בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך.

אין ערשטן נומער האָט זיך אויך באַטייליקט אַ גאַר גרויסע גרופּע פּרויען־דיכטערינס: מרים אולינאָווער מיט עטלעכע לידער, וואָס זענען אַריין שפּעטער אין „דער באָבעס אוצר״, מירל ערדבערג (געב. 1894), וואָס האָט אין יענע יאָרן געאַרבעט ווי אַ העברעיִשע לערערין און איז געקומען

פון שטעטל קוטנע. מירעלע ערדבערג, וואָס האָט דערנאָך חתונה געהאַט מיטן שרייבער יחיאל משה שאַטאַן, האָט זיך איר גאַנץ לעבן געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור. זי האָט געדרוקט לידער, דערציילונגען אין „לאָדזער טאַגעבלאַט", „פאָלקסבלאַט", וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" א"אַנד. אַנהייב צוואַנציקער יאָרן באַזעצט זיך אין מאָנטרעאָל און געווען פון די מיטגרינדער פון דער יידישער ביבליאָטעק. אויך לאַנגע יאָרן געדרוקט זיך אין „קענעדער אָדלער", די „זכרונות פון גליקל פאָן האַמעלן" באַאַרבעט אין אַ מאָדערנעם יידיש. מחברין פון בוך לידער „גישט פון קיין פרייד" (1950). אין קוטנער „יזכור־בוך" פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט וועגן שמעון האָראָנטשיק, וואָס איז וויכטיק צו דער ביאָגראַפיע פון דעם אייגנאַרטיקן, גרויסן טאַלאַנט. אירע ביכער, וואָס זענען אמתע און שטילע טרערן אויפן יידישן חורבן אין פוילן, זענען עכט און ליריש. מאַליביילין (1900—1936), האָט אויך געדרוקט אונטער מאַלי ברוין. זי איז געווען די טאָכטער פון אַשיאַקאָווער רב, האָט זי צוליב אירע לידער פאַרלאָזט איר מאַן און משפחה און געקומען קיין לאָדזש. זי האָט זיך מער נישט אומגעקערט אין איר רייכער היים, נאָר געלעבט אין אָרעמקייט. געאַרבעט ביי קינדער אין רייכע הייזער און נאָר געלעבט מיט דער פרייד פון דרוקן אירע לידער און קורצע דערציי־לונגען אין דער לאָדזשער פרעסע און אין „ס'פעלד", „שוועלן". אין 1923 אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע און געדרוקט נאָוועלן און דערציילונגען אין „עקספּרעס" (אויך אונטער מאַלי ברוין). אַ צייט געווען אין אַ שפּיטאָל פאַר נערוון־קראַנקע. אומגעקומען בעתן חורבן פון וואַרשעווער יידנטום. חנה גערסאָן־ראַבינאָוויטש, די קוזינע פון מ. אולינאָווער; פייגע באַרנשטיין, וואָס ה. ל. זשיטניצקי האָט פּראָטעזשירט אירע לידער (לעבט אין פּאַריז); שושנה טשענסטאָכאָווסקי (געב. 1898) האָט דערנאָך געדרוקט אין יידיש, פויליש, עברית אין פאַרשידענע אויסגאַבעס. לעבט אין קיבוץ „עין חרוד" און איז טעטיק ביי דערציערישער אַרבעט און שרייבט איבער פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען; יוכבד שענפּרוכט פון נאָוואָראַדאָמסק, שרהטשע זילבערבערג און מרים וואָלמאַן־שעראַטשעק (געב. 1904), די טאָכטער פון יידיש־העב־רעיִשן שרייבער יהודה לייב וואָלמאַן, איצט אין ישראל, וווּ זי דרוקט אין דער יידישער, העברעיִשער און פוילישער פּרעסע א"נ מרים שיר.

אין דער אויסגאַבע האָבן זיך אויך באַטייליקט: לייב מלאך, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו צעבליִען אין דער דיכטונג און אין דער פּראָזע; פּרץ אָפּאָטשינסקי (1895—1942), וואָס איז נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון דער מלחמה, אַ חבר פון אָשר שוואַרצמאַן; ישעיה זאַנדבערג א״אַנד פון דער קאַלישער שרייבער־גרופּע. פּרץ אָפּאָטשינסקי האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט ווי אַ וואַגיקער טאַלאַנט אין יידיש און עברית, מיט דער סעריע בילדער ״נע ונד״, 1933. ער איז שפּעטער געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַלע אויסגאַבעס פון דער לאָדזשער גרופּע און דער לאָדזשער פּרעסע. ביזן חורבן געלעבט אין וואַרשע, ווו געווען אַ רעדאַקציע־מיטגליד פון פּ.צ.־טאָגצייטונג ״דאָס וואָרט״ און געדרוקט אונטער פאַרשידענע נעמען. אין וואַרשעווער געטאָ געאַרבעט ווי אַ בריוטרעגער און איבערגעלאָזט אַ גאַנצע ריי רעפּאָרטאַזשן וועגן לעבן אין די אָרעמע שטיבער אין געטאָ און וועגן זיין אייגן לעבן. אַ טייל דערפון איז געפונען געוואָרן אין די אויסגעגראָבענע אַרכיוון פונעם רינגעלבלום־אַרכיוו, ווו פּרץ אָפּאָטשינסקי איז געווען פון זיינע איבערגעגעבנסטע מיטאַרבעטער. זיי זענען שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך בער מאַרק אין די ״בלעטער פאַר געשיכטע״, וואַרשע, און אין פאַרשידענע זאַמלונגען אין די תפוצות.

אַן אמתן חסד של אמת האָט צו אָפּאָטשינסקין געטאָן דער באַקאַנטער פאָרשער פון דער שואה, דער רעדאַקטאָר פון די ״דפים״ און פון די אויסגאַבעס פון ״בית לוחמי הגיטאות״ אין ישראל, צבי שנער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַנד ״רשימות״, 1970, אין וועלכן עס קומען אַריין אַלע אָפּגעפונענע שריפטן פון פּרץ אָפּאָטשינסקי אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס נאָר אַ טייל איז געווען געדרוקט אין יידיש. אין בוך קומען אַריין חוץ אַ קליינער מאָנאָגראַפיע: ״די רשימות און זייער מחבר״ פון צבי שנער, אויך די רעפּאָרטאַזשן: ״הבית מס. 21״, ״ועד בית בוולינסקי״, ״גזירת ה׳״, ״חיטואים״, ״ועד בית במוראנוב״, ״ילדים בחוץ״, ״מעשה רצח בוולינסקי״, ״גוים בגיטו״, ״החברה בגיטו וארשה״, ״נושא־המכתבים היהודי״, ״השופים׳״ און פּרץ אָפּאָטשינסקיס טאָגבוך ״יומן גיטו וארשה״, וואָס פאַרצייכענען לדורות די יידישע פּיינען אין וואַרשעווער געטאָ. פּרץ אָפּאָטשינסקי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ. וועגן אים האָט ברייטער געשריבן

זיין שוועסטער ריינע אפער־אָפּאָטשינסקי (געב. 1896), וואָס דרוקט אויך לידער און דערציילונגען אין ניו־יאָרקער ליטעראַרישע אויסגאַבעס, אין איר פאָרוואָרט צום בוך „שריפטן פון פּרץ אָפּאָטשינסקי", ניו־יאָרק, 1952; הערש לייזער קרוי (1898—1956), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער און שפּעטער געשריבן פּראָזע און אַרטיקלען אין די אויסגאַבעס פון די יונגע. אַ צייט געווען אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פון „לאָדזער טאָגבלאַט", דערנאָך רעדאַקציע־מיטגליד פון „דאָס וואָרט", וואַרשע. געראַטעוועט זיך ביים מלחמה־אויסברוך קיין ווילנע און פון דאָרטן אין 1940 קיין ארץ־ישראל, וווּ חוץ אין דער מפא"י, געווען טעטיק ליטעראַריש אין „דבר" און אַנדערע צייטשריפטן אין עברית. פון 1950 ביז 1953 געווען דער רעדאַקטאָר פון דער טאָגצייטונג „אונזער וואָרט", פּאַריז, וווּ חוץ אַרטיקלען אויך געדרוקט איבער ליטעראַטור און קונסט. געשטאָרבן אין תל־אביב. עס האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש דער יונגער סטודענט פון אַ דייטשער הויכשול, וואָס איז צוריקגעקומען פון בערלין, פייוול גאַרפינקעל (1896—1944), וואָס האָט געקריגן אָנערקענונג פאַר זיינע לידער אין דער דייטשער ליטעראַרישער פּעריאָדיק פון יידיש־דייטשן דיכטער אַרנאָ נאַדעל און האָט דעביוטירט אין די „געזאַנגען". גאַרפינקעל איז אַן אייגנאַרטיקער דיכטער פון דער קלאַסישער פאָרעם און אַ מייסטער אויף סאָנעטן און האָט נאָר אין סאָנעט געפונען זיין פּעגאַז. אין יאָר 1919 איז אַרויס זיינס אַ בוך פון לירישע לידער און סאָנעטן „אין דער שטיל". אין די יאָרן ביזן חורבן אַרויסגעגעבן „ליכט און שאָטן", די דראַמאַטישע פּאָעמע „די קללה", די פּאָעמע „ביים סוף פון וועג" און אין 1939 דאָס בוך „לידער און באַלאַדן". ער איז לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין לאָדזשער דראַמקרייזן און אין שול־וועזן. אין לאָדזשער געטאָ געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער יידישער שול און אויך אין דער רעדאַקציע פון אַ צאָל אומלעגאַלע אויסגאַבעס. אין דער לאָדזשער פּרעסע געשריבן גרעסערע אָפּהאַנדלונגען איבער דער מאָדערנער דיכטונג און ספּעציעל וועגן דער דייטשער קלאַסיק, און אויך אַ גרעסערע אַרבעט וועגן י. וו. געטהע. אָנהייב אויגוסט 1944 געשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, וווּ ער איז אומגעקומען אַ מיתת קדושים.

אויך פּיניע בוקסהאָרן (1896—1937), וואָס האָט שוין געהאַט געדרוקט

עטלעכע לידער און אַרטיקלען אין די אויסגאַבעס פון די „ס״ס־פּאַראייניק־טע״, האָט אין ערשטן נומער „גערזאַנגען״ געדרוקט ליבע־לידער און אויך אויף טורמע־טעמעס, וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט שוין אין די פריִע יאָרן פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. פּיניע בוקסהאָרן איז געווען אַ מאָדנער טיפּ. אַליין פון אַ רייכער היים, איז ער אין די גימנאַזיע־יאָרן געקומען אין באַריר מיט יידישע פּראָבלעמען און געוואָרן אַ ס״סאָוויעץ. ער האָט געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין די פּוילישע זשורנאַלן פון זיין פּאַרטיי. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געוואָרן באַווירקט פון די לינקע פּפּ״ס און שפּעטער, נאָכן אויפקום פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, בעת דער פאַראייניקונג פון די לינקע פּפּ״ס און דער ס״ד אין פּוילן, אין גאַנצן אַריבער צו דער לינקער ריכטונג. אַ צייט געווען צוזאַמען מיט שכנא קאַראָלסקי אין דער רעדאַקציע פון אומלעגאַלן חודשניק אין יידיש „צום קאמף״. דאָרט געדרוקט אונטער פּאַרשידענע נעמען, דערהויפּט אונטער „יולסקי״. אייניקע מאָל געווען אַרעסטירט און זיך אַרויסגעדרייט פון טורמע. איך אַליין בין געווען אַן עדות פון דער פּאַרטיידיקונג בעת זיינס אַ פּראָצעס. אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון ליטעראַטן־פאַראיין האָב איך עדות געזאָגט, אַז אין דער צייט האָט ער געאַרבעט אויף זיין יידישער איבערזעצונג פון עווערס „אַלראַונע״ און איז באַפרייט געוואָרן. ער האָט אויך איבערגעזעצט פאַר דער וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע פון דער פּק״פּ פאַרשידענע מאַרקסיסטישע ווערק פון רוסיש אויף פּויליש און אויך פון דייטש. אַ צייט געווען רעדאַקטאָר פון דער „רויטער פאָן״ סיי אין יידיש און סיי אין פּויליש. אָנהייב דרייסיקער יאָרן אַנטלאָפן פון פּוילן קיין רוסלאַנד און אַ צייט געווען אַ רעדאַקציע־מיטגליד פון כאַרקאָווער ליטע־ראַרישן זשורנאַל „אין שטראָם״ און פון קיעווער „אָקטיאַבער״. האָט זיך אויך באַטייליקט אין מאָסקווער „עמעס״. אין 1937 אַרעסטירט געוואָרן און צוזאַמען מיט זיינע אַלטע פּאַרטיי־חברים פון פּוילישן ק.צ.: וואַרסקי, סאָ־כאַצקי, לאַנצוצקי און דעם לאָדזשער טעקסטיל־אַרבעטער און שפּעטערדיקן דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים — ראָזענבערג, פאַרמשפּט צום טויט און דערשאָסן.

זיין יוגנט־חבר, וויקטאָר פרישמאַן (1898—1936), וואָס הגם ער האָט

אָנגעשריבן אַ זידל־בראָשור קעגן „בונד" און איז געווען פון די רעדאַקטאָרן פון „אַפּיקוירעס" און פון „דער פריידענקער" און „ליטעראַרישע טריבונע" אין לאָדזש און אַ מיטאַרבעטער פון מינסקער „אָקטיאַבער", האָט זיך דאָס לעבן גענומען אין דער מינסקער טורמע. סיי פּיניע בוקסהאָרן און סיי וויקטאָר פרישמאַן, זענען געווען אין די סטודענטן־יאָרן תּלמידים פון יצחק גאָרדין (געב. 1889), וואָס האָט אין יענע יאָרן געאַרבעט אין לאָדזש. גאָרדין אַליין האָט אויך דורכגעמאַכט פאַרשידענע גילגולים און לאַנגע יאָרן געזעסן אין די סאָוויעטישע לאַגערן. נאָך דעם פאַרמירן פון דער פּוילישער קאָמו־ניסטישער רעגירונג אין פּוילן צוריקגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן און אַ צייט פאַרנומען פאַרשידענע דיפּלאָמאַטישע פּאָזיציעס (פּאַראייניקטע פעלקער), דערנאָך געווען אַקטיוו אין יידישן לעבן אין פּוילן. מחבר פון אַ בוך זכרונות און איינער פון די געציילטע מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקסשטימע", אין וועלכער ער שרייבט וועגן ליטעראַטור.

עס האָט אויך צום ערשטן מאָל געדרוקט זיינע לידער מרדכי אַלעי (געב. 1900), וואָס איז אויך פּונקט ווי זשיטניצקי, מרים אולינאָווער און דער פּאַריזער אַברהם ווייץ, געקומען קיין לאָדזש פון שטעטל לאַסק. מרדכי אַלעי האָט סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין לעבן, דורכגעמאַכט אַ מערקווירדיקן וועג. תּמיד אַ זוכער פון אמת, האָט ער כמעט ווי אַלע יונגע שרייבערס אָנגעהויבן מיט לידער און איז שפּעטער געוואָרן טאַלאַנ־טירט אין אַלע שרייב־פאָרמען. ער האָט געדרוקט לידער, נאָוועלן, אַרטיקלען און עסייען וועגן דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך. אַלעי, וואָס איז אין זיינע נאָוועלן און דערציילונגען, געווען זייער ווייט פון ווייסנבערגס דרך, איז אָבער געווען זיינס אַ שטאַרקער חסיד און ער איז תּמיד אַרויס־געטראָטן אים צו פאַרטיידיקן. אַ געוויסע צייט איז אַלעי געווען אַ מיטגליד פון דער לינקער שרייבער־גרופּע, מיטגעאַרבעט אין זייערע אויסגאַבעס און פאַרטיידיקט זייערע מעשים. ביז 1939 אַרויסגעגעבן די ביכער „ווינקלען", „ערד און ווינט" — דערציילונגען, און „אָרעמע שוועלן" — לידער. אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער 1939, בעת די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו וואַרשע, אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט זיך פון דער נאָענט באַקענט מיטן רוסישן קאָמוניזם און צוזאַמען מיט אַ צאָל אַלטע חברים פון

דער לינקער ריכטונג, אַזוי טיף אַנטוישט געוואָרן, אַז ער איז אַוועק אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג, געוואָרן אַ פרומער ייד, זיך געלאָזט וואַקסן אַ באָרד און נישט געגעסן קיין טריפות. אין ביאַליסטאָק האָט ער נישט גע־קענט באַקומען קיין אַרבעט אין דער צייטונג „ביאַליסטאָקער שטערן" און אויך נישט געקענט קריגן קיין פּאַספּאָרט, וואָס זאָל אים דערלויבן צו בלייבן אין ביאַליסטאָק. ער האָט צוליב דעם זיך פאַרשריבן צו פאָרן צוריק קיין וואַרשע. ווען עס זענען פאָרגעקומען (סוף יוני 1940) די באַקאַנטע סאָוויעטישע „כאַפּונגען" (טשיסטקעס בלע"ז) און מען האָט אַלעמען פאַר־שיקט אין די לאַגערן איז אַלעין געלונגען זיך צו באַהאַלטן. די זאַך איז געווען אַזוי: בעת מען האָט מיר נישט געוואָלט געבן קיין „גוטן פּאַספּאָרט" און איך האָב דעריבער מער נישט געקענט אַרבעטן אין „קראַסנאַיאַ פּאָליט־ראַ", ווו איך בין געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ פאַר מיינע שילדן, וואָס זענען געווען עפּעס נייעס אין דער אַרט אַרבעט, האָבן מיינע אַלטע לאָדזשער פריינד, געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס זענען געווען „אופּראַוו־דאָמען" ד"ה פאַרוואַלטערס פון די דורך דער רעגירונג איבערגענומענע הייזער, מיר איבערגעגעבן צום איבערמאָלן די גלעזערנע שילדלעך פון פּויליש אויף רוסיש. דאָס האָב איך אויסגענוצט צו באַהאַלטן אַלעין הינטער די אַלטע גלעזערנע הויזלאַמטערנעס. ער איז געווען אין מיין שוץ 5 וואָכן. אָבער ווען עס איז געוואָרן „הייס" און עס איז געווען אַ געפאַר, האָב איך שטיל דערציילט וועגן מרדכין, דעם טייערן ייד און אמתן צדיק, בערל מאַרק. מאַרק האָט אויך אין די ערשטע צייט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אָבער פּלוצים איז קיין ביאַליסטאָק געקומען דער פאָרזיצער פון ווייסרוסישן שרייבער־פאַרבאַנד, דער מיטגליד פון ווייסרוסישן פאַר־לאַמענט פעסטראַק און מאַרק האָט ריזיקירט און אים דערציילט וועגן אַלעין. נישט לאַנג האָט געדויערט און מאַרק האָט געהייסן, אַז איך זאָל באַקומען פאַר גוט געלט (5000 רובל) אַן אויסגעפילטן איינמעלדונג־צעטל, אַז מרדכי וווינט שוין פון פאַר דער מלחמה אין דער דירה. דאָס האָט געהאָלפן און אַלעי האָט אַרויסבאַקומען אַ „גוטן פּאַספּאָרט". ער האָט דערנאָך צוזאַמען מיטן דיכטער מאירל האַלפּערן און דעם פּראָזאַיִקער ציגאַמאַן מיר צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט. דאָס האָט אים אויך דערמעגלעכט,

אַז ער זאָל צוזאַמען מיט די שרייבערס זיך עוואַקויִרן, און מיטן לעצטן צוג צו פאָרן פון ביאַליסטאָק קיין טאַשקענט, ווו ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה. ער האָט דאָרט געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן און איז אויס־געקומען מיט זייער וויי̆ניק. ער האָט מיט יידישע קינדער געלערנט אלף־בית און זיי דערציילט וועגן יידן און יידישער געשיכטע און דער אַלטער יידישער רעליגיע. די רוסישע יידן האָבן אים דערפאַר אין געהיים געשעטצט, ער זאָל נישט אַרבעטן שבת און יום־טוב. בעת דער רעפּאַטריאַציע איז ער געווען פון די ערשטע צוריק צו קומען קיין לאָדזש. ער איז אַריין אין אַ חסידישן קיבוץ און געפירט זיך זייער פרום.

פילנדיק, אַז ביי דער קאָמוניסטישער ממשלה וועט ער סוף כל סוף נישט קענען אויסלעבן זיך, איז ער ביי דער ערשטער געלעגנהייט געפאָרן קיין ארץ־ישראל (ער שרייבט איצט נאָר רעליגיעזע און קינדער־לידער און אויף מאָטיוון פון די ספרי־קודש און תלמוד). עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן וועגן זיין נייעם דרך אַ געוויסן פּרט. בעת עס האָבן אין יאָר 1946 אָנגעהויבן דערשיינען די „יידישע שריפטן", אַרויסגעגעבן פון ליטע־ראַטן־פאַראיין, האָט ער צוגעשיקט עטלעכע לידער. ער האָט אָבער אין אַ בריוו צום רעדאַקטאָר און פאָרזיצער פון פאַראיין, לעאָ פינקעלשטיין, אויסגענומען אַ תנאי: זיינע לידער זאָלן נישט געזעצט און געדרוקט ווערן אום שבת. מרדכי אָלעי וווינט איצט אין בני־ברק און פירט זיך, ווי אַ חסידישער ייד, פּראַוועט התבודדות און שרייבט מיינסטנס נאָר אין עברית. זיין לעצט בוך „שירים", ירושלים, 1957, באַווייזט, אַז ער האָט געפונען זיין נייעם תוכן אין שטילן שיר, וואָס איז פול מיט ליבשאַפט צום לאַנד. ער אַרבעט אין דער שטאָט־ביבליאָטעק.

אין „געזאַנגען" האָט אויך צום ערשטן מאָל געדרוקט לירישע לידער ישראל רובין (1900—1941), וואָס האָט זיך שפּעטער (ווייל עס איז געווען נאָך אַ ישראל רובין, אַ ד"ר, וואָס האָט אויך געדרוקט), משנה שם געווען אויף ראַבאָן און אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די טיפּסטע ליריקער און פּראָזאַאיקער אין פוילן. וועגן אים וויל איך מער דערציילן.

ישראל ראַבאָן האָט אָנגעהויבן צו 15 יאָר צו דרוקן אין לאָזאַר קאַהאַנס „לאָדזער פאָלקסבלאַט" הומאָריסטישע לידלעך אין דעם אָפּטייל „דער

שראַפּנעל", אונטערן נאָמען „ישראליק דער קליינער". ער האָט אויך אָנגע־
הויבן פרי צו אַרבעטן, ווי אַ מאָלער פון פּלאַקאַטן. ער האָט געהאַט אַ זייער
ביטערע קינדהייט. גאַנץ פרי איז ער געוואָרן אַ יתום נאָכן פאָטער. דער
פאָטער, כאָטש ער האָט געשטאַמט פון ייד הקדוש און אַליין געקענט גוט
לערנען, האָט צוליב אַ סיבה נישט געוואָלט וויסן פון דער משפחה און צו
להכעיס איר געוואָרן אַ פורמאַן. דער זיידע פון דער מוטערס צד איז געווען
דער באַקאַנטער בדחן ישראל רעוויזאָרסקי, וואָס נאָך אים האָט ער געהייסן.
ישראל רעוויזאָרסקי איז באַקאַנט געוואָרן צו ערשט אין שטעטל פּשיסכע
און דאָרט פאַרפאַסט לידער און מעשיות, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין דער
גאַנצער געגנט. ראַבאָן דערציילט וועגן דעם אין זיין ערשט בוך לידער
„אונטערן פלויט פון דער וועלט", וואַרשע, 1928. אַ פּיצל קינד פון צוויי
יאָר, איז ער מיט דער מוטער און צוויי שוועסטערן און אַן עלטערן ברודער,
געקומען פון שטעטל גאָוואָרטשאָוו קיין לאָדזש, און באַלד אַריינגעפאַלן
אין האַרץ פון דער יידישער אָרעמקייט, אין באַלוט. דער הויף, ווו זיי האָבן
געוווינט איז געווען אַ גאַנץ יידיש שטעטל מיט מער ווי הונדערט קינדער,
וואָס האָבן זיך דערצויגן אויף דער גאַס. כדי צו קענען מפרנס זיין די קליינע
קינדער, האָט די מוטער אַלץ געטאָן, אָבער נישט געהאַט קיין מזל ביז זי
איז געוואָרן אַ פּרוי, אַ "שאַכער", ד"ה זי איז אַרומגעגאַנגען איבער די
הייף און געשריגן: „האַנדעל, האַנדעל" (מיר דוכט, אַז זי איז געווען אפשר
די איינציקע יידישע פרוי מיט אַזאַ מין פּרנסה). אַ גאַנצן טאָג איז זי נישט
געווען אין דער היים און די קינדער האָבן זיך אַליין דערצויגן. עסן פלעגן
די קינדער נאָר איין מאָל אין טאָג, ביי דער נאַכט, ווען די מוטער פלעגט
אָפּקאָכן דאָס ביסל וואַרעמס. דער עלטערער ברודער איז באַלד אַוועק זיך
לערנען וועבעריי און ווי נאָר ער האָט עפּעס פאַרדינט, איז ער אַוועק פון
שטוב און געוואָרן אַן „אחדותניק". ער איז אַרעסטירט געוואָרן און פאַר־
שיקט קיין סיביר. אַנטלאָפן און געקומען קיין אַמעריקע. אָבער נישט
געלאָזט פון זיך הערן.

ראַבאָנס מוטער האָט זיך אויסגעוויינט די אויגן און געמוזט שלום
מאַכן מיטן גורל. אָבער אין גיכן איז געשען אַ צווייט אומגליק. די עלטערע
שוועסטער איז אַוועק אויף אַ גליטשיקן וועג. דער קליינער ישראל איז

געבליבן מיט דער איינציקער שוועסטער און מיט דער נויט פון שטוב אויז פון אָרום. דאָס אַלץ האָט אויף דעם קומענדיקן דיכטער זיך געלייגט שווער אויף זיין געמיט און אין זיין נשמה איבערגעלאָזט דעם פּיין, וואָס ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט אַרויסגעפּיבערט אין זיינע לידער און אויך אין זיינע דערציילונגען, ווו ער האָט אַרויסגעבערענגט פאַרשידענע גרויל־ און מאַקאַב־ריסטישע סצענעס פון איינזאַמקייט און טרויער. אויך אויף אירע עלטערע יאָרן, ווען ראַבאָן איז שוין געווען אַלט עטלעכע און צוואַנציק יאָר, איז זיין מוטער געווען תמיד פאַריאָגט און זייער שווער געהאָרעוועט אויפן פּיצל ברויט. די שוועסטער איז צוגלייך מיט דער מוטער אַוועק גאַנץ פרי פון שטוב. געבליבן אַליין אין שטוב, איז ישראל, וואָס איז געלעגן אין בעט און פלעגט שלאָפן ביז שפּעט, ווייל ער פלעגט לייענען ביז פאַרטאָג. די טיר אין איינציקן שטיבל איז געווען אָפן, ווייל עס איז פּשוט נישט געווען וואָס צו גנבענען, סיידן די ביכער, וואָס זענען געווען צעלייגט אין שטויסן ביים בעט. שמאַטעס און פעדערן האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע זייטן. איין שויב פון פענצטער איז סיי ווינטער און סיי זומער געווען פאַרשטעלט מיט אַ רויטלעך, ברודיק קישן. ווי דאָס האָט געווירקט אויף ראַבאָנען, זעט מען סיי אין די פּאָעטישע ווערק און סיי אין די צוויי ראָמאַנען „באַלוט" און „די גאַס". ראַבאָן איז געווען אַ מתמיד, ביז שפּעט אין די נעכט געלייענט און געשריבן. צו יענער צייט האָט ער זיך געניט אין איבערזעצן פון דייטש די ליריקעס פון דער וועלט־ליטעראַטור.

אין זאַמלהעפט „וועגן", וואָס איך האָב רעדאַגירט אין לאָדזש, 1923, האָבן מיר ביידע געדרוקט, חוץ אייגענע זאַכן אויך איבערזעצונגען. ראַבאָן האָט געדרוקט לידער פון רילקע און יאָהאַנעס שלאַף; איך, חוץ מיין אַרטי־קעלע וועגן אָשר שוואַרצמאַן (וועמען איך האָב געקענט פון דער צייט וואָס איך בין געווען אין קאַליש) אויך איבערזעצונגען פון טאַגאָרע און געטהע. ער האָט אויך איבערגעזעצט פון דער פראַנצויזישער דיכטונג, וואָס האָט אויף אים משפּיע געווען.(וויאָן, רעמבאָ און באָדלער). מיר האָבן זיך ביידע גע־לערנט פראַנצויזיש ביי דעם לאָדזשער שרייבער שמעון שפּיגעל, כדי צו קענען לייענען די פראַנצויזישע פּאָעטן, וואָס זענען אונדז געווען נאָענט, אין אָריגינאַל. מיר האָבן פּרובירט איבערזעצן ווערלענען. ראַבאָן האָט אויך

זיך געלערנט אויף די סעקרעטאַרן־קורסן, וואָס דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן האָט איינגעאָרדנט. ראַבאַן, וואָס איז געווען אַ בן־בית ביי אונדז אין שטוב און וואָס מיין פאָטער האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין טאַלאַנט, האָט אויך פאַרוואָרפן אַ געלעגנהייט צו ווערן אַ גוטער שילדן־מאַלער, וואָס מיין פאָטער האָט אים געוואָלט לערנען און אפילו אים צוגעזאָגט באַלדיקע שכירות. ער האָט בעסער געוואָלט הונגערן, אַבי צו קענען זיך אָפּגעבן מיט שרייבן.

פאַר ראַבאַנען איז געווען נאָר איין פּאַסיע: שרייבן! און כאָטש ער האָט צוליב פּרנסה געמוזט שרייבן די סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען פאַר די צייטונגען (צענדליקער ראָמאַנען סיי אונטער י. ראָזענטאַל און אַנד. צוגע־טראַכטע נעמען, אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" און אין „היינט", וואָס טייל זענען אפילו געשטאַנען אויף אַ ליטעראַרישן ניוואָ — (דער פּאַל ברוך ווערדיגער), און אויך איבערגעמאַכט אַ צאָל ראָמאַנען פון דייטש און פּויליש; דאָך איז ער אין די ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אונטער זיין נאָמען, תמיד גע־שטאַנען אויף אַ זייער הויכער קינסטלערישער מדרגה. אין יאָר 1938, איז דערשינען זיין בוך „לידער", וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען און באַקומען אַ פּרעמיע פון וואַרשעווער פּען־קלוב. בעת די דייטשן זענען אַריין קיין לאָדזש, האָבן מיר ביידע זיך געלאָזט קיין ביאַליסטאָק, אָבער ראַבאַן איז באַלד צו מאָרגנס, אַוועק קיין ווילנע. אין יאָר 1940, האָט ער צוזאַמען מיט נח פּרילוצקי און י. י. טרונק רעדאַגירט דאָס גרויסע זאַמלבוך „אונטער־וועגס", אין וועלכן ער האָט געדרוקט סיי אַן אַרטיקל־נעקראָלאָג וועגן זעלבסטמאָרד פון שמעון האָראָנטשיק, מיט אָנווינקונגען, אַז דאָס איז דער אומדירעקטער רעזולטאַט פון דער סאָוויעטיש־נאַצישער חברשאַפט... (פאַרניכטעט געוואָרן ווען די באָלשעוויקעס האָבן אָקופּירט ליטע) און אַ קאַפּיטל פון אַ נייעם ראָמאַן „דער וועג צו די שטערן", וואָס האָט געזאָלט זיין אַ שטיקל חשבון־הנפש. ראַבאַן האָט אין ווילנע נישט שלעכט געלעבט. ער האָט זיך געחברט נאָר מיט די שרייבער פון פּוילן, צום מייסטנס מיט טרונקן און דעם מאָלער קאָזשען. צוליב דעם אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו קריגן אַ „לודימאַס" פון דער ליטווישער מאַכט, וואָס דערמעגלעכט צו באַקומען אַ וויזע. אין יאָר 1941, ווען איך בין געקומען קיין ווילנע, אויפצו־

זוכן אין ייווא מיין היסטאָרישן ראָמאַן „בר גיוראס לעצטער וועג”, וואָס נאָר אין ייווא איז געשיקט געוואָרן אַ קאָפּיע, האָב איך געטראָפן ראַבאַנען אין גאַנצן פאַרלוירן, נאָך דעם ווי טרונק איז אַוועקגעפאָרן.

וועגן זיין שטימונג אין די לעצטע לעבנס־חדשים און וועגן זיין לעצטן וועג, גיט איבער שמערקע קאַטשערגינסקי ז״ל אין געציילטע שורות אין זיין בוך „חורבן ווילנע”, „בעת די דייטשן זענען געקומען אים נעמען, האָט ער גאָרנישט גערעדט, נאָר געגאַנגען מיט זיי אויף פּאָנאַר”.

אַ גאַנץ אַנדערער מענטש איז געווען חיים קרול (1892—1946), וואָס האָט זיך אויך דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אין די „געזאַנגען”. אַ שטילער און שעמעוודיקער, זענען זיינע לידער דער טיפער תוכן פון זיין וועזן, מיט וועלכן ער האָט געקענט אַרומנעמען יעדן איינעם.

אַן אָפּשטאַמיקער פון גאָסטינינער צדיק יחיאל מאיר, האָט ער אין זיך געהאַט עפּעס פון יענער רבייִשער אַסקעטישקייט און מיטגעפיל צו יעדער בריאה, צו יעדן וועזן, וואָס ער האָט באַזינגען אין זיינע פרומע לידער.

געקומען פון דער זעלבער סביבה — פון דער יידישער אָרעמקייט פון באַלוט, האָט ער אין זיינע לידער מיטגעבראַכט דאָס געפיל פון פּחד פאַרן טאָג. זייער פרי איז חיים געוואָרן אַ יתום נאָך דער מוטער, און דער פאָטער, דער אַלמן, האָט אים דערצויגן. אַ פּראָלעטאַרישע שטוב אין טיפסטן באַלוט מיט פאַרשטויבטע וועבשטילן; דאָס איז געווען די לאַנדשאַפט פון זיינע וויזיעס און אַ בצמצום שטיקל טרוקן ברויט, זיין טאָג־טעגלעכע רעאַליטעט.

דער פאָטער, אַן אָרעמער וועבער, האָט חיימען צוגלייך מיט די צוויי קלענערע מיידלעך, גאַנץ פרי איינגעשפּאַנט אין יאָך פון די וועבשטילן. חיים האָט רעוואָלטירט דורך זיין שטילן אומעט פון לידער און דורך זיין טראַגישער ליבע, וואָס איז אויך געווען אַ מין פּראָטעסט קעגן זיין אָרעמען לעבן. אין אַ געוויסן זין האָט ישראל ליכטענשטיין אויף אים משפּיע געווען, אים געעצהט ווי צו האַנדלען אין טראַגישע צייטן. חיים קרול איז אין גאַנצן געווען אונטערן איינפלוס פון דיכטער און עסייִסט משה וואַרשע (1887—1912), וואָס האָט אויך געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דער יונגער ליטעראַרישער גענעראַציע אין לאָדזש. משה וואַרשעס איינציק בוך

„וועגן פון אַ נשמה״, וואָס איז דערשינען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט בפירוש געהאַט די טויטלעכע ווירקונג אין דער פאָרמירונג פון חיים קרולס לעבן און שאַפן. די קורצע שורות פון משה וואַרשעס בלעטלעך, זענען פאַר חיימען געווען, ווי די קורצע זאַצן פון די נביאים און פון אַ נייער עוואַנגעליע. אויף פראַנץ פון אַסיס האָט אויף חיימען איבערגעלאָזט אין זיין ליד די ווירקונג פון הייליקער פאַרגאַנגלעכקייט. דאָס איז דער שליסל צו זיין פאָעטישער געשטאַלט און געזינונג.

חיים קרול האָט שפּעטער זיך געדרוקט אין אַלע אויסגאַבעס פון די יונגע אין לאָדזש, באַזונדער אין „יונג־אידיש״, „ס׳פעלד״, „וועגן״, „שוועלן״ א„אַנד. אין יאָר 1924 האָט ער צום ערשטן מאָל זיך באַטייליקט אין די ניו־יאָרקער „שריפטן״, וואָס האָט אים געמאַכט דעם שם פון אַן אייגנאַרטיקן דיכטער. ער איז שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע און זיך געדרוקט סיי אין „צוקונפט״ און סיי אין אַ גאַנצער ריי ליטעראַרישע אויסגאַבעס. אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״ געפירט אַ כסדרדיקע, אינטימע קריטיק וועגן ביכער און שרייבערס, וואָס ער האָט דערנאָך אַריינגענומען אין זיין בוך „אַרום זיך״. זיין בוך „הימלען אין אָפּגרונד״, 26 זייטן לידער מיט פאַרביקע מאָלערייען פון דער יונגער, אָבער זייער טאַלאַנטירטער מאָלערין אסתר קאַרפּ (1901—1970), וואָס איז ערשט געהאַט געקומען קיין לאָדזש פון קליינעם שטעטל סקערניעוויץ, האָט געמאַכט אַ רושם סיי מיט די לידער און סיי מיט דער מאָלעריי. ער האָט נאָך שפּעטער אַרויסגעגעבן די לידער־ביכער „לויבן״ און „אינדערלייטערונג״, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער תפילה־סטיל און מיט דער סובטעלקייט און מילדקייט פון געפיל. אין ניו־יאָרק האָט זיך לאַנגע יאָרן פאַרנומען מיט חיימען סיי זיין ערשטער רעדאַקטאָר, דער דיכטער און נאָוועליסט דוד איגנאַטאָוו, וואָס האָט אים באַזאָרגט מיט אַן אַרבעט־פּלאַץ אין „האַיאַס״ און סיי דער דיכטער י. ה. ראַדאָשיצקי, וואָס איז אים געווען ווי אַ פאָטער און כסדר אים געהאָלפן. חיים קרול איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1946, אין אַ שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַר קראַנקע. זיין לאָדזשער חבר, ראַדאָשיצקי, האָט פאַר חיימען אָפּגעגעבן אַ טייל פון זיין פאַמיליע־קבר און דאָרט אים קובר געווען. ראַדאָשיצקי, דער שטילער צדיק, וואָס האָט תמיד שווער געאַרבעט אויף

פרנסה, האָט אויך אין זיינע לעצטע יאָרן, ווען ער האָט שוין געהאַט גע־צײלטע אָפּגעשפּאָרטע מטבעות, אַרויסגעגעבן און געהייליקט חיים קרולס לעצטן באַגער: אַרויסגעגעבן די איבערגעבליבענע שריפטן. דאָס בוך „כתבים פון חיים קרול" מיט אָפּשאַצונגען און זכרונות וועגן איינזאַמען און צאַרטן דיכטער, פאַרחתמעט דאָס לעצטע בלעטל און בוך פון זיין פאַר־פייניקט לעבן.

אָבער די גרופּע „געזאַנגען" איז זיך צעפאַלן נאָכן צווייטן העפט. די סיבה איז געווען, וואָס הערשעלע האָט געדרוקט יעדן איינעם, כאָטש אין צווייטן נומער „געזאַנגען" זענען שוין געווען פאַרטראָטן כמעט אַלע עלטערע לאָדזשער דיכטערס, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסע חשיבות. דאָך האָט די גרופּע פון חיים קרול, ישראל ראַבאָן און חייב לייב פוקס, באַשלאָסן אָפּ־צוטיילן זיך און אַרויסגעבן אַ נייעם, אייגענעם זשורנאַל. אין אַ צייט אַרום איז אַרויס, אונטער דער רעדאַקציע פון ישראל ראַבאָן און חיים לייב פוקס, די אויסגאַבע „ס׳פעלד", 6 העפטן מיט לידער, פּראָזע און עסייען.

דער זשורנאַל האָט געדרוקט נישט בלויז לאָדזשער שרייבערס, נאָר אָפּגעגעבן אָרט פאַר גוטער ליטעראַטור בכלל. אַזוי האָט אין „ס׳פעלד" געדרוקט איינס פון זיינע ערשטע און שענסטע לידער ישראל שטערן, וואָס האָט אין יענער צייט ערשט אָנגעהויבן שרייבן און איז געווען נאָענט צו דער לאָדזשער גרופּע. אויך כמעט די גאַנצע ווינער גרופּע: מלך ראַוויטש, בער האָראָוויץ, אורי צבי גרינבערג, דוד קעניגסבערג און אַ צאָל אַמעריקאַ־נער יידישע יונגע דיכטערס: ביאַלאָסטאָצקי, נפתלי גראָס, ז. ווייַנפּער, י. י. סיגאַל א״אַנד. דאָרט האָבן אויך געדרוקט צום ערשטן מאָל זייערע קליינע פּראָזע־אַרבעטן פרץ אָפּאָטשינסקי און מלך שוואַרץ (1892—1944), וואָס האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן שרייבן אָבער נישט געדרוקט. אין דער מלחמה פון 1914—1918 געווען אין דער רוסישער אַרמיי און נאָכן צוריקקומען קיין לאָדזש, ווידער באַנייט זיין שרייבן נאָוועלן און דערציילונגען, וואָס זענען געווען אונטער דער השפעה פון דער רוסישער ליטעראַטור. מלך שוואַרץ האָט זיך מפרנס געווען פון זיין קונסטשטיקערײַ און געווען טעטיק אויך אין יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. ער האָט ביזן חורבן געדרוקט דערציילונגען אין דער לאָדזשער פּרעסע און אויך אין

„וועגן", „שוועלן" און אַנדערע אויסגאַבעס. מחבר פון אַ בוך. געווען אין לאָדזשער געטאָ, אָבער נישט אין קיין שום ליטעראַרישער גרופּע, נאָר פּאַסיוו אויפגענומען זיין גורל, אומגעקומען אין אוישוויץ.

אין „ס'פעלד" האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן דרוקן ישעיה שפּיגעל (געב. 1903). זיינע דעמאָלטיקע לידער, וואָס זענען נאָך געווען אונטערן איינפלוס פון דער מאָדערנער פּוילישער דיכטונג, האָבן שוין דעמאָלט פאַרמאָגט עפּעס אייגנאַרטיקס, וואָס האָבן באַוויזן שפּיגעלס קינסטלעריש פּנים. ער איז נאָך געווען אומבאַהאָלפן סיי אין אויסדרוק און סיי אין פאָרעם, אָבער אַפילו אין דעם אוממעכטיקן ריטעם פון זיינע ערשטע פּערזן, זעען זיך שוין די קאָנטורן פון אַ קומענדיקן טאַלאַנט.

ישעיה שפּיגעל שטאַמט אויך אָפּ פון אַן אָרעמער שטוב אין באַלוט, אָבער זיין פאָטער וואָס האָט געצויגן זיין יחוס פון די לענטשיצער משכילים און איז אַליין אויך געווען אַ משכיל, האָט ישעיהן געגעבן אַ וועלטלעכע דערציִונג און נישט איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, ביז ער האָט געענדיקט אַ שולע און געלערנט שפּראַכן. אויך דאָס וואָס ער איז לאַנגע יאָרן געווען אַ לערער אין דער מעדעם־שול אין לאָדזש און אין דער פרייער צייט גע־לערנט ווייטער, האָט אויסגעווירקט צו זיין ליטעראַרישן וועג־אַרויף. ער האָט זיך אין יענע יאָרן געאיבט אין ענגליש און אַפילו איבערגעזעצט אייניקע דראַמעס פון בייראָן און שעקספּיר, אָבער זיין ליבשאַפט איז געווען דאָס יידישע ליד און נאָוועלע...

אין זיין ערשט בוך לידער „מיטן פּנים צו דער זון", וואָס איז דערשינען אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן אין לאָדזש, זעט זיך שוין דער שפּעטער־דיקער שפּיגעל, וואָס וועט איבעררעשן.

און כאָטש ער זאָגט אויף זיך אַליין:

„ישעיה שפּיגעל, דיכטער־פוטוריסט, נישטאָ!"

און אויך:

„ס'האָט שפּיגעל שוין אַ ליד געגנבעט פון מאַרקיש אָדער טובים"

אָדער ווי אין זיין ליד „מיין טויט" אין וועלכן ער בעט זיך, אַז ער:

„וויל נישט שטאַרבן ווי אַ גאון".

דאָך האָט ער באַוויזן שטריכן פון געניאַליטעט אין זיינע נאָוועלן פון

די געטאָס און לאַגערן („מענטשן אין תהום״, 1949; „די בריק״, 1963), אַ גאונות פון קענען מיט די דינסטע טענער אַרויסברענגען דעם גרעסטן ווײ און פּיין, ווי מיר זעען עס אין זיינע ביכער, אין וועלכע מיר דערהערן אין יעדן וואָרט מוזיק, וואָס מאַכט נאָענט און אייגן דאָס, וואָס ער ברענגט אַרויס.

ישעיה שפּיגעל האָט אַדורכגעלעבט דאָס לאָדזשער געטאָ און דעם אוישוויצער גיהנום, אָבער ער איז פון דאָרטן צוריקגעקומען אַ געלייטערטער מיט גלויבן, אַז דורך זיינע לידער און נאָוועלן וועט אויפגיין אַ ניי ליכט וועגן לעבן פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ, וואָס אומפאַראַנטוואָרטלעכע טומלער וואַרפן פאָר „אַז זיי האָבן נישט געמאַכט קיין אויפשטאַנד״. שפּיגעל האָט שוין אין זיין ערשט בוך נאָכן חורבן, אין „מלכות געטאָ״, 1947, אַרויס־געבערענגט די טראַגיק און העראָיק פון אָט די יידן, וואָס האָבן נישט פאַר־לוירן זייער פּרצוף המענטש, נאָר געקענט זיך אויפהייבן צו אַ פּראָמינענטן קידוש־השם אין זייערע טאָג־טעגלעכע מעשים צו דערהאַלטן דאָס פּיצעלע לעבן, זייערס און פון זייערע משפּחות, ווי עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים „וחי בהם״ און מען האָט באַדאַרפט זיין אַ מאַמין בכל לבבך, אַז אַ מאַמע האָט אַוועקגענומען פון איר „ראַציע״ אַפילו איין לויט ברויט, איז עס אין אמתן געוועזן ווידערשטאַנד קעגן די נאַצים, וואָס האָבן געפּייניקט און אַפילו נישט צוגעלאָזט קיין מינוט פון גלויבן, אַז מען וועט איבערהאַלטן.

שפּיגעלס לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ און זענען אַריין אין בוך „און געוואָרן איז ליכט״, 1949, זענען נישט בלויז דער אויסדרוק פון זיין צעווייטיקדיקער נשמה, נאָר פון זיי גייט אויף דאָס געוויין און געשריי פון געטאָ־ייד, פון יידישן קינד, ווי מיר לעבן עס כסדר איבער אין זיין „וויגליד״ וואָס צעשניידט דאָס האַרץ. און אַזוי אַלע ביכער פון „שטערן איבערן געטאָ״, איבער „ליכט פון אָפּגרונט״, 1952, און די נאָוועלן וואָס קומען אַריין אין „ווינט און וואָרצלען״, 1955, ביז צו זיינע לעצטע צוויי ווערק „פלאַמען פון דער ערד״ און „שטיגן צום הימל״, 1966, וואָס באַלייכטן מיט אַ העל ליכט דאָס גייסטיקע געשטאַלט פונעם געטאָ־ייד. שפּיגעל איז געבליבן געטריי זיין מיליע און בעת מיר באַגעגענען זיך

ווידער מיט זיינע טיפּן, פילן מיר אין זיי אויך אונדזערע בענקשאַפטן און חלומות פון מענטש צו מענטש און פון ייד צו מענטש. מיר מיינען דערמיט זיין געבן די טיפּן פון די געציילטע חסידי אומות העולם, וואָס האָבן איינ־שטעלנדיק זייער אָרעם לעבן, דאָך נישט פאַרשעמט דעם מין מענטש, ווי מיר דערפילן ביי זיין מאָלן דעם טיפּ פון „גלאָקנציִער" אין קליינעם קלויסטערל אָדער אין די נעבנטיפּן פון די לעצטע צוויי ביכער. און גוט איז געשען, וואָס שפּיגעלס נאָוועלן זענען איבערגעזעצט אין עברית, וואָס דורך זיי וועט דער יונגער לייענער אין דער יידישער מדינה, וואָס פילט נאָר גבורה, אפשר אויך דערפילן דעם נס פון לעבן „אַף על פּי", וואָס איז פאַראַנען אין שפּיגעלס ווערק פון חורבן.

אין „ס'פעלד" האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן מיט אַ ליד דער מאָלער מאַרק שוואַרץ (1892—1962). ער האָט דערנאָך געדרוקט לידער און אַרטיקלען איבער קונסט אין אַנדערע אויסגאַבעס אין לאָדזש און וואַרשע. ער איז געווען דער ייִנגערער זון פון זגערזשער ציוניסטישן עסקן און יידיש־העברעיִשן שרייבער ישכר שוואַרץ (1859—1936), וועלכער איז געווען פון די ערשטע מיטאַרבעטער פון „לאָדזער נאַכריכטען" און „ל. טאַגעבלאַט". ער האָט אויך געדרוקט אין ניו־יאָרקער „טאָג". מאַרקס עלטערער ברודער אינזש. שמואל שוואַרץ (1883—1938), דער פאָרשער פון די אַנוסים אין פּאָרטוגאַל און שפּאַניע — האָט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" און אין וואַר־שעווער „היינט" געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער בענקשאַפט פון די מאַראַנען אויפן אינדזל מאַיאָרקאַ. מ. שוואַרץ איז געווען אַ זייער קאָמ־פּליצירטע, געשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט. ער איז פון תמיד אָן געווען פון די זוכערס פון נייע אידעען און אויסדרוקן. אין די נומערן פון „יונג־אידיש" האָט ער געגעבן אַ האָלצשניט־צייכענונג פון יוחנן המטביל, וואָס האָט אַרויסגערופן חידוש. דאָס האָט אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין פראַנקרייך, אַוועקגעפירט פון יידישקייט און פון יידישער קונסט־שאַפונג און אים געבראַנגט צום קאַטאָליציזם. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ תלמיד פון פראַנץ פון אַסיס און האָט אַפילו איבער־געזעצט אויף יידיש אַ טייל פון זיינע שריפטן (קיין מאָל נישט פאַרעפנט־לעכט). דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז מיר זאָלן מיט אים איבעררייסן די

חברישקייט, וואָס האָט זיך געצויגן פון 1912, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער לאָדזשער קינסטלער־קרייז, וואָס האָט אויך אַרויס־געגעבן די אויסגאַבע „מחמדים" אין לאָדזש. אין יאָר 1948, ווען איך בין אַנטלאָפן פון קאָמוניסטישן פּוילן און געקומען קיין פּאַריז, איז ער באַלד געקומען צו לויפן אין שרייבער־הויז, אויף גי פּאַטין 9, און זיך געפרייט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט דעם חורבן. ער האָט געוואָלט מיך איבערצייגן, אַז ער איז געבליבן אַ גוטער ייד, כאָטש ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קלויסטער און אַז איך דאַרף אים צוזאַמענברענגען מיט די לאָדזשער יידישע קינסטלער און שרייבערס. איך האָב אים אָבער געזאָגט, אַז ער דאַרף אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט אַ דערקלערונג. ער האָט געשוויגן, אָבער אין זיין אויג האָט געפינקלט אַ טרער. איך האָב אים מער נישט געזען. צי ער האָט תשובה געטאָן איז פאַרבליבן אַ סוד. איינס קען איך צוגעבן, וואָס דאַרף אפשר פאַרלייכטערן זיין יידישן גורל: זיין טאָכטער האָט זיך באַזעצט אין ישראל. זי איז די פרוי פון יידיש־ענגלישן שרייבער מאיר לעווין פון ניו־יאָרק.

אויך אַ צאָל אַנדערע יידישע מאָלערס האָבן זיך באַטייליקט אין „יונג־אידיש". יאַנקל אַדלער (1895—1949), האָט צוגלייך מיט זיינע בילדער „אַ תפילה" האָט געהאַט אין זיך עפּעס אָריגינעלס — אויך געשריבן וועגן יידישער קונסט, די מאָנאָגראַפיע פון י. ב. ריבאַק, און אין „פּאַריזער היינט". געדרוקט אַ סעריע „בריוו פון שפּאַניע", וואָס צייכענען זיך אויס מיט דער פאַרביקייט און עכטקייט, געזען מיט אַ מאָלעריש אויג. אין די יאָרן פאַרן חורבן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אין אַ ניי ליכט, צוליב זיין נעאָ־סורעאַליזם, וואָס ער האָט דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער יידישער קונסט־וועלט. אין נומער פון די „ליטעראַרישע בלעטער" איז געווען אין גאַנצן געווידמעט זיין קונסט. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און ווידער געלעבט אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד, ווו ער איז געשטאָרבן פּלוצים פון אַ האַרץ אַטאַק, בעתן גרייטן זיך צו באַזעצן אין מדינת־ישראל.

אויך איטשל ברוינער (1895—1944), וואָס איז געווען שפּעטער אויף אַלע געביטן פון דער קונסט, האָט געשריבן יידישע לידער און אַרטיקלען

וועגן טעאַטער און מאַלעריי, סיי אין דער לאָדזשער פּרעסע און סיי אין „היינט". ער איז געווען פון די רעדאַקציע־מיטגלידער פון „יונג־אידיש". אין לאָדזשער געטאָ האָט ער נישט געוואָלט געניסן פון רומקאָווסקיס „טאַלאָנען", נאָר געהונגערט און געשאַפן סיי אין בילד און סיי אין לידער, וואָס ער האָט געשריבן מיט טאַלאַנט, מיט אַן אייגנאַרטיקן הומאָר און אין דער פאָרעם פון אַ מגילה, ווי ער האָט עס אָנגערופן, כדי „נאָך היטלערס מפּלה, זאָל בלייבן נאָך אַ מגילה לדורות". אומגעקומען אין סוף אויגוסט 1944, אין אוישוויץ. בכלל האָבן אָבער די לאָדזשער מאָלער אין זייערע לידער עקספּערימענטירט און אַרויסגעברענגט די אויסדרוקן, וואָס זיי האָבן נישט געפונען די פּאַסיקע פאָרעם אין זייער מאָלן.

אויך יצחק בערלינער (1899—1957) האָט אָנגעהויבן זיך צו דרוקן אין „ס'פעלד". בערלינערס שפּעטערדיקע לידער־ביכער זענען אַ וויכטיקער צושטייער צו דער נייער מאָדערנער יידישער דיכטונג. אין יענע יאָרן אָבער, ווען ער האָט דאָס ערשטע ליד געדרוקט אין „ס'פעלד", האָט ער געאַרבעט ביי שניידעריי און געוווינט אין דער יידישער אָרעמער געגנט און צווישן אייך בגד און אַנדערן האָט ער אויסגעשטעפּט די לידער, וואָס האָבן אים אויפגעהויבן העכער פון דער שניידער־מאַשין און אים געגעבן די פליגל און דעם מוט צו זיין דיכטערישן וווקס און אויפשטייג. יצחק בערלינערן איז פּונקט ווי אַ סך פון זיינע חברים פון לאָדזשער שרייבער־קרייז פון די „יונגע" אויסגעקומען שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין מעקסיקע צו ווערן אַ פּיאָנער פון דער אָרטיקער יידישער ליטעראַטור און פון דער יידישער קולטור בכלל. ער איז געווען פון די ערשטע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן צעאַקערט דאָס רויע פעלד פון יידישער דערציִונג און איינער פון די מיטגרינדער פון אַ יידישער פּרעסע און ליטעראַטור אין דעם נייעם יידישן וועלט־ווינקל. די אויסגאַבע „דריי וועגן", וואָס ער האָט צוזאַמען מיט די דיכטער יעקב גלאַנץ און משה גליקאָווסקי אַרויסגעגעבן, זענען די שענסטע פלאַנצן אין מעקסיקאַנער ישוב. לאַנגע יאָרן איז ער געווען פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „דער וועג", אין וועלכן ער האָט חוץ לידער אויך געדרוקט זיין וועכנטלעכן קאָלום „דורך מיינע שויבן" — עסייען וועגן ליטעראַרישע און קולטור־ענינים. ער איז דער מחבר פון אַ צאָל לידער־

ביכער, וואָס זענען אַריין אין אוצר פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג, צווישן זיי דאָס גרויסע און אייגנאַרטיקע בוך „שטאָט פון פּאַלאַצן", מיט צייכענונגען פון גרויסן מעקסיקאַנער מאָלער דיעגאָ ריווערא, אין וועלכן ביידע קינסטלער האָבן אַרויסגעבראַכט דעם פיין פון אָרעמען מעקסיקאַנער פאָלק און צום ערשטן מאָל, דורך אַ יידישן דיכטער, פּנים לפּנים, געוויזן די נויט און צוגלייך די אינערלעכע שיינקייט פון מעקסיקאַנער מענטש. זיינע ביכער „שטיל זאָל זיין", „עד מתי", זענען אַ קינה אויפן יידישן חורבן איז פּוילן און זענען פון די ווייי־ און פּיין־געשרייען פון יידישן פאָלק אין יענע יאָרן. אַ גאַנץ באַזונדערן פּאָעטישן ווערט האָט זיין לעצט בוך „געזאַנג צום מענטש", אין וועלכן עס קומען צום לירישן נשמה־אויסגוס סיי דעם דיכ־טערס פאַרגעפּיל פאַרן נאָענטן טויט און סיי די געזאַנגען צום יידישן מענטש. גאַנץ באַזונדער דאַרף דערמאָנט ווערן בערלינערס ליבשאַפט צו יידיש, וו אויפן הינטערגרונט פון אַ פּרץ־וויזיע זינגט ער אויס זיין בענק־שאַפט און צו גלייך זיין גלויבן אין דער יידישער שפּראַך. אויך זיינע „שפּיטאָל־לידער" זענען פון די איינציקע אַזוי פאַרטיפטע און אַזוי האַרמאָ־ניש גאַנצע לידער וועגן די שפּיטאָל־קראַנקע, וואָס ער האָט אַריינגענומען זייער פּיין אין זיך און צוריקגעגעבן אין זיינע לידער. ער איז געשטאָרבן אין מעקסיקע, פעברואַר 1957.

אין „ס׳פּעלד" האָט אויך געפונען אַ וואַרעמע, חברישע באַציִונג אַ גרופּע יונגע שרייבערס, ווי: נטע גאָלדקראַנץ (1904—1944) פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו אַן אייגנאַרטיקן שריי־בער און דיכטער. זיין פּאָעמע „באַלוט" האָט אים געברענגט לויב. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט", און אין 1939 געהאָט פערטיק זיין בוך לידער און נאָוועלן, וואָס איז צוליב דער מלחמה נישט דערשינען. ער איז אומגעקומען אין טאָמאַשאָווער געטאָ; אלחנן נאַטאַל (געב. 1897), אַ יונגער אַרבעטער פון שטעטל קאָנין, וואָס האָט געשריבן רעוואָלוציאָנערע, אָבער פוטוריסטישע לידער. ער האָט אויך געדרוקט אין אַנדערע לינקע אויסגאַבעס אין פּוילן. נאַטאַל איז אין אַ צייט אַרום אַוועק אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און ביז צו דער מלחמה פאַרשווונדן אָן יעדן שפּור. אין 1955 האָט מיר זיין ברודער הערש מאיר געשריבן פון לאָנדאָן, אַז ער

לעבט. אָבער צי איז ער ווייטער טעטיק שרייבעריש האָט ער נישט געוווסט ; דאָרט האָט זיך אויך צום ערשטן מאָל געדרוקט יעקב דוד זילבערשטיין (1895—1942), דער שוואָגער פון חיים קרול, וואָס האָט שפּעטער זיך אויך געדרוקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט". ביזן חורבן געוווינט אין שטעטל שידלאָווצע, געלעבט פון קאָמאַשנשטעפּערײַ און זיך באַטייליקט אין „ראַדאָמער לעבן" א"אַנד. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אומגעקומען אין חורבן.

עס האָט געדרוקט אייניקע לידער יעקב בער גיפּס (1894—1942), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון שניידער־שטעטל בזשעזשין און געווען אַ לערער אין דער פ"צ־שול אויפן נאָמען פון בער באָראָכאָוו. גיפּס, וואָס האָט זייער גוט געקענט העברעיִש, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איבערצוזעצן אין יידיש די שענסטע פּיוטים פון דער יידישער ליטורגיע, וואָס ער האָט טיילווייז באַוויזן צו טאָן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיין יידישע איבערדיכטונג פון „אַקדמות" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גאָר רייכער שפּראַך־ווירטואָזיטעט. אין יענע יאָרן האָט ער געשריבן מאָדערנע לידער פון צער און פּיין און צוגלייך מיט אַן אמונה אין דער רעוואָלוציע, וואָס וועט קומען פון מזרח. ער האָט אויך געדרוקט אין „וועגן", „שוועלן" און געווען מיטרעדאַקטאָר סיי פון דער „ליטעראַרישער וואָכנשריפט", וואָס איך און רובין האָבן אַרויסגעגעבן און סיי ווי אַ מיטרעדאַקטאָר פון דער לאָדזשער נאָכמיטאָג־צייטונג „לאָדזער מאָרגענבלאַט". אין יאָר 1923 איז ער געוואָרן אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער און אַ צייט (פון 1926 ביזן פאַרמאַכן זיך אין יאָר 1933) אַ רעדאַקציע־מיטגליד פון באַניטן „לאָדזער טאָגעבלאַט", ווו ער האָט געשריבן די לייט־אַרטיקלען א"נ ד"ר ב. זיידאָוו, און וועגן יידישע ענינים א"נ זשאַק בער, אויך פעליעטאָנען. אין דער צייטונג האָט ער אויך געדרוקט אין המשכים איבאַנעזס ראָמאַן „דער קרבן פון פאַנאַטיזם", וואָס איז אַרויס אין בוך־פאָרעם אין יאָר 1928. אין יאָר 1939, בעת דער נאַצישער ממשלה, אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין ביאַליסטאָק און גערודפט געוואָרן, נישט פון די יידישע קאָמוניסטישע שרייבערס, נאָר פון די נאָכלויפערס, וואָס האָבן זיך געחנפעט צום רעזשים... צוליב דעם געמוזט אַוועק אַרבעטן אין אַ דאָרף, ווי אַ ווייסרוסישער לערער. אומגעקומען אין די יאָרן פון חורבן.

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען מלך פאַגעל (1898—1939), וואָס איז אויך ווי גיפס געקומען פון זעלבן שטעטל. זיין גאַנץ שטרעבן איז געווען צו זען זיינע פרימיטיווע לידער געדרוקט. די לידער האָבן אָבער נישט נושא חן געווען ביי דער רעדאַקציע און פון דער גרויסער צאָל לידער, וואָס ער האָט געגעבן, האָבן מיר געדרוקט בלויז עטלעכע. מלך פאַגלען האָט עס אָבער נישט אָפּגעשראָקן, און ער האָט אַפילו פאַרגעלייגט צו באַצאָלן פאַר דער גאַנצער אויפלאַגע, וואָס ער האָט געטאָן מיט אַ מין ליבשאַפט. בכלל האָט פאַגעל צו זיינע לידער זיך באַצויגן מיט אַ סופּער־געפיל און געווען ממש פאַרליבט אין דער יידישער דיכטונג, ווי אין אַ געליבטער. ער האָט אויך געדרוקט אייניקע לידער אין דער פּראָווינץ־פּרעסע און אַרויס־געגעבן אייניקע לידער־ביכלעך מיט פּאָעמעס פון אַ פרימיטיוון אָבער פאָלקסטימלעכן געמיט. אומגעקומען בעת דער באָמבאַרדירונג פון בזשעזשין, דעם 8טן סעפּטעמבער 1939, דורך די דייטשע רוצחים, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט גאַנץ נידעריק און באַשאָסן די אומבאַשיצטע מענטשן, וואָס זיי האָבן באַמערקט.

איין נומער „ס׳פעלד״ איז געווען געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון יונג פאַרשטאָרבענעם מיטגליד פון דער גרופּע, דעם דיכטער דוד זיטמאַן (געשטאָרבן דעם 26סטן יאַנואַר 1923). אין נומער זענען געווען אָפּגעדרוקט זיטמאַנס „שפּיטאָל־לידער״ די ערשטע פון דעם זשאַנער אין דער יידישער פּאָעזיע. (ערשט שפּעטער האָט ישראל שטערן געשריבן זיינע שפּיטאָל־לידער). דאָס נעקראָלאָג־אַרטיקל און אַ קריטיש־ביאָגראַפישע אָפּשאַצונג האָט געשריבן חיים לייב פוקס. מיט לידער זענען אויך פאַרטראָטן געווען אַלע מיטאַרבעטער און חברים פון דער אויסגאַבע. די לאָדזשער דיכטערס האָבן מיט דעם העפט, וואָס איז דערשינען נאָכן טויט פון זיטמאַנען, באַוויזן זייער באַציִונג צום יונגן שרייבער, וואָס איז געווען עלנט און נישט באַמערקט פון די אָפיציעלע ליטעראַטור־קריטיקערס.

כמעט אין דער זעלבער צייט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „ס׳פעלד״ (סוף 1919), איז אויך דערשינען דער ערשטער נומער פון אַ נייעם זשורנאַל: „יונג־אידיש״, וואָס האָט אַריינגעבראַנגט עפּעס נייעס. „יונג־אידיש״ איז אַ חוץ דעם וואָס ער איז שוין אויסערלעך געווען אַנדערש

פון די ביז איצט דערשינענע יידישע זשורנאַלן (געדרוקט אויף פּאַק־פּאַפּיר אין גריץ, ברוין און אין אַנדערע קאָלירן) איז אויך לגמרי געווען אַנדערש אין אינהאַלט. די זעקס נומערן „יונג־אידיש" זענען דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון משה בראָדערזאָן, יאַנקל אַדלער און איטשל ברוינער, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון דער לאָדזשער יונגער קינסטלער־גרופּע, די מאָלערס, סקולפּטאָרן און מוזיקער.

עס האָבן מיטגעאַרבעט: איטשל ברוינער מיט האָלצשניטן און צייכע־נונגען. אין יענער צייט האָט ער געשריבן זיינע אַרבעטן איבער טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, אָבער נישט געהאַלטן פון דרוקן זיי. יאַנקל אַדלער, וואָס האָט אין זשורנאַל געגעבן סיי פון זיינע „בעל־שם"־בילדער און סיי זיינע ערשטע לידער. אַדלער האָט אויך שפּעטער געדרוקט אימפּרעסיעס וועגן מאָלעריי אין פאַרשידענע צייטשריפטן. מאַרק שוואַרץ, וואָס האָט חוץ זיינע צייכענונגען אויך געשריבן לידער און קריטישע אַרטיקלען און עסייען וועגן דער יידישער ליטעראַטור. צוו"אַנד אַ פּאָלעמיק מיט אַפּאַטאָשון וועגן די „פּוילישע וועלדער"; דער קאָמפּאָזיטאָר הענעך קאָן, וואָס האָט דערנאָך אויך געדרוקט וועגן יידישער און אַלגעמיינער מוזיק און טעאַטער־פּראָבלע־מען; די פרויען־קינסטלערינס: דינה מאַטעס, שפּעטערדיקע דעקאָראַטאָרין פון „ארריט"־טעאַטער; אידאַ ברוינער, די שוועסטער פון איטשל ברוינער און זאָפיע גוטענטאַג, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו אַן אייגנאַר־טיקער מאָלערין (לעבט אין מעקסיקע).

אין די 6 נומערן, וואָס זענען געווען באַצירט מיט צייכענונגען פון דער גרופּע קינסטלערס האָבן זיך חוץ די מאָלערס באַטייליקט: יצחק קאַצענעל־סאָן, משה בראָדערזאָן, י. מ. ניימאַן, אלימלך שמולאָוויטש, חיים קרול, דוד זיטמאַן, חיים לייב פוקס און אויך אַ גאָר יונגער 15־יאָריקער טאַלאַנט, שלמהלע בלאָט (1904—1944), וואָס האָט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געאַרבעט ווי אַ זעצער אין „נייעם פאָלקסבלאַט" און דאָרטן און אין אַנדערע אויסגאַבעס געדרוקט לידער. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַ צאָל לעגאַלע און אומלעגאַלע לינקע אויסגאַבעס. געווען אין לאָדזשער געטאָ, אומגעבראַכט דורך די נאַציס אין אוישוויץ. אין „יונג־אידיש" איז אויך צום ערשטן מאָל אין פּוילן געווען פאַרעפנטלעכט משה נאַדירס אַן אימפּרעסיע

וועגן וואָרט, וואָס ער האָט ספּעציעל צוגעשיקט פון ניו־יאָרק. מיר האָבן אויך דערהאַלטן וואַרעמע און האַרציקע אָפּרופן פון די „אינזיכיסטן", וואָס האָבן זיך געוואָלט חבריש פאַרברידערן מיט אונדז.

אין יענער צייט איז דער אָנזען פון דער לאָדזשער דיכטער־גרופּע געוועזן גרויס אין פוילן. מען האָט זי געקרוינט מיטן נאָמען „די יונגסטע" און צום ערשטן מאָל זענען אונדזערע לידער געגומען געוואָרן אונטערן פייער פון דער קריטיק און אויסגעהאַלטן די פייער־פּראָבע. מלך ראַוויטש האָט אין לאָנדאָנער „רענעסאַנס" אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן דער נייער גענע־ראַציע דיכטערס, און דער יידיש־פּוילישער „נאַש קוריער" האָט אַ גאַנצע זייט פון אַ זונטיק־נומער געווידמעט די לאָדזשער יינגסטע.

די לידער פון זיטמאַן, קרול, ראַבאָן און פוקס (אויך זיין פּראָזע־זאַך „אין דער נאַכט אַריין"), זענען איבערגעזעצט געוואָרן דורכן דיכטער שאול וואַגמאַן (1893—1942), דער עלטערער ברודער פון פּוילישן פּאָעט אַדאַם וואַזשיק. וואַגמאַן, וואָס האָט נאָר פון צייט צו צייט געשריבן יידיש, האָט דערנאָך איבערגעזעצט זייער פיל פון דער יידישער פּראָזע אין פוילן, סיי אין „נאַש קוריער", וואָס ער האָט רעדאַגירט צוזאַמען מיט ד״ר יעקב שאַצקי (1893—1953) און יעקב אַפּענשלאַק (1890—1959) און סיי אין „נאַש פּזשעגלאָנד", וואָס איז דערשינען ביז דער מלחמה אין וואַרשע. ער איז אויך געוועזן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „מאָמענט" און דאָרט געדרוקט די רעפּאָרטאַזשן פון זיין רייזע איבער רוסלאַנד און ביראָבידזשאַן. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אַוועק קיין רוסלאַנד, אָבער טראָץ זיינע פּאָזיטיווע שילדערונגען פון די יידן אין ביראָבידזשאַן, אַרעסטירט געוואָרן און פאַר־מאַטערט צום טויט אין אַ לאַגער אין וויטן צפון.

אויך האָט די גרופּע זיך אויסגעקעמפט די רעכט פון אַן אייגענעם דעלעגאַט צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין פוילן (1920). דער דעלעגאַט איז געוועזן חיים לייב פוקס.

אומאָפּהענגיק פון די צוויי גרופּעס יונגע דיכטערס, פון דער „געזאַנגען"־„ס'פעלד"־ריכטונג, וואָס זענען אין זייער מערהייט געקומען פון די אָרעמע קרייזן און זענען אַליין אויך געוועזן אַרבעטער: חיים קרול — אַ וועבער, י. ה. ראַדאָשיצקי — פריזיער, דוד זיטמאַן און י. ב. גיפּס —

לערערס, ישראל ראַבאָן און חייב לייב פוקס — שילדן־ און פּלאַקאַטן־מאָ־לערס, יצחק בערלינער — אַ שניידער, האָט אָנגעהויבן ווירקן אַ דריטע גרופּע יונגע טאַלאַנטן, וואָס זענען צו דער יידישער ליטעראַטור געקומען דירעקט פון דער שול־באַנק, גימנאַזיע און אוניווערסיטעט און אַרום זיך גרופּירט אַ גרויסן קרייז פון זייערע חברים, יונגעלייט און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרפולט די אוידיטאָריעס ווו זיי האָבן געלייענט זייערע שאַ־פונגען און האָבן זיי געשטיצט ביים אַרויסגעבן זייערע אויסגאַבעס.

די ערשטע שיינע זאַמלונג, וואָס די גרופּע האָט אַרויסגעגעבן, האָט געהייסן אַ מאָדנעם נאָמען: „טויז רויט" און רעדאַגירט מיט געשמאַק און אויף אַ גוטן, גלאַנציקן פּאַפּיר.

פינף יונגע שרייבערס האָבן זיך דאָרט צום ערשטן מאָל פּרעזענטירט מיט לידער און פּראָזע. פנחס גאָלדהאַר — לידער און ליטעראַרישע קריטיק; א. אַלפּערן, מישאַ העלמאַן, אלי באַרוכין — לידער און משה נעלקין — לידער אין פּראָזע.

די גרופּע, וואָס האָט זיך אַליין גערופן די „פוטוריסטן", האָט געדרוקט עפּעס מאָדנע זאַכן, וואָס אין דער יידישער דיכטונג זענען זיי געווען ניי סיי אין אויסדרוק און סיי אין פאָרעם, באַווירקט פון דער פּוילישער „דריי־סאַלוון־גרופּע" (בראָניעווסקי, סטאַנדע און אַל. וואָט, וואָס איז אַגב אויך געווען אַ לאָדזשער). אין זייערע לידער און פּראָזע האָבן זיי געוואָלט וויזן זייער בליק אויף דיכטונג, וואָס דאַרף אין גאַנצן זיין אַנדערש ווי ביז איצט און אַזוי אויך די נייע יידישע דיכטונג דאַרף איבעררייסן מיט די אַלטע פאָרמען און גיין אויף די נייע דרכים, ווי די יונגע דיכטער פון דער גאַנצער „נייע וועלט".

דער עלטסטער און דער טעאָרעטיקער פון דער גרופּע איז געווען פנחס גאָלדהאַר (1901—1947). אין יענע יאָרן איז ער נאָך געווען אַ סטו־דענט פון דער וואַרשעווער „וושעכניצע", געלערנט ליטעראַטור און זשור־נאַליסטיק. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „טויז רויט". די לידער האָבן זיך נישט באַזונדערס אויסגעצייכנט, הגם זיי זענען געווען אַנדערש, ווי די ביז איצטיקע לידער, וואָס פלעגן געדרוקט ווערן. דערנאָך האָט ער צוזאַמען מיט אַהרן אַלפּערן אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג „זאַלבעצווייט", וואָס

האָט אַ ביסל פּאַרפּעסטיקט זיין אַנזען אין ליד. אָבער ער אַליין איז גאָר אַריבער צו פּראָזע, וואָס האָט אים גרויס און באַרימט געמאַכט. ער האָט נאָך איין מאָל פּרובירט אין דיכטונג, דאָס איז די פּאָעמע „דער לעצטער פּאַלאַנעז", וואָס הגם ער האָט זיך פּאַרמאָסטן ברייט הן אין סטיל און הן אין אויסדרוק (וואָס האָט דערמאָנט אין די בעסערע דיכטונגען פון דער „מלאָדאַ פּאָלסקאַ"-שול, נאָר אין אַ נעאָ-ראָמאַנטיק), האָט זי אים שוין מער נישט באַפרידיקט. מיר זעען עס אין זיין ערשטער דערציילונג „דער אָפּוס" — וועגן יידישן לעבן אין אַלטן מצרים, וואָס אַרויסגערופן חידוש סיי מיט דער נייקייט פון דער טעמע און סיי מיט דער בילדלעכקייט פון אימאַזש. דערנאָך געדרוקט דערציילונגען, ווי דאָס מעשהלע „דאָס גליק" און אַנדערע סיי אין „לאָדזער טאָגעבלאַט", „פּאָלקסבלאַט", „דער פרייטיק" און אין דער לינקער פּועלי־ציון־פּרעסע אין וואַרשע און אין לאָדזש. אין „יוגנט־פּאָן", די אויסגאַבע פון דער פ"צ־פּאַרטיי אין לאָדזש און אין סטודענטן־אויסגאַבעס האָט ער אויך געדרוקט אַרטיקלען אויף פּאָליטישע טעמעס און איבער ליטעראַרישע פראַגן. ער איז אָבער באַלד אַוועקגעפאָרן קיין אויסטראַליע און דאָרטן האָט זיך זיין טאַלאַנט צעבליט אין פאַרשידענע דימענסיעס. דאָרט געוועזן דער פּיאָנער פון דער יידישער פּרעסע און איר רעדאַקטאָר. דער עיקר אָבער האָט ער דערגרייכט, ווי אַן אָריגינעלער נאָוועליסט און דערציילער, וואָס האָט די יידישע ליטעראַטור אין אויסטראַ־ליע אַרויפגעשטעלט אויף דער יידישער וועלט־מאַפּע. מיטרעדאַקטאָר פון די ערשטע צוויי גרויסע „אויסטראַלישע אַלמאַנאַכן" און פון כמעט אַלע ליטעראַרישע אויסגאַבעס דאָרטן, ביז צו זיין פריִען טויט. אין זייער גוט רעדאַגירטן חודש־זשורנאַל „אויפבוי", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן צוזאמען מיט אַברהם שולמאַן, האָט ער חוץ נאָוועלן אויך געדרוקט אַרטיקלען וועגן דער יידישער שפּראַך און קעגן דער "יידישער אַסימילאַציע" און „יידישן אַנטיסעמיטיזם", אין וועלכע ער האָט פאַרטיידיקט די יידיש־מערכה און געקעמפט קעגן אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט, וואָס האָט אים צוריק געפירט צו זיין אַקטיוויטעט, ווי אַ פּועלי־ציון, הגם ער האָט דאָרט נישט געטאָן קיין פּאַרטיי־אַרבעט. זיין ערשט בוך אויסטראַלישע דערציילונגען אָטעמען מיט אַ קרעפטיקן רעאַליזם, אָבער גלייכצייטיק מיט אַ זייער דינעם פער־

זענלעכן מיטלעבן מיט זיינע העלדן, די יידישע מענטשן אין וויטן אויסטראַליע, וואָס זענען אויסגעוואָרצלט פון דער אַלטער יידישער סביבה און זענען נאָך נישט אַריין אין דער נייער, נישט בלויז אַלגעמיינער, נאָר אויך יידישער סביבה, און פילן זיך דעריבער פאַרלוירן און איינזאַם און דער טרויער פרעסט אויף זייערע נשמות. אין זיין בוך „געקליבענע דערציילונגען", וואָס איז דערשינען נאָך זיין טויט, זענען צוגלייך מיט נאָוועלן אויך געדרוקט זיינע איבערזעצונגען פון דער אויסטראַלישער נאָוועלע און אַן אַרבעט וועגן דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. דאָס מאַכט נאָך בולטער דאָס אַלזייטיקע געשטאַלט אין גאָלדהאַרן, וואָס האָט געטריי געדינט דער יידישער ליטעראַטור, זינט זיין אָנהייב איז לאָדזש. ער איז געשטאָרבן אין מעלבורן, אַלט זייענדיק קוים 46 יאָר.

אַלי באַרוכין (1901—1942), וואָס האָט זיין אָנהייב געמאַכט אין „טויז רויט" איז נאָך דעמאָלט געווען אַ שילער פון 8טן קלאַס פון ד"ר ברוידעס ציוניסטישער (פּויליש־העברעיִשער) גימנאַזיע. ער האָט זייער גוט געקענט עברית און אַפילו געפּרוווט שרייבן עטלעכע שירים, אין העברעיִש, אָבער געוואָרן איז ער אַ יידישער שרייבער. אין צווייטן העפט פון „געזאַנגען" האָט ער געגעבן עטלעכע לידער אויף מאָטיוון פון דער גרויסער שטאָט, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין זיין איינציק בוך „אין שטאָט־געבראַזג", וואָס הגם זיי זענען געווען אונטער פרעמדע איינפלוסן (מאַיאַקאָווסקי, טוווים א"אַנד), האָבן דאָך אויך געוויזן זיין אייגן געמיט. ער איז געווען אַ גלענצנדיקער פאָרלייענער און אימיטאַטאָר און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די שילער־קרייזן און זיי באַקערט צו דער יידישער ליטעראַטור. ער איז אויך לאַנגע יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער פון „לאָדזער טאַגעבלאַט", „נייער פאָלקסבלאַט" און אויך פון „היינט", ווו ער האָט געדרוקט וועגן טעאַטער און מאָלעריי. אין יאָר 1925, געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער ערשטער לאָדזשער נאָכמיטאָג־צייטונג „לאָדזער עקסטראַבלאַט", ווו ער האָט געדרוקט אַ צייטונגס־ראָמאַן. פון 1928 ביז האַרט פאַר דער מלחמה אין 1939, געווען רעדאַקטאָר פון „פּוילישער מאַנטשעסטער", אַ וואָכנשריפט געווידמעט מסחר און האַנדל. בעת די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט

לאָדזש, איז ער אַוועק קיין וואַרשע און אין געטאָ געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. געשטאָרבן פון טיפוס אין וואַרשעווער געטאָ.

אויך משה נעלקען (1901—1944), וואָס האָט אין „טויז רויט" אָנגעהויבן מיט קליינע לידער און פּראָזע, האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו אַ טאַלאַנט אויף פאַרשידענע געביטן. ער איז געווען טעטיק אין דער לאָדזשער „יוגנט" פון די פּועלי־ציון לינקע און אויך אַ צייט געווען אַ לערער אין דער באָראָכאָוו־שול. ער האָט אויך זיך געדרוקט אין „ס'פעלד" און „נייער פאָלקסבלאַט", געווען אַ מיטרעדאַקטאָר פון „לאָדזער עקסטראַבלאַט", ווו ער האָט געטאָן זשורנאַליסטישע אַרבעט. דער עיקר האָט ער זיך אַרויפגעהויבן צו אַן אייגנ־אַרטיקער פּאָזיציע דורך זיין שפּילן אין „אַררט" און אויך ווי אַ קאָנפעראַנ־סיער, וואָס ער האָט דערהויבן צו אַ קונסט און מיט אַן אייגענעם נוסח. אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען אַ לערער פון אַ יידישער אומלעגאַלער פאָלקסשול און אַ מיטגרינדער סיי פון „געטאָ־טעאַטער" און סיי פון אַ קרייז רעוואָלוציאָנערע שרייבערס. אַרויסגעשיקט ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ קיין אוישוויץ און דאָרט אומגעקומען אַ מיתת קדושים.

דאָס זעלבע שמחה (סימי) וויינשטאָק (1898—1943), וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו אַ גוטן זשורנאַליסט, אַקטיאָר און איבערזעצער. אַ תלמיד פון דוד הערמאַנס סטודיע, האָט ער אַרויסגעברענגט געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון. ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער סיי פון „עקסטראַבלאַט" און סיי פון „לאָדזשער ראַדיאָ", ווו ער האָט גע־דרוקט אַ חוץ אַרטיקלען אויף לויפנדיקע טעמעס, אויך קליינע נאָוועלן און לאָדזשער בילדלעך. געווען אַ צייט קאָנפעראַנסיע אין „אַררט", מחבר פון אייניקע איינאַקטערס, וואָס ער האָט אויפגעפירט מיט יונגע טאַלאַנטן אין דראַמאַטישע קרייזן אין לאָדזש און לעמבערג. איבערגעזעצט פּיראַנדעלאָס „היינריך דער פערטער" און ד"ר וואפערס „פלאַטערקאָפּ", וואָס ער האָט אויך באַאַרבעט פאַר דער בינע און אויך „גליקל פון האַמעלן", וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין יידישע טעאַטערן אין פּוילן. בעת די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט פּוילן געווען אין לעמבערג, דערנאָך אין געטאָ, ווו ער איז אומ־געקומען. ביי דער געלעגנהייט, וויל איך דערמאָנען זיין חבר מ. קאַסמאַן, וואָס הגם ער האָט געאַרבעט ווי אַ דרוקער־אַרבעטער, האָט ער אַ גרויסע

צייט געווידמעט דעם יידישן טעאַטער און איז געווען פון די בעסטע קאָנ־פעראַנסיערס אין „אַררט". אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

רעדנדיק וועגן די יונגע כוחות פון „אַררט"־טעאַטער, וויל איך אויך דערמאָנען נאָך אַ טאַלאַנט. דאָס איז יצחק ירושלמי „יעראַז" (געב. 1907), וואָס האָט מיט זיינע עלעקטרישע ליכט־עפעקטן, צוגעהאָלפן אז „אַררט" איז געווען אַזוי באַליבט. ירושלמי האָט אויך געדרוקט, זינט 1931, לידער אין „טאָגעבלאַט", „נייער פאָלקסבלאַט". אָבער ער איז אַריין אין אַ חלוצישער סביבה, וואָס האָט אים אין יאָר 1934 געברענגט קיין ישראל. געווען אַ מיט־גליד פון אַ ריי קיבוצים, ווי עין חרוד, רמת השרון א"אַ. אויך אין דער „הגנה" איז ער געווען אַקטיוו. איצט אַרבעט ער ווי דער הויפּט פון דער עלעקטרי־שער אָפּטיילונג פון בית־חולים קאַפּלאַן אין רחובות. אָבער לידער שרייבן (און אויך מוזיק צו זיי) האָט ער מיט נאָך מער ליבשאַפט געשריבן און פאַרעפנטלעכט אין „יידישע צייטונג", „לעצטע נייעס", „קענעדער אָדלער" און „דער וועג", מעקסיקע. אין בוכפאָרם „6 מיליאָן — 6 טעג", 1970. אַ טייל פון זיינע לידער איז דערשינען אין זיין אייגענער מוזיק־באַגלייטונג אויף פּליטן און ווערן געזונגען דורך יידישע פאָלקס־מענטשן איבער גאָר דער יידישער וועלט („עקזאָדוס", „ישראל", „ירושלים" א"אַנד).

אין דער זעלבער גרופּע, וואָס איז געקומען פון דער העברעיִשער גימנאַזיע, איז אויך געווען מלכיאל לוסטערניק (1942—1911), וואָס הגם ער איז געווען דער עיקר אַ העברעיִשער דיכטער, האָט ער זיך געחברט מיט די יונגע יידישע שרייבערס און זייערע לידער איבערגעזעצט אין עברית. ער האָט אויך געדרוקט זיינע איבערזעצונגען פון דער מאָדערנער העברעיִשער פּאָעזיע אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און איבערגעזעצט אויף יידיש די שריפטן פון א. ד. גאָרדאָן פון וועמען ער איז געווען אינספּירירט און באַאיינפלוסט. מחבר פון די ביכער „סופת אביב" און „ראשית", וואָס האָבן אים אַרויפגע־הויבן צו די אָנגעזעענע דיכטער פון דער העברעיִשער שירה אין פוילן. געווען מיטרעדאַקטאָר פון די זאַמלביכער „תחומים", לאָדזש, 1937—1939. אָנהייב 1939 אַנטלאָפן קיין וואַרשע און געווען דער אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע „גורדוניה—תקומה", וואָס האָט שפּעטער אָנטייל גע־נומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. ער איז אויך געווען אַ לערער

פון העברעיִש אין אַ געהיימער געטאָ־שול. דערשאָסן געוואָרן ביי אַ פּרוּוו אַרויסצוגיין פון געטאָ.. זיין שוועסטער האָט אין ישראל אַרויסגעגעבן אַ גרויסע זאַמלונג פון זיינע שריפטן. זיין חבר, דער דיכטער און יידיש־העבּ־רעיִשער פּראָזאַיִקער חנן דזשעוויעצקי (1908—1942), מיט וועמען ער האָט אַרויסגעגעבן די „תחומים", האָט אויך געדרוקט אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט" און אין „נייער פאָלקסבלאַט" דערציילונגען אויף יידיש. ער איז דער מחבר סיי פון יידישן ראָמאַן פון געטאָ־לעבן „באַגינען" און סיי פון העב־רעיִשן ראָמאַן „פּחם מגיע אל התחנה". אין לאָדזשער געטאָ געליטן הונגער און נויט און כאָטש געווען געשוואָלן, דאָך נישט געוואָלט געניסן פון די ספּעציעלע „טאַלאָנען" פון רומקאָווסקין. אויסגעגאַנגען פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ. זיינס אַ ראָמאַן, וואָס ער האָט געשיקט האַרט פאַרן חורבן צו דב סדנען, איז געדרוקט אין דער ישראל־פּרעסע.

אויך זלמן הירשפעלד (געב. 1902), האָט אָנגעהויבן מיט יידישע און העברעיִשע לידער און שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער יידישער אַקטיאָר און שרייבער. זינט זיין אָנהייב אין משה בראָדערזאָנס „אררט"־טעאַטערל, איבער דער ווילנער טרופּע, ביז צו זיין פאַרנעמען אַ גרויסע ראָל אין יידישן טעאַטער אין בוענאָס־איירעס, ווו ער איז גלייכצייטיק געווען אַ העברעיִשער לערער און מיטבויער פון יידיש־העברעיִשן שולוועזן. חוץ דעם געוואָרן באַקאַנט ווי איינער פון די גראָטנסטע איבערזעצער פון דער העברעיִשער נייער דיכטונג אין דער „אידישע צייטונג" א"אַנד אין אַרגענטינע. די לעצטע יאָרן אין מדינת ישראל און שפּילט, צוזאַמען מיט זיין פרוי, די טאַלאַנטפולע אסתר ראַפּעל, אין יידישע און העברעיִשע טעאַטערן.

אין דער גרופּע, איז אויך געווען מישאַ העלמאַן (געב. 1900), וואָס הגם געקומען פון אַ פּשוטער פאָלקסשטוב, האָט ער דורך זיין פלייסיקייט געענדיקט די זעלבע גימנאַזיע, ווי אַלע פון דער גרופּע און אויך געלערנט הומאַניסטישע וויסנשאַפטן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. זיינע לידער, וואָס ער האָט געדרוקט סיי אין „טויז רויט", סיי אין די אַנדערע אויסגאַבעס פון די יונגע, זיינען געווען תמיד אין אַ טונקעלער וויזיע און געווירקט האָבן זיי מיט זייער מוזיקאַלישקייט און מיט אַ שטילן ליריזם. אין זיין שפּעטערישן גאַנג איז ער אָבער אַוועק צום עקסטרעמען פוטוריזם און

דאַדאַיִזם. זיין פּאָעמע „אַ נאַכט אין בלויען״, דערשינען אין יאָר 1924, האָט געוויזן העלמאַנס וויטערדיקע קינסטלערישע אַנטוויקלונג. אָבער קיין נייע ביכער האָט ער נישט אַרויסגעגעבן, בלויז זיך באַגנוגנט מיט דרוקן סיי אין דער לאָדזשער פּרעסע און אין די פּועלי־ציוניסטישע אויסגאַבעס, ווי „יוגנט־פאָן״, „אַרבעטער־צייטונג״, און ביז דער מלחמה אין לאָדזשער וואָכנ־בלאַט פון די לינקע פּועלי־ציון „דער לאָדזשער אַרבעטער״. דער עיקר אָבער איז ער געווען אַ יידיש־לערער אין דער באָראָכאָוו־שול און דערין געזען דעם המשך, וואָס ער האָט איינגעפּלאַנצט אין זיינע אָרעמע שילערס. מישאַ העלמאַן האָט דורכגעמאַכט דעם דערנערוועג פון לאָדזשער געטאָ און אוישוויץ. ער איז אָבער מעשה נס צוריק געקומען פון דאָרט אַ לעבע־דיקער צו זיינע געציילטע לאָדזשער יידישע קינדער. אַ שוואַכער און קראַנ־קער האָט ער שוין אין דער ערשטער וואָך איינגעשפּאַנט זיך אין דער הייליקער עבודה און געהאָלפן שאַפן די ערשטע יידישע שול אין לאָדזש, די י. ל. פּרץ־שול, די ערשטע שול נאָכן חורבן אין פוילן מיט דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך. פון וועלכער, ביזן פאַרלאָזן פוילן, ער איז געווען איר אָנפירער און גייסטיקער מנהיג. איצט איז ער אַ לערער אין דער יידישער שול אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. דער חורבן האָט אָבער אויף אים אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין וואָרט און וויל מער נישט שרייבן.

איינער פון די אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אין די אויסגאַבעס פון דער „פוטוריסטן־גרופּע״, האָט פאַרנומען אהרן אַלפּערן (געב. 1901), וואָס האָט זינט זיין אָנהייב זיך תמיד געריסן צו נייע הימלען און ליטעראַרישע דער־גרייכונגען. זיין וועג פון „טויז רויט״ מיט זיינע לידער, איבער דער אויס־גאַבע „זאַלבעצווייט״, ביז צו זיין איצטיקער פּאָזיציע אין יידישן זשורנאַליס־טישן און געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישן לעבן אין אַמעריקע, איז אַ מערק־ווירדיקער און אינטערעסאַנטער. אויף אַלפּערנען האָט נישט בלויז די העברעיִשע שול געווירקט, ווען ער האָט באַשלאָסן זיין לעבן צו ווידמענען דער יידישער וועלט. דער עיקר ווירקונג האָט אויף אים זיכער געהאָט די היים זיינע. דער פאָטער, ר׳ יעקב, אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַ בעל מידות, האָט אין זיינע קינדער אַריינגעטריפט די פרומקייט און דעם ערנסט

פון זיינע רביים, די וואָלינער גוטע יידן, דער עיקר אפשר די עטיש־יידישע געגעזע פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, וועמענס חסיד ער איז געווען. ער האָט געדאַוונט אין דער „וואָלינער שול״, וואָס איז להפוך פון דער ווילקער שול, געווען אַ נעסט פון ציוניזם, וואָס דער פאָטער האָט אין דער שטוב מיט די קינדער געלערנט און זיי מחנך געווען אין דעם גייסט פון אַ פרומען גלויבן אין נצח־ישראל, דורכן אויפלעבן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. אהרן אַלפּערן האָט אָנגעהויבן שרייבן הומאָריסטישע לידלעך אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״ א״פּ אַ. שאַבעלסקי, דערנאָך איז ער געווען איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע מיטאַרבעטער און געשריבן אויף אַלערליי טעמעס. אַ צייט, איידער ער איז אין יאָר 1928 געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון וואַרשע־ווער „היינט״, געווען אויך רעדאַקטאָר פון „לאָדזער טאָגעבלאַט״, דערנאָך, ביז 1939, געווען שעף־רעדאַקטאָר פון „פּאַריזער היינט״. דאָרטן פאַרעפנט־לעכט די מאָנאָגראַפיעס: „הערצל און באַראָן עדמונד דע ראָטשילד״ (דער נדיב הידוע), און זיין וויכטיקע אַרבעט „מאָריס דע הירש״, די געשיכטע פון „איקא״, די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע, וואָס איז אַריין אין גרויסן זאַמלבוך וועגן 40 יאָר „אידישע צייטונג״ אין בוענאָס־איירעס, פון וועלכער ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. ער איז אויך געווען פּאַרי־זער קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשעווער „היינט״ און פון ניו־יאָרקער „טאָג״. בעת די דייטשן האָבן פאַרנומען פּאַריז איז ער אַנטלאָפן פון פראַנקרייך און נאָך וואָגלענישן אין יאָר 1941 געקומען קיין אַמעריקע, ווו ער איז באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פון רעדאַקציע פון „טאָג״ און שפּעטער אַ מיטרעדאַקטאָר. דאָס זעלבע ווען דער „טאָג״ איז פאַראייניקט געוואָרן מיטן „מאָרגענזשור־נאַל״ — רעדאַקטאָר פון דער זונטיקדיקער ליטעראַרישער ביילאַגע און אויך פון אַלע יובל־אויסגאַבעס פון „טאָג־מאָרגענזשורנאַל״. ער דרוקט דאָרט אויך א״פּ א. יאַקובאָוויטש, אַלפאַ, אַ קריטיקער א״אַנד. אין אַמעריקע פאַרעפנט־לעכט אַ גרויסע צאָל אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישן לאָדזש, וואָס זענען געדרוקט געווען סיי אין די פּויליש־יידישע אויסגאַבעס, סיי אין גרויסן „לאָדזשער יזכור־בוך״, ווי אויך די וויכטיקע אַרבעט „אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך״. וואָס איז אַריין אין א. טשעריקאָווערס „געשיכטע פון יידן אין פראַנקרייך״. מחבר פון „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש״ (לויט די נישט־פאַרעפנטלעכ־

טע אַרכיוון פון דער שטאָט לאָדזש), אַרויסגעגעבן דורך דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג, 1928, אין פויליש; „די טאָגביכער פון ד״ר ט. הערצעל״, מיט דערקלערונגען און הערות; „פאַרן יידן קיין ארץ־ישראל״, איבערגע־זעצט ד״ר נחום גאָלדמאַנס: „אין דער תקופה פון חורבן און גאולה״ און „אויף לאַנגע וועגן״, ווי אויך זיינע זכרונות, רעדאַגירט ד״ר ש. מאַר־גאָשעס: „אין גאַנג פון דורות״ און מיטרעדאַקטאָר פון ציוניסטישן לעקסיקאָן (ענגליש). לעבט אין ניו־יאָרק, וויצער־פּאַרזיצער פון אַלוו. יידישן קולטור־קאָנגרעס, פרעזידיום־מיטגליד פון דער וועלט־פאַרוואַלטונג פון יידישע שרייבער אין ישראל.

אין דער זעלבער צייט איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ פאַרלאַג, וואָס זאָל אַרויסגעבן ביכער פון דער לאָדזשער שרייבערישער חברותא. צו דעם צוועק איז צונויפגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון עטלעכע הייסע חסידים פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער דירה פון מענדל שידלאָווסקי, אַן אויפגעקומענער גביר, וואָס האָט זיך פון פּיעטריקאָוו אַריבערגעצויגן קיין לאָדזש, זיך געחברט מיט קינסטלערס און שרייבערס און געמאַכט סעודהלעך ביי זיך אין פּאַלאַצל, און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַרלאַג „יונג־אידיש״.

אין משך פון עטלעכע וואָכן זענען דערשינען די ערשטע ביכלעך פון משה בראָדערזאָן: די דראַמאַלעטן „אַ חתונקע״ און „תחית המתים״, וואָס האָט דערנאָך מעגלעך געמאַכט, אַז עס איז אויך אַרויס בראָדערזאָנס ערשט גרעסער בוך לידער, זינט ער איז צוריקגעקומען קיין לאָדזש: „פּערל אויפן ברוק״, וואָס איז געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק, און דערביי דערמאָנט די, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז די ביכער זאָלן דערשיינען, וואָס דאָס האָט ווידער באַווירקט די מתנדבים, אַז זיי זאָלן זיך נאָך מער פאַרבונדן מיט יידישע שרייבערס און קינסטלערס.

דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז אין לאָדזש איז באַניט געוואָרן אַ מין נייע „בראָדערזינגעריאַדע״ אויף אַ ספּעציפישן לאָדזשער אופן, וואָס עס איז מיטן חסידישן ברען געפּראַוועט געוואָרן אין די רייכע הייזער, וואָס האָבן זיך געוואָלט חברן מיט שרייבערס.

אויך אין די קאַפעהייזער האָבן זיך די יידישע שרייבערס געשאַפן

זייער יידיש ווינקל און ביי א גלעזל וויין אָדער י״ש און מוזיק, איז איינגע־פירט געוואָרן צו מאַכן אימפּראָוויזאַציעס אויף פאַרשידענע טעמעס און אין פאַרשידענע לידער־פאָרמען.

די אַטראַקציע איז געווען, ווער עס וועט שנעלער פאַרטיק מאַכן זיין ליד אויף דער אויסגערופענער טעמע. דער געווינער פלעגט געקרוינט ווערן אַלס „פּרינץ פון ליד״ פון דעם לויפנדיקן אָוונט און באַקומען אַ פּרעמיע — אַ פלאַש וויין.

אויך פון אָט די אימפּראָוויזאַציעס פון די יונגע, זענען דערשינען גוטע לידער אין די צייטונגען און אַפילו אין זייערע ביכער האָבן זיי אַריינגענומען אַ צאָל פון די עקספּראָמט־געשאַפענע ווערק זייערע.

אין פאַרלאַג ״יונג־אידיש״ איז אויך דערשינען יצחק קאַצענעלסאָנס דראַמע „פּאַטימאַ״, ווו דער דיכטער פירט אַדורך פאַרשידענע סצענעס און געשטאַלטן פון יידן און ציגיינערס, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן זעלבן גורל פון היימלאָזיקייט. די דראַמע איז דערנאָך געשפּילט געוואָרן אין יידישע טעאַטערן אין פּוילן מיט גרויס דערפאָלג. פּאַטימאַ האָט געשפּילט די אומ־פאַרגעסלעכע אַרטיסטין און שרייבערין, שושנה, די פרוי פון לאַזאַר קאַהאַן און אויך אַ צאָל יונגע טאַלאַנטן פון די לאָדזשער טעאַטער־סטודיאָס און רעזשיסירט דורך יצחקן אַליין, ביי דער מיטהילף פון איטשע מאיר מאָש־קאָוויטשס „הזמיר״־אַנסאַמבל און דעקאָראַציעס פון שמואל בלום.

די דראַמע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און איז אין פאַרשידענע וואַריאַציעס, נאָכגעמאכט געוואָרן פון טעאַטער־מחברים, וואָס האָבן שפּעטער צוגעשטעלט דראַמעס פאַרן פּרימיטיוון טעאַטער־עולם, ווי „דאָס ציגיינער־מיידל״, „ציגיינער־ליבע״ און אַפילו „ציגיינער־נעכט״.

אָפּקלאַנגען פון דער דראַמע האָט מען אויך געקענט געפינען אין אַ בוך לידער פון אַ נייעם טאַלאַנט, וואָס הגם ער האָט נישט געוווינט אין לאָדזש, נאָר דורך ליד און בריוו געוואָרן אַ חבר פון דער לאָדזשער דיכטער־גרופּע (שפּעטער איז ער געווען אַן אינזשיניער אין אַ לאָדזשער פאַבריק). דאָס בוך האָט געהייסן „בלינדערהייט״ פון בנימין גאַר (געב. 1897), שפּע־טער געלעבט אין בעלגיע, ווו אין יאָר 1926 האָט ער אַרויסגעגעבן נאָך אַ בוך לידער „מויערן״. אין די דרייסיקער יאָרן אַוועק קיין בעלגיש־

קאַנגאַ. ער האָט אויך געדרוקט לידער אין פּראָנצויזישע צייטשריפטן. זיין גורל איז נישט באַוווּסט.

די יונגע זענען ברוגז געוואָרן, פאַר וואָס קיינער האָט זיך נישט באַמיט אַרויסצוגעבן כאָטש איין בוך פון די יונגע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין נאָענטע פאַרבינדונג מיט די מעצענאָטן.

אָבער אויך די „יונגע" זענען אין גיכן געהאָלפן געוואָרן. עס האָט זיך ווידער אָפּגעזוכט אַ פריינד. זיין נאָמען איז געווען ווישניאַק, אַ זייד־פאַבריקאַנט, וואָס איז געוואָרן אַ שטיקל גביר. ער האָט נאָך נישט געהאַט איבערגעריסן זיינע פעדים מיטן „בונד", צו וועלכן ער האָט אַמאָל געהערט. מיט דער הילף פון ישראל ליכטענשטיין, דעם פּראָטעקטאָר פון אונדזער גרופּע, וואָס האָט אויף ווישניאַקן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס, איז געשאַפן געוואָרן דער פאַרלאַג „אחריד", וואָס האָט מיט איין מאָל אַרויסגעגעבן דריי ביכלעך. די ביכלעך זענען נישט געווען געדרוקט, נאָר די אותיות גע־מאַכט פון האָלץ־שניטן און אילוסטרירט מיט אייגנהענטיקע מאָלערייען אין פאַרבן. אַ נייעס אויפן יידישן ביכער־מאַרק.

די דריי ביכלעך זענען געווען: חיים קרול „הימלען און אָפּגרונט", 16 זייטן לידער מיט מאָלערייען פון דער דעמאָלט יונגער, אָבער באַגאַבטער מאָלערין אסתר קאַרפּ, וואָס האָט ערשט אַנגעהויבן מאָלן און געקריגן אַנערקענונג דורך דער קריטיק. דוד זיטמאַנס „אויף ווייטקייטן קרייזנדיקע פאָל איך" 16 זייטן מיט מאָדנע לידער, אויף מאָדנע טעמעס און אין אַ מאָדנער שפּראַך, רזין דרזין פון פוטוריסטיק, מיט פאַרביקע אילוסטראַציעס פון דער קינסטלערין אידאַ ברוינער, די שוועסטער פון איטשל ברוינער. ביז דעמאָלט איז זי געווען אַ סקולפּטאָרין אין האָלץ און שטיין, אָבער אונטערן איינפלוס פון זיטמאַנס לידער האָט זי געשאַפן געלונגענע קאָמפּאָ־זיציעס; און אַ ביכל לידער אויף דייטש פון דער דעמאָלטיקער יידיש־דייטשער דיכטערין רחל ליפּשטיין, די איצטיקע רחל מינץ (געב. 1900), וואָס האָט זיך געחברט מיט דער יונגער שרייבער־גרופּע. רחל מינץ האָט אַדורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן וועג ביז זי איז געקומען צו איר ריכטי־קער שרייבערישער אַקטיוויטעט אין יידיש. אַ צייט געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן פון וואַנען זי האָט

געמוזט אַנטלויפֿן. געלעבט אין דאַנציק, אין טשעכאָסלאָוואַקיע, ביז זי איז אין יאָר 1935 געקומען קיין פּאַריז, ווו זיך אויסגעניכטערט פון קאָמוניזם. אָבער אין די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע ווידער געוואָרן טעטיק אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און איבערגעלעבט דעם חורבן. דאָס האָט זי דערנענטערט צום יידיש־נאַציאָנאַלן לאַגער און זי האָט אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש און זיך געווידמעט דעם יידישן היימלאָזן קינד. פאַרעפנטלעכט לידער און אַרטיקלען אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס און וועגן ביכער און מאָלעריי אין „אונזער־שטימע״, „אונדזער וואָרט״, און אויך אין דער יידיש־פראַנצויזישער פּעריאָדיק. אָבער איר דיכטערישער וועג איז נאָך אַלץ באַווירקט פון איר ערשט ביכל „לידער״, וואָס איז געווען באַצירט מיט אייגנאַרטיקע מאָלערייען פון דער אומגעקומענער קינסטלערין דינה מאַטיס (1898—1943).

ש. ווישניאַק (1875—1936) האָט אויך געגעבן דאָס גאַנצע געלט און איז געווען דער איניציאַטאָר אויפצופירן אַן אַקט פון ש. אַנסקיס „דער דיבוק״ אין לאָדזש, אַ לאַנגע צייט פריִער, ווי וועלכע עס איז אַנדערע אויפפירונג פון „דיבוק״ אויף דער יידישער בינע אין פוילן. דער ערשטער אַקט פון „דיבוק״ איז אויפגעפירט געוואָרן אונטער דער רעזשי פון משה בראָדערזאָן, מוזיק פון הענעך קאָן, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון דינה מאַטיס און די שוישפּילער פון אונדזער יונגער חברה זיינען געווען: רחל ליפּשטיין, דאָראַ קאַלינאָווונאַ, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען אַ סטודענטקע פון אַ הויכ־שול און געהייסן דאָרקע קלינגבייל. „חנן״ האָט געשפּילט דער פרי־פאַר־שטאָרבענער דוד זיטמאַן, וואָס האָט געהאַט סצענישע פעִיקייטן און געשפּילט אין העברעיִשע טעאַטער־סטודיעס.

אויך אַנדערע שרייבערס האָבן צוגעגרייט ביכער. אַזוי איז אין פאַרלאַג „געזאַנגען״ דערשינען י. ה. ראַדאָשיצקיס אַפּאָקאַליפּטישע פּאָעמע „די וועלט אין פלאַמען״, אין וועלכער ראַדאָשיצקי גיט אַ פּאָעטישע וויזיע פון וועלט־סוף אויפן פאָן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אירע צען מיליאָן הרוגים. די פּאָעמע, וואָס איז רעציטירט געוואָרן אויף אַרבעטער־פאַרזאַמ־לונגען האָט אויך נעענטער געמאַכט אונדזער יונגער דיכטער־גרופּע מיטן עולם, וואָס האָט געפילט, אַז מיר זענען אים נאָענט און אייגן.

יצחק הערש ראַדאָשיצקי (1883—1957) איז געווען אַ ייד אַ צדיק. כל ימיו שווער געאַרבעט אויף פּרנסה, האָט ער תּמיד פון זיינע פאַרדינסטן געהאָלפן נויטבאַדאַרפטיקע שרייבערס. אין די ערשטע טעג פון מלחמה, 1914, ווען הערשעלע איז אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן פון קאַליש, האָט ער אים אַריינגענומען צו זיך און מפרנס געווען. ער האָט אין ניו־יאָרק מיטגעהאָלפן מיט אַלעם חיים קרולן סיי ווען ער האָט נאָך געקענט עפּעס פאַרדינען און סיי ווען ער איז געלעגן אַן אומהיילבאַר קראַנקער. ער האָט נישט פאַרפעלט קיין איין טאָג, ווען מען האָט געקענט באַזוכן די קראַנקע אין שפּיטאָל, אַז ער זאָל נישט דאַרטן זיין מיט זיינע מתּנות, וואָס האָבן חיימען געשטאַרקט אין גלויבן, אַז ער איז נישט אַזוי איינזאַם און פאַרלוירן. ראַדאָשיצקי האָט געהאַט אין זיך אַ כּוח אָפּצוטיילן פון זיין פאַמיליע־קבר אַן אָרט פאַרן קבר פון חיים קרולן, און אין זיין צוואה געבעטן מען זאָל אים אַליין קובר זיין ביי זיין רעכטער זייט. ראַדאָשיצקי איז אויך געווען דער, וואָס האָט מקיים געווען דעם לעצטן פאַרלאַנג פון חיים קרולן און אַרויסגעגעבן פאַר זיין לעצט געלט דאָס בוך „כּתבים פון חיים קרול", וואָס איז ווי אַ מצבה נאָכן איינזאַמען דיכטער. די פּאָעמע „די וועלט אין פלאַמען" איז געווען דאָס צווייטע בוך זיינס און איז זייער געלויבט געוואָרן. זיין דיכטערישער וועג פירט אים פון זיין ערשט לידער־ביכל „אין דער שטיל", לירישע יוגנט־לידער, דערשינען נאָך אין לאָדזש אין יאָר 1909, ווען ער איז צוריקגעקומען פון בערלין און ווידער אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש. ראַדאָשיצקי איז געווען פאַרליבט אין דער יידישער פּאָעזיע, ווי אין אַ געליבטער. זינט זיין קומען קיין אַמעריקע, כאָטש ער האָט געאַרבעט ווי אַ פריזיער און געמוזט מפרנס זיין אַ פרוי און צוויי קינדער, דערצו איינע אַ שווער־קראַנקע, איז דאָך זיין שעפערישע ענערגיע כּסדר געשטיגן אַרויף. ער האָט געדרוקט כּמעט אין אַלע ליטעראַרישע אויסגאַבעס, דערצו אין די קינדער־זשורנאַלן, פּרעכטיקע קינדער־לידער און פאַבעלן, וואָס זענען פון גרויסער פּאָעטישער באַגאַבונג. ער האָט כּסדר געדרוקט סיי אין „פרייע אַרבעטער שטימע" און סיי אין אַנדערע צייטשריפטן ליטעראַרישע קריטיק, וואָס איז געווען דער אויסדרוק פון זיין ליבע צו די שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ וויכטיקער שטאַפּל אין זיין קינסטלערישער שלימות איז געווען זיין בוך „לידער און פּאָעמען",

1927, אין וועלכן עס איז געדרוקט די פּאָעמע „ראַדאָשיץ״, וואָס איז אַן עפּאָפּייע פון יידישן שטעטל אין פּוילן אויפן פאָן פון יידישער תמימות און פון יידישער געמיטלעכקייט. ער האָט אונדז אין אַ פּאָעטישער, זוניקער באַשיינונג געוויזן די פּשוטע און היימישע פאָלקס־יידן הן אין זייער וואָך און הן אין זייער שבתדיקער קדושה, אַ היילִיקונג צום מין מענטש בכלל. זיינע טיפּן פון די באָבעס און זיידעס זענען די ל״ווניקעס, וואָס זענען דאָ צווישן אונדזער מיטן, נאָר זיי ווילן זיך נישט אַנטפּלעקן. ראַדאָשיצקי האָט עס געטאָן אין זיין פּאָעמע. אַזוי איז אויך זיין בוך „ליד און אומרו״, וואָס איז דאָס פּיין־ און צער־געוויין פון דיכטער אויף אונדזער לעצטן יידישן חורבן. זיין לעצט בוך „ווען בלעטער פאַלן״, 1957, איז דער שטילער וויטאָק פון אַ נפש וואָס פילט דעם סוף, אָבער פילט אים אַזוי שיין און צאַרט, אַז עס מאַכט מיטציטערן אונדזערע נשמות. אַזוי האָט עס אויך אָפּגעשאַצט די קריטיק. ליידער האָט ראַדאָשיצקי נישט געהאַט קיין מזל צו זיינע קינדער. איינע קראַנק, די צווייטע, הגם זי האָט די מעגלעכקייט, טראַכט נישט וועגן אַרויסגעבן זיינע צוגעגרייטע ביכער „קינדער־לידער״, „קינדער־מעשׂות״ און דאָס גרויסע בוך „פּאַבעלן״, וואָס זענען געבליבן אין זיין לעצטער דירה און ווער ווייס, אויב זיי זענען נאָך פאַראַנען...

מיט ראַדאָשיצקיס בוך האָט זיך אָבער נישט פאַרענדיקט דאָס אַרויס־געבן ביכער פון די „יונגע״. פאַרקערט, יעדער איינער פון דער גרופּע האָט אָנגעקניפּט באַציִונגען מיט פאַרלאַגן אין וואַרשע, און אונדזערע ביכער זענען אַרויס פון לאָדזשער תחום און געוואָרן פאַרשפּרייט צוזאַמען מיט אַלע יידישע ביכער דורך וואַרשעווער פאַרלאַגן.

אַזוי האָט ישראל ראַבאָן אַרויסגעגעבן „אונטערן פּלויט פון דער וועלט״, 1928, „די גאַס״, ראָמאַן, 1930, „באַלוט״, ראָמאַן, 1932, „לידער״, 1933 און צולעצט „לידער״, אַרויסגעגעבן דורכן יידישן פּען־קלוב, 1938; חיים לייב פוקס „דורשטיקע לעמער״, פאַרלאַג „קולטור־ליגע״, 1926, „זינגט מיר די וועלט״, לידער, פאַרלאַג יונג־אידיש, 1936; „בר גיוראס לעצטער וועג״, ראָמאַן פון דער צייט פון חורבן בית שני, פאַרלאַג יונג־אידיש, 1939; און שפּעטער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, די ביכער: „שעה פון ליד״, פּען־ביכער, פּאַריז, 1951; „דאָס יידיש־ליטעראַרישע

לאָדזש״ „ציקאָ״ נ. י. 1957 ; „די טעג נייגן די קעפּ״ לידער, „ציקאָ״ נ. י. 1969. דער עיקר אָבער האָט זיך חיים לייב פוקס געווידמעט צו פאַראייביקן די שאַפערס פון דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע, וואָס ער האָט געטאָן אין די זיבן בענד פון „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור״ (קנאַפּע 5000 ביאָגראַפיעס, דערונטער 370 נעמען פון פאַרגעסענע מחברים פון אַלטע „יידיש־טייטשן״ און פון שרייבערס פון די „מעשה־ביכלעך״. ער האָט אויך צוגעגרייט די מאַטעריאַלן פאַר נאָך 2 ב׳).

עס איז אויך דערשינען אַ לידער־זאַמלונג פון אַ גאַנץ נייער גרופּע „אין דער שטיל״, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען: חיים קרול. פ. גאַרפינקעל, י. ה. ראַדאָשיצקי, מרדכי גינזבורג, אלי באַרוכין און ל. בערמאַן. רעדאַקטאָר איז געווען דער שפּעטער באַקאַנטער שרייבער און זשורנאַליסט מ. גינזבורג, וואָס האָט, איידער ער איז געפאָרן קיין קאַנאַדע, געלעבט אין לאָדזש.

וועגן מרדכי גינזבורג (1966—1894) וויל איך אַ ביסל דערציילן. ער האָט אָנגעהויבן מיט זייער שוואַכע לידער אָבער אין משך פון יאָרן איז ער געוואַקסן צו אַ פאַראַנטוואָרטלעכן שרייבער. געווען פון די ערשטע עסקנים אין לאָדזשער בית־עם, דערנאָך געווען רעדאַקטאָר פון אַ גאַנצע ריי פּראָווינץ־צייטונגען, ווי „פּאָליעסער שטימע״, „בריסקער שטימע״ א״אַנד, וואָס האָבן געהאָלפן שמידן דעם נאַציאָנאַלען געפיל און יידישן באַוווסטזיין צווישן די פשוטע פאָלקס־יידן פון דער פּראָווינץ און אים נישט געלאָזט אַריינפאַלן אין יאוש(ליידער איז דער פאַרדינסט פון דער יידישער פּראָווינץ־פרעסע עד היום נאָך נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. עס איז אַפילו נאָך נישט פאַראַנען קיין פולע רשימה פון די נעמען פון די אַלע וואָכנבלעטער, וואָס האָבן אויף זייער באַשיידענעם אופן מיטגעהאָלפן אין אונדזער נאַציאָנאַלן ווידערשטאַנד אין פּוילן).

מ. ג. האָט זיך ערשט אַנטוויקלט אין קאַנאַדע, ווו ער האָט דורך זיין מיטאַרבעט און אַ צייט דורך רעדאַגירן דעם „קענעדער אָדלער״ אַרויסגעבּרענגט זיינע זשורנאַליסטישע מעלות הן אין זיינע אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען, און הן דורך זיינע לידער און דערציילונגען. זיין לעצט בוך „אַ רייזע אין ישראל״ איז דערשינען ערשט נאָך זיין טויט.

# די אַרטאָדאָקסישע שרייבער־גרופּע

אַ ספּעציעלן פּרק דאַרפֿן מיר ווידמענען נאָך אַ גרופּע יידישע שרייבערס פון לאָדזש, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט אָרגאַניזירט און אַרויסגעגעבן אַן אייגענע ליטעראַרישע צייטשריפט. פון דער דאָזיקער גרופּע זענען אַרויס־געקומען אַנגעזעענע מיטאַרבעטער אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע און ליטעראַטור.

זייער אָנהייב דאַטירט זיך אין יאָר 1918 מיט דער אויסגאַבע אין לשון־קודש און יידיש: „די ישיבה תורת חסד" אונטער דער רעדאַקציע פון אַברהם אייזענבערג (1896—1942), וואָס איז אויך שפּעטער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון כמעט אַלע יידישע און העברעיִשע צייטשריפטן און זאַמלונגען, ווי „פרילינג", „אידישע אַרבייטער שטימע", „בית יעקב זשור־נאַל" א״אַנד, אין וועלכע ער האָט געדרוקט אויך אַרטיקלען וועגן דער אַרבעטער־פראַגע פון יידישן תורה־שטאַנדפּונקט און אויך וועגן ליטעראַ־טור; נאָך איין מחבר האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דער „ישיבה תורת חסד", דאָס איז שמואל געלבאַרד (1908—1944), וואָס איז געווען אַן אייניקל פון מיסד פון אַ גרויסער ישיבה, ר׳ סענדער דישקין ז״ל. ער איז אומגעקומען אין אויגוסט 1944 אין אוישוויץ (אַגב, אין דער ליטווישער ישיבה האָבן אויך געלערנט: ברוך שעפּנער, אברהם מרדכי ראַגאָווי, הרב דוד הערש זילבערשטיין און דער שרייבער פון די שורות).

די גרופּע איז באַשטאַנען פון בלויז יונגעלייט פון בית־מדרש און שטיבל, וואָס האָבן דערפילט אַ פאַרלאַנג צו שרייבן.

די גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון חסידישן יונגנמאַן מאיר וואָי־דיסלאַווסקי (1904—1945), וואָס האָט זיך געחתמעט: וו. לייכטער, איז באַשטאַנען אין דער מערהייט פון גערער חסידים, פון נאָענטע צו דער „פּועלי אַגודת ישראל" אָדער „צעירי אגודת ישראל", און די אויסגאַבעס,

הן די ליטעראַרישע און הן די געזעלשאַפטלעכע, האָבן געדינט אָט דער ריכטונג.

מאיר וואָידיסלאַווסקי איז געווען אַ זייער שיינע פּערזענלעכקייט. אַ מענטש מיט אַ גרויס יידיש און וועלטלעך וויסן, האָט ער חוצן „מורה נבוכים" אויך גוט געקענט די וועלט־ליטעראַטור און פילאָסאָפיע. ער איז געווען דער גרינדער פון די „צעירי אגודת ישראל" אין פוילן און אַ טוער און רעדנער אין לאָדזש. געווען דער פאַקטישער רעדאַקטאָר פון „פרילינג", „אָרטאָדאָקסישע בלעטלעך" א״אַנד, וואָס זענען דערשינען אין לאָדזש, ביז צו זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, וואָס ער האָט פון די ערשטע אין דער חסידישער מחנה געפּרעדיקט און אַליין דורכגעפירט. ער האָט געדרוקט לידער, סקיצן און אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קלאָרקייט און סטיל. ער איז אויך געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער סיי אין „דער אידישער אַרבייטער", אין „בית יעקב זשורנאַל" און סיי אין צענטראַלן אָרגאַן פון דער אגודה „דאָס אידישע טאָגבלאַט" און פון אַלע אויסגאַבעס פון דער אָרטאָדאָקסיע אין לשון קודש. אויך אין ארץ־ישראל, ווו ער איז געקומען אין יאָר 1925 אַלס חלוץ, האָט ער צוגלייך מיט אַלע פיזישע אַר־בעטן אויך געטאָן גייסטיקע אַרבעט, סיי אין וואָרט און סיי אין שריפט. אַ מיטאַרבעטער פון אַלע פובליקאַציעס פון דער אַגודה אין ישראל, וואָס געחתמעט „המאירי", אָבער גאַנץ געשמאַק ווייטער געשריבן אין יידיש. פון אָט די זאַכן זיינע איז אַרויס בלויז אַ זייער קליינער טייל, די ביכער „מיניאַ־טורן", 1931, און „ארץ־ישראל", 1933.

אין דער אָנפירונג זענען אויך געווען אליעזר גרשון פרידענזאָן (1899—1943), וואָס האָט שפּעטער רעדאַגירט דעם וויכטיקן אָרטאָדאָקסישן וואָכנזשורנאַל פאַר פרויען „בית יעקב" און דורכן זשורנאַל האָט ער גע־געבן די מעגלעכקייט דער מערהייט פון פרומע מיידלעך און פרויען זיך צו דרוקן און כמעט אַלע יידישע פרומע פרויען־שרייבערינס האָבן זיך דאָרט אַנטוויקלט און מיט גרויס טאַלאַנט (מיר וועלן וועגן זיי שרייבן ווייטער). אַ. ג. פרידענזאָן האָט אַליין געשריבן שיינע לירישע לידער מיט אַלע גראַמען און אַסאָנאַנסן, ווי אַ מאָדערנער פּאָעט און אויך אין אַלע ליטעראַרישע פאָרמען: דערציילונגען, נאָוועלן, סצענישע איינאַקטערס און

אַרטיקלען וועגן חינוך און פּאָלעמיק. חוץ „בית יעקב״ איז ער אויך געווען רעדאַקטאָר פון „דער גאָרטן״, פאַר די קינדער פון די מיידל־שולן פון דער אַגודה. ער איז דער מחבר פון אַ גאַנצער ריי בראָשורן, וואָס האָבן מעורר געווען דער פרומער יוגנט, ווי: „צו דער יודישער יוגענד״, פון אַ צאָל לערנביכער, ווי: „יידיש״, „יידיש לשון״, „דער מאַמעס צוואה״ א״אַנד. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש, אַוועק קיין וואַרשע און אין געטאָ געוואָרן דער אָנפירער פון די אומלעגאַלע „בית יעקב״־שולן. אומגעקומען מיט אַ מיתת קדושים אין וואַרשעווער געטאָ. זיין ברודער משה (געב. 1901) איז אַ מיטאַרבעטער פון אַלע בענדער „אלה אזכרה״, אין וועלכע ער האָט פאַראייביקט אַ גרויסע צאָל אומגעבראַכטע יידישע רעליגיעזע מנהי־גים. אויך זיין זון יוסף (געב. 1922), וואָס איז אויך געווען אין וואַרשעווער געטאָ און אין לאַגער, איז נאָכן באַפרייט ווערן פון די טויט־לאַגערן גע־וואָרן אַ יידישער שרייבער. געווען רעדאַקטאָר פון דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע אין די דייטשע מחנות פון דער שארית הפליטה. איצט איז ער רעדאַקטאָר פון דער איינציקער אויסגאַבע פון דער אָרטאָדאָקסיע אין אַמע־ריקע „דאָס יודישע וואָרט״. צו דער אָנפירונג פון דער גרופּע האָט אויך געהערט דער געלערנטער נטע ירוחם בערלינער (1897—1945). ער איז געווען פון די טעאָרעטיקער פון דער פרומער רעליגיעזער פרויען־באַוועגונג. מיט־געאַרבעט אין אַלע אויסגאַבעס סיי אין לאָדזש און סיי אין וואַרשע, אויך אין די העברעיִשע, ווי: „דרכנו״, „דגלנו״. אַ גלענצנדיקער לינגוויסט, האָט ער באַרייכערט דאָס לשון פון אַלע יידישע אויסגאַבעס פון דער יונגער אָרטאָדאָקסיע. געווען פון די רעדאַקציע־מיטגלידער פון דער זאַמלונג „יודיש לשון״, און האָט פאַר דער מלחמה אַרויסגעגעבן זיין בוך „לשון, סיגנון, אויסלייג״, 1939, אין וועלכן ער פּאָלעמיזירט מיט די אָנגענומענע שרייב־כללים פון דער ייווא. אין לאָדזשער געטאָ געווען פון די איניציאַטאָרן פון די אומלעגאַלע „בית יעקב״־שולן, וווּ ער איז אויך געווען פון אירע בעסטע לערערס, גלייכצייטיק ווידער געשריבן זיינע דערציילונגען, וואָס זענען געווען אויף פרומער געטאָ־טעמאַטיק. איבערגעלעבט דעם חורבן. אויסגעגאַנגען פון הונגער אין לאַגער קאופעריינג שוין נאָך דער באַפרייונג. זיינע כתבים, וואָס ער האָט מיט זיך תמיד געטראָגן, זענען פאַרלוירן גע־

וואַרן.. אויך דער יונגער נטע גוטער (1902—1944), וואָס איז געווען אַ טוער פון דער „פועלי אגודת ישראל" און אַ לערער פון די בית יעקב־שולן, איז געווען פון די אָנפירער פון די יינגסטע חסידישע שרייבערס פון פוילן. מיטגעאַרבעט אין אַלע יידישע און לשון קודשדיקע זאַמלונגען, דער עיקר וועגן חינוך־פראַגן. זיין „די געשיכטע פון יידן", וואָס איז די געשיכטע פון יידישקייט און איז געווען באַשטימט פאַר די פרומע יידישע מיידל־שולן, איז געווען דאָס לעצטע יידישע בוך געדרוקט אין לאָדזש (דערשינען אוי־גוסט 1939). נטע גוטער האָט ביז דער לעצטער שעה פאַרן אומברענגען דורך די נאַציס, אָנגעפירט מיט אַ געהיימער ישיבה אין בענדין. אומגעקו־מען על קידוש השם, הי"ד.

אויך דוד הערש זילבערשטיין (געב. 1897), מיין חבר פון די ישיבות „מחזיקי הדת" און „תורת חסד", דער שפעטערדיקער רעדאַקטאָר פון לאָדזשער וואָכנבלאַט „דער יודישער אַרבייטער", וואָס איז געווען בבחינת אַ ליטעראַרישע שול פאַר די יונגע אָרטאָדאָקסישע שרייבערס, איז אויך געווען פון די מנהיגים. דוד הערש זילבערשטיין האָט אַדורכגעמאַכט אַ וויכטיקן אויפשטייג, זינט ער איז אַרויס פון זיין פרומער, אָרעמער היים. ביז צו זיין עליה קיין ארץ־ישראל, אין 1934, איז ער געווען אַ ראַטמאַן אין לאָדזשער שטאָטראַט. אין ארץ־ישראל געווען טעטיק אין דער רעליגיעזער אַרבעטער־באַוועגונג פון דער אַגודת ישראל, גלייכצייטיק פאַרטיפט זיין לערנען. איצט אַ מיטגליד פון ועד הרבנים אין תל־אביב און איז דער מחבר פון אַ צאָל ספרים, ווי „הנאום והדיבור" א"אַנד.

צו דער גרופּע האָבן געהערט: יחיאל מיכל קעניג, א. מ. ראַגאָווי, לייב פיינגאָלד, משה גערשט, יהודה־לייב גערשט, פאַלק לאַנדאַנבערג, דוד באַמאַץ, שמחה באַרנשטיין, יעקב בערלינער, הרב שמואל דוד לאַסקי, חיים דוד ראָזענעס, בנימין מינץ, חיה־הינדע לעווי, לייב שטשעקאַטש, הרב אברהם אייזענבערג, לייבל האָראָוויטש, פּנחס סירקיס, יחיאל פיינער, שמואל בענעט, אסתר חיה הייטנער, לאה וואַטשאַרזש, שמחה וויינריב, אהרן מאַנספעלד, שמחה בונים פּראַגער, יצחק יאָסקאָוויטש און זיין ברודער יעקב־צבי, איטשע פילץ. וועגן די אַלע לוינט צו דערציילן באריכות.

דער עלטסטער און צום מיינסטן אַקטיווער פון דער גרופּע איז געווען

אברהם מרדכי ראַגאָווי (1944—1898), וואָס האָט נאָך אין די ישיבה־יאָרן אָנגעהויבן שרייבן. אין יאָר 1917 שוין געווען אַ מיטאַרבעטער פון משולם קאַמינערס „דער יוד" אין וואַרשע. אַ צייט געווען אַ ראַטמאַן פון „פּועלי אגודת ישראל" אין לאָדזשער שטאָטראַט און רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „די אידישע שטימע" און פון די זאַמלונגען „פרילינג", 1922 און דעם יוגנט־זשורנאַל „אונזער טרייבקראַפט", וואָס האָט דערמוטיקט יונגע חסידי־שע שרייבערס און זיי מדריך געווען אין ליטעראַרישע ענינים. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען הויפּט־רעדאַקטאָר פון „יודישעס טאָגבלאַט", דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער אָרטאָדאָקסיע אין פּוילן. אומגעקומען אין די חורבן־יאָרן.

אין זעלבן מעמד איז געווען בנימין מינץ (1961—1903), וואָס הגם ער איז געווען פון די ערשטע טוערס אין דער „צעירי אגודת ישראל" אין פּוילן, האָט ער געשריבן מיט גרויס געפיל און אחריות וועגן חלוציזם און אַליין עולה געווען ווי אַ חלוץ קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1925 און אַ צייט געאַרבעט ביים בנין און אויפן פעלד. געווען אַ מיטגליד פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, פון העכסטן זיכערקייט־ראַט אין ארץ־ישראל אונטערן מאַנדאַט, דערנאָך געוואָרן אַ חבר הכנסת און אַ צייט איר וויצע־פּאַרזיצער און בעת זיין טויט, פּאָסט־מיניסטער אין דער ישראל־רעגירונג. חוץ אין די זאַמלביכער פון דער אַגודה אין פּוילן, ווי „פרילינג", „אָרטאָדאָקסישע בלעטער", „בית יעקב", „אידישע אַרבייטער שטימע" און „יודישעס טאָגבלאַט", וואַרשע, האָט ער געדרוקט פּרעכטיקע און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן און שילדערונגען פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. ער האָט זיך אויך גע־דרוקט סיי אין ליטעראַרישן זשורנאַל „כתבים" און אַנדערע ליטעראַרישע אויסגאַבעס אין ארץ־ישראל. געווען הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער טאָג־צייטונג „שערים", ירושלים. מחבר פון די ביכער: „מאיר כהלכה", געהיי־ליקט זיין רבין פון דער ישיבת חכמי לובלין, ר׳ מאיר שפּירא, און „מגילות החורבן", וווּ ער האָט אויסגעוויינט דעם צער פון פּוילישן יידנטום. געשטאָרבן אין ירושלים. אויף זיין נאָמען זענען אָנגערופן געוואָרן אַ צאָל מוסדות, צווישן זיי די קאָלאָניע „יד בנימין".

אויך יחיאל מיכל קעניג (1944—1906) האָט זייער אַ סך געטאָן פאַר

דער יונגער אָרטאָדאָקסישער שרייבער־גענעראַציע. חוץ יידישע לימודים האָט ער אויך ווי אַן עקסטערן אַדורכגעמאַכט דעם קורס פון 8 קלאַסן גימ־נאַזיע. ער האָט געקענט שפּראַכן. געווען אַ מיטגליד פון צ.ק. פון „פּועלי אַגודת ישראל" און אַ מיטגליד פון דער לאָדזשער קהילה־פאַרוואַל־טונג. זינט 1923 זיך באַטייליקט אין אַלע אָרטאָדאָקסישע אויסגאַבעס אין פּוילן, ווי: „אָרטאָדאָקסישע בלעטער", „יודישע שטימע", „דער יידישער אַרבייטער", „בית יעקב", „דער קינדער גאָרטן" און „מסורה בלעטער" (פון די לעצטע צוויי אויך מיטרעדאַקטאָר), „דער יוד", „די יודישע אַרבייטער שטימע", „יודישעס טאָגבלאַט" ווי אויך אין „דגלנו", „דרכנו" א״אַנד לשון־קודשדיקע אויסגאַבעס פון דער אַגודה אין פּוילן. געדרוקט לידער אַרטיק־לען סקיצן, דערציילונגען, איבערגעזעצט און באַאַרבעט פון דער דייטש־יידישער אָרטאָדאָקסישער ליטעראַטור, צוו״אַנד: ד״ר לעהמאַנס דערציי־לונגען, יעקב דע האַנס „ירושלים", די געזאַמלטע שריפטן פון ד״ר שמשון רפאל הירש, ד״ר יצחק ברויערס שריפטן, ווי אויך די דערציילונג פון ד״ר הוגאָ פריינד „אסתרקע, די יידישע קעניגין פון פּוילן", און טיילן פון ד״ר אהרן מאַרקוסעס „חסידות". דאָס רוב זאַכן געדרוקט א״פ ק. נעמיראָוווער, מ. בן־דוד, ק. רעקס, צעזאַר. מיטגרינדער מיט יעקב צבי יאָסקאָוויטש פון פּ״ג „נצח", וואָס האָט אַרויסגעגעבן ספרים אין מיניאַטור. אומגעקומען מיט אַ מיתת קדושים.

זיין עלטערער ברודער שלמה קעניג (1901—1967) איז געווען מיט־גרינדער פון פּ״ג „סגולה", רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „פרילינג", געדרוקט אין „אָרט"־בלעטלעך, „דגלנו" א. אַ., געשטאָרבן אין ישראל.

אליעזר גליצענשטיין, געדרוקט אין „אידישער ארבייטער", „אידישע שטימע", „דער ייד", „דגלנו". לאַנגע יאָרן געווען אין אגודת ישראל אין לאָדזש. גורל אומבאַקאַנט.

יוסף ערליכסטער, מיטאַרבעטער פון „אידישע שטימע", „אָרטאָדאָק־סישע בלעטלעך", „מסורה בלעטער". גורל אומבאַקאַנט.

יהודה־לייב וואָידיסלאַווסקי (1880—1944), איז געווען אַ מיט־אַרבעטער פון נחום לייב וויינגאַטס „דאָס אידישע וואָרט", וואַרשע, מחבר פון „תולדות הראש", ר' מנחם עזריה מפאנו" א״אַ. אין 1944 אַרויסגע־

שיקט פון לאָדזשער געטאָ און אומגעבראַכט אין אוישוויץ. יצחק יאַסקאָ־וויטש (1903—1942), געדרוקט אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור אין „אָר־טאָדאָקסישע בלעטלעך", דגלנו" א"אַ אונטער: בר' יצחקי, גיטלאָוו. א. ל'עזער א"אַ. בעתן חורבן געלעבט אין בענדין און אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון אָרטיקן געטאָ. זיין ברודער יעקב צבי יאַסקאָוויטש (געב. 1905), מיטגרינדער פון „צעירי אגודת ישראל". זינט 1922 געדרוקט פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אין די לאָדזשער „אידישער אַר־בייטער", „אידישע שטימע", „אָרטאָדאָקסישע בלעטלעך", מיטרעדאַקטאָר פון „מסורה בלעטער", מחבר פון „ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער" (לויט יעקב צבי). איבערגעלעבט דעם לאָדזשער געטאָ און אוישוויצער לאַגער. ביז 1950 אין לאָדזש, רעדאַקטאָר פון די בולעטינען „פועלי אמוני ישראל בפולניה" 1946—1949, דערנאָך אין ישראל מיטאַרבעטער פון „ידע עם", „נחליאל" א"אַ, אין וועלכע ער דרוקט וויסנשאַפטלעכע און היסטאָרישע אַרבעטן וועגן חסידות, וועגן וועלכן ביזן חורבן געשריבן אין די אויס־גאַבעס פון „ייווא" אין פוילן. לעבט אין תל־אביב.

שמואל זאַנאַבענד (געשט. 1944) פאָרשער פון חסידות, אור־אייניקל פון טשעכאַנאָווער גאון, מחבר פון ספרים, אַרויסגעבער פון די צוויי העפטן „מכתבים" פון ר' וואָלף סטריקאָווער מיט שירים, לאָדזש, 1943 מיט זיינע הערות. אומגעקומען אַ מיתת קדושים אין אוישוויץ.

צו דער דאָזיקער גרופּע האָט אויך געהערט לייב פיינגאָלד (געב. 1905), וואָס איז געווען פון די מיטגרינדער פון דער „פּ.א.י." און האָט זינט 1922 געדרוקט דערציילונגען, חסידישע מעשׂיות און פּובליציסטישע אַרטיקלען אין „דער יוד", „דאָס אידישע טאָגבלאַט", „דער פלאַקער", „אָרט. יוגענד בלעטער" און אין די לאָדזשער: „טאָגעבלאַט", „נייער פאָלקסבלאַט", „בית יעקב", „קינדער גאָרטן", „מסורה־בלעטער", און „קול ישראל", ירושלים. מחבר פון בוך דערציילונגען „פאַרלאָשענער פלאַם". געווען אין לאָ־דזשער און וואַרשעווער געטאָס און טויטן־לאַגערן און וועגן דעם געדרוקט באַשרייבונגען פון יידישער מאַרטירערשאַפט אין „מאָרגן־זשורנאַל" נ.י. וווינט אין ישראל.

אין דעם קרייז זענען אויך געווען:

יהודה לייב גערשט (1906—1963), עסקן און לערער פון די בית יעקב־שולן, זינט 1923 מיטאַרבעטער פון דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע און פּעריאָדיק, ווי: „אונזער וועג", וויך, „יודישע אַרב. שטימע", „בית יעקב", „דער יודישער אַרבייטער". מחבר פון כרעסטאָמאַטיעס פאַר די בית יעקב־שולן, ווי: „יידישע קלאַנגען", „אונזער יידיש" און די ביכער „יידישקייט און וועלטלעכקייט", „מן המיצר" (וועגן לאָדזשער געטאָ), „תחנות בספרות ישראל", „בנהירות", „הזמן והגדה". אַלע אַרויסגעגעבן אין ירושלים. געווען אין לאָדזשער געטאָ און לאַגערן, און אין 1947 באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל. געשטאָרבן אין ירושלים. אויך זיין ברודער משה (1903—1944) האָט געדרוקט אַרטיקלען אין דער אגודה־פּרעסע אין פּוילן, געווען אין געטאָ, דערנאָך אין אוישוויץ און דאָרט אומגעקומען.

פאַלק לאנדאנבערג (1904—1942), גענעראַל־סעקרעטאַר פון פּ.א.י." און מיטגליד פון דער לאָדזשער קהילה־פאַרוואַלטונג; אַ צייט געווען רעדאַקטאָר פון „די יידישע אַרבייטער שטימע", „בית יעקב", „אָרטאָדאָקסישע בלעטער", און די וואַרשעווער „דאָס יודישע טאָגבלאַט", „דגלנו", „דרכנו" א"אַנד. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער אַנטלאָפן קיין וואַרשע און געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. אומגעבראַכט אין טרעבלינקע.

דוד באָמאָך (1899—1942) איז פון 1922 ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער יידישער קהילה אין לאָדזש. זיך געדרוקט אין „פרילינג", „בית יעקב", „אידישע אַרבייטער שטימע", און געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון וואָכנבלאַט „דאָס לעבן". אַלע אין לאָדזש. אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער שרייבער־גרופּע און זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט פאַרשפּרייטן ראַדיאָ־ידיעות. אויך געווען פון די טוערס פון דער געהיימער ישיבה און בית יעקב־שול. געשטאָרבן פון הונגער און שווינדזוכט אין לאָדזשער געטאָ.

שמחה באָרנשטיין (1903—1944) האָט זיך פאַרטיפט אין ר' נחמן בראַסלאַווערס חסידות און וועגן דעם געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זענען באַהויכט מיט דער פּאָעטישער שטימונג פון ר' נחמנס מעשיות, אין „יודישע אַרבייטער שטימע" און „דאָס יודישע טאָגבלאַט", ווי אויך אין

„בית יעקב" און די העברעיִשע „חורב", „דרכנו", „דגלנו" א"אַנד. מחבר פון אַ ספר וועגן בראָסלאָווער חסידות „אור זורה" און אין יידיש „ארץ ישראל לויט דער השקפה פון רבי נחמן מבראַצלאָוו", לאָדזש, 1936. געווען אין לאָדזשער געטאָ און אַ צייט געאַרבעט אויפן גרינספּלאַץ, פון וואַנען ער איז אין יאָר 1944 אַ לונגען־קראַנקער אויסגעגאַנגען פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ.

יעקב בערלינער (1897—1942), מיטגרינדער פון „צעירי אגודת ישראל", רעדנער און לעקטאָר איבער רעליגיעזע און אַרבעטער־פראַגן. געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין „פרילינג", „אָרטאָדאָקסישע יוגענד בלעטער", „בית יעקב" (אַלע אין לאָדזש), „דאָס יודישע טאָגבלאַט", „אָר־טאָדאָקסישע בלעטער", „דגלנו". סעפּטעמבער 1939 אַוועק פון לאָדזש קיין באָכניע און דאָרט בעת דער ליקווידאַציע פון די יידן אומגעבראַכט געוואָרן.

דער דיכטער און פּראָזאַיִקער שלמה וויינריב (1888—1942) איז געווען אַ מלמד אין דער ישיבה „מחזיקי הדת" און געשריבן העברעיִשע און יידישע שירים. פאַרשער פון קאָצקער חסידות. באַטייליקט זיך אין ב. ל. וויינ־גאָטס „דאָס יודישע וואָרט", אין „דער יוד", „דאָס יודישע טאָגבלאַט", „דער פלאַקער", „דגלנו", „דרכנו" (אַלע אין וואַרשע), „פרילינג", „בית יעקב", „קינדער גאָרטן", „אָרטאָדאָקסישע בלעטער", פון וועלכע געווען רע־דאַקטאָר (אַלע אין לאָדזש). געווען פון די רעדאַקטאָרן פון פאַרלאַג „מסורה", פאַר וועלכן איבערזעצט ד"ר לעהמאַנס היסטאָרישע ראָמאַנען: „דער פירשט פון קוצי", „אויף מלחמה" א"אַנד. ביז 1939 געאַרבעט ווי אַ ספּעציאַליסט צוצוגרייטן יונגע רבנים אין לאָדזש, דערנאָך אַנטלאָפן קיין וואַרשע. אומ־געבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

הרב שמואל דוד לאַסקי (1882—1943) דער פייערדיקער פּאָלעמיסט, פאַרשטייער פון „פּ.א.י." אין לאָדזשער שטאָטראַט און קהילה, מיטגליד פון לאָדזשער ראַבינאַט. געדרוקט אַרטיקלען און פּאָלעמיק אין כמעט אַלע אָרטאָדאָקסישע צייטשריפטן אין פּוילן, אויך אין די העברעיִשע, פּוילישע און דייטשע. מחבר פון „דער פאַטאַלער טעות" (קאָנטראַ קאָפּערניקס העליאָ־צענטרישקייט און געאָצענטרישקייט), לאָדזש 1935. געווען אין לאָדזשער געטאָ. פּראָטעסטירנדיק קעגן רומקאָווסקיס איינפירן ציווילע חתונות, זיך

אָפּגעזאָגט פון ראַבינאַט און פון די שפּייז־טאַלאָנען און געהונגערט. אויס־געגאַנגען פון שווינדזוכט אין לאָדזשער געטאָ ממש על קידוש השם.

חיים דוד ראָזענעס (געב. 1900), וואָס האָט זיך געדרוקט סיי אין „יודישע אַרבייטער שטימע", „בית יעקב" א"אַנד. זיין גורל איז נישט באַקאַנט.

די צאַרטע דיכטערין און דערציילערין חיה הינדע לעווי (שפּעטער: לעווי־ליסנער (1910—1968), האָט אין דער צייט, ווען זי האָט געלערנט אין שרה שענירערס רעליגיעזן לערער־סעמינאַר פאַר פרויען, שוין גע־דרוקט לידער סיי אין וויסנבערגס „אינזער האָפּעניג" און סיי רעליגיעזע קינדער־לידער אין „בית יעקב", „קינדער גאָרטן" און אין דער לאָדזשער און וואַרשעווער פּרעסע. אויך אין ווילנער „גרינינקע בוימעלעך" א"אַנד. איבערגעלעבט דאָס לאָדזשער געטאָ, ווו זי האָט געטאָן שווערע פיזישע אַרבעט און אין דער פרייער צייט זיך אָפּגעגעבן מיט שרייבן. זי איז גע־ווען אין שרייבער־קרייז פון מרים אולינאָווער. דערנאָך געווען אין אוישוויץ און ניצול געוואָרן ממש פון קאַלכאויוון. אין לאָדזשער געטאָ נאָך אָנגעהויבן איר וויכטיקע פאַרשונג „קינדער אין לאָדזשער געטאָ", פאַר וועלכער זי האָט אין יאָר 1956 באַקומען אַ פּרעמיע פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנ־גרעס אין ניו־יאָרק. ת. ה. לעווי איז געווען די מחברין פון די ביכער "שותפים" (דערציילונגען וועגן לעבן פון היימלאָזע קינדער), „אני מאַמין", לידער פון געטאָ און לאַגער, אין וועלכע עס ציטערט איר גרייטקייט אויף קידוש השם (איבערגעזעצט אין עברית דורך אפרים תלמי), „אין פייער און רויך", לידער און דערציילונגען; „שלום, שלום לעולם", 20 דערציילונגען פאַר קינדער; איר לעצט בוך איז געווען „במחיצתו של יאַנוש קורצ׳אַק", אַ מאָנאָגראַפיע און זכרונות וועגן גרויסן יידישן דערציִער און קינדער־פריינד. געשטאָרבן פון לונגען־קענסער אין תל אביב.

לייב שטשעקאַטש (געב. 1909), דער טאַלאַנטירטער שריפטשטעלער, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דעם חורבן און באַזעצט זיך אין אַמעריקע, ווו ער איז ווידער געוואָרן אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן. פאָרזיצער פון רעליגיעזן יידישן שרייבער־פאַרבאַנד און רעדאַקטאָר

פון „אידיש לעבן", ווו ער שרייבט אונטער ל. שטשעקאַטש־ראָזען. ער איז אויך אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט. היינט אין ישראל.

לייבל האָראָוויטש (1905—1942) דער פיינער לירישער דיכטער און עסייִסט. ער האָט אויך געדרוקט איבערזעצונגען א"פ „איש לוי" אין „בית יעקב", און אין די העברעיִשע „דגלנו", „דרכנו", אויך אין „דאָס יודישע טאָגבלאַט". אין 1939 אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין טשענסטאָכאָוו פון וואַנען געשיקט צום אומקום אין טרעבלינקער טויטן־לאַגער.

פנחס א. סירקיס (געב. 1907) איז געווען פון די ערשטע אין די רייען פון דער אגודה, וואָס האָבן געפּרעדיקט חלוציזם. געווען אַ מיטאַרבעטער פון „אונדזער טרייבקראַפט", „דער פלאַקער", „בית יעקב" א"אַנד. רעדאַקטאָר פון „אונזער לעבן", לאָדזש, און אויך געדרוקט אין דער וואַרשעווער אגודה־פּעריאָדיק און אין דער העברעיִשער אין פּוילן און ישראל. מחבר (א"פ פ. א. סירסקי) פון דער חסידישער דראַמע „גילגולים". וווינט אין ירושלים.

דער מאָדערנער לירישער דיכטער און ראָמאַניסט יחיאל פיינער (געב. 1908), וואָס שרייבט היינט אונטערן נאָמען א. קאַצעטניק, האָט נאָך אין יאָר 1931 אַרויסגעגעבן אַ בוך „22 לידער", אין וועלכע עס זעט זיך שוין דער גרויסער קינסטלער; דער מחבר פון „הויז פון די ליאַלקעס", „פּיפּל", „דער זייגער גייט" א"אַנד. אין וועלכע ער האָט קינסטלעריש געשטאַלטיקט דעם יידישן חורבן אונטער די נאַציס, וואָס ער האָט אַליין אַדורכגעפּיבערט און האָט זיך איינגעקריצט אין זיין נשמה. לעבט אין ישראל.

שמואל בענעט (געב. 1920) איז געבוירן אין לאָדזש און געלערנט אין ישיבות. פון דאָרט ציט ער זיין שרייבערישע באַגייסטערונג עד היום.

אהרן מאַנספעלד (געב. 1910), וואָס איז ביז דער מלחמה געווען אַקטיוו אין דער אגודת ישראל. געדרוקט דערציילונגען פון חסידישן לעבן אין „נייער פאָלקסבלאַט", העברעיִשן „הקדם" (רעד. י. קראַקאָווסקי, לאָדזש, 1930). אַדורכגעמאַכט לאָדזשער געטאָ און פאַרשידענע טויט־לאַגערן. געווען אַ מיטגליד פון מרים אולינאָווערס שרייבער־גרופּע. נאָך דער באַפרייונג זענען זיינע געטאָ־נאָוועלן געפונען געוואָרן אין געטאָ־אַרכיוו און אַ טייל פון זיי געדרוקט אין פאַרשידענע צייטשריפטן. לעבט אין ניו־יאָרק.

שמה בונים פּראַגער (1900—1941) איז געווען אַ לערער אין אַ בית יעקב־שול און געדרוקט אַרטיקלען וועגן חינוך אין פאַרשידענע צייטשריפטן פון דער „פּועלי אגודת ישראל" אין לאָדזש און וואַרשע. איבערגעזעצט און באַאַרבעט פאַר דער שול ל. שטערנס „עמודי היהדות", לערנבוך פון רעליגיע פאַר דער שול, 1926. אומגעבראַכט דורך די נאַציס אין זדונסקאַ־וואָליע, אין בלוטיקן פּורים תש"א.

די אײַדעלע דיכטערינס: אסתר חיה הייטנער (1906—1942), געענ־דיקט שרה שענירערס פּרויען־סעמינאַר אין קראָקע, האָט זי שפּעטער גע־אַרבעט ווי אַ לערערין אין די בית יעקב־שולן און געדרוקט לידער, סקיצן און דערציילונגען אין „בית יעקב", „קינדער גאָרטן", וואָס זענען געזונגען געוואָרן דורך אירע און אַנדערע שילער פון די בית יעקב־שולן אין פּוילן, צו וועלכע זי האָט אויך צוגעפּאַסט מוזיק. בעתן חורבן געלעבט אין קראָקע, דערנאָך אין קזשאָנזש ווילקי, וווּ זי איז דערשאָסן געוואָרן בעת דער ליק־ווידאַציע פון געטאָ; לאה וואַטשאַרזש (1907—1942) פון זגערזש ביי לאָדזש. נאָכן ענדיקן דעם פּרויען־סעמינאַר אין קראָקע, האָט זי געדרוקט לידער און אַרטיקלען וועגן חינוך און אויך איבערזעצונגען פון פּויליש אין „בית יעקב" און אַנדערע צייטשריפטן. אומגעקומען אין פּלאַשאָווער טויטן־לאַגער.

משה מייזעל (1908—1944) איז געווען אַ צאַרטער ליריקער און האָט געדרוקט לירישע און רעליגיעזע לידער אין „בית יעקב", „דער יודישער אַרבייטער", לאָדזש, ווי אויך אין די העברעיִשע „דגלנו", „דרכנו". בעת דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, אַרויסגעשיקט קיין אוישוויץ און אומגע־בראַכט.

פּעסיע פּראַצעל (1906—1944) איז געבוירן אין וויעלון און נאָכן ענדיקן דעם פּרויען־סעמינאַר פון שרה שענירער, געווען אַ לערערין אין בית יעקב־שולן אין לאָדזש, וויעלון און קאָליש. זי האָט געדרוקט לידער און קינדער־מעשהלעך אין „בית יעקב", „קינדער גאָרטן", „יונגע שפּראָצונגען" א"אַנד. מחברין פון דער היסטאָרישער דראַמע „רות", 1932, וואָס איז געשפּילט געוואָרן פון די מיידלעך אין די העכערע קלאַסן פון די בית יעקב־שולן. געווען אַ צייט אין לאָדזשער געטאָ און דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט דורך די נאַציס.

צו דער לאָדזשער גרופּע איז אויך שפּעטער צוגעקומען אַלטער שנור (1910—1944), וואָס הגם ער איז ערשט געקומען קיין לאָדזש אין יאָר 1933, האָט ער באַווירקט אַ גאַנצע ריי יונגע דיכטערס און שרייבערס פון די פרומע קרייזן. געדרוקט לידער, דערציילונגען און ליטעראַרישע קריטיק (אויך א״פ ישראל בער איצינגער) אין „בית יעקב״, „קינדער גאָרטן״ „דאָס יידישע טאָגבלאַט״, וואַרשע, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע „פון תורה־קוואַל״, אויך אין „הצופה״, ירושלים און אין די העברעיִשע „דגלנו״ „דרכנו״ און אַנדערע. אַ גאָר גרויסע ליטעראַרישע אַקטיוויטעט אַנטוויקלט אין לאָדזשער געטאָ. געווען אַ חבר פון מרים אולינאָווערס שרייבער־גרופּע, שפּעטער אויך אַליין אַנגעפירט מיט אַ קרייז פון רעליגיעזע שרייבערס, דער עיקר גאָר יונגע, וואָס האָבן ערשט אין געטאָ אָנגעהויבן שאַפן זייערע לידער. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון אומלעגאַלן „מן המיצר״, אין וועלכן ער האָט געדרוקט חוץ זיינע לידער אויך די לידער פון הערשעלע יאַאַכימאָוויטש (1938—1944), דער זון פון דיכטער אברהם יאַאַכימאָוויטש, וואָס האָט גע־שריבן אין געטאָ „שפּערע״, „וואָס איך זע דורכן פענצטער״, ער איז אומגע־קומען אין אוישוויץ; פון יהודה לייב גערשט, אויך אַ טייל לידער פון שמחה בונים שאַיעוויטש. מחבר פון די לידער „שבת לייכטער״, די סעריע „מענטשן פון געטאָ״, „קינדער אין געטאָ״, „מענטש־פערד״, „די ראָזע״, „ביים זיידן״, „מאַמע״ און אַנדערע, וואָס זענען טיילווייז געזונגען געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. באַזונדערס וויכטיק איז זיין ציקל „שוואַרץ און בלאַנד — ישראלקעס יאָרן״, אין וועלכע ער ווייזט גרויסע דיכטערישע באַגאַבונג. מחבר פון „געקליבענע פּערל״ און דער מאָנאָגראַפיע וועגן „רבי שלמה אבן גבירול״.ביידע לאָדזש, 1936. טייל פון זיינע שריפטן זענען אָפּגעפונען געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ־אַרכיוו און געפינען זיך אין ישראל. אַדורכגעמאַכט זייער שווערע יאָרן אין געטאָ, אָבער נישט גע־בראָכן אין גייסט. בעת דער ליקווידאַציע אַוועקגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און דאָרט אומגעקומען.

אויך די אַלעקסאַנדערער חסידים האָבן געהאַט אַ גרופּע יידישע שריי־בערס, וואָס האָבן בעת די רבנים־וואַלן אין יאָר 1912 אַרויסגעגעבן דאָס „וואָהל בלאַט״, רעדאַגירט פון שלמה ליכטענבערג (1893—1940). ער האָט

אויך געדרוקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט", „מזרחי־שטימע", לאָדזש, און אין דער וואַרשעווער מזרחי־פּעריאָדיק און איז דער מחבר פון „חסד לאומים", לאָדזש 1937, וואָס אַנטהאַלט זיינע יידישע אַרטיקלען אין שייכות מיטן אַטענטאַט פון דוד פראַנקפורטער; „מיין וואָרט", וואָס אַנטהאַלט אַרטיקלען, וואָס זענען ווי אַ נביאות וועגן אָנקומענדיקן היטלער־חורבן, לאָדזש 1939, וואָס איז געווען דאָס לעצטע געדרוקטע בוך אין לאָדזש. געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ.

אויך אברהמל באַטשינסקי, וואָס זיין זיידע איז געווען אַ גבאי אין גרויסן אַלעקסאַנדערער שטיבל, האָט געשריבן יידישע לידער און פילאָזאָפישע אַר־טיקלען. אַזוי אויך „הערשל זוהר" (קליגסבערג, 1898—1944), וואָס האָט געשריבן יידישע און העברעיִשע דערציילונגען און מעשיות לויטן נוסח פון ר' נחמן בראַסלאַווער און מיטן לשון פון זוהר, און איז געמוטיקט געוואָרן פון ר' הלל צייטלין ז"ל צו שרייבן, איז געווען אַן אַלעקסאַנדערער חסיד. געווען אין לאָדזשער געטאָ, דערנאָך אין אוישוויץ, ווו ער איז אומגעקומען.

פון יאָר 1936 ביז היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן האָט אין לאָדזש געלעבט הרב יצחק לעווין (געב. 1906), דער זון פון ריישער רב ר' אהרן. אַ מיטגליד פון וועלט־ראַט פון „אגודת ישראל", האָט ער די לאָדזשער אָרטאָדאָקסיע פאַרטראָטן אין שטאָטראַט, ווו ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע רעדעס. יצחק לעווין, הגם נישט קיין אָפיציעלער מיטגליד פון דער פרומער שריי־בער־גרופּע, האָט זיי אָבער אין די יאָרן, ווען ער האָט געלעבט אין לאָדזש, געגעבן זיין אויטאָריטעט. מיטגעאַרבעט הן אין „טאָגעבלאַט", „בייער פאָלקס־בלאַט" און הן אין די אויסגאַבעס פון דער „אַגודת ישראל" אין פּוילן. געדרוקט פּובליציסטישע און וויסנשאַפטלעכע מאמרים אין „בית יעקב", „אָרטאָדאָקסישע יוגנט־בלעטער", לאָדזש, „דאָס יידישע טאָגבלאַט", וואַר־שע, און אויך אין פּוילישן „מיעשענטשניק זשידאָווסקי", לאָדזש. איבערגע־לעבט די מלחמה און זינט 1941 אין אַמעריקע, ווו ער אַנטוויקלט אַ גרויסע אַקטיוויטעט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. פאַרטרעטער פון „אגודת ישראל" ביי דער יו־ען, פּראָפעסאָר פון יידישער געשיכטע אין ישיבה־אוניווערסיטעט. מחבר פון אַ ריי וויכטיקע ווערק. צווישן זיי: אין יידיש; „אַמאָל און היינט" — היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, רייזע־בילדער און טיילן

פון זיינע רעדעס אין לאָדזשער שטאָטראַט, לאָדזש 1939; „חורבן אייראָפּע״, 1948; „נאָכן חורבן״, 1962. ער איז אויך דער מחבר פון ביכער אין פּויליש, דייטש און ענגליש. אַ גאָר גרויסן פאַרדינסט אין נישט לאָזן פאַרגעסן ווערן די גדולי התורה און די רעליגיעזע מנהיגים פון פּוילישן יידנטום, זענען די פון אים רעדאַגירטע בענדער „אלה אזכרה״, וואָס אַנטהאַלטן מאָנאָגראַ־פיעס פון אומגעקומענע רבנים, מנהיגים און שרייבערס פון רעליגיעזן יידנטום אין יאָרן פון חורבן. ער לעבט אין ניו־יאָרק.

בכלל האָבן די לאָדזשער אָרטאָדאָקסישע שרייבערס אויך משפיע גע־ווען אויף דער אַנטוויקלונג פון אַלע אָרטאָדאָקסישע ליטעראַרישע שאַפונגען אין פּוילן און אויפן וווקס פון גאָר נייע דיכטער־גרופּירונגען, וואָס האָבן זיך צום מיינסטן געדרוקט אין דער פּראָווינץ־פּרעסע, און בעת מיר בלעטערן היינט די אַלטע וואָכנבלעטער און זשורנאַלן, לדוגמא: דאָס ווילנער „דאָס וואָרט״, „בענדינער שטימע״, „שעדלעצער יודישע שטימע״ א״אַנד, דער־זעט מען, וואָס מען האָט אָנגעוווירן. די גרויסע מחנה טאַלאַנטן, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן דורכן חורבן. די אַלע יונגע שרייבערס, וואָס האָבן מיט מסירת נפש הויך געהאַלטן זייער שרייבערישע ווירדע און האָבן געשריבן אַפילו, ווען זיי האָבן געהונגערט.

## פרייע קינסטלערס

חוץ די שרייבערס, וואָס האָבן געהערט צו גרופּן איז אין לאָדזש גע־ווען טעטיק אַ גאַנץ גרויסע צאָל שרייבערס, וואָס האָבן נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט אַריינגיין אין קיין שום גרופּירונג, נאָר זיי זענען געווען יעדער איינער „אַ גרופּע פאַר זיך".

אַזוי איז נישט געווען אין קיין שום גרופּירונג דער פּראָזאַיִקער מלך שוואַרץ, וואָס האָט נאָך אין יאָר 1913 זיך אָנגעהויבן דרוקן אין די לאָדזשער צייטונגען און אַרויסגעגעבן אַ בוך נאָוועלן.

אַזוי איז אויך געווען ווייטלעך פון מישן זיך און קומען אַפילו פאַר־לייענען פאַר חברים דער „היפּערמאָדערנער" דיכטער און דראַמאַטורג ישראל אַדלער (געב. 1898), דער קוזין פון יאַנקל אַדלער, וואָס האָט אין יענע יאָרן שטודירט יורי אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט און איז געווען אונטער דער ווירקונג פון העברעיִשן דיכטער יעקב כהן. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן מיט אַן אַנטימלחמה־ליד א"פ י. שטורעם, אין נומער 6 פון „יונג־אידיש" און שפּעטער אין צווייטן העפט „געזאַנגען" מיט אַ גרעסערער פּאָעמע „פּראָ פּאַטריאַ", וואָס איז אין גאַנצן געווען אונטער דער השפּעה פון די דייטשע רעוואָלוציאָנערע דיכטער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער אַנטאָלאָגיע „מענטשהייטס דעמערונג" און געהאַלטן, אַז מיר זענען צו רעכט. י. אַדלער האָט שפּעטער געשריבן אויך אַנדערע לידער און אַרטיקלען, ווי אויך סקיצן און ליטעראַרישע קריטיק אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע און אויך אין קראָקעווער יידיש־פּוילישן „נאָווי דזיענניק". ער האָט אויך אַרויסגעגעבן די דראַמע „נאָכן שניט" (באַווירקט פון דייטשן דראַמאַטורג ערנסט טאָלער) און די קאָמעדיע „דאָס אומגליק מיט דער יידישער נאָז", ער האָט אויך געדרוקט אונטער: י. נשר, י. אַקווילי א"אַנד. אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין פּרנסה צוליב דער יידישער ליטע־ראַטור. פון 1925 איז ער אין ארץ־ישראל.

דער קראָקעווער פֿאָלקס־שרייבער אַלטער אייזענשלאָס (1879—1925), וואָס האָט זיך אין 1920 באַזעצט אין לאָדזש און דאָ האָט ער זיך אַנטוויקלט. באַזונדער אויפֿן געביט פֿון טעאַטער. ער האָט אין לאָדזש אויך אָנגעשריבן, חוץ די פֿריער דערמאָנטע דראַמעס, אויך די דראַמע „די שוישפּילערין" — די ערשטע ליטעראַרישע דראַמע וועגן לעבן פֿון אסתר רחל קאַמינסקי, און אויך זיינע פֿון דאָס ניי באַאַרבעטע דראַמעס „אין די שטורעם־טעג", „דער קונסט־מאָלער" און די לאַכערייקע „פּילאַנטראָפּן". אייזנשלאָס האָט נישט געוואָלט געהערן צו קיין שום גרופּע, כאָטש מיר האָבן אַלע יונגע כמעט ווי געוווינט ביי אים, אין זיין בוידעם־שטיבל, ווו מיר האָבן זיך געפֿילט ווי זיינע קינדער און מיר האָבן געמוזט טועם זיין פֿון די מאַכלים, וואָס זיין פֿרוי האָט פֿאַר אונדז צוגעגרייט. מיר האָבן אים זייער ליב געהאַט, נישט בלויז דערפֿאַר, וואָס ער האָט אַריינגענומען צו זיך הערשעלען, וואָס איז געווען איינזאַם (ווען ראַדאָשיצקי איז אָוועקגעפֿאָרן, איז הערשעלע ביי אייזנשלאָסן געווען ווי אַ משפּחה־מיטגליד), נאָר צוליב זיין איידעלן כאַראַקטער און גוטמוטיקן איינשמועסן יעדן יונגן חבר, אַז ער איז „טאַלאַנט־פֿול". אייזנשלאָס איז געשטאָרבן אין זיינע בעסטע יאָרן, דעם 31סטן אויגוסט 1925 אין לאָדזש. די לאָדזשער שרייבער האָבן זיין נאָמען פֿאַראייביקט אין דער „אייזנשלאָס־ביבליאָטעק", וואָס האָט אויך מפֿרנס געווען זיין איבערגעבליבענע, אָרעמע משפּחה. אַ שטריך, וואָס דאַרף דערמאָנט ווערן, וועגן דער באַציִונג פֿון דער לאָדזשער שרייבערישער חברותא צו חברים.

עס זענען אויך געווען „ווילדע" די שרייבערס מאָטעלע פֿראַנקענטאַל, גראַף קאַלי, וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן לירישע לידער א"נ לייב בערמאַן און איז געווען פֿון די געציילטע שרייבער אין לאָדזשער געטאָ, וואָס זענען נכשל געוואָרן און מיטגעאַרבעט אין רומקאָווסקיס „ליצמאַנשטאַטער געטאָ־צייטונג" צוזאַמען מיטן „ווילדן" ש. ראָזענשטיין (1895—1944), וואָס האָט געשפּילט אַ שטיקל ראָל אין די לאָדזשער ליטעראַרישע קרייזן, ווי אַ נאָענטער פֿריינד און משפּחה פֿון יצחק קאַצענעלסאָן. ער איז לאַנגע יאָרן געווען קאָרעספּאָנדענט פֿון „היינט". ש. ראָזענשטיין האָט אויך לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין יצחקס לערנאַנשטאַלטן. וואָס איז געווען די סיבה פֿאַר זיין מיטאַרבעטן אין דער געטאָ־צייטונג, איז עד היום נישט קלאָר. אָבער מיר מוזן

אים דערמאָנען צוליב זיינע אין געטאָ פאַרפאַסטע קינדער־לידער פאַר די יידישע שולן, וואָס מען האָט זיי געזונגען און געגעבן כאָטש אַ ביסל פרייד די הונגעריקע יידישע קינדער אין געטאָ. אין אויגוסט 1944, בעת דער ליק־ווידאַציע, אַרויסגעשיקט קיין אושוויץ און דאָרט אומגעקומען.

אויך בן ציון גרינבוים (1900—1943), וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רייכער סוחרישער משפּחה און האָט פאַרלאָזט זיין געשעפט צוליב „שרייבן", איז נישט געווען אין קיין גרופּע. ער האָט אָנגעהויבן מיט חסידישע מעשיות אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און דערציילונגען, וואָס האָבן, זעט אויס, אים נישט באַפרידיקט. ער איז אַוועק זיך לערנען מאָלעריי אין קראָקע און וואַרשע. אָבער גאָר זיך געווידמעט קונסט־קריטיק, וואָס ער האָט געדרוקט סיי אין דער לאָדזשער און סיי אין דער וואַרשעווער פּרעסע. ביזן יאָר 1939 האָט ער געלעבט אין לאָדזש דערנאָך אין וואַרשעווער געטאָ, ווו ער איז אומגעקומען בעת דער יאַנואַר־אַקציע.

אַזוי איז אויך געווען שלמה לייב גרין (1897—1942), וואָס האָט אָנגע־הויבן דרוקן אין וואַרשעווער „גלאָבוס", אונטער דער רעדאַקציע פון אהרן צייטלין און יצחק באַשעוויס, אין יאָר 1921. דערנאָך האָט ער זיך ווידער באַוויזן אין לאָדזשער זאַמלונגען. געווען צווישן די גרופּע שרייבערס און קינסטלערס אין לאָדזשער געטאָ, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

צו דער זעלבער קאַטעגאָריע האָט אויך געהערט די דיכטערין מרים לייב (1905—1944), וואָס האָט געדרוקט לידער אין „וועגן", „ס'פעלד" און סקיצן אין „פרייטאָג", „לאָדזער טאָגעבלאַט". זי איז אויך אין 1944 פון לאָדזשער געטאָ אַוועקגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט. אירס אַ משפּחה, אברהם לייב פון בוענאָס־איירעס, האָט צוזאַמען מיט פּנחס האָפּער לאַנגע יאָר געגעבן אַ פּרעמיע פאַר יידישער ליטעראַטור, די „לייב־האָפּער"־פּרעמיע.

אַ לאָדזשער איז אויך אברהם מרדכי לייב (געב. 1898), וואָס האָט נאָך אָנגעהויבן דרוקן אין לאָדזש און אין ווילנער „גריניקע ביימעלעך". ער האָט זיין טאַלאַנט ווי אַ מחבר פון קינדער־פּיעסן ערשט אַנטוויקלט אין אַמעריקע. זיינע פּיעסן „קינדער־שפּיל", „קאָלאָניסטן", „אַ גאַסט", „דער קליינער

ריכטער״ און אַנדערע זענען אונטער זיין רעזשי אויפגעפירט געוואָרן אין פאַרשידענע זומער־קעמפּס פון די קינדער פון די יידישע נאָכמיטאָג־שולן. ער האָט אויך געדרוקט לידער און דערציילונגען אין פאַרשידענע צייט־שריפטן. לעבט אין ניו־יאָרק.

אויך דער עמפּינדלעכער דיכטער מאירל האַלפּערן (געב. 1905), וואָס האָט אָנגעהויבן דרוקן אין די זאַמלונגען פון דער יונגער גרופּע, האָט זיך אָפּגעריסן אין גאַנצן פון דער לאָדזשער חברה. געטריי זיין אַנאַרכיסטיש־אינדיווידואַליסטישער וועלט־פילאָזאָפיע, האָט ער זיך שפּעטער נאָר באַ־טייליקט אין „ליטעראַרישע בלעטער״, „דאָס וואָרט״ און „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור״. זיין בוך „לידער״, 1935, איז זייער גוט אויפגענומען געוואָרן פון דער יונגער קריטיקער־גרופּע אין וואַרשע. אין ביאַליסטאָק געווען אויף גרויסע צרות, צוליב זיין נאָנקאָנפאָרמיזם און אַפילו נישט געקענט געניסן פון די אָרעמע מיטאָגן וואָס די שרייבער האָבן באַקומען. גערודפט געוואָרן און געמוזט זיך דערנערן דערפון, וואָס ער האָט בשותפות מיטן פּראָזאַיִקער הערש צינאַמאָן געזעגט האָלץ פאַר אַ ביסל עסן. דערנאָך גע־ווען אין רוסישע לאַגערן פון וואַנען צוריקגעקומען קיין פּוילן, אָבער נישט געוואָלט דאָרט פאַרבלייבן און אַוועק אין די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד, ווו ער האָט געדרוקט לידער פון צער און פּיין אין דער אָרטיקער פּעריאָדיק. אין מינכען איז אויך דערשינען זיין צווייט בוך לידער „אַ וועג אין דער נאַכט״, וואָס ווייזט זיין דיכטערישן אויפשטייג. זינט 1950 אין מדינת ישראל. אָבער אין גאַנצן אויפגעהערט שרייבן.

אויך זיין חבר פון דער לאָדזשער צייט, מענדל געלבאַרט (1898), וואָס האָט אין לאָדזש געשריבן איינאַקטערס און בלויז פון צייט צו צייט געדרוקט איבער ליטעראַטור, איז אויך געווען אַ „פרייער קינסטלער״ און זיך מפרנס געווען פון עלעקטרישער אַרבעט. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַקטיוו אין די יידיש־אַנאַרכיסטישע קרייזלעך, שפּעטער אין לאָ־דזשער געטאָ, פון וואַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. איבער־געלעבט און אַ צייט געלעבט אין לאָדזש, דערנאָך, ביזן יאָר 1950, געלעבט אין דייטשע פּליטים־לאַגערן, ווו ער האָט רעדאַגירט די צ״ש „מאָרגן״ און די „חודש־בלעטער פאַר ליטעראַטור און קריטיק״. לעבט אין ישראל און

דרוקט אין „לעצטע נייעס", „לעבנספראַגן" א"אַנד. פאַר זיין אַרבעט וועגן לאָדזשער געטאָ באַקומען אַ פּרעמיע פון „יד ושם". ער איז דער רעדאַקטאָר פון אַ ריי וויכטיקע און גוט־רעדאַגירטע „יזכור־ביכער", ווו ער לעבט זיך אויס און איז זיך מפרנס פון דעם.

נאָך מער „פריי" איז געווען דער אייגנאַרטיקער שרייבער און מענטש אברהם הערש פלאַקסער (1898—1942), וואָס איז פון 1921 ביז צו זיין אומקום געווען אַן אייגענע „גרופּע". אָנגעהויבן דרוקן לידער אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" איז ער דערנאָך אַריבער צו פּראָזע, דער עיקר צו לירישע מי־ניאַטורן און סקיצן פון היימיש־יידיש שטעטלדיקן שטייגער, וואָס ער האָט טייל פון זיי געדרוקט אין די אויסגאַבן פון די יונגע, אָבער ווי נאָר א.מ. וויסנ־בערג האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די העפטן „אינזער האָפענינג", נאָר דאָרט געדרוקט און געבליבן אַ חסיד זיינער, אַפילו ווען ער האָט געשריבן גאָר אין אַן אַנדערן סטיל. ער איז אויך גרייט געווען צו שלאָגן זיך ממש, ווען עמי־צער האָט אָנגעגריפן וויסנבערגן. זיין בוך „ערב מאָרגן", לאָדזש, 1937, האָט שוין אין זיך די גרוילן פון ערב אומקום. אין לאָדזשער געטאָ שטאַרק געהונ־גערט, אָבער נישט געוואָלט אָנקומען אַפילו צו חברישער הילף. אויסגעגאַנגען פון הונגער און שווינדזוכט אין לאָדזשער געטאָ. אויך זיין זון פישל פלאַקסער (1918—1942) איז געווען פון דער זעלבער אַנאַרכיסטישער גרופּע. אין יענע יאָרן איז ער געווען אַן אוניווערסיטעט־סטודענט. ער האָט געשריבן איןביידע שפּראַכן, אין יידיש און העברעיִש אין „נייער פאָלקסבלאַט" און אין וואַרשעווער „בדרך" לידער, וואָס האָבן געהאַט חוץ אידעיִשקייט, אויך תמימות און שפּילעוודיקייט. אין די ערשטע טעג מלחמה אַוועק קיין וואַר־שע, געכאַפּט געוואָרן און געהאַלטן אין אַ לאַגער הינטער טשענסטאָכאָוו, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן און צוריקגעקומען קיין לאָדזש. אומגעקומען פון טיפוס אין לאָדזשער געטאָ.

צו דעם אַנאַרכיסטישן לאַגער האָט אויך געהערט יוסף שאָטאַן (געב. 1890), דער ייִנגערער ברודער פון אַנאַרכיסטישן טעאָרעטיקער און שרייבער ד"ר חננאל ש. פון פּאַריז. ער איז דער מחבר פון בוך „אַפאָריזמען", לאָדזש, 1926, וואָס איז אין זיין שרייבן געווען אַ שולע פאַר זיך. אַזוי אויך דער אייגנאַרטיקער לייב אַנאַרכיסט, לייב בערקענוואַלד (1898—1944), וואָס

האָט אַרויסגעגעבן זיין ביכל „מעמואַרן פון לייבן", לאָדזש, 1929. לייב אַנאַרכיסט איז געווען אַ שם דבר אין לאָדזש און איז געשטאַנען כמעט אויף איין מדרגה מיטן „לאָדזשער סאָקראַטעס", „דעם רבין פון שלום אַש" — חיים וואָדניק. (אויך וואָדניקס זון, יאָסל, (געב. 1916), וואָס האָט געשריבן איז אויך אומגעקומען אין אַ רוסישן אַרבעט־לאַגער אין קאָמי).

אינטערעסאַנט איז לייב אַנאַרכיסטס פעסטער כאַראַקטער, אַ פּשוטער אַרבעטער, אַ נאַכט־וועכטער, אַ טרעגער, איז ער געווען די פאַרקערפּערונג פון דער ערלעכקייט אַליין, די חברישקייט בין אָדם לחבירו. אין יאָר 1940 איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן פון ביאַליסטאָק אין אַן ענקאַוועדע־לאַגער. אין מאָמענטן פון דערהייבונג האָט ער געוואָרפן די ענקאַוועדע־וועכטער ווער־טער, וואָס זיי האָבן קיין מאָל פריִער נישט געהערט. ער האָט נישט אַנ־דערש טיטולירט סטאַלינען ווי דער „גרוזינער כאַם". ער האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן. ער איז דערהרגעט געוואָרן אין מיטן טאָג אין אַ לאַגער אין סיקטיקוואַרער געגנט.

אויך מאַגיסטער פּנחס קאָן, וואָס הגם ער האָט זיך אַנטפלעקט אין ווילנע און דאָרט פאַרעפנטלעכט זיינע וויכטיקע פאָרשונגען און געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער ייוו"אָ און אין אירע פּובליקאַציעס, שטאַמט זיין ליטעראַרישער אָנהייב פון לאָדזשער אַלעקסאַנדרער שטיבל.

פּנחס קאָן איז געבוירן אין לאָדזש אין יאָר 1898. ער האָט געלערנט סיי אין ישיבה און סיי וועלטלעכע לימודים. אָנהייב צוואַנציקער יאָרן באַ־זעצט זיך אין ווילנע, וווּ געווען אַ מיטאַרבעטער אין „ווילנער טאָג" און אין די וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס פון ייוו"אָ: „ייוו"אָ־בלעטער", „היסטאָרישע שריפטן", „עקאָנאָמישע שריפטן" און ספּעציעלע סטודיעס וועגן אַרכיוון פון שטעט אין פּוילן. אין „לאַנדוי בוך" פאַרעפנטלעכט די פאָרשונג וועגן לעווין ליאַנדער און זיין פּויליש־יידישער ווערטערבוך. געווען אין ווילנער געטאָ. אומגעקומען בעתן חורבן פון פּוילישן יידנטום.

אויך יונה שפער (1942—1895), וואָס ציט זיין יחוס פון ווילנע און פון איר ליטעראַרישן צענטער, איז זיינע לעצטע יאָרן פאַרן אומקום געווען זייער טעטיק אין לאָדזש. מיטגעאַרבעט סטאַביל אין „נייער פאָלקסבלאַט"

און זיינע בעסטע איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור האָט ער געמאַכט אין לאָדזש.

דאָס זעלבע וועגן מיכאל יאָ (1895—1960), וואָס האָט ביז דער נאַצישער אָקופּאַציע געלעבט אין לאָדזש, ווו ער האָט געשריבן וועגן טעאַטער און וועגן מאָלעריי אין „נייער פֿאָלקסבלאַט״, וואָס זענען שפּעטער אַריין אין זיין בוך „טעאַטער־פּעסימיזמען״, 1938. אַ צייט געווען אין סאָוויעטישע לאַגערן פון וואַנען אין 1956 באַפרייט געוואָרן און צוריק געקומען קיין ריגע און דאָרט געשטאָרבן.

עס איז אויך געווען צווישן די „ווילדע״ דער טאַלאַנטירטער דיכטער און איבערזעצער י. שמעון לובלינער (1902—1941), וואָס האָט אויך גע־דרוקט אונטער רעמעז. ער איז צו דער יידישער ליטעראַטור געקומען פון דער „ווישעכניצע״ (אַ מין אוניווערסיטעט), ווו ער האָט שטודירט הומאַ־ניסטישע וויסנשאַפטן און שפּראַכן. לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין די לינקע פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען און אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. בעת די פּראָצעסן אין מאָסקווע, 1937, מיט זיי איבערגעריסן. אַ צייט געווען אַ לע־רער אין דער מעדעם־שול אין לאָדזש. אָנגעהויבן שרייבן מיט איבערזע־צונגען פון דער רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור אין „דער פריידענ־קער״, לאָדזש 1926—1928, פון וועלכן ער איז געווען מיטרעדאַקטאָר, אין דער „פרייע טריבונע״, „ליטעראַרישע טריבונע״, ביידע אין לאָדזש, „בליץ״, „יוגנט־אויסגאַבע״, וואַרשע. איבערגעזעצט איליאַ ערענבורגס „דער קליינער קאָמונאַר״, „דרייצן ליולקעס״. זינט 1937 געדרוקט יעדן פרייטיק אין דער „קליינער פֿאָלקסצייטונג״, וואַרשע, אייגענע קינדער־לידער און איבערזע־צונגען פון פּויליש (טוווים) און רוסיש (טשוקאָווסקי, מאַרשאַק א״אַנד). ער איז אויך געווען אַן אילוסטראַטאָר צו יידישע ביכער. בעת די נאַציס האָבן פֿאַרנומען פּוילן, אַוועק קיין ביאַליסטאָק. צוליב אַ מסירה פון זיינע אַמאָליקע „חברים״, געמוזט אַוועק. ער האָט אַ צייט געלעבט אין דערפער, ווי אַ לערער, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין דער ערשטער אַקציע קעגן דער יידישער אינטעליגענץ אין פּינסק. איך וויל אויך דערמאָנען משה דאַרגוזשאַנסקי (1867—1938), דעם דיריגענט פון כאָר אין דער „דייַ־טשער שול״ און געזאַנג־לערער אין יידישע שולן. לאַנגע יאָרן האָט ער

געדרוקט רעצענזיעס און באַריכטן פון קאָנצערטן אין „נייער פאָלקסבלאַט" און אויך אין „טעאַטער שפּיגעל", לאָדזש, און מעשהלעך וועגן חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן אין „די שיהל און חזנים וועלט", רעדאַגירט פון לאָדזשער פּ. מילאַקאָווסקי (1941—1907), וואָס איז געווען פון די עסקנים אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי און דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון העברעיִשן ליטעראַטן־פאַראיין אין פּוילן. געווען רעדאַקטאָר אויך פון „חזנים וועלט", וואַרשע. צווישן אַנדערן געדרוקט די אַרבעט „חזנים און חזנות אין פּוילן", ווי אויך קאַפּיטלעך פון „געשיכטע פון יידן אין פּינסק". געווען אין וואַרשע־ווער געטאָ, פון וואַנען מען האָט אים דעפּאָרטירט קיין טרעבלינקע און אומגעבראַכט.

עס דאַרפן אויך צווישן די „ווילדע" דערמאָנט ווערן מאַגיסטער מ. באַלבערישסקי (1967—1895), וואָס אין אין יאָר 1925 געקומען פון ווילנע קיין לאָדזש און געאַרבעט ווי אַן אַפּטייקער. מ. באַלבערישסקי איז גלייכ־צייטיק געווען פון די וויכטיקסטע טוערס אין דער פאָלקס־פּאַרטיי און געדרוקט אַרטיקלען סיי אין „נייער פאָלקסבלאַט" און סיי אין „דאָס פאָלק", „דער יודישער האַנטווערקער" א"אַנד אין פּוילן. די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איבערגעלעבט אין וועלדער און לאַגערן. נאָך דער מלחמה זיך באַזעצט אין אויסטראַליע, ווו ער איז ווידער געוואָרן אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן. געשטאָרבן אין מעלבורן. נאָך זיין טויט, האָט זיין זון אַרויסגעגעבן זיין בוך „שטאַרקער פון אייזן", וואָס איז אַ גרויסער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די נאַציס.

מאַגיסטער שבתי באַבאַד (1941—1909), וואָס איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור פון דער צ.ס. פּועלי־ציוניסטישער סטודענטן־גרופּע און אַ צייט געדרוקט נאָר אין פּויליש. אונטער דער ווירקונג פון דער יונגער שרייבער־גרופּע אַריבער צו יידיש און ביז 1939 געווען ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער וועכנטלעכער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „דאָס וואָרט", וואַרשע, ווו ער האָט אויך געדרוקט אָפּהאַנדלונגען וועגן דער נייער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

פון די צ.ס.־קרייזן איז אויך געקומען דער יונגער טאַלאַנטירטער נאָ־וועליסט אריה צעבולאָ (ארזי) (1939—1905), וואָס האָט געדרוקט סקיצן

און קליינע דערציילונגען אין „דאָס וואָרט", וואַרשע, ווו ער איז אויך געווען איר שטענדיקער לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט און אויך זיך געדרוקט אין כמעט אַלע יוגנט־אויסגאַבעס פון דער פּועלי־ציון (רעכטע). אומגעקומען בעת אַ נאַצישן לופט־אַנגריף אויפן וועג צווישן לאָדזש און וואַרשע אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, סעפּטעמבער 1939.

אויך ישראל וואָלפיש (1902—1942), אַ סטודענט פון וואַרשעווער אוני־ווערסיטעט און אַ טוער אין דער לאָדזשער פּועלי־ציון, אין „יעאָס", איז געווען לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פון „דאָס וואָרט" און פון „דבר". אַ צייט געווען אין לאָדזשער געטאָ. דערנאָך אַוועקגעפאָרן אין „גוווערנעמענט", פון וואַנען ער איז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אומגעבראַכט.

צו די פּרייע שרייבער האָט אויך געהערט פּנחס מינץ (1895—1962), וואָס איז אַ צייט געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער לאָדזשער קהילה. ער האָט געשטאַמט פון אַ רייכער חסידיש־נגידישער היים. אין 1915 געוואָרן אַ בונ־דיסט און כסדר געשטיגן אין אָנזען צוליב זיין קענען מסביר זיין די טאָג־פּראָבלעמען, וואָס ער האָט רעפּערירט פאַר דער יוגנט פון די יידישע גימ־נאַזיעס. אַ צייט איז ער געווען פון די שפּאַלטער און אָנפירער פון „קאָמבונד" און אַ מיטגליד פון פּאָליטישן ביוראָ. אין יענער צייט האָט ער מיט זיין גרופּע געהאַט פאַרכאַפּט אויף אַ צייט דעם „לאָדזשער וועקער" און אַרויס־געגעבן אַ קאָמבונדישן נומער. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ טוער ביי די יידישע קאָמוניסטן און א מיטגליד אין צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן און געווען אַרעסטירט פון דער פּוילישער מאַכט. פון טורמע אַנטלאָפן און אַ צייט געלעבט אין טשעכיע און פּאַריז, ווו בעת די פּראָצעסן פון 1937, זיך אויסגעניכטערט און צוריקגעקומען צום „בונד". אַ לאַנגע צייט איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזער טאָג־ציייטונג „אונזער שטימע", וואָס ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אומלעגאַל אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך. ער איז געווען פון די אָנפירער פון דער פּראַנצויזישער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ביזן יאָר 1953 געלעבט אין פּאַריז. דערנאָך, ביז צו זיין טויט, אין אַרגענטינע, ווו ער איז געווען רעדאַקטאָר פון וו״בל, „אונזער געדאַנק", און אַ מיטגליד אין דער אָנפירונג פון דער אָרטיקער קהילה. זיינע ביכער „די געשיכטע פון אַ

פאַלשער אילוזיע״ דעקט אַ ביסל אויף דעם פינצטערן פּאַרהאַנג פון דער סאָוויעטישער אידעאָלאָגיע, וואָס פירט אין לעבן אַדורך, אַז אַלע מיטלען זענען כשר אין דער פאַרניכטונג פון די קעגנער פון קאָמוניזם. דאָס בוך, וואָס שילדערט אין ברייטע לייוונטן די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין פוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות, איז אַ דאָקומענט פון דער דעגענעראַציע פון אָט דער פאַלשער און שעדלעכער פּאַרטיי, וואָס האָט אונדזער פאָלק זינט איר גרינדונג אָנגעטאָן כסדר נאָר צרות. זיין צווייט בוך „אין די יאָרן פון יידישן אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך״, שילדערט דעם קאַמף פון די יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן כסדר געקעמפּט מיטן נאַצישן שונא, ביז ער איז באַזיגט געוואָרן. אַ זייער וויכטיק בוך איז „לאָדזש אין מיין זכרון״, וואָס איז פול מיט נאָסטאַלגיע און ערלעכער בענקשאַפט פון איינעם, וואָס וויל קומען צוריק צו זיין אָנהייב, צו די שטילע און פשוטע יידישע מענטשן פון זיין היימשטאָט. דאָס האָט אים דערפירט, אַז ער איז געוואָרן פרום און נאָענט צו דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און געוואָלט אַליין אָנטיילנעמען אין אויפבוי פון דער יידישער מדינה. געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס אין טאָג, ווען ער האָט געזאָלט אַרויפגיין אויף דער שיף, וואָס האָט אים געוואָלט אַוועקפירן אין אַ קיבוץ, ווו עס לעבט זיין איינציקער זון.

אויך דער אייגנאַרטיקער שרייבער און דראַמאַטורג גרשון (גוסטאַוו) מיעדזשינסקי, (1909—1943), וואָס איז געקומען פון שטעטל יעזעוו און אַ צייט געוווינט צווישן די לינקע אין לאָדזש, האָט נישט געהערט צו קיין שום גרופּירונג. ער האָט געדרוקט לידער, נאָוועלן און ליטעראַרישע קריטיק אין „ליטעראַרישע האָריזאָנטן״, לאָדזש 1928, פון וועלכן ער איז געווען דער רעדאַקטאָר. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט ער אַריינגעפירט אַ גאַנץ נייע יונגע דיכטער־גרופּע. ער האָט אויך געדרוקט אין „די פייל״, וואָס עס האָבן רעדאַגירט משה בראָדערזאָן און יוסף טורקאָ (אָקרוטני). מיעדזשינסקי האָט אויך זיך געדרוקט אין „גלאָבוס״, וואָס איז אַרויס אונטער דער רעדאַקציע פון אהרן צייטלין און יצחק באַשעוויס, אויך אין די „ליטעראַרישע בלעטער״. אין 1939 אַרויסגעגעבן אין העפטן צו 26 זייטן זיין דראַמע „טראָצקי״, וואָס האָט אים געבראַנגט לויב פון דער

קריטיק. זיין לעבן און שאַפן איז איבערגעריסן געוואָרן אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער אין גאַליציע.

פון זעלבן שטעטל יעזעוו איז געקומען דער הייגט באַרימטער שרייבער יצחק יאַנאַסאָוויטש (געב. 1909), וואָס האָט זייט זיין קומען קיין לאדזש אין 1925 זיך אַנטוויקלט צו אַ שרייבער פון גרויסן פאַרנעם. אַ לאַנגע צייט האָט יאַנאַסאָוויטש געאַרבעט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער און געווען ווי דער רוב יונגע לייט, וואָס זענען פון דער אָרעמער פּראָ־ווינץ געקומען קיין לאָדזש, געשטימט לינק און אַפילו אַ צייט געווען אַ פונקציאָנאַר אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ער שרייבט אָבער אויך שוין דעמלט לידער, וואָס ווייזן טאַלאַנט און אייגנאַרטיקייט. אין 1932 הויבט ער אָן דרוקן רעפּאָרטאַזשן און בילדער פון לאָדזשער אָרעמקייט אין „לאָדזשער וועקער", שפּעטער אויך אין ביידע צייטונגען אין „ל. טאָגעבלאַט" און אין „פאָלקסבלאַט" פון וועלכן ער איז ביז צו דער מלחמה אין 1939, געווען פון די אינעווייניקסטע מיטאַרבעטער. ער טוט זיין שרייבערישע עבודה מיט עלעגאַנץ און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער באַווייזט זיך מיט ליטעראַרישער קריטיק, וואָס ער חתמעט מיט „צוויי יידן" י״י, א,״א. ער שרייבט אַפילו אַ צייטונגס־ראָמאַן „שריי לאָדזש" אין וועלכן ער ברענגט אין אַ בילדלעכער שפּראַך אַרויס מאָמענטן פון די קאָנטראַסטן אויפן לאָדזשער באָדן. ער אַרבעט מער אויף זיך און אין די לידער און אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס ער פאַרעפנט־לעכט, אין די יאָרן — 1939—28 באַווייזט ער זיין שטייגן אַרויף צו אַ שרייבער מיט אחריות. אַזוי אויך אין די זאַמלונגען וואָס ער רעדאַק־טירט סיי מיט חברים („ליטעראַרישע האָריזאָנטן" מיט ג. מיעדזשינסקי און „לאָדזשער נאָטיצן" צוזאַמען מיט משה בערשלינג און יצחק גוטער־מאַן) און סיי אין זיין אייגענעם רעדאַקטירטן יונגן זשורנאַל „צווישן מויערן" לאָדזש 1932. ער גיט אַרויס אין 1933 זיין ערשט בוך „רויכיקע פאַרטאָגן" וואָס הגם די טעמאַטיק איז נאָך פול מיט מאָטיוון פון בונט און רעוואָלט, דאָך האָט עס אויך אין זיך פון דער שטילער ליריק וואָס ער האָט שפּעטער אַרויסגעברענגט אין זיין בוך „שטילקייטן", לאָדזש, 1938, און וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יאַנאַסאָוויטשן ווי

אַ ליריקער עד היום. דאָס בוך, וואָס האָט אין זיך פון אַלע בייע פּאָרמען אין דער דיכטונג, האָט אים שוין אין יענער צייט געברענגט די אָנער־קענונג פון דער קריטיק, וואָס האָט אים אויפגענומען, ווי אַ מיטשאַפער פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז יאַנאָסאָוויטש אַוועק קיין ביאַליסטאָק, דערנאָך אַ צייט געלעבט אין אַלמאַ־אַטאַ און פון 1944 ביז צו זיין צוריקקומען קיין פּוילן, אין מאָסקווע. אין 1941 איז דערשינען זיין קליין ביכל „באַפרייאונג" וואָס האָט אין זיך דעם וויי און צער פון די יידישע פּליטים. פון 1946 ביז 1948 אין פּוילן, ווו געווען רעד. סעקרעטאַר פון דער צייטונג „דאָס נייע לעבן", אָבער דיכטעריש אַנטשוויגן, צוליב די אַנטוישונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעלעבט. אָבער קומענדיק קיין פּאַריז, איז ער ווי באַנייט געוואָרן. אין יענע יאָרן, צווישן איין וואָגל און צווייטן, שאַפט יאַנאָסאָוויטש די פּאָעמע „אַ שטוב אין שטעטל" וואָס איז אַ געזאַנג צו דער יידישער הייליקער אָרעמקייט. אַ געזאַנג צו דער חרובער היים, אַ געזאַנג, וואָס איז כולו געוויין, נישט בלויז צוליב דעם וואָס זיין היים איז פאַרשניטן געוואָרן. ער האָט דורך די בילדער און טיפּן, וואָס ער האָט ווידער אַ מאָל באַלעבט פּלאַסטיש און אינטים צוגלייך געגעבן די טיפּן און בילדער פון דער אינטימער, אינערלעכער וועלט פון די „הייליקע שניידערלעך", וואָס גייען תמיד אַדורך זייער וועג אין דער יידישער ליטעראַטור, די באַהאַלטענע למד וואָווניקעס. און ווייל זיינע „גאַרבער יידן" פון וועלכע ער קומט אַרויס, זענען אין אמתן נישט בלויז די האַרעפּאַשנע לייט, וואָס גייען זייער לעבן אַדורך, בלויז מיטן שטיקל אָרעמען ברויט, נאָר ער האָט זיינע יידן געגעבן אין שטילן שיין פון אַ שבתדיקער דערהויבונג, ווי דער חן של חסד נעמט אַרום. זיין טיפּ פון „פעטער" וואָס מוז פּשוט אָנקומען צו „בעטל־ברויט" איז נאָר אַן אָרעמאַן בלויז אין די שעהן, ווען דער חומר פאַרלאַנגט אָבער היגטערן פּיזישן חומר און איבער אים, לויטערט זיך אַ נשמה, וואָס איז באַשיינט פון אַן אַנדערער ווירקלעכקייט, דאָס איז די יידישע נשמה יתירה, וואָס גייט תמיד מיט מיט די יידן, וואָס זייערע אָטעמס דער־פילן מיר אין די שורות פון דער פּאָעמע „אַ שטוב אין שטעטל".

יאַנאַסאָוויטש איז פון אַלע יאָרן זיינע „אַ שווערער אַרבעטער" און אַפילו די קלענסטע זאַכן זיינע, שרייבט ער מיטן ערנסט פון אייגעם, וואָס וויל נישט אָפּפטרן, נאָר ווי אַ נויטווענדיקייט, וואָס שפּאַרט דורך זיינע פּנימיותן. ער פילט יעדעס וואָרט, ווי מיט אַ דינעם ציטער ווייל דורכן וואָרט, וואָס איז פיל מער שאַרפער פאַר דער שווערד, קעמפט ער פאַר זיינע אידייען, וואָס ראַנגלען זיך אין אים ווי אַ דיכטער. און ווייל זיינע גאַנצע אימפּולסן זענען דיכטערישע; און ווייל זיינע ווערטער קענען נישט תמיד קומען צו אים אין דער פאָרם און אויסדרוק ווי אין אַ ליד, מוזן זיינע פּובליציסטישע און זשורנאַליסטישע אַרטיקלען, אויך צוגלייך אויסדרוקן זיין פּאָעטישן אויפציטער, וואָס ער וואָלט אפשר אין ליד אַרויסגעברענגט מיט אַ קול דממה דקה, וואָס שניידט מיט שטיל־קייט און נעמט אַדורך. אַזוי איז אויך זיין בוך „מיט יידישע שרייבער אין רוסלאַנד". עס איז דער אַריינבליק אין דער נשמה פון אַט די יידישע גייסטיקע אַנוסים, וואָס ראַנגלען זיך אין זייערע דלד אמות, נישט בלויז מיט זייער אייגענעם געוויסן, נאָר אויך מיטן פאַרשטיקטן געוויסן פון זייערע ברידער, וואָס מוזן פּונקט ווי זיי טראָגן די מאַסקע, דאָס פּנים פון „אַ הונט פון דער וואָך". אָבער הינטער וועלכע עס פייניקט זיך דער פּרינץ פון שבת, וואָס לעבט אין דער פאַרשטעלטער מאַסקע פון זייער שאַפן. יאַנאַסאָוויטש האָט אין זיין בוך „מיט יידישע שרייבער אין רוסלאַנד" פריער פאַר אַלע אפשר אויפגעדעקט און געוויזן לעיני כל העולם, די אמתע, די מיטן דם התמציתדיקע פיינען פון די מייסטע יידישע שריי־בער, וואָס האָבן להיפוך פון זייערע נשמה־פאַרבינדונגען, געמוזט געבן דעם קרומען „אָפּשפּיגל" פון זייערע ווערטער, וואָס האָבן זיי געשטיקט און געפייניקט און נישט געטאָרט געבן זיי אין זייער נאַטירלעכן, יידישן און מענטשלעכן אויסדרוק.

ווען איך זאָל וועלן כאָטש אַ ביסל אויפדעקן די שטילע געוויינען, וואָס אַ טייל פון די יידישע סאָוויעטישע שרייבער האָבן איבערגעלעבט און איבער־געפייניקט שוין אין די ערשטע טעג, ווען זיי זענען געקומען אין 1939—1940 קיין ביאַליסטאָק און האָבן געהערט ווי אַזוי די שותפים פון זייער מלוכה האָבן אויסגעקוילעט די יידן אין פוילן און זייער צער פון נישט

טאָרן קיין איין וואָרט שרייבן אָדער דערציילן צו זייערע לעזערס, ווען מיר האָבן אין לידער (וואָס זענען נישט געדרוקט געוואָרן), דעמלט יאָ אַרויסגעפּיינט אונדזער געשריי און זיי האָבן אַפּילו פאַר זיך נישט גע־טאָרט שרייבן... וואָלטן מיר ערשט גוט פאַרשטאַנען און אָפּגעפּילט יאַנאַסאָוויטשעס בוך. דורך אָט דעם איינגעהאַלטענעם טאָן, וואָס יאַנאַ־סאָוויטש לאָזט אַדורכגיין דורך זיינע שילדערונגען, דערזעען מיר אין אַזאַ ברייטן פּאָלאַר־ליכט, נישט בלויז די יידישע שרייבערס אין פאַר־טורמעוועטן רוסלאַנד, מיר זעען גלייכצייטיק דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס פּינצטערט און מוז נאָך שרייען אַז עס זונט. פּונקט ווי עס זעט יעדער דעם גרויסן ליגן אין דעם ליד „נישטאָ קיין גליקלעכערע קינדער, ווי אונטער סטאַלינען", וואָס איז פּונקט פאַרקערט, ווי דאָס קינד איז שוין פון וויגל אָן פאַרמשפּט צו זיין אַ שקלאַף, צו דער טומאה, וואָס הייסט סאָוויעטישער קאָמוניזם...

און עס איזווירקלעך געשען אַ נס סיי צו יאַנאַסאָוויטשן אַליין און סיי צו דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע אין ארגענטינע, וואָס יאַנאַסאָוויטש איז בעת דער קאַרעער מלחמה אַוועקגעפאָרן פון פּאַריז. מיר זעען עס סיי אין זיינע לעצטע לידער פון דער סעריע „לאטינא־אמעריקאנא" וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „גאָלדענער קייט" אין ישראל און דער עיקר אין זיינע אַרטיקלען אין דער צייטונג „די פּרעסע" בוענאָס־איירעס, פון וועלכער ער איז רעדאַקטאָר. יאַנאַסאָוויטשעס רעאַגירן אויף יידישע ווי אויף אַלגעמיינע געשעענישן און ווי אַזוי ער קאָמענטירט זיי, באַווייזט זיין אינערלעכן ציטער, דעם אייגענעם דרך ארץ, וואָס ער טראָגט צו זיין וואָרט, וואָס מוז זיין ווי אַ שאַרפע שווערד. אין יאַנאַסאָוויטשן איז מקוים געוואָרן דער זאָג אַז „דער טאָן שאַפט די מוזיק", דער אינערלעכער טאָן פון יאַנאַסאָוויטשעס פּובליציסטיק, וואָס קומט צו אים בבחינת ליד, איז די טרייבקראַפט פון זיין אומרו, וואָס מוז זיין אין דער יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק פון אַ ייד אין אונדזערע טעג. און דעריבער בעת מיר לייענען יאַנאַסאָוויטשעס אַר־טיקלען אַפּילו נישט אויף קיין ריין ליטעראַרישע טעמעס גיט עס אונדז דעם גלויבן אַז ער וועט סוף כל סוף צוריקקומען צו זיין ליד, וואָס

דורך דער שטילקייט דערהערט מען דאָס קול שדי, וואָס איז פאַראַנען אין דיכטונג.

אַ יעזעוועער איז אויך דער היינט־באַקאַנטער נאָוועליסט און דער־ציילער יוסף שטשאַווינסקי (געב. 1904), וואָס האָט ביז דער מלחמה אין 1939 געלעבט אין לאָדזש און געדרוקט זיינע דערציילונגען אין „נייער פאָלקסבלאַט" און אין וואַרשע. שטשאַווינסקי האָט אַדורכגעלעבט די גרוילן פון היטלערס טויטן־לאַגערן אָבער צוריקגעקומען מיט נייער שעפערישער ענערגיע, וואָס ער האָט באַוויזן מיט זיינע דערציילונגען אין די יידישע צייטונגען אין די דייטשע פּליטים־לאַגערן. זינט 1949 אין דער יידישער מדינה, ווו אויסגעברייטערט זיין שרייבערישן טאַלאַנט. ער איז דער גרינדער פון אַ פאַרלאַג „מאסף" און עד היום אַרויסגעגעבן חוץ זיינע אייגענע ביכער אויך אַ צאָל ווערק פון יידישע און העברעאישע שרייבערס. ער איז דער מחבר פון „די געשיכטע פון גר צדק", „צען דערציילונגען", „דער עמוד אש פון חסידות", „אונטער איין דאַך", „אנשי מעשה, פען־פּאָרטרעטן", „מיט שרייבער און קינסטלער" „דער לעצטער פון באַשאַף" (דערציילונגען; 1970), וואָס ווייזן זיין שטייגן באַרג אַרויף צו קינסטלערישער שלימות. טייל פון זיינע ביכער זענען אויך אַרויס אין עברית און ענגליש. לעבט אין הדר־יוסף, ביי תל־אביב.

אויך אברהם וועלוול יאסני (1893—1968) האָט אַדורכגעמאַכט אַ מערקווירדיקן וועג, סיי אַלס יידישער אַרבעטער־טוער און סיי אַלס שרייבער. געבוירן אין וויסנבערגס שטעטל זשעלעכאָוו, איז ער אַלס יונגער בחור געקומען קיין לאָדזש און אַריינגעפאַלן אין די געדיכ־טענישן פון דער יידישער אַרעמקייט פון באַלוט. ער איז געוואָרן אַ טעקסטיל־אַרבעטער און טעטיק אין דער אומלעגאַלער פּאַרטיי־אַרבעט אין „בונד" און געווען אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין תפיסות. אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז א. וו. יאסני (וואָס איז אַ פּאַרטיי־נאָמען פון א. וו. ציפּערמאַן), געווען פון די אַקטיווסטע טוער אין לאָדזשער „בונד" און געהערט צו דער א. ג. „דריטער פראַקציע" וואָס האָט געזען אין רוסישן קאָמוניזם די אויסלייזונג פון דער גאַנצער וועלט. ער איז געווען חוץ אַ מיטאַרבעטער פון „לאָדזשער וועקער" און אַ קאָ־

רעספּאָנדענט פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג״ נאָר אויך פון די רעדאַקטאָרן פון דער לאָדזשער זייט פון דער „פאָלקסצייטונג״. ביז צום נאַציִשן אָנפאַל אויף פוילן געאַרבעט ווי אַ קאָרעקטאָר פון „נייער פאָלקסבלאַט״ און דער עיקר אָבער זיך פאַרמאָסטן צו שרייבן „די געשיכ־טע פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש״ פון וועלכער עס איז נאָר אַרויס דער ערשטער באַנד, וואָס האָט אַרויסגערופן אָנערקע־נונג צוליב זיין אָלזייטיקן אַרומנעם און פאַרמעסט. אין סוף 1939 גע־קומען אין סאָוויעטישן ביאַליסטאָק און געהאַט אויסצושטיין פון די קאָמוניסטישע נאַכלויפערס, וועלכע האָבן אגב גוט געוווסט אַז יאַסני איז כלל נישט זייער קריטיש צו דער אידעאָלאָגיע פון קאָמאינטערן, וואָס ער האָט אָפילו געפּרוווט באַווירקן די לאָדזשער יידישע אַרבעטער. דאָס האָט געווירקט אַז יאסני איז נעלם געוואָרן פון ביאַליסטאָק און אַ צייט זיך אויסבאַהאַלטן אין שטעטל סטאָלין, ווו ער איז אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט אין אַ לאַגער פון וועלכן באַפרייט געוואָרן דורך דער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע״. אין 1946 צוריקגעקומען קיין פוילן און ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן ווי אַ זשורנאַליסט אין דער באַנייטער „פאָלקס־צייטונג״ אָבער אין זיך האָט ער געמאַכט אַ חשבון הנפש און זיך דערנענטערט צום פּראָלעטארישן ציוניזם. דאָס האָט אים אין 1949 דער־פירט צו די ברעגן פון מדינת ישראל, ווו ער איז אין גאַנצן סיי פסיכיש און סיי געזעלשאַפטלעך געוואָרן אַן אַנדערער. ער איז ביז צו זיין פריען טויט געווען א רעדאַקציע־מיטגליד פון „לעצטע נייעס״ ווו חוץ לויפנדיקע אַרבעטן, אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַטור־זייט און דאָרט אליין אויך געדרוקט הונדערטער רעצענזיעס און אָפּהאַנד־לונגען וועגן שרייבער און ביכער. דער עיקר אָבער האָט ער ווי אַן אחריותדיקער היסטאָריקער זיך פאַרמאָסטן צו געבן דאָס בילד פון יידישן עלנט און גרויל אין זיין היימשטאָט לאָדזש. ער האָט עס געטאָן אין די צוויי גרויסע בענדער „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער אויסראָטונג״ וועלכע פאַרחתמעט לדורות דאָס לעצטע קאַפּיטל פון לאָדזשער יידן. יאַסני איז אין די צוויי בענדער צוריקגעקומען צו זיין אייגנטלעכן שורש, וואָס האָט אים געפירט פון

די יידישע אַרבעטער־בירזשעס אין אַרעמען לאָדזשער באַלוט, ביז צו דער נצחיות פון יידישער מלוכהשאַפט, אַ חלום, וואָס האָט געדרימלט אין אים און איז ערשט מקוים געוואָרן אין אַ אַנדער יידישער און אַרבעטער־פרייהייט, וואָס עס האָבן אויסגעטראָגן זיינע אַמאַליקע אידיי־אישע קעגנער, צו וועלכע ער, האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אַרויפגעקוקט מיט גלויביקע אויגן פון אַ מיטבויער.

עס איז אויך געווען „אַ גרופּע פאַר זיך", דער היינט באַרימטער דערציילער און ראָמאַניסט יוסף אָקרוטני (געב. 1906), וואָס האָט דעמאָלט נאָך זיך אונטערגעשריבן מיט זיין ריכטיקן נאָמען טורקא. געבוירן אין קוטנא (שלום אַשס געבוירנשטאָט), האָט דאָרט געלערנט אין חדר און באַלד דער נאָך געקומען קיין לאָדזש, ווו זיין לערער און מדריך איז געווען דער טייערער, האַרציקער ייד און תלמיד־חכם ר' עוזר גלאַנץ, דער פאָטער פון דיכטער א. לעיעלעס־גלאַנץ. ר' עוזר גלאַנץ, וואָס איז אַ צייט געווען מיין מורה דרך און אויך פון ישראל זילבערבערג — כאַלעווא, פון געזעלשאַפטלעכן טוער יהודה פוקס און פון אַ גאַנצן דור וויכטיקע מענטשן, איז אויך אַ וויכטיק קאַפּיטל לאָדזש, וואָס וואָרט אויף זיין מייסטער. יוסף טורקא־אקרוטני, וואָס איז נאָך דעמלט געווען אַ יונגער בחור מיט אַ גרויסן חשק צו אַרבעטן איבער זיך, האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן אַרבעטן, ווי אַ זשורנאַליסט אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט" ער האָט אָפּגעדרוקט דאָרט זיין ערשטע דערציילונג „דאָס טענצערל" וואָס האָט געצויגן אויף זיך אויפמערקזאַמקייט ווי אַן אייגנ־אַרטיקן דערציילער. אז עס האָבן באַרעכטיקט אונדזערע האָפענונגען באַווייזט זיין וויַיטערדיקער דרך, וואָס הגם צוליב פרנסה האָט ער תמיד געמוזט טאָן פאַרשיידענע זשורנאַליסטישע אַרבעטן און אַפילו ווערן נאַכט־רעדאַקטאָר, האָט ער דאָך כסדר געשריבן זיינע נאָוועלן און ראָ־מאַנען. וואָס זענען באַהויכט מיט א בערגעלסאָנישן אונטערגעמיט. אַזוי איז זיין ערשט בוך „אונדזער אָרעם ברויט", וואָס איז אַרויס אין 1936 אַ באַווייז פון זיין סטיל, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע נאָוועלן. ער מאָלט נישט דירעקט זיינע טיפּן און זיינע פייזאַזשן און נאַטור־שילדערונגען זענען נישט ווי פון דער אָנגענומענער פאָרם, ער

מאַלט זיי מן הצד, אָבער דאָך ברענגען זיי אַרויס תמיד דאָס וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכן אין זיי. אַ ווייטערדיקן אויפשטייג האָט ער דערגרייכט אין „אַ הויז אויף אַלטשטאָט" 1938, אין וועלכן ער האָט אַריינגעברענגט נייע מאָטיוון אין דער יידישער נאָוועלע, וואָס זענען נאָך נישט ביז אים באַהאַנדלט געוואָרן מיט אַ פּסיכאָאַנאַליטישן צוגאַנג. אין דעם בוך, וואָס איז אַקרוטניס אייגענער אַריינבליק אין אַ ווינקל פון לאָדזשער הייזער, מיט זייער טונקעלער געהיימניש, רופט ער זיך איבער מיט די בעסטע דערציילונגען פון אַזעלכע מייסטער פון דער יידישער נאָוועלע, ווי דוד בערגעלסאָן און אפרים קאגאנאָווסקי, וועמענס תלמיד ער איז. זיין בוך „אַ בוים אין ווינט" וואָס איז געשריבן שוין נאָכן חורבן פוילן, איז פול מיט צער און פיין פון אומקום, וואָס ער טראָגט אין זיך און געשטאַלטיקט אים אין אַלע זיינע ווייטערדיקע ווערק. ער האָט צוזאַמען מיט דער גרופּע שרייבער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון לאָדזש אַדורכגעמאַכט דעם ביטערן וועג פון לאָדזש, איבער ביאַליסטאָק, איבער נאָוואָזיבנסק, אלמא־אטא און מאָסקווע פון וואַנען צוריקגעקומען אין 1946 קיין לאָדזש. אַ צייט געווען דער אָנפירער פון יידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען אין ווארשע, אָבער מער געאַרבעט אויף זיך. זיינע דערציילונגען, וואָס ער האָט זעלטן געדרוקט סיי אין „דאָס נייע לעבן" און סיי אין אַנדערע ערטער, זענען בלויז געווען דינע שפּליטערן פון זיינע ביכער, וואָס ער האָט געגרייט. מיט גרויסע צרות אַוועק פון ווארשע און ווי אַ פּליט געקומען קיין איטאַליע און געליטן הונגער און נויט. פון 1951 אין בוענאָס־איירעס און ביז 1963 געווען רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס" און צוגעגרייט צום דרוק אַ גאַנצע רייע ווערק (צוו. אַנד. 7 בענד פון דובנאָווס וועלט געשיכטע, געשיכטע פון חסידות) ווי אַרויסגעוויזן זיך אין פאַרנעם, פּונקט ווי אין די דורך אים רעדאַקטירטע נאָך אין לאָדזש, זאַמלהעפטן „אויפגאַנג" 1932, „אַלטשטאָט" 1934, „די פייל" (צוזאַמען מיט משה בראָדערזאָן, 3 העפטן, 1936). דערנאָך געוואָרן נאַכט־רעדאַקטאָר פון דער „אידישע צייטונג" אין וועלכע ער דרוקט אויך חוץ לויפנדיקן צייטונגס־מאַטעריאַל אויך דערציילונגען און ראָמאַנען, אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און

ביכער אין וועלכע ער ווייזט אַרויס טאַלאַנט פון אַנאַליז און אַריינבליק. דער עיקר אָבער פון זיין שרייבערישער וועלט, איז געבליבן דאָס דער־ציילערישע, וואָס ער האָט אין די יאָרן, וואָס ער לעבט אין אַרגענטינע, אַרויסגעפּירט אויף אַ גאַר־ברייטער קאַנווע, וואָס עס איז דער ראָ־מאַן. און כאָטש ער טוט פון צייט צו צייט אַ שפּרונג צוריק צו דער דערציילונג, ווי עס באַווייזט „דאָס בוך פון די עלנטע", 1952, און „אונטער ליימענע דעכער" אין וועלכן ער שילדערט דאָס לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד (1957) און אַזוי אויך אין זיינע דערציילונגען „אַ שטיין צוקאָפּנס" 1960, און „לאַנג איז דער ווינטער" 1970, איז ער אָבער פיל אויסדריקלעכער און אינטערעסאַנטער סיי אַלס מאָלער און סיי אַלס פּסיכאָלאָג אין די גרעסערע ווערק. אַזוי איז זיין ראָמאַן „באלוטער וועבער" 1953, דאָס בוך וואָס וועט פאַרבלייבן אין דער יידישער פּראָזע, ווי דאָס אויטענטישע געמעל פון לאָדזשער יידישן לעבן, ווי אַן אייגענער אָפּשפּיגל פון לאַנגע יאָרן, וואָס האָבן אים אַליין און זיין שאַפן אַריינ־גענומען אין לאָדזשער מיליע. אָקרוטניס שילדערונגען פון לאָדזשער אַרעמקייט זענען אין גאַנצן אַנדערע ווי פון אַנדערע יידישע שרייבערס (אַש, י. י. זינגער). זיין ראָמאַנטיק איז אַ פּערזענלעכע, אַן אינטימע און דעריבער ווירקט זי אין גאַנץ אַנדערע דימענזיעס. און אַזוי אויך אין די ראָמאַנען „סוף קאַפּיטל" 1956, „וואָרצלען זענען דורשטיק" 1964, „אָרעם גליק", 1966, וואָס זענען אַ געווינס פאַר דער יידישער פּראָזע. אָקרוטני איז נאָך יונג און שעפעריש. אויף דעם זאָגן עדות די פיל ביכער אין מאַנוסקריפּט („טריבער פּרילינג", דאָס בוך „ליבשאַפט" און גאַנץ באַזונדער דאָס בוך וועגן „יידישע שרייבער" וואָס וועט זיין, אָקרוטניס אייגענער אָפּשאַץ און פּירוש וועגן דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור).

אויף די צאַרטע דיכטערין, רקודה פּאָטאַש (1903—1965), וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אונטער „ר. פּאַטאַש־פוקס", איז הגם זי האָט זיך באַ־טייליקט מיט איר אָריגינעלער ליריק נאָך אין ערשטן נומ. „ס'פּעלד" און דערנאָך זיך באַטייליקט אין אַלע העפטן „שוועלן", „וועגן", „אויפ־גאַנג" א"א, האָט נישט געוואָלט באַלאַנגען צו קיין שום גרופּע. ר. פּ. איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור מחמת אַ ליבע, וואָס האָט זיך

פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צו יידיש און צו יידישער ליטעראַטור, וואָס אַפילו לעבנדיק אין ירושלים איבער 30 יאָר, האָט זי אירע ארץ ישראל־לידער און איר גאַנץ אייגנאַרטיקע פּראָזע אין וועלכער זי פאַר־אייביקט קינסטלעריש די טיפן פון די „מזרח־עדות" געשריבן נאָר אין יידיש, די שפּראַך פון איר צאַרטער און אײדעלער נשמה.

איר וועג איז אַן אינטערעסאַנטער. געבוירן אין דער מאָלערישער געגנט, אַרומגערינגלט מיט בערג און וועלדער פון „סקאַלע־אויצאַוו" און דערצויגן אויף דער פוילישער ליטעראַטור, איז זי שפּעטער, אין לאָדזש, אַריבערגעגאַנגען פון אירע פוילישע לידער, וואָס זי האָט געדרוקט אין פוילישע זשורנאַלן, אין גאַנצן צו יידיש, וואָס זי האָט זייער גיך באַהערשט. סיי איר פאָטער, וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן „אונטער־געזינדיקט" מיט שרייבן, און סיי איר גרויסער ברודער מרדכי נאַרקיס (1898—1961) וואָס האָט אָנגעהויבן מיט שרייבן אין יידיש אין דער גאַליציאַנער פּרעסע, ביז צו זיינע ווערק וועגן יידישער נומיזמאַטיק און וועגן יידישע תשמישי קדושה (ספּעציעל וועגן חנוכה־לעמפּל) האָבן זיכער באַווירקט איר נשמה, וואָס האָט אין זיך געבענקט צו יידישן אויסדרוק. איר ערשט בוך „ווינט אויף קלאַווישן" לאָדזש 1934, טראָגט דעם חותם פון איר דיכטערישן געמיט. אירע ים־לידער, זענען אין גאַנצן ניי און פריש אין דער יידישער דיכטונג און זענען די ערשטע ים־לידער אין יידיש, געשריבן דורך אַ פרוי.

זיי זענען זייער צאַרט און ווייבלעך, הגם שטאַרק און מענעריש אין אויסדרוק און עקספּרעסיע. אויך אירע ערשטע דערציילונגען, געדרוקט אין „אילוסטרירטע וואָך" און אין די לאָדזשער צייטונגען, זענען רייך מיט דער מאָלערישקייט און טיפּאַזש, וואָס זי האָט נאָך מער פאַרטיפט און געהעמערט אין אירע לעצטע יאָרן, ווען זי האָט געדרוקט אין דער יידישער פּעריאָדיק אין ישראל. זי איז כסדר געשטיגן באַרג אַרויף סיי אין איר בוך „פון קדרון־טאל" לידער פון און וועגן ארץ ישראל און חורבן און סיי אין איר בוך „מולד איבער תמנע" וואָס איז פול מיט אייגנאַרטיקע אימאַזשן און אין גאַנצן אַנדערש הן אין פאָרם און הן אין דער טע־מאַטיק אין וועלכן זי האָט זיך דערהויבן צו „דער מלכה פון ירושלים" ווי

עס האָט מיט גרויס געפיל זי אָנגערופן שלום אַש. זי איז גאַנץ ניי אין איר פּראָזע אין איר נאָכן טויט דערשינענעם בוך „ירושלימער געסלעך" וואָס איז לגמרי אַנדערש, ווי די ביז איצטיקע שילדערונגען פון די פאַרשיידענע טיפּן ישראל־יידן, ווי זיי זענען געשילדערט סיי אין דער יידישער ליטע־ראַטור און אפילו אין דער עבריתדיקער פּראָזע (אַפילו ביי בורלא און עגנון). פון 1934 ביז איר פריצייטיקן טויט געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק פון בצלאל־מוזעאום אין ירושלים און זיך מפרנס געווען פון איר אַרבעט און נישט פון שרייבעריי.

אויך משה יחיאל שאַטאַן (1883—1967), וואָס האָט נאָך געדרוקט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה דערציילונגען אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און שפּעטער אין דער וועכנטלעכער „לעבנס פראַגן" און אין דער „פאָלקס־צייטונג", איז געוואָרן אַ „ווילדער", הגם די יונגע שרייבערס האָבן געהאַט אַ גוטע הברישע היים אין זיין לאָדזשער דירה אויף דלוגע גאַס. מ. י. שאַטאַן איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אַ טרייער בונדיסט און צוליב דער אידייע מקריב געווען פון זיין ליטעראַרישן טאַלאַנט. ער האָט חוץ דערציילונגען וואָס זענען אַריין אין זיין בוך „אין שטורם" לאָדזש, 1921, אויך געדרוקט אַרטיקלען און פּובליציסטישע אַרבעטן אין אַ צאָל בונדישע אויסגאַבעס סיי אין פּוילן און סיי אין אַמעריקע. אַ צייט כסדר געדרוקט דערציילונגען אין „קענעדער אָדלער" אָבער זיי נישט אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם, און דאָס איז אַ שאָד, ווייל זיי שפּיגלען אָפּ אַ שטיק פאַרגאַנגען לעבן אין פּוילן אויפן פאָן פון אויפשטייג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מ.י. שאַטאַן איז געווען דער מאַן פון דער דיכטערין מירל ערדבערג־שאַטאַן. ער איז געשטאָרבן אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. זייער זון, ד"ר חיים שאַטאַן גייט אין די וועגן פון זיינע עלטערן און כאָטש ער איז כסדר פאַרנומען ווי אַ גרויסער מעדיצינער, גיט ער אַוועק פון זיין צייט פאַר דער יידישער קולטור און ליטעראַטור, וועמענס חסיד ער איז.

✶

אין דער צייט פון 1921 ביז 1924 זענען אין לאָדזש דערשינען נייע ליטעראַרישע זאַמלונגען ווי: „שוועלן" 2 העפטן, „וועגן" און „אויפגאַנג". „די שוועלן" זענען רעדאַקטירט געוואָרן פון ישראל רובין (ראַבאָן) און חיים

לייב פוקס; „וועגן" און „אויפגאַנג" האָט רעדאַקטירט חיים לייב פוקס.

די „שוועלן" האָבן אָבער איינגעפירט אַ נייעם דרך. מיר האָבן אָפּגע־געבן די בכורה צו דרוקן אונדזערע יונגע חברים־שרייבער פון ניו־יאָרק. אַזוי האָבן מיר דעם ערשטן נומער „שוועלן" אָנגעהויבן מיט לידער פון ב.י. ביאַליסטאָצקי און אויך מיט לידער פון נפתלי גראָס, ל. מילער, י.י. סיגאַל, ב. לאַפּין און קלמן הייזלער. די העפטן, וואָס זענען באַצירט געוואָרן מיט צייכענונגען פון די מאָלער ישראל לייזעראָוויטש (וואָס האָט געגעבן אַ בילד צו ישראל ראַבאָנס ערשטע דערציילונגען „שניילאַנד") און מאַרעק שוואַרץ (אַ באַריעלעף „די מרגלים") האָט חוץ לידער אויך געדרוקט דערציילונגען פון אַ נייעם טאַלאַנט, א. טשערכאָווסקי „פּראַשקאַ" און די ערשטע קאַפּיטלעך פון פּרץ אָפּאָטשינסקיס „נע ונעד" און אויך ליטעראַרישע קריטיק. אַזוי האָט י. שפּיגעל געשריבן וועגן די ערשטע לידער־זאַמלונגען פון לוי גאָלדבערג און משה שיפּריס, ישראל ראַבאָן וועגן אַש'ס „די כישוף מאַכערן פון קאַסטיליע" און „קידוש השם"; אהרן אַלפּערן, וועגן י.מ. ניימאַנס דראַמע „שבת אויבסט" און חיים לייב פוקס וועגן ה. לייוויקס „אין קיינעמס לאַנד". אויך האָבן מיר באַשטעלט אַ ספּעציעל אַרטיקל וועגן ז. סעגאַלאָוויטש ביי נפתלי וויינינג פון גאַליציע, וואָס האָט שפּעטער כסדר געדרוקט אין די לאָדזשער זאַמלונגען. פון די „שוועלן" אָן איז די פאַרבינדונג מיט די יונגע יידישע פּאָעטן פון ניו־יאָרק געוואָרן כסדר אַ חברישע און מיט אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך די לאָדזשער: חיים קרול און י.ה. ראַדאָשיצקי, וואָס האָבן אונדז אינפאָרמירט וועגן דעם באַרג אַרויף פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וועגן וועלכער מיר האָבן געשריבן. אַזוי האָט דער שרייבער פון די שורות דער ערשטער אין פּוילן געדרוקט עסייען וועגן די „אינזיכיסטן" און זיך אָפּגעשטעלט אויף די לידער פון יעקב גלאַטשטיין אין זיין ערשט בוך „יעקב גלאַטשטיין" פון וועמען מיר זענען אַפילו טייל מאָל באַאיינפלוסט געוואָרן...

אין 1924 הייבן אָן אין לאָדזש צו דערשיינען עטלעכע יידישע נאָכ־מיטאָג־צייטונגען: „לאָדזער ראַדיאָ" וואָס ווערט געשריבן פון אַ גרופּע דיכטערס, וואָס האָבן פּרובירט מזל אין דער זשורנאַליסטיק, און דאָס

„מאָרגענבלאַט" רעדאַקטירט פון יעקב בער גיפּס, ביי דער מיטהילף פון אַ גרופּע יונגע, ווי דער היינט־באַקאַנטער שרייבער פון בראַזיליע מאַרק יאַקובאָוויטש (געב. 1897), וואָס האָט דעמאָלט געשריבן לייכטע לידלעך און הומאָרעסקעס א. נ. מאָטעלע וויצלער. ער האָט זיך ערשט אַנטוויקלט צו אַ שרייבער אין בראַזיליע, ווו ער אַרבעט אין דער אַרטיקער און אַרגענטינער „פּרעסע" און מיט קאָרעספּאָנדענצן אין ישראל א"אַ לענדער. זינט זיין אָנהויב מיט לידער, וואָס זענען געזונגען געוואָרן אויף דער יידישער קליין־בינע, ביז צו זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען ליגט אַ מהלך פון 45 יאָר. דורך דער צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ צאָל ביכער, ווי דער ראָמאַן אין דריי טיילן „צוריק", וואָס האָט אַרויסגערופן אַנערקענונג פון ברייטע לעזער־קרייזן. דיביידע נאָכמיטאָג־צייטונגען האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אריכת ימים ווייל אַ נייע נאָכמיטאָג־צייטונג „עקסטראַ־בלאַט" רעדאַקטירט דורכן דיכטער־פּירלינג: באַרוכין, העלמאַן, נעלקען און ראַבאַן (וואָס האָט געשריבן די פּאָלקסטימלעכע ראָמאַנען) ווישט אָפּ פון דער לאָדזשער אויבערפלאַך די אַנדערע צוויי נאָכמיטאָג־צייטונגען, דאָס „עקסטראַבלאַט", וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט עלעגאַנץ און שיק לויטן מוסטער פון די לאָדזשער פּוילישע נאָכמיטאָג־צייטונגען האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג צווישן די ברייטע מאַסן לעזער, אָבער די שרייבער אַליין זיינען מיד געוואָרן און האָבן אויפגעגעבן די פּאָזיציע.

עס האָט אין זעלבן יאָר אָנגעהויבן צו דערשיינען דאָס וואָכנבלאַט פאַר היים און פאַמיליע „דער פרייטאָג", רעדאַקטירט פון לאַזאַר קאַהאַן מיט דער מיטהילף פון שרייבער פון די שורות וואָס האָט אָפּגעגעבן אַ גרויסן פלאַץ פאַר ליטעראַטור און קונסט. דאָס רופט אַרויס צום לעבן אַ נייע גרופּע יונגע טאַלאַנטן, וואָס דרוקן זיך דאָרט צום ערשטן מאָל, אָבער זענען שוין געבליבן אין דער ליטעראַטור און פּרעסע.

פון „פרייטאג" דאַטירט זיך דער אָנהויב פון דיכטער י. בן דב טשעכאַ־נאָווסקי (געב. 1908), וואָס הגם ער איז אין אָנהויב אין גאַנצן געווען אונטער ווייסנבערגס השפעה און געדרוקט שפּעטער אין אַלע נומערן פון „אינזער האָפענינג" האָט ער זיך כמעט אין גאַנצן באַפרייט אין די לידער וואָס ער האָט געדרוקט ביז צו זיין עולה זיין ווי אַ חלוץ אין 1935 קיין ארץ

ישראל. און כאָטש ער קען זייער גוט עברית און אַרבעט אין דער ענציקלאָפּעדיע „מסדה" דאָך דרוקט ער אין יידיש זיינע שירים און אַרטיקלען. בן דב טשעכאַנאָווסקי האָט זיך קונה־שם געווען דורך זיין גרעסערער פּאָעמע „בית סבא" 1961, וואָס הגם זי איז געשריבן אין עברית האָט זי גאָר אַ סך פון דער יידישער דיכטונג סיי אין געמיט און סיי אין מיליע. אפילו אין די ספּעציפישע אויסדרוקן ברענגט ער אַריין אַן אידיאָמאַטישן סלענג, וואָס איז אין גאַנצן יידיש־פאָלקסטימלעך. ער דרוקט אויך אין „פּראָבלעמען", „לעבנספראַגן".

אויך דער דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער משה בערשלינג (1900—1941), וואָס איז דעמאָלט געקומען קיין לאָדזש פון ווילנער יידישן לערער־סעמינאַר צו אַרבעטן ווי אַ לערער אין דער באָראָכאָוו־שול, האָט זיין באַגינען אָנגעהויבן אין „פרייטאג". משה בערשלינג (פסעוודאָנים פון מ. גאָלדשטיין), האָט געשטאַמט פון פּיוסק אין לובלינער קאַנט. ער איז געווען זייער אַן איידעלער און צאַרטער בחור. אַ גוטער לעקטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור, געפינט ער באַלד די חברשאַסט פון דער לאָדזשער יונגער שרייבער־חברותא, וואָס איז אים מקרב. און מיט זיינע לידער אין „פרייטאג" האָט ער זיך שוין דערוואָרבן אָנערקענונג. ער דרוקט אויך שפּעטער אין אַנדערע ערטער און אין דער „אַרבעטער צייטונג" אין וואַרשע און אין דער פועלי־ציון יוגנט־אויסגאַבע. אַ צייט געווען אַקטיוו אין דער לינקער פועלי ציון פּאַרטיי, שפּעטער אין דער לינקער באַוועגונג. צוליב אים און זיין חברה, קומט פאָר דער באַקאַנטער לערער־שטרייק אין דער באָראָכאָוו־שול, פון וועלכער ער מוז סוף כל סוף אַוועק. ער אַרבעט אַלס פונקציאָנאַר אין לאָדזשער „געזערד" און דרוקט אין „ליטעראַרישע טריבונע", „דער פריינד" און אין אַנד. לינקע לעגאַלע און נישט־לעגאַלע פּעריאָדיק. אין 1939 איז ער געווען צווישן די שרייבער־פּליטים אין ביאַליסטאָק. ער האָט אָבער גאָרנישט געדרוקט אין דער יידישער קאָמוניסטישער פּרעסע און אויך נישט אין ליטע־ראַרישע אויסגאַבעס אין גאַנץ רוסלאַנד. בעתן נאַצישן אָנפאַל, האָט ער נישט באַוויזן (און אפשר נישט געוואָלט) זיך עוואַקואירן. ער איז אַ קורצער צייט געווען אַ געפאַנגענער פון דער געשטאַפּאָ, וואָס האָט

אים זייער געפּייניקט. דעם 10 יולי 1941 האָבן אים די נאַציס, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידישע אַרעסטירטע פון ביאַליסטאָק, אַרויסגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג און דערשאָסן.

אין 1925, נאָך דעם ווי לאַזאַר קאַהאַן האָט פאַרלוירן זיין פאַרמעגן ביים יידישע טעאַטער און דאָס „טהאַליאַ־טעאַטער" האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן, איז ער אויך געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרמאַכן דאָס „פאָלקס־בלאַט" און צוזאַמען מיט זיין פרוי אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. לאַזאַר, איז דעמאָלט געוואָרן רעדאַקטאָר פון „אונזער עקספּרעס", און זיין פרוי, די באַרימטע שוישפּילערין, שושנה, וואָס האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן יידישן טעאַטער, האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אירע ראָמאַנען.

וועגן דער איידעלער און האַרציקער שושנה קאַהאַן (1897—1968) לוינט מער צו דערציילן. זי איז פון דער פריסטער יוגנט געווען זייער אַ שיינע און אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. און הגם זי האָט פרי חתונה געהאַט, האָט זי זיך געווידמעט נישט בלויז איר פאַמיליע, נאָר אָפּגעבן אירע כוחות פאַרן יידישן טעאַטער. זי איז געווען צווישן די מיטגרינדער פון דער לאָדזשער „דראַמאַטישע קונסט" און האָט מיט אירע חברים שוין אין דער פריער יוגנט, אויסגעפירט אין לאָדזש פּיעסן פון אַ ליטעראַרישן ניווא. זי איז אויך געווען צווישן די, וואָס האָבן אין לאָדזש אויפגעפירט פּרצס דריי איינאַקטערס. „נאָך קבורה", „אַ פריי־מאַרגן", און „שוועסטער", צו וועלכע פּרץ איז געקומען בייוווינען די פאָרשטעלונג. שושנה האָט תמיד אַרויסגעוויזן גרויס מוט בעת אַן עת צרה, זי האָט עס באַוויזן, ווען איך האָב זי געזען אין ווילנע, בעת די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט אירע צוויי יונגע זין, וואָס זענען געווען אויפן וועג פון לידע קיין ווילנע און אויך בעת דער טיפוס־מחלה, ווי זי איז אַליין געווען שווער קראַנק און געזאָרגט פאַר איר מאַן, וואָס איז געשטאָרבן פון טיפוס, שוין נאָכן באַפרייט ווערן פון יאַפּאַנישן לאַגער אין שאַנכיי.

אין וואַרשע, הגם זי האָט געשפּילט אין טעאַטער, האָט זי זיך אויך געווידמעט איר שרייבן, און דער עיקר די פאָלקס־ראָמאַנען, וואָס

האָבן צוגעצויגן מאַסן פרויען־לעזעריגס צו דער יידישער צייטונג. לאַנגע יאָרן ביזן חורבן געדרוקט אין „לעצטע נייעס" — די נאָכמיטאָג־צייטונג פון „היינט" און אויך איבערזעצט אַ צאָל פּיעסן פאַר יידישן טעאַטער ווי: ק. שעהנער „טייוולס ווייב" (צוזאַמען מיט לאַזאַר קאַהאַן); היינריך צימערמאַנס „דער פריהלינג"; י. וו. פּראַפּאַן „די רעטער פון מאַראַל", אורקע נאַכאַלניקס ראָמאַנען, וואָס זי האָט אויך צוגעגרייט פאַר דער בינע. און דאָס ווערק פון אָקטאַוו מירבא „דער טויט פון אַ הונט". אין פאַרלויף פון איר לעבן האָט זי מיטגעאַרבעט כמעט אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע אין פּוילן און אַנדערע לענדער. זינט 1947 געווען אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערין פון „פאָרווערטס", ווו זי האָט חוץ אירע צענדליקער ראָמאַנען אויך געפירט דעם אָפּטייל „די פרוי און די היים". אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט איר בוך „אין פייער און פלאַמען" (טאָגבוך פון אַ יידישער שוישפּילערין, מין אַ פאָרוואָרט פון פּישל בימקאָ, 1949), וואָס האָט געשילדערט אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם דאָס לעבן פון די יידישע פּליטים אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אין שאַנ־כייער געטאָ, וואָס איז אַ טייל פון יידישן חורבן, וואָס זי האָט ביזן סוף פון אירע טעג, כסדר געטראָגן אין זיך און נישט געקאָנט פון אים זיך באַפרייען. זי איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

נאָכן אונטערגאַנג פון „פאָלקסבלאַט" ברייטערט י. אוגער אויס דאָס „לאָדזער טאָגעבלאַט" מיט נייע מיטאַרבעטער. אַזוי שרייבט ד"ר אוריה ראָזענבלאַט (1876—1940), דער ציוניסטישער דעפּוטאַט, נישט בלויז פון צייט צו צייט, נאָר ער גיט יעדן פרייטאָג דאָס פּאָליטישע אַרטיקל פון דער וואָך. ביז צו דער צווייטער וועלט מלחמה געווען פון די וויכטיקסטע עסקנים אין דער „עת לבנות"־פראַקציע אין פּוילן. בעת די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט פּוילן, ווי אַ מיליטער־דאָקטאָר זיך עוואַקויִרט קיין רומעניען פון וואַנען געקומען אין 1940 אין ארץ ישראל, אַ צייט געווען דער פאָרשטייער פון פּוילישן „רויטן קרייץ". ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב.

עס האָט אויך כסדר געדרוקט אין „ל. טאָגעבלאַט" ד"ר ז. (ישעיה) עלענבערג (1895—1968), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון קראָקע,

ווו ער האָט רעדאַקטירט דעם פּויליש־יידישן „נאָווי־דזשיענניק״. אין לאָדזש איז ער געווען דירעקטאָר פון אַ מיידל־גימנאַזיע פון ד״ר ברוידעס טיפּ, אָבער גאַנץ געשמאַק געשריבן יידישע אַרטיקלען וועגן חינוך־פּראָגעס און איבער אַלגעמיין יידישע טאָג־פּראָבלעמען. איבער־געלעבט דעם חורבן און ביז צו זיין טויט געווען טעטיק אין שול־וועזן אין מדינת ישראל. ער איז געשטאָרבן אין תל אביב.

אויך ד״ר יהושע ריגער (1998—1966) איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „ל. טאָגעבלאַט״ ביז 1933, דערנאָך געווען פון די וויכטיקסטע מחנכים אין איינער פון די יידישע גימנאַזיעס אין לאָדזש. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן. ער איז געשטאָרבן אין ירושלים. עס האָט אויך אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיט קאָרעספּאָנדענציעס פון פּאַריז, דער דעמאָלט יונגער זאב בוימגאָלד (געב. 1908), וואָס האָט נאָכן לערנען אין אַלעקסאַנדערער גרויסן שטיבל, געענדיקט די יידישע גימנאַזיע און געוואָרן אַקטיוו אין דער לאָדזשער „התאחדות״ פּאַרטיי. ער האָט אַדורכ־געמאַכט אַ לאַנגען וועג פון לאָדזשער ציוניזם, ביז צו זיין היינטיקער פּאָזיציע אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן. מיטאַרבעטער פון „אידישער קעמפער״, „דבר״, ישראל, „אונזער וואָרט״ פּאַריז .ער איז דער מחבר פון אַ צאָל בראָשורן וועגן אַקטועלע יידישע פּראָבלעמען.

עס האָט ווידער אָנגעהויבן צו דרוקן אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״ זיינע הומאָרעסקעס, וואָס ער האָט נאָך געדרוקט אין די „לאָדזער נאַכריכטן״, איטשע מאיר מאָשקאָוויטש (1942—1888), וואָס הגם ער איז געווען אַ מאַנופאַקטור־סוחר, האָט ער אָוועקגעגעבן זיינע בעסטע יאָרן פאַר דער ליטעראַטור און טעאַטער. ער איז געווען פון די אָנפירערס און רעזשיסאָרן פון דער טעאַטער־סטודיע ביים „הזמיר״ און אַ דאַנק אים האָבן מיר געזען סצעניש געשטאַלטונגען פון שלום עליכם, פּרץ, פּינסקי, הירשביין א.אַ., וואָס זענען געווען גאַנץ נייע אין דער יידישער טעאַטער־געשיכטע אין פּוילן און וואָס זענען געווען אונטער דער דירעקטער השפּעה פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער. ער האָט אויך באַאַרבעט און איבערזעצט פון ענגלישן אָריגינאַל אורווינג שאָוס דראַמע „באַ־גראָבט די טויטע״, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן ספּעקטאַקל,

פונקט ווי ער האָט עס געטאָן מיט שלום עליכמס „גאָלדגרעבער", וואָס די קריטיק האָט טיטולירט „שלום עליכם אין לאָדזש". בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז ער אוועק קיין וואַרשע און געוואָרן פון די אַקטיווע טוערס פון דר. רינגעלבלומס „עונג שבת". אַוועקגעפירט קיין טרעמבלינקי, ביי דער ערשטער אויסזידלונג פון וואַרשעווער געטאָ און אומגעבראַכט.

אין "לאָדזער טאָגעבלאַט" האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש סטאַניסלאַוו געלבאַרט (1907—1971), וואָס איז פון פויליש אַריבער צו יידיש און שפּעטער צו עברית. ער האָט די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד און נאָכן צוריקקומען קיין לאָדזש געווען אַקטיוו אין דער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג. מיטרעדאַקטאָר פון יידישן וואָכנ־בלאַט „משמר", לאָדזש, 1946—1948 און אויך געדרוקט אין „יידישע שריפטן", „דאָס נייע לעבן" און דעם פויליש־יידישן „מאָסטי", ווו אָפּגע־געבן אַ גרויס אָרט פאַר איבערזעצונג פון דער יידישער ליטעראַטור. געלעבט אין תל אביב און געווען איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „על המשמר". אויך וואָלף ברעסלער (געב. 1892), איידער ער איז געפאָרן קיין אַרגענטינע, האָט געדרוקט דאָרטן זיינע ערשטע זאַכן. ער האָט אין 1920 אַרויסגעגעבן אין לאָדזש דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט „אחדות ישראל". אין בוענאָס איירעס איז ער אַ לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „אידישע צייטונג", „די פּרעסע", און פון „נייע ליטעראַרישע בלעטער, מיטגעאַרבעט אין „פנימער און פנימלעך" מחבר פון אַ צאָל פּיעסן, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן און פון בוך „פּרציאַדע", 1935 און פון אַ „לעקסיקאָן פון יידישע געז. טוערס אין אַרגענטינע"; אויך מרדכי יוסף גאָטהאַרד (געב. 1891) איז פון 1918 ביז צו זיין עולה זיין קיין ישראל אין 1934 געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג. איצט איז ער גענעראַל־סעקרעטאַר פון וועד החינוך אין מדינת ישראל.

אַ ספּעציעלן פּרק וויל איך ווידמען דעם שטילן און צאַרטן ש. זאַקס (1873—1939), גערופן „דער אַלטער זאַקס". ער איז לאַנגע יאָרן געווען אַ האַנדלס־רייזנדער און באַזוכט אַ סך לענדער. אין 1900 געקומען אין סוחרישע אָנגעלעגנהייטן קיין לאָדזש און איז שוין דאָרט פאַרבליבן ביז

1923. אַ רייכער מענטש האָט ער זיין פאַרמעגן געשטעלט צו דער גרינ־דונג פון אַ יידישער פּרעסע. מיטגרינדער פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין לאָדזש „לאָדזער נאַכריכטן“ און „לאָדזער טאַגעבלאַט“ פון וועלכע שפּעטער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און גע־דרוקט חוץ אַרטיקלען, פּעליעטאָנען, לידער און רייזע־באַשרייבונגען פון אָריענט, אויך זיינע איבערזעצונגען פון רוסיש, ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש. ער האָט זיך אויך באַטייליקט כמעט אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע און פּעריאָדיק אין פּוילן, אַמעריקע, אַרגענטינע, ווו געדרוקט זיינע איבערזעצונגען פון ב. קעלערמאַן „דער ניינטער נאָוועמבער“, „דער טונעל“ (אין בוכפאָרם, 1922 און 1926) ; ס. פּאָליאַקאָוו־ליטאָווצעס היסטאָרישן ראָמאַן „שבתי צבי“ (אין בוכפאָרם, 1927) ; ד׳איזראַעליס „טאַנקרעד“ (2 בענד. 1927) ; בערנ. לעקאַש „ווען דאָס פאָלק ישראל שטאַרבט“ (1927) ; טש. דיקענס „צוויי שטעט“ (1926) ; וו. מאַרגאַריט „קרבנות פון ליבע“ (1930) ; ג. פינק „מיך הונגערט“ (1930) ; ווי אויך ווערק פון גאָרקי, טאָלסטאָי, אַרציבאַשעוו א אַ. זיינע באַשרייבונגען פון יידישן לעבן אויף די קאַווקאַזער בערג און פון לעבן פון „אידן קאַזאַקן“ (געדרוקט טיילווייז אין „לאָדזער טאַגעבלאַט“) זענען דערשינען אין 1926. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און דערשעפּונג בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין וואַרשע — אָנגעשפּאַרט אויף אַ טיש אין דער קיך פון „טאָז“, לעשנאָ 48 (ב. מאַרק).

## „נייער פּאַלקסבלאַט"

אָבער לאָדזשער יידישע שרייבער האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן אַז נאָר איין יידישע צייטונג זאָל אָפּשפּיגלען דאָס יידישע לעבן און אין מאַי 1926 הויבט אָן צו דערשיינען אויפן אָרט פון „פּאָלקסבלאַט", דאָס „נייער פּאָלקסבלאַט", וואָס ווערט רעדאַקטירט פון אַ קאָלעגיע: לאַזאַר פוקס, וואָס איז דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון רוסלאַנד מיט זיין פרוי די שריפטשטעלערין טאַניא פוקס, חיים יאַנקל בזשוסטאָוו־סקי, וואָס שרייבט דאָרט פעליעטאָנען און טעאַטער־רעצענזיעס אונטער די נעמען „טעאַטער־מענטש" און „אַ שאַרפּצינגעל", און משה בראָדערזאָן, וואָס טוט אַלע רעדאַקציע־אַרבעטן און אפילו כראָניק מיט גרויס עלעגאַנץ און וועקנדיקער שפּאַנונג. משה בראָדערזאָן שרייבט דאָרט זיינע אין לאָדזש באַרימטע קליינע פעליעטאָנען אונטער די פּסעוודאָנימען „ר' זאַנוועלע" און „אמן" און לידלעך, קאַלאַמבורן און סתם חכמות מיט אַ לאָקאַלן קאָלאָריט אונטערן נאָמען „בראָדערזינגער".

צום „נייער פּאָלקסבלאַט" זענען צוגעצויגן געוואָרן כמעט אַלע שרייבער פון פריערדיקן „פּאָלקסבלאַט" און אויך נייע. אַלס שטענדיקע מיטאַרבעטער האָבן געאַרבעט, חוץ די רעדאַקטאָרן, אויך טאַניע פוקס, וואָס האָט געמאַכט די לאָדזשער כראָניק און איבערזעצונגען פון רוסיש און פויליש.

טאַניע פוקס (1896—1951) איז געווען זייער אַ באַגאַבטער מענטש. אַ געוויזענע לערערין, — טוט זי איר יעדע אַרבעט מיט דער גרעסטער אחריות און בעת זי שרייבט פּשוטע כראָניק, פילט מען איר אָטעם און באַציונג, כדי דער יידישער לעזער זאָל האָבן די בעסטע אינפאָרמאַציע, וואָס זאָל צוגלייך זיין יידיש. איר בוך „אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן", בוענאָס איירעס 1948, איז איינס פון די בעסטע ביכער אויף

דער חורבן־טעמאַטיק; און געשריבן מיט גרויס טאַלאַנט און מיט אַ גוט קינסטלעריש אויג, וואָס זעט און נעמט אַריין אין זיך די אַלע בילדער, כדי זיי צו פאַראייביקן אין וואָרט. טאַניע פוקס איז דורכגעגאַנגען אַלע זיבן טויערן פון היטלערישן גיהנום, אָבער געבליבן דער שיינער און גייסטרייכער מענטש מיט אמונה אין נצח המענטש. נאָכן קריג געווען אין פאַריז, ווו געדרוקט אין דער פועלי־ציון־פּרעסע. צום באַדויערן איז די פּיין, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין איר גוף, שטאַרקער געווען פאַר איר ווילן און בטחון. אַ קראַנקע, סיי פון פיזישע און סיי פון גייסטיקע יסורים, איז זי געשטאָרבן אין אַרגענטינע.

טאַניע פוקסעס פעטער, איז געווען דער טאַלאַנטירטער נאָוועליסט מאָטל ברייטמאַן (1889—1970) דער מחבר פון דער גרעסערער דער־ציילונג „ווען דער מאַן האָט געבליט". ביז דער נאַצישער אָקופּאַציע געווען ביבליאָטעקאַר אין אַן אָרטיקער יידישער ביבליאָטעק, גלייכ־צייטיק געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט" זייער שיינע דערציילונגען און נאָוועלן. זיין גורל אונטער די נאַציס, ווי אויך אונטער דער סאָוויעטי־שער אָקופּאַציע, איז ליידער נישט באַוווּסט. ער דאַרף מיין איך דערמאַנט ווערן, בעת מיר שרייבן וועגן די קדושים פון דער לאָדזשער יידישער פּרעסע.

אין „נייער פאָלקסבלאַט" האָט אויך געאַרבעט ישראל ראָזענבערג (1893—1944), וואָס האָט געשריבן די ראָמאַנען א"נ י. איזראָעלי און טעאַטער־רעצענזיעס אונטערן נאָמען י. דאַנקין. ער איז געווען אַ טעטיקער עסקן אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פועלי ציון און זייער קאַנדידאַט צום לאָדזשער שטאָטראַט. אומגעקומען בעת חורבן לאָדזש. עס האָבן נאָך געאַרבעט, ווי שטענדיקע מיטאַרבעטער שמעון קראַקאָווסקי (געבוירן 1890), דער אַמאָליקער מיטאַרבעטער פון „לאָדזער טאַגעבלאַט", וואָס האָט אויך דאָ געפירט די פּאָליטישע אָפּטיילונג. ער איז געווען אַ זייער געלערנטער מענטש און האָט איבערזעצט קלייגע דערציילונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור. אויך זיין ברודער, יוסף ק. (געבוירן 1898), איז געווען אַ שרייבער און רעדאַקטאָר און האָט אין

לאָדזש אַרויסגעגעבן דעם העברעאישן זשורנאַל „הקדם". זייערעביידנס גורל איזליידער נישט באַקאַנט.

עס האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט: אברהם שלעזינגער — „די סעריע פון אַלטן קוואָל" אויף פאָלקס־מעשיות און קליינע פעליעטאָנען אונטערן נאָמען שר של אש; ישראל טאַבאַקסבלאַט — פון דער האַנדלס־וועלט (שפּעטער רעדאַקטאָר פון חודש זשורנאַל „האַנדעל און מלאכה"); אַלטער אייזנשלאָס — חסידישע און פאָלקס־מעשיות; גראַף קאַלי — טאָג־גראַמען; חיים לייב פוקס — וועכנטלעכע ביכער־איבערזיכטן און אַרטיקלען וועגן מאָלעריי און אויך אַ גאַנצער שטאָב אַנדערע שרייבערס, וואָס פלעגן פון צייט־צו־צייט צושיקן זייערע אַרבעטן און קאָרעספּאָנדענצן, ווי יצחק בערלינער פון מעקסיקע, לייב מלאך — רעפּאָרטאַזשן פון זיינע רייזעס און מ. יאַקובאָוויטש פון בראַזיליע.

וועגן ספּאָרט האָט געשריבן מאָטל אַלטמאַן, וואָס איז געווען טעטיק אין פּועלי־ציון און אין דער געזעלשאַפט פאַר לאַנדקענטעניש. איבערגעלעבט דעם חורבן און געפינט זיך אין ישראל.

עס האָט ווידער אָנגעהויבן שרייבן אין „נ. פאָלקסבלאַט" דער אַמאָליקער משכיל און באַקאַנטער לאָדזשער אפּיקורס פישל קאַרנאָווסקי (1870—1938) וואָס האָט אויף דער עלטער פאַרוואָרפן זיין געליבטע „עברית" און אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען אין א"י אין סוף ניינצנטן י. ה. און אויך געדרוקט נאָוועלן און זיינע „אַראַבישע מעשהלעך". פישל קאַרנאָווסקי, איז געווען אַ גרויסער פאַבריקאַנט און הויז־אייגנטימער, אַ גרויסער חובב פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור, האָט ער געשטיצט די יונגע שרייבערס משה יאָסל סמאָלאַרזש, מישאַ טראַיאַנאָוו און אַפילו משה עקשטיינען, וואָס איז געווען אַ שטיקל „דזשיוואַק" און מחוצף וועגן זיינע נישט פאַרשטענדלעכע לידער. אגב האָט משה עקשטיין (1900—1942), וואָס איז געקומען מיט רעש און שטורם אין דער דיכטונג און חוץ אין „פאָלקסבלאַט" אויך געדרוקט אין „וועגן" און אין גרויסן זאַמלבוך „וואַרשעווער שריפטן", נאָך צוויי יאָר אויפגעהערט שרייבן. ער איז געווען אין וואַרשעווער געטאָ און אויסגעגאַנגען פון נויט. שפּעטער האָבן ביז צו דער מלחמה אין 1939 אין „נייער

פאָלקסבלאַט" געאַרבעט אַלס אינעווייניקסטע מיטאַרבעטער: יצחק יאַנאָסאָוויטש — איבערזעצונגען פון די פּוילישע נייעס־אַגענטורן, לאָדזשער בילדלעך, רעפּאָרטאַזשן, רעצענזיעס און אַנדערע רעדאַקציע־אַרבעטן; יוסף אָקרוטני — נאַכט־רעדאַקטאָר און יוסף זעליקאָוויטש (1897—1944), וואָס האָט געדרוקט פאָלקס־מעשיות, רעפּאָרטאַזשן און טיילן פון זיינע פאָרשונגען וועגן לאָדזשער יידישן פאָלקלאָר. ער האָט אויך געדרוקט אין „ייוואָ־בלעטער", ווילנע, טיילן פון זיינע פאָרשונגען וועגן „לאָדזשער יידיש" און געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן". אין לאָדזשער געטאָ געווען אין מרים אולינאָווערס שרייבער־קרייז און אויך געפירט אַ סעמינאַר פאַר יידיש־קענטניש. געווען פון די גרינדער פון געהיימען לאָדזשער געטאָ־אַרכיוו און רעדאַקטאָר פון דער דורך אים געפּלאַנטער „געטאָ־ענציקלאָפּעדיע". בעת דער ליקווידאַציע מיטגענומען מיט זיך קיין אוישוויץ צוויי פּולע זעק מיט כתבים און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען אין דער קרעמאַטאָריע.

עס האָט אויך אַ צייט געאַרבעט ווי אַ רעפּאָרטער יצחק גאָלדין (1896—1968), וואָס איז געווען פון די ערשטע „צעירי ציון"־עסקנים אין לאָדזש. ער האָט אויך געדרוקט לידער סיי אין נ. פּ. און סיי אין די זאַמלונגען „אין דער שטיל", „באַפרייאונג", „פאָלק און לאַנד" און אַנדערע. אין אָנהויב דרייסיקער יאָרן געפאָרן קיין ארץ ישראל און אַ צייט געווען אין אַ קיבוץ, דערנאָך סעקרעטאַר פון אַ פּראָפאַריין. געשטאָרבן אין תל אביב.

אויך די דיכטערין און ראָמאַניסטין הינדע ניימאַן־גרין (1916—1944) האָט אָנגעהויבן איר דיכטערישן וועג אין „נייער פאָלקסבלאַט". זי איז געווען אַ ברודערן־טאָכטער פון יחזקאל משה נ. און די פרוי פון פּראָזאַיקער מילטשע גרין. אין 1934, בעת זי האָט דעביוטירט מיט איר ערשט ליד, איז זי געווען אַ סטודענטין פון הומאַניסטישע וויסנשאַפטן אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט. שפּעטער געדרוקט אין „היינט", „ליטעראַרישע בלעטער", „דאָס וואָרט" און אַנדערע. מחברין פון אַ ראָמאַן פון יידישן סטודענטן־לעבן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען וואַרשע אַוועק מיט איר מאַן קיין לעמבערג, דערנאָך געווען אין געטאָ און לאַגער, ווו געשריבן

לירישע לידער אויף מאָטיוון פון אומקום און גבורה, וואָס זענען געזונגען געוואָרן אין אַ צאָל טויטן־לאַגערן. אומגעקומען אַ מיתת קדושים.

אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט, צוערשט פון ווין און דערנאָך פון פּיעטריקאָוו, איז געווען אברהם האַמער (1899—1942), וואָס האָט נאָך מיטגעאַרבעט אין „לאָדזער פּאָלקסבלאַט" און „וואַרשעווער טאָגעבלאַט" אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון „פּיעטריקאָווער צייטונג", געווען אין פּיעטריקאָווער געטאָ און אומגעבראַכט געוואָרן.

אין „נייער פּאָלקסבלאַט" האָט אויך געמאַכט זיין ערשטן אַרויסטריט מיט אַ דערציילונג דער היינט באַרימטער שריפטשטעלער און דראַמאַטורג משה דלוזשנאָווסקי (געב. 1906), וואָס האָט אין יענע יאָרן געדינט אין פּוילישן מיליטער אין לאָדזש. זיין וועג ווי אַ שרייבער איז פאַרבונדן מיט דער לאָדזשער יונגער שרייבער־גרופּע, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרחברט זינט 1925, ווען ער האָט געדרוקט זיין ערשטע דערציילונג. ער האָט אויך דערנאָך זיך געדרוקט אין אַ צאָל ליטעראַרישע זאַמלונגען און צייטונגען אין לאָדזש, וואַרשע און פּאַריז, ווו ער האָט געלעבט ביז דער דייטשער אָקופּאַציע. במשך זיין לאַנגן שרייבערישן וועג האָט דלוזשנאָווסקי אויסגעבריייטערט זיין טאַלאַנט. ער האָט פאַרדינסטן ביים אַריינברענגען אין דער יידישער ליטעראַטור טיפן, געשטאַלטן און שילדערונגען פון אַ גאַנץ נייעם לעבנס־שטייגער פון אונדזערע ברידער אין די לענדער פון צפון־אַפריקע, וואָס ער האָט דער ערשטער פאַראייביקט אין זיינע נאָוועלן און אין סצעניש̇ע בילדער. ער האָט אַדורכגעלעבט ווי אַ פּליט פון פראַנקרייך אין מאַראָקאָ, ווו ער האָט כמעט צוויי יאָר געלעבט און אין זיך אַריינגענומען סיי די שיינקייט פון דער יידישער פּאָלקסטימלעכקייט פון די האַרציקע און פאַרשטויסענע יידן און סיי זייער טראַגיק און עלנט, ווי מיר געפונען עס אין זיינע ראָמאַנען „דעם טעפּערס טעכטער", „די דין תורה" און אין זיינע דראַמעס ווי „דער בשמים־סוחר פון סאפי" און אַנדערע. ער האָט זינט 1941, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, פאַרעפנטלעכט אין „פאָרווערטס" צענדליקער ראָמאַנען, וואָס זענען אויך געדרוקט געוואָרן סיי אין אַרגענטינער „אידישע צייטונג" סיי אין די „לעצטע נייעס" אין תל

אביב און סיי אין די פּאַריזער „אונזער וואָרט״, „אונזער שטימע״ א.אַ. און ווערן מיט גרויס ליבשאַפט געלעזן פון דער גרויסער לעזער־מאַסע אין כל תפוצות העולם. ער דרוקט זיך כמעט אין דער גאַנצער יידישער פּעריאָדיק אין גאָר דער וועלט. אַ גרויסער מבין איבער קונסט דרוקט ער אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״ זיינע איבערזיכטן וועגן אויסשטע־לונגען פון יידישע און אַלגעמיינע מאָלער וואָס ווייזן זיין אינערלעכע באַציונג צו קונסט בכלל. זיינע ביכער: „דאָס ראָד פון מזל״, 1949, „אַ ברונעם ביים וועג״ 1952; „האַרבסט אין ווינגאָרטן״ 1954, ווו חוץ נאָוועלן זענען אויך געדרוקט די דראַמעס „דער בשמים־סוחר פון סאַפי״ און „די איינזאַמע שיף״ וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין די בעסטע יידישע טעאַטערן אין גאָר דער יידישער וועלט און איז פון די געציילטע סצענישע ווערק אויף מאָטיוון פון אונדזער יידישן חורבן דורך די נאַציס: „דער רייטוואָגן״ דערציילונגען און מעשהלעך פאַר קינדער, 1960; „ווי אַ בוים אין פעלד״, 1958; „ווינטמילן״ ראָמאַן פון יידישן לעבן אין צפון־אַפריקע, 1963; „טירן און פענצטער״, 1966. אַ צאָל פון זיינע ביכער, ווי „דעם טעפּערס טעכטער״ זענען איבערגעזעצט אין עברית, ענגליש און שפּאַניש און זענען געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק. אין די אַלע ווערק ברענגט דלוזשנאָווסקי אַרויס די בענקשאַפטן פון דורות יידן פון אַלע תפוצות און באַזונדער די יידן פון די אַפריקאַנישע לענדער, וואָס ציען זייער יחוס נאָך פון פאַרן חורבן בית שני. ער האָט אויך אויפגעלעבט דאָס יידישע לעבן אין די שטעט פון אַמאָליקן פראַנקרייך מיט זייערע זיטן און מנהגים.

אויך זיין חבר ירחמיאל האָניג (געב. 1905), האָט דורכן חברן זיך מיט דער יונגער שרייבער־גרופּע אָנגעהויבן שרייבן, צו ערשט רעפּאָר־טאַזשן אין „בייער פאָלקסבלאַט״ און אין „ליטעראַרישע בלעטער״, „היינט״ און האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע רעפּאָרטאַזשן פון בירגערקריג אין שפּאַניע, געדרוקט אין דער „פאָלקסצייטונג״ וואַרשע. י. ה. האָט אַדורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן לעבנסוועג, זינט ער איז צו פינף יאָר געוואָרן אַ יתום נאָך זיינע עלטערן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין טאָמאַשאָוו. ער האָט געלערנט יידישע און וועלטלעכע לימודים. אַ צייט געלעבט אין ענגלאַנד, ווו געווען דער אָנפירער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס,

דערנאָך געווען אַ ראַבאי פון אַ רעפאָרם־טעמפּל אין קאַליפאָרניע און אין בראַזיליע. מחבר פון דער דראַמע „נעם מיין זון" — וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין ענגליש דורך מאָריס שוואַרץ. לעבט אין לאָנדאָן, רעדאַקטאָר פון אַן ענגלישן זשורנאַל.

עס האָט אויך דעביוטירט אין „נייער פאָלקסבלאַט" אליעזר אלינער (געבוירן 1902), דער יונגערער ברודער פון מרדכי אלעי. ער האָט באַלד ביי זיין אָנהויב זיך דערוואָרבן אַ נאָמען פון אַן ערנסטן דערציילער. ער איז לאַנגע יאָרן געווען אונטער דער השפּעה פון י. מ. וויסנבערג און זיך געדרוקט אין „אינזער האָפענינג". נאָך וויסנבערגס טויט, האָט ער אויך זיך געדרוקט סיי אין „ליטעראַרישע בלעטער" און „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור" און אין דער „פאָלקסצייטונג". ער האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט ווי אַ לאָקירער פון מעבל אין וואַרשע און איז געווען נאָענט צו דער לינקער ריכטונג. די מלחמה־יאָרן האָט ער איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, אָבער ווי נאָר ער איז צוריק געקומען פון דאָרטן, באַלד אַוועק קיין ארץ ישראל. ער דרוקט זיך סיי אין „לעצטע נייעס" און סיי אין „לעבנספראַגן", „פּראָבלעמען" און אין כמעט אַלע יידישע צייטשריפטן אין מדינת ישראל. אַ גרויס אויפמערק האָט אַרויסגערופן זיין 2 בענדיקער ראָמאַן „די פאַרבער גאַס" וואָס איז אַן עפּאָפּעע פון האַרעפּאַשניקעס אין יידישן פּוילן. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ באַנד נאָוועלן, אָבער מפרנס איז ער זיך פון פיזישער אַרבעט, וואָס איז זיין לעבנס־פילאָזאָפיע, ווי פון רוב שרייבערס, וואָס האָבן זייער ליטעראַרישע דערהויבונג באַקומען אין לאָדזש.

אין „נ. פאָלקסבלאַט" האָט אויך באַקומען זיין שרייבערישע הכשרה עמנואל הירשבערג (1902—1944), וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער זאַמלונג „אין דער שטיל" און אויך „וועגן" און „שוועלן". ער האָט אָבער באַקומען אָנערקענונג ערשט נאָכן דרוקן זיך אין „טאָגעבלאַט".

עמ. הירשבערג איז געווען אַן איידעם פון אַ רייכן זאַקן־פאַבריקאַנט אין אַלעקסאַנדער און האָט זיך געלאָזט קאָסטן געלט, אַז מען זאָל זיינע לידער דרוקן אין די אויסגאַבעס פון די יונגע, וואָס האָט אָבער אַרויסגערופן אַ בייגעשמאַק און מיר האָבן אים נישט געוואָלט אַריינגעמען אין דער חברותא. ער האָט אויך אַרויסגערופן אומצוטרוי מיט זיין חברן זיך מיט

די יידישע מיסיאָנערן... אַ צייט געלעבט אין דאַנציק פון וואַנען צוריק־געקומען אין 1937, געעפנט זיך אַ שול, וואָס האָט געשמעקט מיט רעפאָרם. ער האָט אויך אַרויסגערופן אַ מחלוקת מיט הרב שמחה טרייסטמאַן, וואָס האָט געאסרט זיינע קידושין און גטן. אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען דער אָנפירער פון דעם קונסט־רעסאָרט, וואָס האָט צוגעשטעלט די דייטשן בילדער פון יידישע מאָלערס, אָבער צוליב דעם וואָס ער האָט געהאָט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ אין שטאָט אַריין, וואָס קיין שום ייד, חוץ די וואָס האָבן געדינט דער געשטאַפּאָ, האָבן נישט געהאָט, האָבן די יידישע קינסטלער אים באַיקאָטירט און נישט געוואָלט אָננעמען די „טאַלאָנען", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן צו די, וואָס האָבן פאַר אים געאַרבעט. ער האָט ביז דער מלחמה אין 1939 זיך געדרוקט אויך אין העברעאישן „בדרך" און אין „היינט". אין בוכפאָרם פאַרעפנט־לעכט: „לידער" 1922, „לתורת בני עליה" (וואָס האָט געשמעקט מיט קריסטנטום) און אַנדערע ווערק. וויסנדיק, אַז מיר באַיקאָטירן אים און ווילן נישט מיט אים האָבן קיין מגע ומשע, האָט ער אין 1939 אַרויסגעגעבן אונטער אַ פּסעוודאָנים „ווילי גאָטליב", „דאָס בוך פון צאָרן", אַן אַפּאָקאַ־ליפּטישע פּאָעמע אין 13 קאַפּיטלעך אין וועלכע ער זאָגט נביאות וועגן היטלערס וויסטן סוף (מיט אילוסטראַציעס פון הירשפּאַנג), וואָס איז געווען פון די לעצטע יידישע ביכער פאַר היטלערס אָנפאַל אין לאָדזש. איז געטאָ געשריבן אַ צאָל לידער, וואָס זענען געזונגען געוואָרן ווי „מענער פערד" א. אָ. אַ גרויסער סוד זענען זיינע בריוו, וואָס זענען געפונען געוואָרן דורך אַ פּוילישן אַרבעטער אין אוישוויץ, געשריבן צום כלומרשטן „ווילי" וועלכע איך האָב דערקענט, ווי בריוו פון עמ. הירשבערג (אין גאַנצן — 348, — אָפּגעפונענע 144) און כ'האָב וועגן זיי גערעדט מיט ש. ל. שניידערמאַן און האָב אויך געשריבן צו בערל מאַרק אין וואַרשע. ווי עס זעט זיך פון די בריוו (געשריבן צו זיך אַליין), האָט ער דורך זיי געוואָלט זיך ריין וואַשן און אין די טעג, ווען ער האָט זיך געגרייט צום אומקום, תשובה געטאָן. טאָ זאָלן מיר אים מוחל זיין. ער איז דאָך ווי אַ ייד אומ־געקומען אין דער אוישוויצער קרעמאַטאָריע.

עס איז אויך צוריקגעקומען משה עלבוים (1903—1968) וואָס האָט

נאָך אָנגעהויבן דרוקן אין לאזאר קאהאנס „פאָלקסבלאַט״ לידער. יעצט האָט ער חוץ די פרייטאָגדיקע זייט מיט הומאָר, וואָס ער האָט כמעט אַליין אויסגעפילט, אויך געדרוקט קליינע פעליעטאָנען און אַ צייט געווען דער נאַכט־רעדאַקטאָר. עלבום האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן מיט זיינע אַקטועלע מאָנאָלאָגן און לאַכערייקעס, וואָס ער האָט ספּעציעל געשריבן פאַרן „אררט״ אין וועלכן ער איז אויך אַ צייט געווען קאָנפע־ראנסיע. נאָך מער האָט זיך זיין טאַלאַנט אַנטוויקלט בעת ער איז געקומען פון לעמבערג (ווו ער האָט צוזאַמען מיט אריה ניימאַרק רעדאַקטירט אַ בונדיש וואָכנבלאַט) און געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „אונזער עקספּרעס״ און געטאָן פאַרשיידענע רעדאַקציע־אַרבעטן: ביז דער מלחמה געלעבט אין וואַרשע, דערנאָך ביז סוף 1940 אין ווילנע פון וואַנען איבער רוסלאַנד געקומען קיין שאַנכיי, ווו געווען פון די מיטאַרבעטער פון לאַזאַר קאַהאַנס רעדאַקטירער וואָכנשריפט „אונדזער וועלט״, די ערשטע און איינציקע יידישע צייטונג אין יענעם וועלט־טייל (וואָס איז צום גרעסטן טייל געשריבן געוואָרן דורך לאָדזשער שרייבערס). זינט 1941 אין ניו־יאָרק. אַ צייט געווען מיטאַרבעטער פון „מאָרגען־זשורנאַל״, שפּעטער, ביז צו זיין פריצייטיקן טויט, אין „פאָרווערטס״ ווי חוץ נייעס־רעדאַקטאָר, אויך יעדן מיטוואָך געדרוקט אַקטועלע פעליעטאנען און אַרטיקלען. לאַנגע יאָרן געווען סעקרעטאַר פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

עס האָט צום ערשטן מאָל אין „נייער פאָלקסבלאַט״ געדרוקט אַ נאָוועלע, דער היינט־באַקאַנטער פּראָזאַיקער און ראָמאַניסט אברהם ווייץ (געב. אין 1908) וואָס איז דעמאָלט געקומען אַרבעטן קיין לאָדזש. אַ צייט איז ער געווען פאַרבונדן מיט דער פאַריזער „נייע פּרעסע״. ער האָט אָבער באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד איבערגעריסן מיט זיי און זיך דערנעענטערט צום יידישן נאַציאָנאַלן לאַגער, כאָטש די לינקע האָבן אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך „אותיות אין בלוט״ פאַריז 1948, אין וועלכן ער האָט קינסטלעריש בולט געמאַכט דעם חורבן, וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט, סיי אין פראַנצויזישע און סיי אין פּוילישע טויטן־לאַגערן אונטער די נאַציס. פון זיינע

ראָמאַנען איז באַזונדער געלונגען „דער באַהאַלטענער ייד", וואָס ברענגט אַרויס אין אַ קינסטלעריש־געפּרעסטער פאָרם די יסורים פון אונדזערע אנוסים אין פּוילן אין די טעג פון זייער „לעבן" ווי אַריער. אויך זיין בוך „די לעצטע געטאָ" איז אַ וויכטיק ווערק, וואָס שילדערט לאָדזש און דעם יידישן חורבן אונטער די נאַציס. אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן טאַלאַנט ווייזט א. ווייץ אַרויס אין זיינע קלענערע נאָוועלן וואָס ער האָט פאַר־אייביקט אין זיינע ביכער „אַ נייער טאָג גייט אויף" און „דער קאַרשענבוים" אין וועלכע ער מאָלט מיט פראַנצויזישער עלעגאַנץ און עספּרי טיפן און געשטאַלטן פון פּאַריזער מענטשן, וואָס ער קען זייער גוט. ווייץ איז אויך אַ זייער באַהאַוונטער אין דער וועלט־ליטעראַטור און אַ לעקטאָר אויף ליטעראַרישע טעמעס. ער שרייבט אויך פון צייט צו צייט אין די פּאַריזער צייטונגען „אונדזער שטימע" און „דאָס וואָרט" און אויך, אין „פאָרווערטס" ניו־יאָרק, וועלכע דרוקן גערן זיינע געלונגענע נאָוועלן.

יחיאל פאַרסקי איז געבוירן אין לאָדזש (1902) ביי אַן אַנגעזעענער סוחרישער משפּחה (פאַרזשענטשעווסקי), איז באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק פון לאָדזש קיין דייטשלאַנד שטודירן אין ברעסלויער אוניווערסיטעט. שוין אַלס סטודענט איז ער געווען טעטיק אַלס זשורנאַ־ליסט אין דייטשלאַנד און האָט פון דאָרט געשריבן קאָרעספּאָנדענצן צום „לאָדזער פאָלקסבלאַט" און צום „קאַנאַדער אָדלער" אין מאָנטרעאל. געוווינט אין דייטשלאַנד און געווען איינער פון די גרינדער, צוזאַמען מיט זלמן רובאַשאָוו (שזר), דער איצטיקער פּרעזידענט פון ישראל — פון דער ערשטער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין דייטשלאַנד.

אין יאָר 1924 געווען אין קאַנאַדע און רעדאַגירט אַ חודש־זשורנאַל „ניי־לאַנד — קאַנאַדע".

אין 1926 זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, געווען אַ מיטאַרבעטער און מיטרעדאַקטאָר פון „אידישע טעלעגראַפן אַגענטור" („איטאַ"), געשריבן קאָרעספּאָנדענצן פאַר דער „פאָסישע צייטונג" אין בערלין, פאַר דער „אידישע צייטונג" אין בוענאָס־איירעס און פאַר דער ענגלישער „ניו־יאָרק פּאָסט".

אין 1938 געווען עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־אָרט".

אין 1945 געווען דער ערשטער יידישער זשורנאַליסט צו פאָרן אַלס אָפיציעלער אַמעריקאַנער קריגס־קאָרעספּאָנדענט קיין דייטשלאַנד. געווען אויך קאָרעספּאָנדענט פאַרן ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" פון פוילן און הויפּטזעכלעך פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

זיין שוועסטער חוה, די איידעלע לאָדזשער בונדיסטקע, האָט צוזאַמען מיט איר מאַן מאיר עטקין געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לאָדזש.ביידע זענען אומגעקומען דורך די נאַציס. זיין עלטערער ברודער, שמואל, וואָס איז געווען פון די שטיצערס פון דער יידישער קולטור, האָט אַדורכגעמאַכט די רוסישע לאַגערן און איז געשטאָרבן אין איינזאַמקייט אין אַ שפּיטאָל אין אלמא אטא. אין ערב ראש־השנה 1942, בעת ער איז געקומען פון לאַגער, איז ער געקומען אין היימישן מנין אין שטעטל אילי. איך האָב אים דערקענט און אַהיימגענומען. אַ צייט האָט ער געאַרבעט אַן אַ דאָקומענט אין אַ פּראָמקאָמבינאַט אַלס נאַכטוועכטער, אָבער שפּעטער מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרבעט־אַרמיי און געשיקט קיין אלמא אטא, וווּ ער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געשטאָרבן. ער האָט געהאַט ביי זיך מיין אַדרעס און מען האָט מיר מודיע געווען וועגן זיין טויט. די חברה קדישא פון איליער יידן, דער עיקר דער פרומער ייד מאיר נוסבוים און מיין ווייניקייט, האָבן אים געברענגט אין אַ וועגעלע פון אלמא אטא און קובר געווען אויפן אָפּגעצוימטן אָרט אויפן איליער בית עולם, אין שכנות מיט די הונדערטער יידישער פּליטים, אין חודש כיסלו, תש"ב. זיין יונגערער ברודער לייב, וואָס איז בעת דער מלחמה אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין רוסלאַנד, איז געשטאָרבן אין אַ ראָסטאָווער שפּיטאָל, נאָכדעם ווי ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי דער אַרבעט אַלס עלעקטריקער.

אין „נייער פאָלקבלאַט" האָבן אין יענע יאָרן זיך געדרוקט דריי פאַרשיידענע פרענקעלס: ד"ר ירמיהו פרענקעל (1895—1945), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון גאַליציע און געאַרבעט ווי אַ לערער אין דער גימנאַזיע פון ד"ר ברוידע. ער האָט צוערשט געשריבן פּויליש און העברעיש, אָבער אין לאָדזש אַריבער צו יידיש און געדרוקט זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער און העברעישער ליטעראַטור סיי אין

„טאָגעבלאַט" און סיי אין „נייער פאָלקסבלאַט". אין 1934 עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געדרוקט זיינע וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אַרבעטן אין דער ישראל־פּעריאָדיק. ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב.

פרענקעל גדליה (1907—1943), וואָס האָט זיינע ערשטע נאָוועלן פאַרעפנטלעכט אין „נ. פ.". ער האָט ביזן חורבן געלעבט אַ צייט אין בעלגיע, דערנאָך אין אַמסטערדאַם, זיך דערנערט פון פיזישער אַרבעט. מחבר פון בוך „שריפטן" אַמסטערדאַם 1932, וואָס האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג ביי דער קריטיק. אומגעקומען אַ מיתת קדושים, צוזאַמען מיט לאָדזשער יידן אין אוישוויץ. אויך מנשה פרענקעל (1897—1943), דער יונגערער ברודער פון נתן חפשי, דעם באַרימטן אַנאַרכיסט אין ארץ ישראל, האָט געדרוקט די ערשטע דערציילונג אין „נייער פאָלקס־בלאַט". ער האָט געלעבט אין לאָדזש פון 1925 ביז הארט פאַרן חורבן און חוץ אין דער לאָדזשער פּעריאָדיק אויך זיך געדרוקט אין „פאַרויס", „וואָכנשריפט" און „ליטעראַרישע בלעטער". מחבר פון בוך „נאָוועלן", לאָדזש 1933, אין וועלכע געוויזן אַן אייגענעם, אינערלעכן צוגאַנג צו זיינע טיפּן און געשטאַלטן. מנשה פרענקעל איז געווען אַ זייער איידעלע און צאַרטע פּערזענלעכקייט און אַ מזג טוב. אייניקע יאָר געלעבט אין ארץ־ישראל און געאַרבעט ביי בוי. גלייכצייטיק געדרוקט אין יידישע און העברעישע צייטשריפטן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש, אַוועק קיין וואַלבראַם, דערנאָך געווען אין אַ לאַגער און אומגעבערענגט געוואָרן דורך די טמאים ימ"ש.

אויך דער הומאָריסט שמעון יאַנאָווסקי (1913—1944) וואָס האָט אָנגעהויבן דרוקן אין דער הומאָריסטישער ביילאַגע פון „נייער פאָלקסבלאַט" איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער הומאָריסט. הגם געהערט צום „בונד" האָט ער נישט געדרוקט אין בונדישע אויסגאַבעס, נאָר אין די בירגערלעכע. אים איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ ראָלע אין לאָדזשער געטאָ מיט זיינע לידלעך אויף די געטאָ־מושלים, די אַזוי גערופענע „אַנאָנימע פּראָפּאַגאַנדע", וואָס האָט צוגעגעבן מוט די לאָדזשער יידן איבערצוטראָגן די שווערע טעג און נעכט אין הערמעטיש פאַרמאַכטן געטאָ. ער איז געווען אייגער פון דער גרופּע יונגע שרייבערס פון מרים אולינאָווערס „שרייבער־קרייז"

און פון די מחברים פון לידער און מאָנאָלאָגן אין „געטאָ־טעאַטער", מחבר פון די ביכער „פייגל אין דער לופטן" 1935, און „צו זינגען און צו זאָגן" 1938, ביידע אין לאָדזש. בעת די דייטשן האָבן זיך דערנעענטערט צו לאָדזש, אַנטלאָפן קיין וואַרשע און אויפן וועג געטראָפן געוואָרן פון אַ באָמבע־שפּליטער און דערביי פאַרלוירן אַ פוס. דאָס האָט אָבער נישט גע־ווירקט אויף זיין הומאָר, מיט וועלכן ער האָט דערהויבן דאָס שווערע געמיט פון די לאָדזשער אין געטאָ. אין אויגוסט 1944 אָוועקגעשיקט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

עס האָט אויך געדרוקט רעצענזיעס איבער מוזיק און טעאַטער דער מוזיקאָלאָג און דיריגענט פון די יידישע טעאַטערן אין לאָדזש, דוד בייגעלמאַן (1884—1944), וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מוזי־קאַלישע נומערן אין „אררט"־טעאַטער, ער האָט אויך אָנגעשריבן מוזיק צו לידער פון די יונגע יידישע פּאָעטן. אין לאָדזשער געטאָ, געווען פון די בויער פון „געטאָ־טעאַטער", פאַר וועלכן אָנגעשריבן חוץ מוזיק, אויך אַ צאָל געלונגענע לידער און הומאָרעסקעס. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אָוועקגעשיקט קיין אוישוויץ און אומגעברענגט.

אויך ד"ר יעקב מאַנדעלבוים (1896—1960), משה בראָדערזאָנס שוואָגער, האָט געדרוקט אַרטיקלען וועגן מעדיצינישע פראַגעס. ער האָט אויך אָנגעשריבן מוזיק צו אַ צאָל פראַגמענטן פון „אררט", ער האָט די מלחמה איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, דערנאָך זיך באַזעצט אין פּינסק און פּראַקטיצירט ווי אַ מעדיצין־דאָקטאָר.

דאָס זעלבע הענעך קאָן (1889—1972) וואָס האָט געדרוקט וועגן מוזי־קאַלישע פראַגעס און זכרונות. הענעך קאָן האָט זיינע בעסטע קאָמפּאָ־זיציעס, הן צו דער אָפּערע „דוד און בת שבע" און הן די מוזיק צו די בעסטע נומערן פון „אַזאַזעל" און „אררט" געשריבן אין לאָדזש. ער איז בכלל געווען אַ שם דבר צוליב זיינע פאַרבינדונגען מיט דער מוזיקאַלישער עליטע און מיט זיינע געלונגענע חכמהלעך. ער האָט איבער־געלעבט דעם חורבן און געווען טעטיק ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר און שרייבער.

עס האָבן געדרוקט יעדן פרייטאָג אַרטיקלען וועגן געזונט־ענינים

ד״ר ל. שוואלבע (געב. 1893) וואָס איז געווען דער לייטער פון ,,טאז״ און געווען אַ גוטער לעקטאָר. זיין גורל איז נישט באַקאַנט; ד״ר רוזשאנער (1971—1887) וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און איז געווען טעטיק הן אַלס דאָקטאָר און הן אין פאַרבאַנד פון לאָדזשער יידן אין אויסטראַליע. געשטאָרבן אין מעלבורן.

עס האָט געדרוקט וועגן יידישע שול־ און קולטור־פּראָבלעמען לייזער לעווין (1891—1967), וואָס איז געווען פון די ערשטע פּועלי ציוניסטן אין לאָדזש און מיטגרינדער פון יידישן שול־וועזן אין פּוילן. ער האָט אויך געדרוקט אין ״אַרבעטער צייטונג״, שפּעטער אין ״באַפרייאונג״, ״דאָס וואָרט״, בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש, אַוועק קיין וואַרשע ווו געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער אומלעגאַלער, אונטערערדישער פּ. צ. פּרעסע און איבערגעלעבט דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. דערנאָך געווען אין די שארית הפליטה־לאַגערן אין דייטשלאַנד און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט באַזעצט זיך אין קיבוץ יגור. דאָרטן געשטאָרבן.

פון 1930 ביז הארט פאַר דער מלחמה אין 1939 האָט אין ,,נ. פּ.״ אויך געדרוקט יורי מאַרגאָלין (1900—1970), וואָס איז אין לאָדזש געווען טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. און כאָטש ער איז געווען תמיד פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן אין גרויסן מאסשטאַב, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור און קונסט. בעת י. ראבאן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל ,,אות״ האָט מ. געגעבן דאָס געלט פאַרן ערשטן נומער. ערשט שפּעטער מיט עטלעכע נומערן האָט ער אָפּגעדרוקט זיינס אַן אַרבעט וואָס איז אַריין אין זיין בוך ,,דער אויפבוי פון אַ קינסטלעריש ווערק״ לאָדזש 1938. ער האָט אויך געדרוקט אין ,,ליטעראַרישע בלעטער״ און אין דער רעוויזיאָניסטישער פּעריאָדיק איבער דער וועלט און אין פאַרשידענע שפּראַכן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען פּוילן, אַוועק קיין פּינסק, אָבער דאָרטן דורך די באָלשעוויקעס אַרעסטירט און פאַרשיקט אין לאַגערן, בעת דער אַמנעסטיע פאַר פּוילישע בירגערס אין רוסלאַנד באַפרייט געוואָרן, אָבער געלעבט אין אַ פאַרוואָרפן מקום. אין 1946 צוריקגעקומען קיין לאָדזש, דערנאָך אומלעגאַל אַוועק קיין ישראל, ווו

געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער העברעישער פּרעסע. ער איז אויך לאַנגע יאָרן געווען תּל־אָביבער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער רוסישער צייטונג „נאָווע רוסקאָי סלאָווא" מחבר פון ביכער אין יידיש, רוסיש, עברית און פּויליש. ער איז געשטאָרבן אין תּל־אביב.

עס האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אין „גייער פאָלקסבלאַט" שמאי מאַראַוויטש (1900—1942), צו ערשט מיט קאָרעספּאָנדענצן און שפּעטער מיט נאָוועלן. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ חודש־שריפט „שטאַפּלען", פּיעטריקאָוו 1934, אין וועלכן עס האָבן זיך געדרוקט אַ ריי יונגע שרייבער פון דער פּראָווינץ. ער האָט אויך געדרוקט אין „אינזל" און אין דער יידישער פּעריאָדיק אין בעלגיען און פראַנקרייך. מיטאַרבעטער פון „ייוואָ־בלעטער" מיט פאָלקסטימלעכע מאַטעריאַלן. מחבר פון בוך „אַ טרער אויף אַ וואַגשאַל", 1931, געווען אין פּיעטרי־קאָווער געטאָ ווו אומגעקומען.

עס האָט אויף דער עלטער אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען וועגן זיין רייזע מיט י.ל. פּרץ איבער יידישע שטעטלעך, פּרצעס יוגנט־חבר, אינזש. ישעיה מאַרגוליס (1864—1941), וואָס האָט אויך וועגן דעם געדרוקט אין „ייוואָ־בלעטער" 1937, ער איז דער יידישער איבערזעצער פון מ. לאַזאַרוסעס בוך „ישעיה הנביא", וואַרשע, 1909. געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ.

אויך נחום סומער (געב. 1912), וואָס הגם ער האָט אין 1927 פאַרלאָזט פּוילן און געקומען קיין אַמעריקע, איז ער געווען פון 1933 פאַרבונדן מיט לאָדזשער יידישע צייטונגען. ער האָט געדרוקט עסייען וועגן יידיש־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און וועגן דער יידישער ליטעראַטור, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ סובטעלן, אייגנאַרטיקן וועלט־בליק. זיינע אימפּרעסיעס וועגן מענטש און וועלט, ברענגט ער תמיד אַרויס מיט קלאָרן פאַרשטאַנד אָבער צוגלייך מיטן אַ לירישער אינטערמעדיע, וואָס מאַכן נאָענט און היימיש זיין יצירה. ער האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן די ביכער: „מאַקס נאָרדוי" 1937 (אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דער גרויסער פּערזענלעכקייט), „אחד העם" 1941, (אַ פּרווו פון אַ כאַראַקטעריסטיק), „וול. זשאַבאָטינסקי" (דער מענטש און זיין אַרבעט) 1947, וואָס ווערט

פאַררעכנט צו די בעסטע ביכער וועגן יידישן פירער און גאון, „מענטש און וואָרט", עסייען וועגן שרייבער און ביכער, 1950; „אויף זייטיקע וועגן", עסייען וועגן יידישע און וועלט-שרייבערס און מחשבות און אימפּרעסיעס וועגן סאָציאַל-געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, געזען פון אַן אינטימען קוק-ווינקל, 1962. סומער, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט קאָרעספּאָנדענציעס אין „נייער פאָלקסבלאַט" האָט אַדורכגעמאַכט אַ גרויסן אויפשטייג אין די הונדערטער אַרטיקלען אין דער גאַנצער יידישער וועלט-פּעריאָדיק, ער האָט אויך רעדאַקטירט און מיטרעדאַקטירט די צייטשריפטן „אויפסניי" און „בטחון", וואָס האָבן אַרויסגעבררענגט נייע יידישע טאַלאַנטן אין אַמעריקע (אין דעם דרך ווי עס זענען געגאַנגען זיינע לאָדזשער חברים), ער איז צוזאַמען מיט אהרן אַלפּערן געווען דער רעדאַקטאָר פון רייכן אין אינהאַלט און פאַרנעם „בזשעזשינער יזכור-בוך", דאָס האַרציקע יידישע שניידער-שטעטל ביי לאָדזש, וואָס האָט אים געגערט מיט בטחון און אהבת ישראל, וואָס איז אַן עיקר-שטריך אין זיין גאַנץ לעבן און שאַפן און ער ציט ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון זיינע טייערע יידן די „עמך שער אייזן" וואָס פונקט ווי זיי איז ער זיך מפרנס פון שניידעריי אָבער זיין נשמה און מחשבה איז תמיד מיט יצירה און גייסטיקער דערהויבונג, וואָס ער גיט אין זיין ליטעראַרישער שאַפונג. דער עיקר-שטריך זיינער, איז, וואָס ער איז געבליבן טריי זיין לאָדזשער גלויבן וואָס ער האָט מיטגעבררענגט פון דער טייערער היימשטאָט, די נאָענטע שכינה צו אונדזער לאָדזש.

עס האָט אויך אין „נייער פאָלקסבלאַט" געדרוקט אַרטיקלען איבער ליטעראַרישע פּראָגעס און קריטיק ד"ר נחמן בלומענטאַל (געב. 1906), וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָדזש. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און שפּעטער צוריקגעקומען קיין לאָדזש, ווו געווען פון די אָנפירער פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע. ער האָט אַנטדעקט צווישן די מאַטעריאַלן פון לאָדזשער געטאָ-אַרכיוו די שריפטן פון אַ צאָל שרייבערס, וואָס זענען בעת דער ליקווידאַציע אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און אומגעקומען. צווישן זיי די לידער און פּאָעמעס פון ש.ב. שאַיעוויטש, וואָס ער האָט אין 1945 אַרויסגעגעבן מיט זיינס

אַן אַריינפיר, דאָס בוך „לך לך״, ער האָט אָבער באַלד פאַרלאָזט פוילן און זיך באַזעצט אין דער יידישער מדינה. איצט איז ער איינער פון די אָנפירערס פון „יד ושם״ און מיטרעדאַקטאָר פון אירע פובליקאַציעס.

ישראל יהושע געלבאַרד, (1893—1943), וואָס איז געווען אַ לערער פון געזאַנג אין די יידישע שולן אין לאָדזש, האָט סיי אין „נייער פאָלקס־בלאַט״ און סיי אין אַנדערע אויסגאַבעס, געדרוקט אַרטיקלען איבער חזנות און וועגן יידישער מוזיק. ער איז געווען אין לאָדזשער געטאָ פון די עסקנים אין געהיימען יידישן שולוועזן. ער האָט אויך געדרוקט א״פ ש. בענקעל, ש. אַראָנסאָן. אויסגעאַנגען פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ.

עס האָט פון 1933 ביזן לעצטן נומער „נייער פאָלקסבלאַט״ געדרוקט זיינע שיינע „פערל פון אַלטן אוצר״ דער משכיל און געלערנטער ר׳ פנחס זעליג גליקסמאַן (1869—1942), דער זון פון לאַסקער רב (נאָענטע משפחה פון יוסף אָפּאַטאָשו און מיין באָבעס אסתר חיה׳ס אַ קוזין), וואָס האָט נאָך געדרוקט סיי אין די „לאָדזער נאַכריכטען״ און „טאָגעבלאַט״ און סיי אין דער „הצפירה״ ביי סאָקאָלאָוון שירים. ר׳ פנחס זעליג גליקסמאַן איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט. אַן איש אמת, איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן זיין משפחה, יוסף אָפּאַטאָשו, און זיין ווערק „אין די פוילישע וועלדער״ און פאַרטיידיקט דעם קאָצקער דרך אין חסידות. ער איז געווען פון די איניציאַטאָרן און מיטרעדאַקטאָר פון „לאָדזשער וויסנ־שאַפטלעכע שריפטן״, 1938, וואָס האָבן אַרויסגערופן גרויס אויפמערק מיט דער גרונטיקייט פון די מאַטעריאַלן. ער האָט אויך צוזאַמען מיט ד״ר פיליפ פרידמאַן אַרויסגעגעבן אין פויליש אַ וויכטיקע אַרבעט צו דער געשיכטע פון לאָדזשער יידן, אויפן סמך פון אַלטע מאַטעריאַלן וועגן לאָדזשער בית עלמינס און מצבות. מחבר פון די ספרים „עיר לאסק וחכמיה״ „תולדות ר׳ הירש טאמשובר״, „מעונה לנחום סוקולוב״. די מאָנאָגראַפיעס „רבי זאב ליפשיץ״, און „ר׳ אליקום געץ״, וועמענס אור־אור־אייניקל ער איז געווען. אין יידיש: „דער קאָצקער רבי״, „פערל פון אַלטן אוצר״, „צוויי אַלטע חברות אין לאָדזש״ א״א. געווען אין לאָדזשער געטאָ, אומגעקומען א מיתת קדושים, הי״ד. אויך שמחה בונים גליקסמאַן

(1906—1943), וואָס איז געווען אַ קרוב פון אַלעקסאַנדערער רבין און האָט נאָכן לערנען אין ישיבות, באַשלאָסן צו ווערן אַ דרוקער־אַרבעטער, איז געווען טעטיק אין דער יוגנט פון די לינקע פועלי ציון און אויך געדרוקט אין „יוגנט־פאָן", „אינזעל" און זשורנאַל „עפּאָכע", לאָדזש, 1934, וואָס האָט אַרום זיך גרופּירט אַ נייעם נאָכוווּקס. אויך אין „זאַגלעמביער שלעזיש־וואָכנבלאַט" (פון די לעצטע צוויי, אויך רעדאַקטאָר). זיין בוך „אונטערן האַקענקרייץ", לאָדזש 1934, אין וועלכן ער שילדערט די היטלערישע גרוילטאַטן אין בערלין באַלד נאָך זייער קומען צו דער מאַכט, איז געווען דאָס ערשטע יידישע בוך פון דעם מין. ער איז געווען אין אַ סך טויטן־לאַגערן, דער עיקר אין נידערשלעזיען, ווו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

אויך דער היינט־באַרימטער נאָוועליסט יהודה עלבערג (געב. 1912), האָט זיין ערשטע דערציילונג „בערל ליפּ" געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט" 1932. ער האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע לאַגערן, און געלעבט אויך אַ צייט אויף דער „אַרישער זייט" אין וואַרשע. אין 1944 געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן באַנייט דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פּוילן. געווען פון די ערשטע מיטאַרבעטער פון „דאָס נייע לעבן", לאָדזש. דערנאָך אַ צייט געלעבט אין פּאַריז, ווו געווען רעד. סעקרעטאַר פון „קיום "און האָט אויך געדרוקט אין „אונזער וואָרט", „אידישער קעמפער" און אין דער יידישער פּרעסע פון קאַנאַדע, ווו ער לעבט די לעצטע יאָרן. טעטיק אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, הסתדרות, באָנד־קאַמפּיין, א״א. זיין בוך דערציילונגען „אונטער קופּערנע הימלען" אין וועלכע ער האָט קינסטלעריש פאַראייביקט דעם יידישן חורבן אין פּוילן, איז זייער געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק פאַר דער שפע קינסטלערישן שטאָף, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע דערציילונגען, וואָס געהערן צו די בעסטע פון דעם מין אין אונדזער ליטעראַטור.

אין „נייער פאָלקסבלאַט" האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע אינדישע מעשהלעך אברהם סאלאוויטש (1898—1939). ער איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען קיין לאָדזש פון שטעטל סלאָמניק און ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, געווען אַ זייד־פאַבריקאַנט. אונטער דער השפעה

פון י. מ. ווייסענבערג, וועמענס גרויסער חסיד ער איז געווען, אָנגעהויבן שרייבן, אָבער ערשט אין 1929 אָנגעהויבן דרוקן. ער האָט געדרוקט אין „אינזער האָפענינג", „ליטעראַרישע בלעטער", „פאָרויס" און „אות" ווי אויך אין דער לעצטער ליטעראַרישער זאַמלונג „קוואַלן", לאָדזש 1939, טיילן פון זיינע איבערזעצונגען פון די אינדישע „אופּאַנישאַדן און וועדן", וואָס איז דערשינען אין בוכפאָרם. ער איז אויך דער מחבר פון „די טעג פון גאָטאַמאַ" און „וווּנדערלעכע נאָוועלן" לאָדזש 1936, דערהרגעט פון נאַצישע קוילן אויפן וועג פון לאָדזש קיין וואַרשע אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה.

אין „נייער פאָלקסבלאַט" האָט אויך געדרוקט זיינע נאָוועלן דער אייגנאַרטיקער טאַלאַנטירטער נאָוועליסט משה יאָסל סמאָלאַרזש (1907—1942), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון כמיעלניק אין זיינע יונגע יאָרן. ער איז פרי געוואָרן אַ יתום און געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען. לאַנגע יאָרן געאַרבעט ביי שניידעריי, האָט ער ערשט אין 1931 געדרוקט זיין ערשט ליד „סתם אַזוי" אין ווייסנבערגס „אינזער האָפענינג", אָבער אין גיכן אויפגעהערט צו שרייבן לידער און אַריבער צו פּראָזע. זיין ערשטע דערציילונג „ביים אָפענעם קבר" אין דער „וואָכנשריפט" האָט באַלד אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט מיט זיין שילדערונגס־קראַפט און דער עיקר מיט דער אַנדערשקייט פון אויפנעמען די זאַכן וואָס ער האָט געשילדערט. זיין איינציק בוך „היים און פרעמד", לאָדזש, 1937, איז גוט אויפגענומען פון דער יונגער קריטיק אין פוילן, וואָס האָט אין אים דערפילט דעם אייגנאַרטיקן שרייבער, געטריי זיין מיליע און דין ווי דער טאָן פון אַ פידל, וואָס ציטערט אַריין אין אונדזער געמיט... בעת די נאַציס זענען באַפאַלן פוילן, געלעבט אין אָטוואָצק און געמאַכט פאַרשיידענע פּרוּוון אַריבער־צוגיין קיין רוסלאַנד, וואָס זענען נישט געלונגען. געכאַפּט דורך די נאַציס און אומגעברענגט אין בענדין צוזאַמען מיט זיין חבר מישאַ טראַיאַנאָוו (1900—1942) דעם צאַרטן דיכטער, וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן אין לאָדזש, 1933, אין דער זאַמלונג „צווישן מויערן" מיט די לידער „פינף מענשן ביי איין טיש" און „שטאָט־ליד" וואָס האָבן אים באַלד געגעבן אָנערקענונג אין די לאָדזשער דיכטער־קרייזן. ער האָט דערנאָך אויך געדרוקט אין

„ליטעראַרישע בלעטער", „אות", „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור". אַ חסידישער בחור, קראַנק אויף שווינדזוכט, אַן אומבאַהאָלפענער, איינזאַמער מענטש ברענגט ער אין זיינע לידער אַרויס טענער פון אינערלעכן רעוואָלט פון אַן איינזאַמען מענטש אין דער גרויסער שטאָט. אין זיינע צוויי ביכער „אומעטיקע האָריזאָנטן" און „דער נאַכט אַנטקייגן", 1936 און 1938, איז ער אַ רייפער דיכטער, וואָס טראָגט זיין צער טראָגט ער אויך די אמונה און טיפן מיטגעפיל צום מענטש בכלל. ער איז אומגעקומען אויפן זעלבן אופן ווי זיין חבר, מ. י. סמאָלאַרזש.

אין לאָדזש האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש, ישראל טרונק (1901—1943), וואָס האָט זיך געחתמעט י. טראַנק. ער איז געווען אַ זון פון לעצטן קוטנער רב. שטודירט פילאָסאָפיע און פון 1932 געלעבט אין לאָדזש. געווען אַ לערער אין יצחק קאַצענעלסאָנס גימנאַזיע ביז צו דער נאַצישער אָקופּאַציע פון לאָדזש. זיין ערשט אַרטיקל אין „נייער פאָלקס־בלאַט", „די פּרויען־טיפן ביי אַשן אין ליכט פון פּסיכאָאַנאַליז" האָט אים באַרימט געמאַכט ווי אַן ערנסטן דענקער, ער איז שפּעטער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין די בעסטע ליטעראַרישע צייטשריפטן. געדרוקט אין „אות", „ליטעראַרישע בלעטער" א"א. ער האָט אויך איבערזעצט די ווערק פון פרויד און אַדלער אויף יידיש. אין 1939 אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין ביאַליסטאָק אָבער דאָרט אַרעסטירט און פאַרשיקט אין די סיבירער טייגעס. אומגעקומען פון הונגער און קראַנקהייט אין סיווטיקוואַר, ביי זיין אַרבעט אין דער אָרטיקער באָד־אַנשטאַלט.

אויך דער געלערנטער און פאָרשער יונה פּרושינאָווסקי (1906—1939) האָט געדרוקט אין דער צייטונג טייל אַרבעטן זיינע וועגן פּסיכאָאַנאַליז. אַ גראַדואירטער פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, איז ער אַ צייט געווען אַקטיוו אין דער לינקער באַוועגונג אין זיין היימשטאָט לאָדזש. אָנגעהויבן דרוקן אין „ליטעראַרישע האָריזאָנטן", דערנאָך געווען אַ מיטרעדאַקטאָר פון „דער פריידענקער", „אויפקום", „ליטעראַרישע טריבונע". ער האָט ביז דער מלחמה געדרוקט אַרטיקלען וועגן געשלעכטס־פּראָבלעמען אין „אונזער עקספּרעס", וואַרשע. איבערזעצט אין יידיש: פאָרעל „דאָס געשלעכט־פּראָבלעם"; אָטאָ וויינינגערס „געשלעכט און כאַראַקטער" און טייל ווערק

פון אַדלער און פרויד. אומגעקומען פון אַ נאַצישער באָמבע אויפן וועג פון ניישטעטל קיין אַמשינאָוו אין די ערשטע טעג סעפּט. 1939.

אין „נייער פאָלקסבלאַט" האָט ווידער אָנגעהויבן שרייבן די אין לאָדזש געבוירענע נחמה עפּשטיין (1942—1898), וואָס איז געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי פון די לינקע פּועלי־ציון אין לאָדזש און ווילנע. אָנגעהויבן שרייבן לידער אין לאַזאַר קאַהאַנס „פאָלקסבלאַט", 1917, האָט זי אין ווילנע דערוואָרבן די פּאָזיציע פון אַ וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטערין אין כמעט אַלע אויסגאַבעס פון דער „ייוואָ". זי האָט אין דער צייטונג געדרוקט חוץ אַרטיקלען איבער ליטעראַטור און עסייען אויף וויסנשאַפטלעכע טעמעס אויך איר איבערזעצונג פון ראָמען ראָלאַנס „די פאַרכישופטע נשמה" און טיילן פון איר איבערזעצונג פון סט. בזשאָזאָווסקיס „פלאַמען", וואָס זענען שפּעטער אַרויס אין בוכפאָרם. געווען אין ווילנער געטאָ, פון וואַנען אַרויסגעפירט אויף פּאָנאַר און אומגעברענגט.

אויך יהודה גערטלער (1967—1895), האָט אָנגעהויבן דאָרט צו דרוקן. אין לאָדזש איז ער געווען אַקטיוו אין דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי און מיטגעאָרבעט אין דער פּאַרטיי־פּרעסע אין פּוילן, קאַנאַדע און אַמעריקע, וווּ געווען פון די עסקנים אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס. געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע. אויך דער שפּעטער־באַקאַנטער אַקטיאָר פון לאָדזשער און וואַרשעווער טעאַטערן אברהם וואָלפשטאַט (1942—1897), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער און איבערזעצונגען פון דער דייטשער קלאַסישער דיכטונג אין לאַזאַר קאַהאַנס "פאָלקסבלאַט", לאָדזש 1916, האָט באַנייט זיין שרייבן אין דער צייטונג. ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער פון „פרײַ־מאָרגן" ריגע און פון דער יידישער פּרעסע אין בראַזיל און אַרגענטינע. מחבר פון די דראַמעס „ברויט", „איבער קברים" א"אַ. געווען אין 1939—1940, אין ביאַליסטאָק און איבער אַ מסירה, צוליב זיין נעגאַטיווער באַשרײַבונג פון רוסלאַנד, געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן און געלעבט אַ געמאַטערט לעבן אין דערפער. אומגעבראַכט דורך די נאַציס אין אַ דאָרף הינטער סלאָנים.

# סאָצאַליסטישע צייטשריפטן

פון 1925 ביז צו דער איינפירונג פון דער „לאָדזשער זייט" צו דער „פאָלקסצייטונג", האָט דער „בונד" אין לאָדזש אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „לאָדזשער וועקער". רעדאַקטאָר איז געווען דער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט, ישראל ליכטענשטיין, וואָס פלעגט זיך אויך חתמענען: ג. ר. א.. נאָענטע מיטאַרבעטער זענען געווען: ח. ל. פּאָזנאַנסקי, דער ברודער פון העברעישן שרייבער מנחם פּאָזנאַנסקי פון ישראל; ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, וואָס זיינע פּוילישע אַרטיקלען פלעגן איבערגעזעצט ווערן. ד"ר מאַרגאָליס, וואָס איז געווען אַן איידעלע פּערזענלעכקייט איז אַ צייט געווען געזונטהייטס־לאַווניק אין לאָדזשער מאַגיסטראַט און פון די ערשטע קדושים צווישן דער לאָדזשער אינטעליגענץ, וואָס איז פאַרפּייניקט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ אין ראַדאָגאָשטשער לאַגער; שמואל מילמאַן, לאַנגיאָריקער לאַווניק און עסקן אין דער יידישער און אַלגעמיינער פּראָפ. באַוועגונג, וואָס פלעגט זיך אויך אונטערשרייבן „בן דוד"; אפרים לאָזער זעלמאַנאָוויטש (1885—1969), וואָס איז צום „בונד" געקומען פון אַ פרומער חסידישער היים און האָט זיך אַנטוויקלט צו איינעם פון די בעסטע מאַסן־רעדנער צווישן דער לאָדזשער אָרעמקייט. ער איז געווען אַ לאַנגיעריקער מיטגליד פון צ. ק. פון „בונד" אין פּוילן און אַ מיטגליד פון לאָדזשער קהילה־ראַט, און האָט זיך תמיד איינגעשטעלט פאַר די נויטן פון דער יידישער אָרעמקייט. ער איז צוליב זיינע רעדעס פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קארטוז בערעזע. אָבער דערפאַר האָבן לאָדזשער יידישע מאַסן אים אַרויסגעוויזן ליבשאַפט מיטן אָנרופן דאָס קליינע פּאַרקל אויף אַלטשטאָט מיטן נאָמען „פּראָים לאָזערס גאָרטן". בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען פּוילן, אַוועק פון לאָדזש און אַ צייט געלעבט אין ווילנע פון וואַנען געקומען קיין אַמעריקע און ביז צו די לעצטע טעג פון זיין לעבן

געוועזן אַקטיוו אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ניו יאָרק. מחבר פון אַ בוך „עפּיזאָדן פון מיין לעבן" 1956, וואָס איז בלויז דער ערשטער טייל פון זיינע זכרונות. ער האָט אויך זיך באַטייליקט אין „אונדזער צייט" און די דריי בענדער „דורות בונדיסטן". א. ל. זעלמאַנאָוויטש איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק. זיין עלטסטער זון מאָטל גייט אין די וועגן פון זיין פאָטער. ער איז אַ לאַנגע צייט געוועזן אַקטיוו אין „פּאַראייניקטן הילפס אַפּיל" און עד היום טעטיק אין ניו־יאָרקער „בונד" און „אַרבעטער־רינג". ער דרוקט אויך אַרטיקלען אין „אונדזער צייט" און אין ענגלישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס.

עס האָט געדרוקט אַרטיקלען וועגן דער פּרויען־פּראָגע און רעפּאָר־טאַזשן ראָזע אייכנער (1942—1878), וואָס איז אין די יונגע יאָרן געקומען קיין לאָדזש און דורך דער צייט זיך באַליבט צווישן די יידישע אַרבעטער־פּרויען. זי איז געוועזן אַ לאַנגיעריקער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט. אין 1939 אַ צייט געוועזן אַרעסטירט דורך דער געשטאַפּאָ, אַנטלאָפן קיין וואַרשע און געוועזן פון די איבערגעגעבנסטע מיטאַרבעטערינס פון דער „מעדעם־סאַנאַטאָריע" אין מיעדזשעשין און בעת דער ליקווידאַציע פון דער סאַנאַטאָריע, געגאַנגען אין שפּיץ פון קינדערצוג, וואָס איז פון די נאַציס אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג און אומגעבראַכט.

שמואל מילמאַן (געב. 1896) איז פון זיינע פריעסטע יאָרן געוועזן אַקטיוו אין לאָדזשער „בונד" און זיין פאָרשטייער אין דער לאָדזשער שטאָט־פאַר־וואַלטונג (שטאָטראַט, לאַווניק). ער איז אויך געוועזן אַ פאָרשטייער פון „בונד" צו דער אָנפירונג פון די פּוילישע קלאַסן־פאַראיינען. אין „וועקער" געדרוקט אונטער בן דוד, ש. מ. א"א. מיט דער הילף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט געקומען קיין אַמעריקע און אַ צייט געטאָן פיזישע אַרבעט. איצט, עקז. סעקרעטאַר פון אַמ. אַרבעטער „אָרט". געדרוקט אַרטיקלען אין „לעבנס פראַגן" 1916, „פאָלקסצייטונג" און פון כמעט אַלע (אונטער בונדישן איינפלוס) יידישע און פּוילישע פּראָפ. אויסגאַבעס אין פּוילן. נאָך דעם אויך סיי אין די בונדישע „אונזער צייט", „אונזער שטימע", „פאָרויס" א"אַ. אין „לאָדזשער יזכור בוך" פאַרעפנטלעכט וויכטיקע אַרבעטן וועגן

יידישן לאָדזש. אַזוי אויך אין „היסטאָרישער זאַמלבוך" וואַרשע 1947. לעבט אין ניו יאָרק. זיין זון לעאָן, איז אַ מיטאַרבעטער פון דער שניידער־יוניע און זיין טאָכטער מאַרילע איז אויך טעטיק אין יידישן קולטור־לעבן.

יוסף מאָרגענטאַלער (1884—1940), וואָס איז פון 1918 ביז צו היטלערס אָנפאַל אויף פוילן, געווען דער סעקרעטאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג פון טעקסטיל־פאַריין. מיטגליד פון שטאָטראַט און קהילה, רעדאַקטאָר פון „דער טעקסטיל־אַרבעטער", „דער שערער־אַרבעטער" לאָדזש, 1922—1938, איז אָנהויב־מלחמה אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און אַ צייט געהאַלטן אין ראַדאָגאָשטשער לאַגער, דערנאָך אין דאַכאַו פון וואַנען דעפּאָרטירט קיין אָראַניענבורג און אומגעבראַכט. ליזע האַלצמאַן (1882—1942), לערערין פון יידיש־רוסישע גימנאַזיעס און פאַר־וואַלטערין פון אַ צאָל יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן. אין „לאָדזשער וועקער" געדרוקט אַרטיקלען איבער פּעדאַגאָגישע און דערציִונגס־פּראָגעס און איבערזעצונגען פון פראַנצויזיש (אדלע דע לא פאר: „די יוגנט פון אן אַרבעטער" א"אַ). האָט אויך געשריבן אַ סעריע „פון מיין קאַליידעסקאָפּ". אין 1939 אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע, ווו זי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ. ישראל אלבאַוו (1891—1932)), וואָס האָט געדרוקט הויך אַרטיקלען אויך שיינע בילדער פון אַרבעטער לעבן, ער איז אַ צייט אויך געווען אַ לערער פון דער מעדעם־שול אין לאָדזש. געשטאָרבן אין לאָדזש. סערגיי נוטקיעוויטש (געב. 1906), וואָס איז געווען אַ מיט־גליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין פוילן און אַ ראַטמאַן אין לאָדזשער שטאָטראַט. סערגיי האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן די פּוילישע היטלעריסטן אין שטאָטראַט פאַר וועלכע ער איז געשלאָגן געוואָרן פון פּוילישע כוליגאַנעס. געווען פון די שטענדיקע מיטאַרבעטער פון „לאָדזשער וועקער" און נאָך ליכטענ־שטיינס טויט, אין 1933 געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט, ביז ער האָט אָרגאַניזירט די לאָדזשער מוטאַציע פון דער „פאָלקסצייטונג" און רעדאַקטירט די ספּעציעלע „לאָדזשער זייט", ער איז אויך געווען רעדאַקטאָר סיי פון „לאָדזשער יוגנט וועקער" און סיי פון דער „לאָדזשער סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע" א. אַ. אויסגאַבעס. אַ באַקאַנטער רעדנער

און לעקטאָר, האָט ער אויך צווישן דער יידישער פּראָלעטאַרישער יוגנט רעפערירט און באַקאַנט געמאַכט וועגן דער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור. אין 1939 אַוועק פון לאָדזש און אַ צייט געלעבט אומלעגאַל אין באַלשעוויסטישן ווילנע פון וואַנען אין 1941 געקומען קיין קאַנאַדע, דאָרט געווען רעדאַקטאָר פון דער פּוילישער סאָצ. צייטשריפט „וואָלקאַ לודו". ער האָט אויך געדרוקט אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס" און אַנדערע סאָציאַליסטישע צייטשריפטן איבער דער יידישער וועלט. געשריבן אַ צאָל סצענישע אַרבעטן פאַר דראַמאַטישע קרייזן, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין פּוילן, קענעדע און אַמעריקע. לעבט אין לאָס אַנזשעלעס, קאַליפ. דירעקטאָר פון אַ יידישן „קאָמיוניטי־צענטער פאַר דערוואַקסענע" און איז איינער פון די יידישע וואָרטזאָגערס און פירערס פון אָרטיקן יידישן ישוב. אייניקע מאָל באַזוכט אייראָפּע און מדינת ישראל און אַרויסגעטראָטן מיט זיינע זייער פּאָזיטיווע אָפּשאַצונגען וועגן דער ראָל פון מדינת ישראל אין יידישן לעבן. עס האָבן אין דער צייטונג אויך געדרוקט פאַרשידענע אַרבעטן איידער זיי זענען אַוועק פון לאָדזש קיין רוסלאַנד, די לערערס: שלמה איטשע ראַווין (1895—1937) און וואָלף סעגאַלאָוויטש (1890—1937) און די יוגנט־טוערין אָלאַ סעגאַלאָוויטש (1900—1937), וואָס זענען געווען ברודער און שוועסטער פון דיכטער זוסמאַן סעגאַלאָוויטש. וואָלף סעגאַלאָ־וויטש איז אַ צייט געווען זייער אַקטיוו אין לאָדזש, ווי אַ לעקטאָר, און בעת זיין לעבן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, געוואָרן איינער פון די טעטיקסטע עסקנים אין יידישן שולוועזן אין מינסק און בירא בידזשאַן. מחבר פון אַ צאָל לערנביכער פאַר יידישע שולן. צווישן אנדערע „מאַטעמאַטיק" (צוזאַמען מיט יוסף ראַווין), „העפטן פאַר מאַטעמאַטיק" און „אַרבעטס בוך פאַר מאַטעמאַטיק". אין 1935 באַשולדיקט אין טראָצקיזם און פאַרשפּאַרט אין פאַרשידענע לאַגערן. דערשאָסן אין 1937. דער שרייבער פון די שורות האָט געפירט די ליטעראַטור־ און קונסט־אָפּטיילונג.

אין „לאָדזשער וועקער״ האָט אויך אָנגעהויבן זיין שרייבערישע טעטיקייט דער היינט־באַקאַנטער יהודה קערש (געב. 1909). אַ שילער פון דער מעדעם־שול, וואָס האָט נאָכן ענדיקן אַ יידישע הומאַניסטישע גימנאַזיע אין ווילנע, ווידער באַזעצט זיך אין לאָדזש. אין ל. וו. געדרוקט סיי רעפּאָרטאַזשן און רעצענזיעס איבער ביכער און טעאַטער, אויך איי־בערזעצונגען פון פּויליש און רוסיש. ער איז ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ סעקרעטאַר אין דער יידישער אָפּטיילונג פון טעקסטיל־פּאַראיין און זייער אַקטיוו אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג און באַ־זונדער אין דער קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף״, פון וועלכער געווען אין דער הויפּט־אָנפירונג. אויך אָנגעפירט מיט זומער־לאַגערן, פאַר וועלכע אָנגעשריבן אַ צאָל קינדער־פּיעסן, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן. בעת היטלער האָט פאַרנומען פּוילן, אַוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד און געווען אַרעסטירט אַלס בונדיסט. שפּעטער, געלעבט אין מיטל־אַזיע. 1945 צוריק־געקומען קיין פּוילן, ווו געווען דער אָנפירער פון קולטור־אָפּטייל ביים לאָדזשער יידישן קאָמיטעט, גלייכצייטיק אַרומגעפאָרן אין פּאַרטייאישער שליחות. געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר און אַרויסגעגעבן דעם ערשטן נומער פון דער באַנייטער „נייע פאָלקסצייטונג״ און „יוגנט וועקער״, פון וועלכן אויך געווען מיטרעדאַקטאָר און אַליין רעדאַקטירט די זייטן פון דער ביילאַגע „חברשאַפט״, דעם ערשטן אילוסטרירטן קינדער־זשורנאַל אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן. צוליב סיבות, לרוב געדרוקט אונטער פסעוו־דאָנימען... לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אַלס לעקטאָר און באַזונדער וועגן דער יידישער ליטעראַטור. פון 1948 ביז צו זיין פאַרלאָזן פּוילן אין 1957, געווען קאָרעקטאָר אין דער „פאָלקסשטימע״ און איר מיטרעדאַקטאָר פון דער ביילאַגע פאַר קינדער. אין דער זעלבער צייט געווען אַ לערער פון יידישער ליטעראַטור און יידישער געשיכטע אין דער י. ל. פּרץ־גימנאַזיע אין לאָדזש. פון 1957 ביז צו זיין באַזעצן זיך אין 1968 אין מדינת ישראל, געלעבט אין אויסטראַליע, ווו געאַרבעט אין דער „אויסטראַלישע יידישע נייעס״ און אויך אין דעם בונדישן „אונדזער געדאַנק״, וואָס ער האָט אויך רעדאַקטירט. דאָס זעלבע אין דער אויסגאַבע „דער לאַנדסמאַן״, וואָס ער האָט רעדאַקטירט (צוזאַמען מיט דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם טאַלאַנטירטן

פּראָזאַאיקער הערץ בערגנער (1907—1970). אין ישראל באַקאַנט ווי אַ קריטיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וועגן וועלכער ער איז אַ לעקטאָר סיי אין „בית לייוויק" און סיי אין אַנדערע ערטער. אַרבעט מיט אין „לעצטע נייעס", „לעבנספראַגן", „נייער פאָלקסבלאַט" (ישראל) „אונדזער וואָרט", פּאַריז און אַ צאָל פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין די תפוצות. איז דער פאַרוואַלטער און מיטרעדאַקטאָר פון „י. ל. פּרץ־פאַרלאַג" אין תל־אביב.

אויך זיין פרוי, ראָזאַ קערש (פון דער היים פרידמאַן, געב. 1909), האָט נאָך אין דער צייט ווען זי איז געווען אַן אַרבעטערין אָנגעהויבן שרייבן, אָבער דרוקן ערשט אָנגעהויבן אין 1946 אין דער „פאָלקסשטימע" מיט רעפּאָרטאַזשן וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ רייכער שפּראַך און בילדערישקייט. לאַנגע יאָרן געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט זיך אויך געדרוקט אין דעם פּוילישן „גלאָס ראָבאָטשניטשי", אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע צרות אין רוסלאַנד. אין 1945 צוריקגעקומען קיין לאָדזש. דערנאָך געלעבט אין מעלבורן, ווו געוואָרן אַ מיטאַרבעטערין אין „אויסטראַלישע יידישע נייעס", ווו זי אַרבעט עד היום מיט קאָרעס־פּאָנדענצן און רעפּאָרטאַזשן און בילדלעך פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן, געמאָלט אין אַ פּאָעטישן אַראָמאַט און שטימונג. לעבט זינט 1968 אין מדינת ישראל.

אין „לאָדזשער וועקער" האָבן געדרוקט אַלע יונגע לאָדזשער פּראָלע־טאַרישע שרייבערס. אין „וועקער" האָט דאָס ערשטע מאָל געדרוקט רעפּאָר־טאַזשן יצחק יאַנאַסאָוויטש, וואָס איז פון יעזשוו געקומען קיין לאָדזש. עס האָט אויך זיך צום ערשטן מאָל געדרוקט שמחה בונים שייעוויטש, (1907—1944). ער האָט געשטאַמט פון זייער פרומע, אָבער זייער אָרעמע עלטערן. ער האָט געקענט זייער גוט לערנען, אָבער צוליב דער נויט אין שטוב האָט ער באַלד נאָך דער ישיבה געמוזט גיין אַרבעטן. ער לערנט זיך צו זיין אַ האַנט־זאָקן־מאַכער, פון וועלכן ער ציט זיין אָרעמע חיונה. שייעוויטש איז געווען אַ מיטגליד פון טעקסטיל־פאַריין און פון „בונד" און געטריי דער באַוועגונג אין אַלע אירע מעשים. אין יענער צייט האָט ער נאָך אַלץ געטראָגן זיינע חסידישע בגדים און דאָס רונדע יידישע היטל.

בעת שייעוויטש האָט דאָס ערשטע מאָל געברענגט די ערשטע זאַך אין „וועקער" האָט די רעדאַקציע איינגעפּונען, אַז ער האָט טאַלאַנט און אַז ער קאָן די שרייבערישע מלאכה, נאָר אַז ער דאַרף נאָך די נאָוועלע שלייפֿן. דאָך האָט מען די נאָוועלע באַלד אָפּגעדרוקט אין נאָענטסטן נומער. ביז צו דער מלחמה האָט ער נאָר געשריבן פּראָזע און די זאַכן האָט ער אויך שפּעטער געדרוקט אין „וועקער" „נייער פֿאָלקסבלאַט" און צולעצט, האַרט פֿאַרן 39סטן יאָר אויך אין „פֿאַרויס" און דער „פֿאָלקסצייטונג". אין זיינע דערציילונגען און נאָוועלן, וואָס זענען כמעט תמיד געווען פֿון יידישן אָרעמען און אַרבעטער־לעבן, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין ספּעציעלע באַזונדערקייט, נישט מיט דער טעמאַטיק, וואָס איז כמעט ווי געווען טריי צו אַ סך אַנדערע נאָוועלן, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן פֿון יונגע שרייבער און נישט מיט דער שפּראַך, וואָס האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין שום נייע אויסדרוקן און ניואַנסן. ערשט אין לאָדזשער געטאָ (קען זיין אונטער־דער השפּעה פֿון מרים אולינאָווער אין וועמענס שרייבער־קרייז ער איז געווען) האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן אין פֿערזן און אין דער נייער פֿאָר אים, פֿאָרעם, האָט ער געפֿונען זיינע העכסטע אויסדרוקן און פֿונקען פֿון דיכטערישער באַגאַבונג און דער עיקר אַן אייגענעם טאָן, וואָס ער האָט אפשר מיטגעבראַכט פֿון די כותלי־בית המדרש און זענען צוריק געקומען צו אים אין אַן עת צרה. שייעוויטשעס בוך מיט די פּאָעמען „לך־לך" און „פֿרילינג" תש״ב, לאָדזש 1946 און די שפּעטער אָפּגעפֿונענע פּאָעמע „סראָל נאָבעל" וואָס איז זיכער אַ מין אייגענע ווידוי פֿון חורבן, זענען נישט נאָר גרויסע ליטעראַרישע דאָקומענטן פֿון דער גרויליקער צייט אין לאָדזשער געטאָ ,ווו זיי זענען געשריבן געוואָרן, נאָר בכלל אַ טיפֿע יידישע דיכטונג. די פּאָעמען זענען אַן אָפּהילך פֿון די אַלטע יידישע סליחות און קינות און אַן איבעררוף מיט די שירים פֿון די פּאָעטן פֿון דער שפּאַנישער „גאָלדענער עפּאָכע" און מיט די קלאָג־לידער פֿון די פּייטנים פֿון דער צייט פֿון די קרייץ־צוגן אין דייטשלאַנד מיט 900 יאָר פֿריער.

דער פֿאַל „שייעוויטש" ווי דער פֿאַל „וויראַווסקי", וואָס האָט אויך ערשט אין וואַרשעווער געטאָ אָנגעהויבן צו שרייבן אין אַ פּאָעטישער פֿאָרעם, דאַרף זיין פֿאַר אונדז אַ משל אין דער באַהאַנדלונג פֿון די אַלע

פּאָעטן פון די געטאָס און לאַגערן, וואָס האָבן נאָר געדרוקט אָדער געשריבן איינס אָדער עטלעכע לידער און זענען אומגעקומען — אַז זיי טאָרן נישט פאַרגעסן ווערן, זיי דאַרפן אַריינגענומען ווערן אין ספר־החיים פון דער יידישער ליטעראַטור. (איך האָב זיי פאַראייביקט, אויף וויפיל מיינע מעג־לעכקייטן זענען געווען, אין די בענדער פון „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור" וואָס דער קולטור־קאָנגרעס גיט אַרויס). בנימין וויראָווסקי (1898—1943), דער בונדישער ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָט־ראַט, איז געווען א יידישער לערער און לעקטאָר פון דער יידישער ליטע־ראַטור. ער איז אין 1924 געקומען קיין לאָדזש פון אַ שטעטל לעבן לאָמזשע, און אַ צייט געווען אַ לערער אין דער באָראָכאָוו־שול. מיט דער צייט איז ער אַוועק פון די „פּועלי ציון" און אַריין אין „בונד" געאַרבעט אין דער „מעדעם־שול" און אין דער „קולטור ליגע". אין 1929 אָנגעהויבן שרייבן אין „וועקער" אַרטיקלען וועגן פּאָליטיק און אויך וועגן ליטעראַטור און טעאַטער. בעת די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש און וויסנדיק אַז ער איז אויף דער ליסטע צום אומברענגען, אַנטלאָפן קיין וואַרשע און אין געטאָ האָט ער אונטערן איינפלוס פון יצחק קאַצענעלסאָן, אָנגעשריבן אַ גרעסערע צאָל לידער און פּאָעמעס אויף חורבן־טעמאַטיק, וואָס האָבן געזאָלט אַריין אין א זאַמלונג, „לידער פון פּיין". ער האָט צוזאַמען מיטן לערער נתן סמאָליאַר, דער ברודער פון הערש סמאָליאַר, צוזאַמענ־געשטעלט אַ „יידיש העפט" וואָס איז באַנוצט געוואָרן אין די געטאָ־שולן. ביז מאי 1943 געווען אין וואַרשע, ווו כסדר געשריבן אַ צאָל נאַציאָנאַלע און געטאָ־לידער. לויטן עדות זאָגן פון באַקאַנטן לאָדזשער האַנטווערקער־טוער, הערמאַן גאָלדבערג, — וויראָווסקיס אַ פריינד פון לאָדזש, דאַרפן די שריפטן פון וויראָווסקין זיך געפונען אין רינגעלבלום־אַרכיוו, אָבער עד היום נישט אָפּגעפונען זיי. אין אָנהויב יוני אַוועקגעפירט אין טויטן־לאַגער מיידאַנעק און אומגעבראַכט פון די נאַצים. אין „וועקער" האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס יאַנקל קאַלמאַנאָווסקי (1897—1940). אַ בוכהאַלטער אין אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק, האָט ער אין „וועקער" געפונען זיין ווינקל ווו ער האָט אויף אַקטועלער טעמאַטיק געשריבן זיינע לאַכערייקעס (אונטער יאַנעק, י. טאַדעק, יאַנקעלע), וואָס זענען אויך געלייענט

געוואָרן אויף בונדישע אונטערנעמונגען. אַ צייט געווען אין דער לינקער פּראַקציע אין „בונד" וואָס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן בעת ער איז געקומען קיין ביאַליסטאָק און די „חברימלעך" האָבן אים געמסרט. ער האָט צוליב דעם געמוזט לעבן אומלעגאַל. צום סוף נישט אויסגעהאַלטן און צוריקגעגאַנגען קיין פּוילן. אומגעקומען בעת צוריקגיין פון ביאַליסטאָק אויפן וועג קיין וואַרשע, דורך דער געשטאַפּאָ.

אין „לאָדזשער וועקער" האָט זיך צום ערשטן מאָל געדרוקט דער נאָווע־ליסט אברהם פּאָטשאָרעק (1887—1944), וואָס איז געווען אַ וועבער־אַרבעטער. ער האָט שפּעטער אויך זיך באַטייליקט אין „יוגנט־וועקער", „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", „פּאָרויס", „נייע פאָלקסצייטונג" ווו גע־דרוקט נאָוועלן און בילדער פון אַרבעטער־לעבן. אין בוכפאָרם „נאָטיצן פון אַן אַרבעטסלאָזן". 1938. געווען אין געטאָ אין שרייבער־קרייז פון מרים אולינאָווער און אַקטיוו אין דער אונטערערדישער שול־ און קולטור־אַרבעט. אומגעקומען בעת דער „שפּערע" ערב ראש השנה 1942.

פּרץ גוטערמאַן (געב. 1902), איז געווען אַ זעצער־אַרבעטער און אַ מיטגליד פון צ. ק. פון „צוקונפט" אין פּוילן. ער האָט אין „וועקער" געדרוקט רעפּאָרטאַזשן און אַרטיקלען א"פ „פּעפּערל". אין 1939 אַנטלאָפן קיין ווילנע און אַרעסטירט דורך דער ענקאַווע, אָבער אין 1941 באַפרייט געוואָרן און מיט דער פּוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד געקומען קיין ארץ ישראל. זינט 1946 אין פּאַריז, ווו ער איז איינער פון די אָממיינסטנס אַקטיווע טוערס אין „בונד" און אין דער יידישער קולטור־אַרבעט, וואָס ער טראָגט אויס מיט גרויס ליבשאַפט און אחריות וואָס ער האָט מיט־ברענגט פון זיינע לאָדזשער יונגע יאָרן. זינט 1962 רעדאַקטאָר פון „אונזער שטימע" אין פּאַריז, דרוקט אויך אין אַלע בונדישע צייטשריפטן אין דער וועלט.

אַ צייט איז געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר הירש מאיר זילבערבערג (1907—1939), וואָס האָט אויך געדרוקט רעפּאָרטאַזשן און בילדלעך פון אַרבעטער־לעבן, אויך אין „פאָלקסצייטונג" וואַרשע. בעת די דייטשן זענען אָנהויב סעפּט. אַריין קיין לאָדזש, האָבן זיי געזוכט אין לאָקאַל פון „בונד" און היות ווי קיינעם נישט געפונען, זענען זיי אַרויף צו זילבערבערגן, וואָס

האָט געוווינט אין זעלבן הויז און געפּרעגט וועגן די בונדישע פּירערס, ז. האָט נישט געוואָלט אויסגעבן זייערע אַדרעסן און זיי האָבן אים אויפן אָרט דערמאָרדעט.

שלום פּאַטראָן (1906—1943), האָט געשריבן וועגן די יידישע פּראָפּ. פּאַריינען און אויך בילדלעך און סקיצן פון לאָדזשער באַלוט. געשטאָרבן פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ.

נח האָלצמאַן (1898—1944), האָט געדרוקט באַריכטן פון פאַרזאַמלונגען. אומגעקומען. עס האָט אויך געדרוקט אַרטיקלען איבער געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטיי־פּראָגעס ב. שאַפּיר (געב. 1899), וואָס איז צום „בונד" געקומען פון די לינקע. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן אין רוסלאַנד און צוריקגעקומען קיין לאָדזש. געאַרבעט ווי אַ ביוראַליסט. בעת דער ליקווי־דאַציע פון „בונד" אין פּוילן (1948) געבליבן אין וורא‍צלאַוו. אַ צייט געדרוקט אין די קאָמוניסטישע אויסגאַבעס.

עס האָט דאָרט געדרוקט לידער און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען דער לאָדזשער שיינגייסט, לייבעלע אָלשאַניעצקי (1905—1934), וואָס איז געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער און לעקטאָר. מיטגליד פון צ. ק. „צוקונפט" אין פּוילן אין מיטרעדאַקטאָר פון „יוגנט־וועקער" וואַרשע (אויך אונטער: ל. אלשא). געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין וואַרשע.

אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער איז אויך געווען אַרטור לערמער (געב. 1908), וואָס האָט פון 1933 ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין לאָדזש און געווען אַ ראַטמאַן פון שטאָטראַט. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער לאָדזשער מוטאַציע פון דער „פּאַלקסצייטונג". בעת דער מלחמה געקומען איבער יאַפּאַן קיין קאַנאַדע, ווו ער איז טעטיק אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן אין מאָנטרעאַלער אוני־ווערסיטעט.

עס האָט געדרוקט וועגן ספּאָרט און יוגנט־טעטיקייטן לייבל פרידמאַן (1907—1942), וואָס איז געווען סעקרעטאַר פון לאָדזשער „צוקונפט". ער האָט אויך געשריבן אין „יוגנט־וועקער" וואַרשע. אין 1939 אַנטלאָפן קיין וואַרשע, דערנאָך געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער „מעדעם סאַנאַטאָריע" אין מיעדזעשין. דאָרט האָבן אים די דייטשן געכאַפּט און אומגעבראַכט.

עס האָט אויך פון צייט צו צייט געדרוקט אַרטיקלען וועגן דערציִונגס־פּראָגעס לאַזאַר לאַזאָווסקי (געב. 1885), וואָס איז פון 1925 ביז צו דער מלחמה אין 1939 געווען דירעקטאָר פון דער „מעדעם־שול" אין לאָדזש. ער האָט אויך געשריבן אין „אינזעל" וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, „פאָלקס־צייטונג" מחבר פון „פּאָעזיס און רעוואָלוציע", 1936 (פּויליש). איבער־געלעבט די מלחמה אין רוסלאַנד. זינט 1946, אין וואַרשע און באַטייליקט זיך אין „פאָלקסשטימע", מחבר פון די ביכער „פּראָגראַם פון יידיש־לימוד", „די צילן פון יידיש־לימוד און דער יידישער לערער", „דערציִונגס־פּראָגראַם פון די שולן פון צ. ק. פון די יידן אין פּוילן", לעבט אין אָטוואָצק.

עס האָט אויך געדרוקט א"פ „נאָטאַן" ברוך נתן ליבעסקינד (1904—1941), וואָס איז געווען פון די אָנפירערס פון „צוקונפט" אין לאָדזש. ער האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אונטערערדישער פּרעסע פון „בונד" אין וואַרשעווער געטאָ און אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אין דעצ. 1941 האָבן אים די נאַציס געכאַפּט און אומגעבראַכט אין טרעבלינקי. אַ טייל פון זיינע רעפּאָרטאַזשן פון וואַרשעווער געטאָ־לעבן (געשריבן אין אָקט. 1941) זענען געדרוקט אין דער „זאַמלונג צום 5טן יאָרצייט פון וואַרשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד", וואַרשע 1948.

עס האָט דאָרט אָנגעהויבן צו שרייבן מענדל טערקעלטויב (1906—1942), וואָס איז פון גימנאַזיע גלייך אריין אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַ צייט שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט פון וועלכן צוליב פּאָליטישער טעטיקייט, אויסגעשלאָסן און געמוזט אַוועק פון פּוילן. דערנאָך געלעבט אין בעלגיען און אין פּאַריז און חוץ מיט זיינע אויסגע־צייכנטע קאָרעספּאָנדענצן אין דער „פאָלקסצייטונג" אויך געדרוקט אויף פאַרשידענע טעמעס. א"פ פונק אויך זיך באַטייליקט אין „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור", „פּאָרויס", „יוגנט־וועקער". אין פּאַריז געווען פון די מיט־רעדאַקטאָרן פון „פּאַריזער וועקער" און פון „אונזער שטימע", בעת היטלערס אָנפאַל אויף פראַנקרייך, ווי אַ פריייווילִיקער געקעמפט קעגן די דייטשן און גענומען אין געפאַנגענשאַפט, דערנאָך אינטערנירט אין אַ לאַגער פון וואַנען דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט. זיין איינציק לעבנ־געבליבענער ברודער שאול־ברוך (געב. 1910), וואָס האָט אַ צייט שטודירט

אין פוילישע הויכשולן, האָט איבערגעלעבט דעם לאַדזשער געטאָ און די נאַצישע טויטן־לאַגערן, איז געווען אַקטיוו אין יידישן קולטור־לעבן אין די שארית הפליטה־קעמפּס אין דייטשלאַנד. דאָרטן אָנגעהויבן שרייבן איבער אַקטועלער יידישער טעמאַטיק. מיטגעאַרבעט אין „אונזער שטימע״ בעלגען־בערזען, דיסעלדאָרפער „וואָכנבלאַט״ א״אַ. ווו געשריבן אונטער „תר״. זינט 1948, אין אַמעריקע ווו טעטיק אין יידישן לעבן און דרוקט פון צייט צו צייט אויף אַקטועלער יידישער טעמאַטיק סיי אין „פאָרווערטס״ און סיי אין „טאָג מאָרגן זשורנאַל״ געחתמעט שאול תורי. וווינט אין לאָנגמעדאו, מאַסאַטשוזעט.

עס האָט אויך געדרוקט הומאָרעסקעס יצחק ליפּסקי (געב. 1912), וואָס האָט זינט 1927 זיך אויך געדרוקט אין „יוגנט־וועקער״, „קליינע פאָלקסצייטונג״. איבערגעלעבט דעם חורבן אין רוסלאַנד, דערנאָך אַוועק קיין אַרגענטינע, ווו ער איז איינער פון די ראַטמענער פון דער קהילה אין בוענאָס־איירעס. מיטאַרבעטער פון „די פּרעסע״, „אידישע צייטונג און „אונזער געדאַנק״ אַלע אין בוענאס־איירעס. ער איז אויך אַרגענטינער קאָרעספּאָנדענט פון „אונזער שטימע״ פּאַריז.

אַלטער געלב (1908—1941) ביבליאָטעקאָר פון דער „גראָסער־ביבליאָטעק״ האָט זיך באַטייליקט אין „אינזעל״, „אות״, „קוואַלן״ און „נייער פאָלקסבלאַט״. געדרוקט אַ גרעסערע אַרבעט „דער יידישער לעזער און די יידישע ליטעראַטור״. אין 1939 אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. געווען אַ סאַניטאַר פון די טראַנספּאָרטן אַרבעטער, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט פון ביאַליסטאָק קיין מיטלאַזיע. אַרעסטירט צוליב בונדיזם און פאַרשיקט אין אַ לאַגער אין צפון־סיביר און דאָרט אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקייטן.

אויך דער לערער פון דער „מעדעם שול״ ישראל ברוך גרונדמאַן (געב׳ 1907) האָט דאָרט אָנגעהויבן שרייבן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע „שפּילן״, וואָס זענען געווען אַ טייל פון די לימודים אין יידישן שולוועזן אין פּוילן. מחבר (צוזאַמען מיט מ. גילינסקי, און ק. וואַפּנער) פון „שפּיל און פאַרווייַלונג״ 1938. בעתן חורבן אַ צייט געלעבט אין ביאַליסטאָק און בריסק. אין 1941, ווען די דייטשן האָבן פאַר־

נומען בריסק, אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער און מער האָט מען פון אים נישט געהערט. אומגעקומען.

און דערציילנדיק וועגן די אומגעקומענע לאָדזשער בונדיסטן, וויל איך אויך דערציילן וועגן נאָך אַן אומגעקומענעם יונגען לאָדזשער בונדיסט. דאָס איז: ליפּמאַן בערגמאַן (1892—1915), אַ חסידישער בחור איז ער יונג אַריין אין „בונד", דערנאָך געלעבט אין אויסלאַנד. אין 1912, צוריק־געקומען קיין לאָדזש, ווו געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון „לעבנס־פראַגן" פּטב. אַרעסטירט געוואָרן פון דער צאַרישער מאַכט און פאַרמשפּט צו אייביקער פאַרשיקונג קיין סיביר, אויפן וועג קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין דאָרף זינאוווקי, סיביר.

אַ לאָדזשער בונדיסט איז אויך געווען דער שפּעטער באַרימטער שרייבער פּנחס וועלנער (1893—1965), וואָס האָט געמוזט אַוועק פון לאָדזש ווי אַ פאַרפאָלגטער פון דער צאַרישער מאַכט און לאַנגע יאָרן געוואַנדערט. פון 1912 מער נישט געזען זיין היימשטאָט. דאָך פילט זיך אין זיין גאַנץ שרייבן דאָס לאָדזשער געמיט, און גאַנץ באַזונדער אין זיין לעצט בוך „באַלוט", 1960, וואָס איז דאָס בעסטע בוך זיינס און רופט זיך איבער מיטן בוך „באַלוט" פון ישראל ראבאן.

פּ. וועלנער איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט און תמיד געווען טעטיק אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען דענעמאַרק, אַנטלאָפן קיין שוועדן. געדרוקט דערציילונגען און נאָוועלן פון און וועגן חורבן אין „גאָלדענע קייט", פאַריזער „קיום", „צוקונפט" א״אַ. מחבר פון די ביכער „אין יענע טעג", „ביי די ברעגעס פון איירעסונד" (וואָס איז פון דער יידישער קריטיק באַצייכנט געוואָרן ווי איינס פון די בעסטע קינסטלערישע שילדערונגען אויף דער חורבן־טעמאַטיק), „הענעך און האלגער" און „באַלוט", אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן. ער איז געשטאָרבן אין קאָפּענהאַגען. זיין קוזין, ישראל וועלנער (1897—1932), איז פון 1916 ביז צו זיין טויט געווען אַן אינעוווייניקסטער מיטאַר־בעטער פון „לאָדזער טאַגעבלאַט". י. וו. איז געשטאָרבן אין לאָדזש.

DER IDYSZER ARBAJTER — פרייז 1000 מארק — JEDNODNIOWKA

# דער יודישער ארבייטער

דאס ערוואכטע בעוואוסטזיין ביים יודישען ארבייטער.

מערץ — דער פראפאגאנדע חודש פאר די קלאסן-פאראיינען פון די יידישע ארבעטער אין לאדזש

№ 7 — ROK VII-MY — פרייז 20 גראשן — LODZER WEKER

# לאדזשער וועקער

וועכנטלעכע ארבעטער-צייטונג

## חברים, גרייט זיך צום 1-טן מאי!

№ 1 — פרייז 30 גראשן — LODZER ARBETER-CAJTUNG

# לאדזשער ארבעטער צייטונג

## די בלוטיקע געשעענישן אין לעמבערג

## אנדערע פעריאדישע אויסגאבן

# בית יעקב

חודש זשורנאל

# קינדער-גארטן

חודש-זשורנאל פאר קינדער און יוגנט

פרייז 790,000 מארק

# לאדזשער מערקור

וואכנבלאט פאר האנדעל, אינדוסטריע און פאלקס-ווירטשאפט

Łódź, 17 kwietnia 1924 — לאדזש, 17 אפריל 1924

# לאָדזשער לינקע פּועלי־ציון־פּרעסע

פון 1928 ביז האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען אין לאָדזש דערשינען אַ צאָל אויסגאַבעס פון לינקע פּ. צ.: דער „לאָדזשער אַרבעטער", אַ וואָכנבלאַט; „לאָדזשער יוגנט־פאָן" און „לאָדזשער פרייע יוגנט". אין די אויסגאַבעס האָבן זיך באַטייליקט: שמעון ראָזענבערג, חיים בראַנד (מיעטעק), מוליע עדעלמאַן, אריה האַלענדערסקי, יעקב פעטערזייל, משה ציטרינאָווסקי, ישראל סטאָלאַרסקי, עמנואל וואָלינסקי, אברהם קאַגאַן, ד"ר יוסף אוריסאָן, געניע לעווי, משה גאַרפינקעל, די שרייבערס און לערערס: י. ב. גיפּס, משה בערשלינג, מישא העלמאַן און די יונגע דיכטער משה וואָלדמאַן, וואָלף טשאַפּסקי, הערש ראַוויטש, ברוך וויטענבערג, אויך חיים טורנער, מרדכי שוואַרצבאַרט, אליהו גוטקאָווסקי, נחמה עפּשטיין, א"אַ. וועגן זיי לוינט באַזונדער צו דערציילן.

דער „לאָדזשער אַרבעטער" איז רעדאַקטירט געוואָרן פון שמעון ראָזענבערג (1899—1963) און חיים בראַנד (1897—1964) מיטרעדאַקטאָר, וואָס האָבן דער צייטשריפט צוגעגעבן חוץ זייער טאַלאַנט אויך זייער גאַנצע ענערגיע, כדי צו באַלייכטן אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמען. וועגן חיימען, וואָס איך באַטראַכט ווי אַ„לאָדזשער", וויל איך דערציילן צוערשט: ער איז געווען דער ליבלינג פון די לאָדזשער אַרבעטער און עס איז אפשר זיין פאַרדינסט, וואָס ער האָט די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע דערהויבן צו דער ערשטער פּאַרטיי־גרופּע פון לינקע פּ. צ. אין פּוילן. חיים איז טראָץ זיינע שאַרפע פּלאָמיקע רייד, וואָס האָט גערופן צו רעוואָלוציע, אין לעבן געווען אַ זייער איידעלע און צאַרטע פּערזענלעכקייט און האָט זיך געפרייט מיט יעדן חברס דערפאָלגן. ער איז געווען אַ גלויביקער סאָציאַליסט און הגם תמיד פאַרנומען מיט פּאַרטייאישע און פּראָפעסיאָנעלע ענינים, האָט ער פיל אָפּגעגעבן פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פּערזענלעך זיך

געהברט מיט אַלע לאָדזשער יונגע שרייבערס פון אַלע ריכטונגען. ער איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקער פּאָלעמיסט און מאַסן־רעדנער און ווי אַ דאָרן אין אויג פון דער פוילישער רעאַקציע, וואָס האָט אים מערערע מאָל אַרעסטירט און צום סוף אויך פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע. אין דער צייטשריפט האָט ח. ב. געשריבן חוץ אויף פּאָליטישער און אַקטועלער טעמאַטיק אויך פּאָלעמישע מאמרים, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער שאַרפזין און לאָגיק. ער האָט אויך זיך באַטייליקט אין „אַרבעטער צייטונג" און אין די יוגנט־אויסגאַבעס. אין די יאָרן, ווען די „אַרבעטער־צייטונג" האָט געהאַט אויסצושטיין גרויסע פּאָליציי־רדי־פות איז ער, צוזאַמען מיט שמעון ראָזענבערג, געווען פון די איניציאַטאָרן און שרייבער, וואָס האָבן אין לאָדזש אַרויסגעגעבן די „לאָדזשער אַרבעטער צייטונג". ער האָט אויך געשריבן אין דער לאָדזשער „יוגנט פאָן", „ניי־וועלט", „פאָלקסבלאַט" א"א. בעת די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש איז ער אַנטלאָפן פון דאָרט און אַ צייט געלעבט אין ווילנע פון וואַנען געקומען קיין אַמעריקע און ווידער געלעבט מיט אַלע נויטן פון דער פּאַרטיי. געווען דער אָנ־פירער פון דער הסתדרות־דיוויזיע ביים „אַרבעטער רינג" און צוגעהאָלפן צו דעם וואָס דער א.ר. האָט זיך באַטייליקט אין ישראל־נויטן און אויפבוי. הגם אַ קראַנקער, האָט ער אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן פאַרווירקלעכט זיין אידעאַל און זיך באַזעצט אין דער יידישער מדינה און ביז זיין לעצטן אָטעם געווען טעטיק אין דער באַוועגונג. ער איז געשטאָרבן אין תל אביב. אויף זיין נאָמען זענען געשאַפן געוואָרן אַ צאָל מוסדות.

אין דער צייטונג האָבן געשריבן: אריה־לייב האָלענדערסקי (1879—1940), וואָס איז געווען פון די גרינדער פון דער ערשטער פועלי־ציון גרופּע אין לאָדזש און אַ מיטגליד פון אומלעגאַלן צ. ק. בעת דער צאַרישער ממשלה. אין 1916 געווען דער ערשטער פועלי־ציון־ראַטמאַן פון לאָדזשער שטאָטראַט (דער צווייטער איז געווען ד"ר ראָזענצווייג) און געבליבן ראַט־מאַן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. ל.ה. איז געווען אַ מיטגרינדער פון דער ערשטער יידישער שול אין לאָדזש מיט יידיש אַלס די הויפּטשפּראַך וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך אַ 30,000 אונטערגעשריבענער פּעטיציע. אַ קעמפער פאַר יידיש, האָט ער אין זיינע רעדעס (טייל אויף

יידיש) אין לאָדזשער שטאָטראָט געהאַט אויסצושטיין צרות פון דער פּוילישער רעאַקציע. ער האָט אויך געשריבן אין „לאָדזשער אַרבעטער־צייטונג״. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען לאָדזש איז ער געווען פון די ערשטע צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אַרעסטירט צו ווערן און נאָך לאַנגע פּיינען האָט מען אים אַרויסגעפירט קיין דאַכאַו און פון דאָרט אין אַראַניענבורגער קאַצעט און אומגעבראַכט. צו זיין זכרון איז אין ישראל דערשינען אַ זאַמלבוך, וואָס דערציילט וועגן זיינע מעשים.

חבר „מוליע״ עדעלמאַן (1876—1954) האָט אין דער „ל. א. צ.״ ווי אין דער „אַרבעטער־צייטונג״ געדרוקט א״פ „פּנחס״. ער איז אויך געווען פון די ערשטע אומלעגאַלע לאָדזשער פּועל־ציוניסטן און ביז זיין עליה קיין ארץ ישראל אין 1939 פאַרנומען אַנפירנדיקע פּאָזיציעס, סיי אין לאָדזש און סיי אין וועלט־מאַסשטאַב פון דער פּ. צ. פּאַרטיי. געשטאָרבן אין קיבוץ „משמר הנגב״. צו זיין זכרון איז דערשינען אַ זאַמלבוך אין ישראל.

יעקב פּעטערזייל — פּיעטרושקאַ (1899—1955) איז געווען צווישן די טוער אין דער סטודענטן־גרופּע, מיטגליד פון צ. ק. „יוגנט״ און אַ לערער פון די באָראָכאָוו־שולן אין פּוילן. אין ארץ־ישראל איז ער געווען פון די וויכטיקסטע עסקנים אין דער תל אביבער אָרג. און בעת באַנייען די „נייע וועלט״ אַ לאַנגע צייט געווען איר רעדאַקטאָר. געשטאָרבן אין ישראל. לכבוד אים איז דערשינען אַ זאַמלבוך, וואָס דערציילט וועגן זיינע מעשים.

משה (יחיאל) ציטרינאָווסקי (1894—1965), איז געווען טעטיק אין די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ער האָט חוץ וועגן אַרבעטער־ענינים אויך געדרוקט רעפּאָרטאַזשן און בילדלעך. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ מיטגרינדער פון די פּ. צ. קאָאָפּעראַטיוון, דער נאָך געלעבט אין בערלין און געווען אַ תלמיד פון ר׳ זלמן שזר, דעם שפּעטערדיקן נשיא פון מדינת ישראל. ער האָט זיך געראַטעוועט פון חורבן און געקומען קיין אַמעריקע. געווען אַ טעטיקער עסקן אין דער הסתדרות אין פילאַדעלפיע, אַ מחבר פון אַ צאָל איינאַקטערס מיט אַ נאַציאָנאַלער און ישראל־טעמאַטיק. לאַנגע יאָרן איז ער אויך געווען באַקאַנט ווי דער אָנפירער פון דראַמקרייזן אין לאָדזש און וואַרשע פאַר וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע צאָל איינאַקטערס און סצענישע פאַרשטעלונגען.

ער איז געשטאָרבן אין ישראל. זיין איינציק לעבנגעבליבענער זון שמואל נטע (געב. 1922), וואָס איז געווען אַקטיוו אין דער באָראָכאָוו־יוגנט אין פוילן, האָט געדרוקט דערציילונגען אין „פּראָלעטאַרישער געדאַנק", „אונ־דזער וועג", „אַמעריקאַנער", נ. י. א"א, דרוקט לעצטנס אונטער ש. נ. ציטרין און „אינוועסטאַזש" יעדע וואָך אין „מאָרגען זשורנאַל" „בילדער פון געריכטס זאַל", וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער בילדערישקייט. לעבט אין ניו יאָרק, קאָרעקטאָר אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל".

עס האָט אויך געשריבן סיי וועגן פּאָליטישע פּראָגעס און סיי וועגן לאָדזשער לאָקאַלע ענינים, עמנואל וואָלינסקי (1888—1944), וואָס איז אויך געווען פון דער ערשטער גרופּע פּ. צ. אין לאָדזש. אַ פייערדיקער רעדנער און פּאָלעמיסט, איז ער געווען פון די ערשטע גרינדער פון דער „אַרבעטער היים" אין לאָדזש (צוערשט אויף ווסכאָדניע 57 און דערנאָך אויף אָלגינסקע 14). אין די יאָרן פאַרן חורבן איז ער געווען פון די איניציאַטאָרן פון די לאָדזשער פּ. צ. „אַרבעטער־הייזער". אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער שול־ און קולטור־אַרבעט. אַרויסגעשיקט בעת דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

שרייבנדיק וועגן וואָלינסקין, וואָלט כדאי געווען זיך אָפּצושטעלן וועגן דער „אַרבעטער־היים" בכלל. זי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אויס־בילדן די יונגע יידישע אַרבעטערס, וואָס האָבן זיך אָריענטירט און אויס־געלעבט זיך אין דער לינקער פּ. צ. פּאַרטיי. שוין אין מיטן 1915, האָבן דאָרט געאַרבעט טעאַטער־סטודיעס און דראַמקרייזן, וואָס האָבן שפּעטער געליווערט יונגע אַרטיסטן פאַרן בעסערן יידישן טעאַטער אין פוילן. דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ רוח־חיים אין דער עבודה איז געווען דער שפּעטער באַרימטער רעציטאַטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור און אַקטיאָר פון די בעסטע יידישע טעאַטערן אין פוילן, ישראל ראַטבלום. אַ קינד פון לאָדזשער באַלוט, האָט ער נאָך אין די יאָרן, ווען ער האָט געלערנט ביי ר' עוזר גלאַנץ (א. לעיעלעסס פאָטער, וואָס האָט משפּיע געווען אויף זיינע תלמידים. זיי לעבן אין אַמעריקע: אהרן אַלפּערן, ישראל זילבערבערג, יהודה פוקס און מיין ווייניקייט), שוין אַרויסגעוויזן אַ

ליבשאַפט צו דער יידישער פּאָעזיע. געבוירן אין 1894, איז ער געווען פון די ערשטע יונגע פּ. צ. עסקנים צווישן די שילערס פון יאַראָטשינסקיס תלמוד תורה און שוין דאַמאָלט אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט מיטן קאָפּירן טיפּן פון דער יידישער ליטעראַטור און קונסט. בעת דער מלחמה איז ער אַוועק קיין ווילנע און אַ צייט געשפּילט אין ווילנער און קאָוונער יידישן מלוכה־טעאַטער אונטער די סאָוויעטן. בעתן נאַצישן אָנפאַל אויף רוסלאַנד, איז ער געווען אין קאָוונע און פאַרכאַפּט פון דער געשטאַפּאָ אין מיטן פון אַ פּראָבע פון „טוביה דער מילכיקער״, אַוועקגעפירט קיין עסטלאַנד און אין 1944 אומגעבראַכט אין לאַגער קלאָגע. זיין יונגערער ברודער יצחק (געב. 1907), וואָס איז אויך געווען טעטיק אין דער יוגנט פון לאָדזשער פּ. צ. איז פון 1923 אין אַמעריקע טעטיק אין יידישן טעאַטער און צייכנט זיך אויס מיט זיינע וואָרט־קאָנצערטן, דער עיקר אין די ווערק פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין אַ רעקאָר־דירטער פּלאַטע און איז געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק. אויך יצחקס פרוי, זהבה, וואָס כאָטש זי איז געבוירן אין ניו־יאָרק און דערצויגן אין אָרטאָדאָקסישן גייסט, האָט זי זיך אויך געווידמעט דער יידישער קונסט און צייכנט זיך ספּעציעל אויס אין פאַרטיפטן יידישן טאַנץ, וואָס זי באַלעבט אין עכט־יידישן און ביבלישן אַרומנעם. זי איז די מחברין פון צוויי ביכער וועגן יידישן טאַנץ אין ענגליש. ביידע לעבן אין לאָס אַנדזשעלעס און זענען טעטיק אין יידישן קולטור־לעבן.

אין דער יונגער טעאַטער־סטודיע פון פּ. צ. האָט אָנגעהויבן קיווע שעניצקי, וואָס האָט שפּעטער אַרויסגעוויזן זיך אַלס אַן אָריגינעלער אינטערפּרעטאַטאָר אין בראָדערזאָנס טעאַטער־סטודיע. הגם ער איז תמיד געווען פאַרנומען אַלס אַ האַנדלס־רייזנדער, האָט ער זיין גאַנצע פרייע צייט געווידמעט דעם יידישן טעאַטער און דער יידישער קולטור און זי געשטיצט מיט אַלעם מעגלעכן. איבערגעלעבט דעם חורבן. וווינט אין ירושלים.

אויך יהודית בערג, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר טאַנץ־טעטיקייט אין בראָדערזאָנס ערשטן „אררט״, האָט שפּעטער געשאַפן הערלעכע כאָרעאָ־גראַפישע קרעאַציעס און נאָך איר פאַראייניקן זיך מיט פּיביך, האָבן זיי

ביידע דערהויבן דעם יידישן טאַנץ און ספּעציעל דעם חסידישן מאָטיוו צו אַ קונסט פון פאַרטיפטער עקספּרעסיע. ביידע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און זענען טעטיק אין יידישן קולטור־לעבן.

צו ראַטבלומס ערשטן דראַמקרייז האָבן אויך געהערט דער שפּעטער־דיקער רעזשיסאָר און רעציטאַטאָר, י. גראַץ־רובין (1897—1966), וואָס איז געווען אַ חבר פון דער יונגער דיכטער־גרופּע און פון אירע פּאַרלעזער און קאָנפערענסיע אויף די „ליטעראַרישע פרימאָרגנס" אין די באַלוטער גערטנער, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט אין די יום טוב־טעג, בעת מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג. גראַץ־רובין האָט אויך זיינע פאַרדינסטן מיטן אויפפירן אַ צאָל פּיעסן, צווישן זיי: הייערמאַנס „פאַרלוירענע האָפענונג" אין וועלכער עס האָבן זיך אויסגעצייכנט י. שיוועק (יונג געשטאָרבן אין לאָדזש, 1937) ; מ. ווידאַווסקי, וואָס איז געקומען פון אַ קליין שטעטל אַרום לאָדזש און אַ צייט געאַרבעט ווי אַ שטובן מאָלער, שפּעטער געווען רעזשיסאָר פון דער סטודיע „באַגינען" און צום סוף אין דער טרופּע פון מ. מאָשקאָוויטש ביים „הזמיר" ; אסתר ראשלבאַך, וואָס האָט געשפּילט מיט האַרץ און נשמה. זיי אַלע זענען אומגעקומען בעתן חורבן אין לאָדזש. גראַץ־רובין האָט די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד און פון 1946 ביז צו זיין טויט, געלעבט אין נידערשלעזיען. אַ לינקער פּועלי ציון, האָט ער צוליב אַ שווערער קראַנקהייט, נישט געקאָנט אַרויספאָרן קיין ישראל. געשטאָרבן איינזאַם און פאַרגעסן אין פּוילן.

עס איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער ישראל סטאָלאַרסקי (געב. 1900), וואָס איז ביז זיין באַזעצן זיך אין וואַרשע, געווען פון די אָנפירער פון אַ צאָל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן אין דער פּ. צ. און פּ. צ. ס. אָנגעהויבן שרייבן אין 1920 אין דער „אַרבעטער צייטונג", האָט ער דערנאָך געדרוקט אַר־טיקלען וועגן אַרבעטער־און ציוניסטישע פראַגן אין „נייער פאָלקסבלאַט", „היינט". זינט 1940, אין אַמעריקע. אַ צייט געאַרבעט אין אַ שאַפּ און זינט 1949 פאַרבונדן מיטן הסתדרות־קאַמפּיין פון וועלכן ער איז געהילפס־דירעקטאָר. דרוקט אין „אידישער קעמפער", „ט אָ ג", „פאָרווערטס" און האָט זיך באַטייליקט אין די פּ. צ. אויסגאַבעס

„פּראָלעטאַרישער גערעדאַנק״, „אונזער וועג״, איז רעדאַקטאָר פון גוטן זשורנאַל „הסתדרות און מדינה״, געלעבט אין ניו יאָרק, היינט אין ישראל.

אין „לאָדזשער אַרבעטער״ האָבן געשריבן ד״ר יוסף אוריסאָן (1913—?) איבער פאָלקסגעזונט. ער איז געווען אַ זון פון אַן אַלטן ציוניסטישן עסקן, אַ מיטגרינדער פון „אוהל יעקב״-שול. וועגן זיינע געטאָ-יאָרן זענען נישטאָ קיין ידיעות. אברהם קאַגאַן (געב׳ 1895), האָט געשריבן איבער שול- און קולטור פּראָבלעמען. ער איז געווען צווישן די ערשטע גרופּע שילער און אַרבעטער-יוגנט, וואָס האָבן אין יאָר 1914 געגרינדעט די „כתר ציון״ (ווסאָכדניע 47), וואָס איז דערנאָך געווען די ערשטע גרופּע פון יונגע פּועלי-ציון אין לאָדזש. צו זיי האָבן געהערט משה גערשאָנאָוויטש (געב. 1896), וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין יונג-פאַרשטאָרבענעם חבר דוד סקראָבעק, געהאַט דעם פאַרדינסט צו אָרגאַניזירן די יידישע נאָדל-אַרבעטער. מ. ג. איז היינט פאָרזיצער פון י. ל. פּרץ-פאַרלאַג. דוד בערעזער (געב. 1893), וואָס האָט אין אַמעריקע זיך געווידמעט די יידישע שולן. ער איז איינער פון די בעסטע יידיש-לערערס אין ניו יאָרק און איז די נשמה פון „לאָדזשער רעליף״ און צוזאַמען מיט זיין פרוי, אַלטעלע, פון די איבערגעגעבנסטע עסקנים פאַר אַלע ישראל-אַקטיוויטעטן. יאַנקל מרוז, מאַלינאָווסקי, וואָס זענען געווען צווישן די גרינדערס פון דער לאָדזשער „אַרבעטער היים״, מאיר בער גוטמאַן (געב.1897), דיכטער און מחבר פון ביכער. איבערגעלעבט געטאָ און אוישוויץ, היינט אָנפירער פון די יידישע אַרב. רינג שולן אין שיקאַגאָ. שלמה גלאָס (1892—1920), וואָס איז געוואָרן אַ העברעישער דיכטער און לערער. גרשון ליכטענשטיין (1897—1944), וואָס איז געווען פון די עסקנים פון די „צעירי ציון״ און אַ מיטאַרבעטער פון זייער פּרעסע. דער געלער טאָגליכט (געב. 1894), ער האָט זיך שפּעטער „אויסגעלינקט״ און געווען טעטיק אין דער סאָוועטישער האַנדלס-מיסיע אין בערלין. דאָרט האָבן אויך אָנטיילגענומען ישראל ראָזענבערג (1895—1944), שפּעטערדיקער מיטאַרבעטער פון דער לאָדזשער יידישע פּרעסע. יוסף פּרץ צוקערמאַן (געב. 1901), „יאָסעלע״, וואָס האָט געטאָן וויכטיקע אַרבעטן פאַר דער פּ. צ. „יוגנט״ אין דער פּראָווינץ, שפּעטער געלעבט אין בערלין, דעקאָראַטאָר פון טעאַטערן. רעכנט זיך

פאַר אַ תלמיד פון נשיא ר' ש. ז. שזר. זינט 1920 אין אַמעריקע. מיט־גרינדער פון דער „פעדעראַציע פון פוילישע יידן", לאָדזשער רעליעף. זינט 1950 פון די וויכטיקע עסקנים פון יידישן מיאַמי ביטש. פרעזידענט פון גרויסן „לעבעדיקער ברענטש". מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" און פון דער ענגלישער פרעסע אין מיאַמי. דאָקטאָר פון הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן.

אברהם קאַגאַן איז ביז דער מלחמה אין 1939 געווען דירעקטאָר פון דער באָראָכאָוו־שול אין לאָדזש און האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי, די לערערין רבקה (קריגער) איבערגעלעבט די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד, דערנאָך ביז צו זייער עליה קיין ישראל, געווען לייטער פון דער בילדונגס־אָפטיילונג אין לאָדזשער יידישן קאָמיטעט. לעבט אין תל אביב. עס האָט אין „לאָדזשער אַרבעטער" אויך געדרוקט משה גאַרפינקעל (געב. 1905), אַ ברודער פון דיכטער פ. ג. און זיין פרוי געניע לעווי (1906—1962), וואָס איז פון 1929 ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען די דירעקטאָרין פון דער „פרץ שול" און פון די טוערס אין „יוגנט" און דער קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונגבאָר". די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, דערנאָך אין פוילן, ווו געווען טעטיק אין דער שול־ און קולטור־אַרבעט. געשטאָרבן אין ישראל. צו איר זכרון איז געשאַפן געוואָרן דער „געניע־לוי פרייז" פאַר ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

עס האָבן דאָרט געשריבן די לערערס און שרייבערס יעקב בער גיפּס און משה בערשלינג, אויף ליטעראַרישע טעמעס. מישא העלמאַן, — טעאַטער איבערזיכטן און לידער (וועגן זיי ווערט דערציילט באַזונדער), דער יונגער דיכטער, דער קדוש, ברוך וויטענבערג (1909—1943), וואָס האָט זיינע ערשטע לידער צוגעשיקט פון זדונסקאַ־וואָליע, ווו ער איז געווען טעטיק אין „באָראָכאָוו־יוגנט" און „יונגבאָר", ער האָט אַרויסגעגעבן די ליטעראַרישע זאַמלונג „אויף דער שוועל", זדונסקאַ וואָליע 1931, 3 נומערן. וויטענבערג איז דערהרגעט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ אין פורים, צוזאַמען מיט זיין משפחה און חברים.

עס האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע ערשטע לידער וואָלף טשאַפּסקי (1907—1944), וואָס איז געווען פון די מיטבויערס פון דער „באָראָכאָוו־

ביבליאָטעק" אין לאָדזש. (זיין חבר הערש בלומשטיין, איז אומגעקומען ביי אויסערגעוויינטלעכע אומשטענדן אין אלמא אטא אין ווינטער פון 1942). טשאַפּסקי האָט שפּעטער אויך געדרוקט לידער אין „יוגנט־פאָן", „פרייע יוגנט" און „נייער פאָלקסבלאַט". ער איז אַ מחבר פון אַן אייגנאַרטיק בוך לידער „וואָלקנס פאַרן פענצטער", 1938, וואָס האָט אַרויסגערופן אויפמערק. אין בוך געפינען זיך אייניקע לידער, וואָס האָבן די אָנונג פון נאָענטן חורבן אין פוילן. געווען אין לאָדזשער געטאָ אַקטיוו אין דער אונטערערדישער פּאַרטיי־אַרבעט. בעת דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

אויך זיין חבר, דער יונגער דיכטער הערש ראַוויטש (1910—1943), וואָס איז געווען טעטיק אין דער יונגער פ"צ באַוועגונג, האָט דאָרט דעביוטירט מיט אַ ליד. הערש ראַוויטש איז געווען פון דער יונגסטער לאָדזשער דיכטער־גרופּע און האָט אַרויסגערופן צו זיך צוטרוי מיט זיין נייער פאָרם און פרייען פערזן־בוי און דער עיקר מיט פּאַטעטיק און גלויבן אין נייעם פרייען מענטש. אומגעקומען אין די חורבן־יאָרן אין פוילן.

אין דעם וואָכנבלאַט האָט אויך אָנגעהויבן צו דרוקן זיינע נאָוועלן און דערציילונגען אברהם טשערכאָווסקי (1896—1944), וואָס איז פון זיינע יונגסטע יאָרן אָן געווען אַ לינקער פּועלי ציון און אַ טוער אין „טאַמבורירער פאַריין". ער האָט אויך געדרוקט אין די אויסגאַבעס פון די לאָדזשער יונגע, „ס'פעלד", „שוועלן", „נייער פאָלקסבלאַט", „יוגנט פאָן", „אַרבעטער צייטונג". מחבר פון אַ בוך „דערציילונגען", לאָדזש 1930, וואָס איז געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק. ער איז אויך באַרימט געווען דורך זיינע רעצי־טאַציעס אין דער אַרבעטער־היים און שפּעטער דורך זיינע טעאַטער־קרעאַציעס אין דער טעאַטער־סטודיע ביים „הזמיר" (א"פ „יאגא") און גאַנץ באַזונדער אין טיפן פון שלום עליכם. ער האָט דאָס גאַנצע לעבן נישט געוואָלט נהנה זיין פון זיין שרייבן אָדער פון שפּילן טעאַטער, נאָר פון זיין פיזישער אַרבעט. אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקהייט אין לאָדזשער געטאָ.

אויך משה וואַלדמאַן (געב. 1911), וואָס האָט אָנגעהויבן דרוקן אין „יוגנט־פאָן" און „אַרבעטער צייטונג", וואַרשע, האָט פון צייט צו צייט

צוגעשיקט אַ ליד. משה וואַלדמאַן, דער מחבר פון בוך לידער „פאַר־טונקלטע פרימאָרגנס" האָט זיך דורך דער פועלי־ציון־פּרעסע אַנטוויקלט צו אַ שרייבער. ער האָט אַ צייט געלעבט אין בעלגיען ווו זיך פאַרחברט מיט זישע באגיש און מיט ביינוש זילבערשטיין, דערנאָך ביזן חורבן ווידער געלעבט אין לאָדזש, פון וואַנען אַנטלאָפן ווען די דייטשן האָבן פאַר־נומען לאָדזש. אַ צייט געלעבט אין ביאַליסטאָק און אין יוני 1940 געכאַפּט דורך דער ענקאַוועדע און פאַרשיקט אין לאַגערן. אַ צייט געלעבט אין מיטל־אַזיע. פון 1946 ביז 1948 אין לאָדזש. ווו געדרוקט אין „דאָס נייע לעבן", „אַרבעטער וואָרט", „יידישע שריפטן" א"אַ. ער האָט רעדאַקטירט אַ קינדער־זשורנאַל צו הילף דער יידישער שול א. נ. „לאָמיר קינדער לערנען". זינט 1948 אין פאַריז. אַ צייט געווען רעדאַקטאָר פון „פאַר אונזערע קינדער", אַרבעט מיט אין „אַרבעטער וואָרט", „אונזער וואָרט", איניציאַטאָר פון דער „קליינע ביבליאָטעק", וואָס האָט אַרויס־געגעבן אַ צאָל ביכער פון פאַריזער שרייבער (נישט זיינע). ער איז אויך געווען רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון דער זאַמלונג וועגן ה. לייוויק אין פראַנצויזיש. ער לעבט אין פאַריז און איז דער פראַנצויזישער פאַר־שטייער פון אלוו. ייד. קולטור קאָנגרעס. וואַלדמאַנס שטוב אין פאַריז איז אַן אמת ליטעראַרישע שטוב. זיין פרוי איז די באַקאַנטע נאָוועליסטין, די מחברין פון בוך „ווינטן" מנוחה ראַם און זייערע צוויי טעכטער, רחלע און מרים, זענען טעטיק מיטן איבערזעצן פון דער יידישער דיכטונג אויף פראַנצויזיש. אויך איז זייער היים אַ „בית וועד" פאַר די יידישע שרייבערס פון גאָר דער וועלט, בעת זייערע באַזוכן אין פאַריז.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער חבר משה ליטוואַק (1906—1944), וואָס איז געווען דער „זיץ־רעדאַקטאָר" פון אַ צאָל לאָדזשער פּ. צ. אויסגאַבעס און איז אויסגעשטאַנען נישט ווייניק פּאָלי־צייאישע רדיפות.

הויפּט - רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער אַרבעטער" איז געווען שמעון ראָזענבערג, וואָס איז מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן גע־קומען אין אַ פאַרטייאישער שליחות פון סטרי. און כאָטש ער איז געווען תמיד פאַרנומען מיט פאַרטייאישער אַרבעט און פּראַ־

פּעסיאַנעלע ענינים, ווי דער סעקרעטאַר פון אַ צאָל יידישע פאַראיינען, האָט ער פאַר דער צייטונג אָפּגעגעבן זיין גרויסע ענערגיע און וויסן. אַן אויסגעצייכנטער פובליציסט, איז זיין טאָן אין שרייבן געווען, ווי זיין גאַנצער לעבנס־שטייגער, אַן איינגעהאַלטענער און באַזאָכטער. די יאָרן פון היטלערס אָקופּאַציע האָט ער איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, דערנאָך ווידער געקומען קיין לאָדזש. רעדאַקטאָר פון דער באַנייטער „אַרבעטער צייטונג" און שפּעטער בעת דער פאַראייניקונג, מיטרעדאַקטאָר פון „אַרבע־טער וואָרט", ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, איז ער אַוועק קיין ישראל, ווו געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַלע יידישע פּ. צ. אויסגאַבעס. די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט, געווען דער אָנפירער פון „י. ל. פרץ פאַרלאַג".

אין שייכות מיט י. ל. פרץ־פאַרלאַג, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער יונג־פאַרשטאַרבענער חבר יוסף ראָטענבערג (1914—1960), וואָס איז פון זיינע יונגסטע יאָרן געווען טעטיק אין דער לאָדזשער פּ"צ באַוועגונג, צוערשט אין „יונגבאָר" און „יוגנט" און דערנאָך אין דער פּאַרטיי. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין רוסלאַנד און פון 1946 ביז צו זיין עליה קיין ישראל אין 1949, איז ער געווען דער פאַרשטייער פון פּ. צ. אין לאָדזשער יידישן קאָמיטעט (וויצע פּרעזידענט). ער האָט זיך געדרוקט און מיטרעדאַקטירט די „אַרב. צייטונג", „פרייע יוגנט" און „פלאַמען" ווו געשריבן אויף אַקטועלער טעמאַטיק. ער האָט אין די אינטערעסן פון פאַרלאַג „י. ל. פרץ" באַזוכט די אַמעריקאַנער לענדער און אַרויפגעהויבן דעם אָנזען זיינעם צווישן די יידישע קולטור־טוערס. געשטאָרבן יונג אין תל אביב. צו זיין זכרון איז אין 1961 דערשינען אַ ספר זכרון.

די לינקע פּ. צ. האָבן אויך אין לאָדזש אַרויסגעגעבן די „לאָדזשער יוגנט־פאָן" און „לאָדזשער פרייע יוגנט", וואָס זייער רעדאַקטאָר איז געווען דער קדוש מרדכי שוואַרצבאַרד (1899—1943), וואָס איז פון דער שילער־באַנק געקומען צו דער פּ. צ. יוגנט. ער האָט צוזאַמען מיט זיין לאָדזשער יוגנט־חבר הערש בערלינסקי (1908—1943) אָרגאַניזירט די יונגע פּ. צ. גרופּן אין וואַרשעווער געטאָ.ביידע זענען אומגעקומען בעתן אויפשטאַנד אין אַפּריל, 1943.

אין אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ איז אויך געווען אַקטיוו דער

לאָדזשער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער עסקן דוד ווּדאָווינסקי (1912—1970). נפטר געוואָרן אין מיטן אַ רעדע אויף אַן אזכרה נאָכן פּוילישן יידנטום אין תל־אביב.

אין די לאָדזשער יוגנט־אויסגאַבעס האָבן מיטגעאַרבעט משה גאַרפינקעל, מ. ליטוואַק, דער שפּעטערדיקער היסטאָריקער, דער לאָדזשער אליהו גוטקאָווסקי (1900—1943), וואָס איז אין יענע יאָרן געווען אַ טוער אין די סטודענטישע קרייזן. ער איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען סעקרעטאַר פון ד״ר עמ. רינגעלבלום און פון „עונג שבת״, רעדאַקטאָר פון דער זאַמלונג „פּיין און גבורה״ וואַרשע, 1941, וואָס האָט די חלוצישע יוגנט געגעבן מוט און אויסדויער אין זייער קאַמף און זיי מדריך געווען אין די וועגן פון דער יידישער געשיכטע. גוטקאָווסקי איז אויך געווען דער מחבר פון יידישע לערנביכער, וואָס זענען באַנוצט געוואָרן אין די אונטער־ערדישע געטאָ־שולן. אומגעקומען בעת די קאַמפן מיט די נאַציס אין וואַרשעווער געטאָ (אויך גוטקאָווסקיס פאָטער וואָס איז געווען אַ העבּ־רעישער לערער אין לאָדזש, האָט אויך זיך באַטייליקט אין דער יידישער און העברעאישער פּרעסע און איז געווען אַ מחבר פון ספרים אין לאָדזש).

עס האָט אויך געדרוקט חיים טורנער (1899—1953), וואָס איז געווען אַ דרוקער־אַרבעטער און פון די טעטיקע פ. צ. טוערס אין לאָדזש. אַ צייט געלעבט אין בערלין און פון 1933 אין ישראל. טורנער האָט געדרוקט חוץ אַרטיקלען אויף אַקטועלער טעמאַטיק אויך ליטעראַטור־קריטיק. ער האָט זיך באַטייליקט אין „אַרבעטער צייטונג״, וואַרשע, „ניי וועלט״, „בלעטער״, תל אביב (אויך מיטרעדאַקטאָר) און צוזאַמען מיט י. צ. שאַרגעל אַרויסגעגעבן דאָס זאַמלבוך „די בריק״, ת. א. 1944. מחבר פון אַ ביכל „דער קלאַסן־קאַמף פון די יידישע אַרבעטער אין דייטשלאַנד״, בערלין 1930. ער איז געווען אַ ראַטמאַן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין רמת־גן. געשטאָרבן אין תל אביב.

אין די לאָדזשער פּ. צ. אויסגאַבעס האָט אויך זיך באַטייליקט די לאָדזשערין נחמה עפּשטיין (1898—1942), וואָס איז אַ צייט געווען אַ לערערין אין די יידישע שולן און דערנאָך אַ מיטאַרבעטערין פון „ייוואָ״, זי האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין ל. קאַהאַנס „לאָדזער פאָלקסבלאַט״.

1917, און דערנאָך געדרוקט אַרטיקלען און עסייען אויף ליטעראַרישע טעמעס. אין „נייער פאָלקסבלאַט" לאָדזש, געדרוקט אין המשכים ראָמאַנס „די פאַרכישופטע נשמה" באַטייליקט זיך אין „אַרבעטער ציטונג". זי איז די איבערזעצערין פון סט. בזשאָזאָווסקיס 2 בענדער „פלאַמען" פון וועלכע פריער געדרוקט אין ווילנער און לאָדזשער יידישער פרעסע. אומגעבראַכט אויף פאָנאַר, ביי ווילנע.

## אַנדערע אויסגאַבעס

אויך די „פועלי־ציון־התאחדות", וואָס האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער „ליבע" צו יידיש, האָבן אין לאָדזש אַרויסגעגעבן זייער צענטראַל־אָרגאַן „פאָלק און לאַנד". די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ד"ר א. טאַרטאַקאָווער (געב. 1897), ד"ר נתן עק (געב. 1896) און יוסף לעווי, (1895—1944). די מיטאַרבעטערס זענען געווען גרשון ליכטענשטיין (1899—1944), וואָס איז געווען פון די ערשטע לאָדזשער צעירי ציון טוערס און דערנאָך אַ מיטגליד פון צ. ק. פון דער „התאחדות־פ"צ פּאַרטיי". ער האָט אויך געדרוקט אויף נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע טעמעס אין „באַפרייאונג", „לאָדזער טאָגעבלאַט", געווען אין לאָדזשער געטאָ, אומ־געבראַכט אין אוישוויץ. זאב ווינער (1898—1944), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער. ער איז געווען פון די עסקנים אין „בית עם" און פון זיין „פאָלקסביבליאָטעק". אין 1944 אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ און אומ־געבראַכט ; ישראל שאַליט (1902—1944), וואָס איז אַ צייט געווען אַ מיטאַרבעטער פון „לאָדזער טאָגעבלאַט". ביז דער מלחמה איז ער געווען אַ באַאַמטער אין ד"ר ראָזענבלאַטס „ציוניסטישע באַנק". אומגעקומען אין דער חורבן־צייט אין לאָדזש. די צייטשריפט פון „צ. ס. התאחדות", „אונזער טריבונע", די ערשטע אויסגאַבע פון דער פאַראייניקטער ציוניסטיש־חלוצישער אַרבעטער־פּאַרטיי, איז אויך דערשינען אין לאָדזש אין 1935.

אַ גרויסע דערהויבונג האָט אין דער לאָדזשער „פ. צ. התאחדות" אַריינגעבראַכט פּנחס לוביאַניקער־לבון (געב. 1904) אין די יאָרן, ווען ער האָט געוווינט אין לאָדזש. געווען רעדאַקציע־מיטגליד אין „פאָלק און לאַנד", אויך געדרוקט אין „ל. טאָגעבלאַט". וועגן זיין טעטיקייט אין ישראל איז אַלעמען באַקאַנט.

**
*

אויך די רעליגיעזע אַרבעטער־גרופּע, וואָס האָט זיך אָריענטירט אויף דער „דת העבודה" פּאַרטיי האָט זינט 1934 אַרויסגעגעבן פון צייט צו צייט אַ זשורנאַל „באַנייאונג" דער רעדאַקטאָר איז געווען יעקב זלמן פּראָסט (1894—1939), וואָס איז געווען דער אָנפירער און דערציער פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע „בני עקיבא". ער האָט אויך געשריבן אין די אויסגאַבעס פון דער מזרחי־פּאַרטיי „אונזער שטימע", „המזרחי" א"אַ. וואַרשע. דערהרגעט געוואָרן דורך נאַצישע קוילן אין די ערשטע טעג מלחמה (1939), אויפן וועג פון לאָדזש קיין וואַרשע.

אין יענע יאָרן האָט הרב אברהם ביק געלעבט אין לאָדזש און אַרויס־געגעבן זיין בוך „גרונד פּרינציפּן פון רעליגיעזן סאָציאַליזם", לאָדזש 1938. אויך האָט יצחק ברייער אַרויסגעגעבן זיין בוך „אגודיסטישער אַרבעטער", לאָדזש 1936, נחום ברייער — די צוויי בענדער „ילקוט נחמנו" און נפתלי שטשופּאַק זיין בוך וועגן „פּועלי אגודת ישראל", לאָדזש 1939.

*

די „פּאָלקיסטן" וואָס האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע אַ צענטראַלע פּרעסע אין וואַרשע, האָבן אין לאָדזש אַרויסגעגעבן אַ חודש־זשורנאַל „אויפבוי" (1927—1930). די רעדאַקטאָרן זענען געווען לאַזאַר קאַהאַן, אַדוואָקאַט יוסף ווייצמאַן, מגר. מענדל באַלבערישסקי. עס האָבן אויך דאָרטן געשריבן מאָטעלע פראַנקענטאַל, שלמה פראַנק, א"אַ. די פּאָלקיסטן האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ צווייוואָכן צייטונג „האַנדל און מלאכה", וואָס האָט געהאַט די זעלבע מיטאַרבעטער.

וועגן אַדוואָקאַט יוסף ווייצמאַן (1893—1941), וויל איך מער דער־ציילן. ער איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. אַ געענדיק־טער אַדוואָקאַט פון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, איז ער נאָך אין די יונגע יאָרן געווען אַקטיוו אין דער יידישער סטודענטן־באַוועגונג אין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ מיטגרינדער פון דער פאָלקספּאַרטיי אין רוס־לאַנד און פּוילן. אין לאָדזש איז ער געווען וויצע־פּאָרזיצער פון דער קהילה און תמיד גרייט געווען צו העלפן מיט ראָט און טאָט יעדן איינעם,

וואָס איז צו אים געקומען. אָנגעהויבן שרייבן אין רוסיש און זייט 1919 אַריבער צו יידיש אין „מאָמענט" וואַרשע. דערנאָך געדרוקט אין דער לאָדזשער פּרעסע און אין אַלע אויסגאַבעס פון דער פאָלקס־פּאַרטיי. בעת די נאַציס האָבן זיך דערנענטערט קיין לאָדזש איז ער אַנטלאָפן קיין וואַרשע. געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ.

שלמה פראַנק (1902—1966), איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין פאַראיין פון אָרעמע הענדלער און האַנטווערקער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פאָלקס־פּאַרטיי. און געלעבט בדוחק. ער האָט חוץ אין די אויסגאַבעס פון דער פאָלקס־פּאַרטיי אויך זיך געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט", ער איז געווען אין לאָדזשער געטאָ און אוישוויץ אָבער איבערגעלעבט דעם חורבן. נאָך דער מלחמה האָט ער געלעבט אין דייטשע פּליטים־לאַגערן און רעדאַקטירט צייטונגען. אין 1950 עולה געווען קיין ישראל, ווו געטאָן פאַרשידענע מלאכות. מחבר פון „טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ" און פון זיין נישט געדרוקטן צווייטן טייל „נאָך דער באַפרייאונג". געשטאָרבן ערב ראש השנה אין תל אביב.

***

עס זענען אין לאָדזש אויך דערשינען פאַרשידענע אַנדערע אויס־גאַבעס. ווי: „דער יתום". זיין רעדאַקטאָר איז געווען אהרן לאַנגלעבן (1888—1942), וואָס איז אַ צייט געווען דער אָנפירער פון דער מתיבתא „בית אולפנה", לאַנגע יאָרן איז ער געווען אַן אָנפירער און ראַטמאַן פון אַ בלאָק פון אַלעקסאַנדערער חסידים מיט „מזרחי" אין לאָדזשער שטאָטראַט און קהילה. לאַנגלעבן האָט אויך געדרוקט אַרטיקלען אין „לאָדזער טאַגעבלאַט". אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע און געווען אַקטיוו אויפן געביט פון יתומים און קינדערהילף ביי דער יידישער קהילה. ער איז געווען אין געטאָ אין דער אונטערערדישער שול־אַרבעט. אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע און אומגעבראַכט.

## לינקע צייטשריפטן און פעריאָדיקעס

אַ באַזונדערע אינטענסיווקייט האָבן אַרויסגעוויזן די טוערס פון דער „לינקער״ ריכטונג, וואָס נאָך די אַדורכפאַלן אין וואַרשע, קראָקע און לעמבערג, האָבן זיי אין לאָדזש אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן האַלב־לעגאַלע און אומלעגאַלע יידישע אויסגאַבעס: ליטעראַרישע, פּאָליטישע און פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

די ערשטע און בעסט רעדאַקטירטע איז געווען די „ליטעראַרישע טריבונע״. איר ערשטער רעדאַקטאָר איז געווען דער לאָדזשער דיכטער פּיניע בוקסהאָרן, וואָס האָט זיך געחתמעט ה. יולסקי. דערנאָך איז אַ געוויסע צייט געווען רעדאַקטאָר יצחק דויטשער (1897—1967), וואָס האָט די צייטשריפט אַוועקגעשטעלט אויף אַ ברייטער ליטעראַרישער באַזע.

רעדאַקציע־סעקרעטאַר איז אַ צייט געווען ב. מאַרק, וואָס האָט אויך געדרוקט א״פ מאַרקוס, קאָוואַלסקי א״אַ.

אַ גאַר גרויסע ראָלע האָט די צייטשריפט אַרויסגעוויזן בעת עס האָט ז׳ רעדאַקטירט דער איידעלער און תמיד פריינדלעכער דוד ריכטער (1894—1942), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש אין אַ פּאַרטייאישער שליחות פון טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען אַ זייער איבערגעגעבענער און גלויביקער קאָמוניסט. אַ צייט האָט ער אָנגעפירט מיטן נאָדל־פאַראיין. אייניקע מאָל געוואָרן אַרעסטירט, נאָר זיך אַרויסגעדרייט. ער איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען אַ רעדאַקציע־מיטגליד פון „דער פריינד״, וואַרשע און האָט זיך אויך באַטייליקט אין כמעט אַלע לעגאַלע און נישט־לעגאַלע צייטשריפטן פון דער לינקער ריכטונג אין פּוילן, אונטער פאַרשידענע נעמען דערהויפּט אונטער ד. לייבין. בעת די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן איז ער אַוועק קיין ביאַליסטאָק און געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „ביאַליס־טאָקער שטערן״ און מינסקער „אָקטיאַבר״ און כאָטש ער האָט גוט געקענט זיינע פּאָליטישע קעגנער, האָט ער קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן.

דעם 22טן יוני 1941, בעת די נאַציס זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד, האָט מען אים איבערגעלאָזן צוזאַמען מיט ה. סמאָליאַר אָנצופירן מיט דער פאַרטיי־אַרבעט און צו אָרגאַניזירן דעם אונטערערדישן ווידערשטאַנד. אַ צייט האָט ער געלעבט אין ביאַליסטאָקער געטאָ, דערנאָך אומגעבראַכט דורך די נאַציס. אַ געוויסע צייט איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע יאקוב דאר (גאָלדמאַן) (1895—1962), וואָס האָט אָנגעפירט מיט די לינקע גרופעס אין די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (גערופן „יאָקוב פון דער נאָדל"). ער איז אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן געווען אַרעסטירט אין לאָדזש און בעתן פּראָצעס אַנטלאָפן פון פּוילן קיין דאַנציק. דערנאָך געקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און נאָר דורך אַ צופאַל אויס־געמיטן די טויט־אורטיילן אויף זיינע חברים פון דער פּוילישער קאָמוניס־טישער אָנפירונג, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן. אין 1941 האָט ער זיך עוואַקואירט פון מינסק קיין קאַזאַכסטאַן און אַ צייט געלעבט פון שניידעריי אין אלמא אַטאַ אין דערפל אילי, ווו ער האָט זיך „אויסגעניכטערט" און צוריקגעפאָרן מיט דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן, אָבער אויך פון דאָרט אין 1957 אַוועק קיין מדינת ישראל, ווו זיך געדרוקט סיי אין די בונדישע „לעבנספראַגן" סיי אין „לעצטע נייעס" און אין אַנדערע יידישע אויסגאַבעס. געשטאָרבן אין ישראל.

אין דער „ליטעראַרישע טריבונע", וואָס איז געווען אַ מין „אוניווערסי־טעט" פאַר יונגע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַט ליטעראַרישע אַמביציעס, האָבן זיך אויסגעלעבט און זיך שרייבעריש אַנטוויקלט כמעט אַלע שפּעטערדיקע דיכטער און פּראָזאַיקער פון די יונגע שרייבערס אין פּוילן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. צווישן זיי: ב. העלער, מ. שול־שטיין, ש. בערלינסקי, מ. אלעי, מ. קנאַפּהייס, זיסקינד ליעוו און אַנד. וואָס האָבן דאָרט געדרוקט זייערע ערשטע זאַכן. אויך דער פּראָזאַיקער ב. שלעווין, וואָס האָט זיך אין פּאַריז אַנטוויקלט צו אַ שרייבערישער פּערזענ־לעכקייט. משה קנאַפּהייס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר און פאַרמשפּט צו טורמע בעתן פּראָצעס פון דער „ליט. טריבונע". דאָרט האָבן זיך אַנטוויקלט די שפּעטערדיקע באַקאַנטע שרייבערס: דוד מיצמאַכער (1900—1941), קלמן ליס (1903—1942), ש. וואולמאַן (1896—1941), א. ל. טאַף

(1941—1907), וואָס האָט צוליב עפּעס אַ פּאַרטיי־„חטא" נישט געקאָנט בלייבן אין ביאַליסטאָק און געמוזט אַוועק אין אַ דאָרף. אומגעקומען דורך די נאַציס. אין דער „ליט. טריבונע" האָט זיך אויך שרייבעריש אַנט־וויקלט דער פון קאָנסטאַנטין צוגעקומענער „לאָדזשער" יצחק גוטערמאַן, יאַנקל שפּאַן, יאָסל צוקער, דער טאַלאַנטירטער ראָמאַניסט משה בלייכמאַן. נאָענטע מיטאַרבעטער זענען געווען די יונגע סטודענטן י. שעראַדזקי, מאַרעק גינזבורג, כאַסקל בערלינער, מאַרקיעוויטש און יאַנעק אייזנמאַן, וואָס האָט אויך געפירט דעם ביכער־פאַרלאַג „קזשאַנזשקאַ". וועגן די אַלע לוינט צו דערציילן. כמעט אַלע האָבן זיך אַזוי שטאַרק אנטוישט אין „סטאַלינישן קאָמוניזם", אַז אַ גרויסער טייל האָט איבערגעדרייט דעם שטעקן, ווען זיי זענען אַרויס פון די סאָוויעטישע תחומים.

איך וועל אָנהויבן מיט שלמה בערלינסקי. ער איז געבוירן אין קעלץ (1894) און איז אין די יונגע יאָרן געקומען קיין לאָדזש. לאַנגע יאָרן געאַרבעט ווי אַ היטלמאַכער און געפירט אַ געמאַטערט לעבן. זיינע ערשטע נאָוועלן אין דער צייטשריפט האָט אים געבראַכט אָנערקענונג, נישט בלויז אין די לינקע קרייזן נאָך אויך אין דער גאַנצער ליטעראַרישער וועלט. ער האָט שפּעטער אויך געדרוקט אין „היינט", „אונזער עקספּרעס" א"אַ. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן ווי אַזוי עס איז אַרויס זיין ערשט בוך „צווישן צוויי גאַסן", וואָס איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון שלום אַש, וואָס האָט אים באַזוכט אין זיין באַלוטער דירה און אים געגעבן אַ געוויסע סומע כדי אַרויסצוגעבן דאָס בוך, וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט. ביז צו דער מלחמה אין 1939 האָט ער געלעבט אין וואַרשע. דערנאָך אין סאָוויעטישן ביאַליסטאָק און אין גאַנצן איבערגעריסן (אין געהיים פאַרשטייט זיך) מיט די חברימלעך. ער האָט אַפילו זיך געדרוקט אין די סאָוויעטישע ליטעראַרישע צייטשריפטן און אַרויסגעגעבן אַ בוך אין „עמעס"־פאַרלאַג. אין 1941 זיך עוואַקואירט קיין מיטלאַזיע, ווו ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה. ער איז צוריקגעקומען קיין לאָדזש און נאָר אייניקע זאַכן געדרוקט אין פוילן. אָבער ביי דער ערשטער געלעגנהייט אומלעגאַל אַריבער די גרענעץ און אַ צייט געלעבט אין דייטשע פּליטים־לאַגערן, דאָרט אַרויסגעגעבן צוויי ביכער און אין 1950 זיך באַזעצט אין

מדינת ישראל און געדרוקט אין דער יידישער און העברעאישער פּרעסע און פּעריאָדיק. אייניקע פון זיינע ביכער זענען דערשינען אין עברית. געשטאָרבן אין ישראל אין 1962.

וועגן בונים העלער, מ. שולשטיין, ב. שלעווין און מ. קנאַפּהייס, וואָס זענען נישט קיין לאָדזשער, קאָן איך בלויז זאָגן, אַז הגם זיי האָבן זייערע דיכטערישע דערפאָלגן צו פאַרדאַנקען די „ליטעראַרישע טריבונע" איז אָבער זייער שפּעטערדיק שאַפן אין גאַנצן אַנדערש ווי אין זייער אָנהויב, וואָס איז געווען בלויז אַ ראַם און נישט דער אינערלעכער תוכן פון זייער אויסלעבן זיך און איז אפשר אַ פאַרלייקענונג פון דער איינשטעלונג אין זייער באַגינען. ווען מיר באַטראַכטן זייערע לעצטע ווערק, וואָס זענען דיכטערישע און נאַציאָנאַלע אויסדריקן פון זייער וועלט־באַנעמונג.

וועגן משה בלייכמאַנען (1897—1936), וואָס איך האָב געקענט פון זיין אָנהויב, ווייס איך אַז ער איז געווען אַ מאמין אין זיינע מעשים, ווי אין זיין שרייבן. איך האָב אים געקענט פון דער צייט ווען ער האָט געאַרבעט אין די טשעפּעלער אַמוניציע־פאַבריקן בעתן ערשטן וועלט־קריג און טאַקע דאָרט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן. דערנאָך האָט ער אין „לאָדזער פאָלקסבלאַט" אָפּגעדרוקט אייניקע קלענערע דערציילונגען, דערהויפּט אויף אַנטי־מלחמה טעמעס. אין לאָדזש איז ער אַ צייט געווען אַקטיוו אין דער לינקער באַוועגונג און אין קלוב „שוויאַטלא". ער האָט אַ צייט געלעבט אין פּאַריז פון וואַנען ער איז געפאָרן קעמפן קיין שפּאַניען און איז געפאַלן ביי טערועל. זיין איינציק בוך „בלוט אויף דער טיסע" (וועגן דער רעוואָלוציע אין אונגאַרן), איז דערשינען אין לאָדזש, 1918.

נאָך אַ לאָדזשער יונגער אַרבעטער האָט געשפּילט אַ שטיקל ראָל אין דער אונגאַרישער רעוואָלוציע פון בעלאַ קוהן, דאָס איז מיין ישיבה־חבר משה דונקעלראָט, וואָס איז געבוירן אין לאָדזש (1896) און איז געווען אַ מיטגליד פון „בונד". בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַן אַרבעטער אין די טשעפּעלער אַמוניציע־פאַבריקן (לעבן בודאַפּעסט), און בעת דער רעוואָלוציע געווען רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „צום קאַמף" בודאַפּעסט, 1918—1919. ער לעבט יעצט אין ניו יאָרק און איז דער־ווייטערט פון געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן.

אין „ל. ט.״ איז אויך געוואָרן אַ שרייבער דער שטריקער־אַרבעטער יצחק גוטערמאַן (געב׳ 1907), וואָס איז קיין לאָדזש געקומען פון שטעטל קאָנסטאַנטין. ער איז געווען טעטיק אין דער לינקער באַוועגונג און ביז היטלערס אָנפאַל אויף פוילן געדרוקט נאָוועלן אין די לינקע אויסגאַבעס אין לאָדזש און וואַרשע. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין „פריינד״, „ליטעראַרישע בלעטער״ און „וואָכנשריפט״. בעת די דייטשן האָבן פאַר־נומען לאָדזש איז ער אַוועק אין סאָוויעטישן ביאַליסטאָק, דערנאָך געלעבט אין מיטלאַזיע פון וואַנען צוריקגעקומען קיין פוילן. עמיגרירט קיין בראַזיל, וווּ ער לעבט פון אַרבעט. ער איז געווען מיטרעדאַקטאָר פון „לאָדזשער נאָטיצן״ אָבער ערשט נאָך זיין צוריקקומען פון רוסלאַנד אַנטוויקלט זיין טאַלאַנט. מחבר פון די ביכער „אין אַ פוסטער שטאָט״ 1949, אין וועלכער ער שילדערט אין אַ בערגעלסאָנישן געמיט סטאַלינגראַד; „באַנייטע טעג״, 1954 רעפּאָרטאַזשן, וואָס זענען נאָך אַלץ מיט דער טענדענץ פון „סאָציאַלער באַשטעלונג״. פיל בעסער איז זיין בוך „קינדער״, דערציילונגען 1956. לעבט אין בראַזיל, דרוקט כמעט נישט.

דאָרט האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע רעוואָלוציאָנערע לידער יעקב שמואל צענדאָרף, (1902—1941), וואָס האָט באַקומען אַ פרומע דערציונג סיי ביי זיין זיידע, יאָקל שמש און סיי אין ישיבה. אַ קינד פון אַן אָרעמער היים, האָט ער באַלד נאָכן פאַרלאָזן די ישיבה, געמוזט זיך לערנען פאַר אַ זעצער, פון וואָס ער האָט זיך מפרנס געווען. דערנאָך געווען טעטיק אין דער לינקער באַוועגונג, און איבער אַ פּראָצעס געמוזט אַנטלויפן און ביזן קומען קיין פּאַריז, אַ צייט געלעבט אין דאַנציק. געווען אַ מיטאַרבעטער סיי פון „ליטעראַרישע טריבונע״ און סיי פון „דער פריידענקער״, „לאָדזשער פאָסט״ און פון לינקע אויסגאַבעס אין וואַרשע און לעמבערג. אין פּאַריז האָט ער געאַרבעט ווי אַ זעצער און געדרוקט זיך סטאַביל אין „נייע פּרעסע״. זיין איינציק בוך „רויטע באַפעלן״, דאַנציק, 1931, איז אין סטיל פון מאַרקישעס ערשטע לידער. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען פּאַריז, איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן אין לאַגער פּיטיוויע און דאָרטן האָט ער געשריבן 6 לידער, וואָס גיבן איבער קינסטלעריש זיין דיכטערישן מעמד און

גלייכצייטיק זיין חסידישן גלויבן אין סאָציאַליזם. אומגעקומען אין אוישוויצער טויטן־לאַגער.

דעם זעלבן טראַגישן גורל האָט געהאַט זיין חבר יאַנקל שפּאַן (1910—1943), וואָס איז אין 1931 צוריקגעקומען פון ארץ ישראל קיין פוילן. אין לאָדזש איז ער חוץ אין דער פּאָליטישער טעטיקייט פון די יידישע לינקע גרופּן אויך געווען טעטיק ווי אַ שרייבער אין דער ל. ט. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין דער לינקער טעאַטער־סטודיע ביים ראַט פון די פּראָפ. פאַראיינען אויף אַגראַדאָווע 9 און צוזאַמען מיט זיין חבר אַ. שורעק, אַרויסגעגעבן די צייטשריפט „דער אויפקום", יאַנקל שפּאַן האָט זיך אָבער ערשט אין פּאַריז אַנטוויקלט ווי אַ קרעפטיקער דערציילער אין „פּאַריזער שריפטן" און „נייע פּרעסע". מחבר פון בוך „אויף שווערן גרונט" 1939. אומגעברענגט דורך די נאַציס אין אוישוויץ. אין יענע יאָרן איז אויך טעטיק געווען אין די לינקע פּראָפ. פאַראיינען דער טעקסטיל־אַרבעטער מיכאל טעפּער (1910—1969), וואָס האָט אין נאָכמלחמהדיקן פוילן געשריבן אַרטיקלען און זכרונות וועגן לאָדזש אין „פאָלקסשטימע" און „יידישע שריפטן" און איז דער מחבר פון אַ בוך „ערשט נעכטן איז עס געווען", וואַרשע, 1961, וואָס „זינדיקט" נישט מיט צופיל אָביעקטיוויטעט (למשל דערציילנדיק וועגן פּראָצעס פון דער „ל. ט." ווערט אויסגעמיטן משה קנאַפּהייס, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צו יאָרן תפיסה, ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט). זיין בוך איז אָבער וויכטיק, ווייל ער דערציילט וועגן אַ סך אַקטיוויטעטן, וואָס וואָלטן אַן דעם פאַרגעסן געוואָרן.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די צייטשריפטן „פרייע טריבונע", „יוגנט ביילאַגע" און „יוגנט וואָרט", וואָס זענען דערשינען אין לאָדזש אין די יאָרן פון 1929 ביז 1931 און זייערע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער זענען אומגעקומען אין די חורבן־יאָרן.

אַ גאָר ביטערן גורל האָבן געהאַט די יונגע קאָמוניסטישע טוערס און שרייבערס און מיטרעדאַקטאָרן פון „פריידענקער" אין וועלכן עס האָבן אויך געשריבן אומפּאַרטייאישע. איך וויל זיי באַזונדער דערמאָנען, ווייל זיי זענען

אומגעבראַכט געוואָרן אין די יאָרן פון טעראָר אין 1937 און זענען אַפילו היינט נאָך נישט רעהאַביליטירט. דאָס זענען מאַרק גינזבורג (1901—1937), וואָס איז געקומען צום קאָמוניזם פון אוניווערסיטעט און פון אַ רייכער היים. ער האָט געדרוקט ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען סיי אין „ליט. טריבונע״ סיי אין וואָכנבלאַט „אויפקום״ לאָדזש, 1928, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט ר. שיעראַדזקי און ח. בערלינער רעדאַקטירט. ער האָט אויך געדרוקט אין די פּוילישע לינקע צייטשריפטן. געווען אייניקע מאָל אַרעס־טירט און בעתן פּראָצעס אין זדונסקאַ וואָליע, איז ער אַנטלאָפן קיין דאַנציק און פון דאָרטן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אָבער שוין אין די ערשטע וואָכן איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן און איז לאַנגע יאָרן געווען פאַרשפּאַרט אין טורמעס. בעת די פּראָצעסן קעגן די אָנפירערס פון דער קאָמ. באַוו. אין פּוילן, איז 1937 האָט מען אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און דערשאָסן.

דעם זעלבן גורל האָט געהאַט זיין חבר כאַסקל בערלינער (1900—1937), וואָס איז געקומען צו דער לינקער באַוועגונג פון דער בונדישער „צוקונפט״ און איז געווען אַ טעקסטיל־אַרבעטער. ער איז געווען אַ מיט־רעדאַקטאָר סיי פון „פריידענקער״ סיי פון „אויפקום״ 1928, און פון פּרייטיקבלאַט „לאָדזשער פאָסט״, צייטשריפט פאַר פּאָליטיק, קולטור און טעאַטער־וועזן. אויך ער איז אַנטלאָפן פון אַ לאָדזשער טורמע און אומ־געבראַכט געוואָרן בעת די פּראָצעסן פון 1937.

אַן אַנדער גורל האָט געהאַט זייער דריטער מיטרעדאַקטאָר ר. שיע־ראַדזקי (1900—1943), וואָס איז אַ צייט געווען אַקטיוו אין די שילער־קרייזן אין יאַראָטשינסקיס גימנאַזיע און אין לאָדזשער „צוקונפט״. בעת דער שפּאַלטונג אין 1919, אַריבער צום „קאָמבונד״ דערנאָך אין דער קאָמפּאַרטיי. געשריבן וועגן פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פּראָגעס אין כמעט אַלע יידישע און טייל פּוילישע אויסגאַבעס אין פּוילן. נאָך די פּראָצעסן איז ער אַוועק צו די טראָצקיסטן און זיך מפרנס געווען פון זיין פּוטער־אַרבעט, גלייכצייטיק האָט ער מיטגעאַרבעט אין אומ־לעגאַלן „דער געדאַנק״ לאָדזש־וואַרשע, 1937—1939. ער האָט זיך אויך געדרוקט אונטער י. ראַמער, פּוטערמאַן. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען

לאָדזש, איז ער אַוועק אין די סאָוויעטיש־באַזעצטע געביטן ווו ער האָט געלעבט אונטער אַ פרעמדן נאָמען. געווען אַן אָנפירער פון אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין די ווייסרוסישע וועלדער און איז אומגעקומען אין אַ שלאַכט מיט די דייטשן צוזאַמען מיטן לאָדזשער „צוקונפט"־טוער שמעלקע ראָזענמאַן (1943—1901), וואָס איז אויך געווען אַקטיוו אין לאָדזשער „געזעלשאַפט פאַר לאַנדקענטעניש" וואָס האָט זיך אין די יאָרן פאַר דער מלחמה געפונען אונטערן איינפלוס פון די יידישע „לינקע" און ביי דער מיטאַרבעט פון לינקע פועלי ציון און אומפּאַרטייאישע. (פּאַרזיצער איז געווען ד"ר וואָלף אייכנער, וויצע־פּאַרזיצער דער אַלטער לאָדזשער פּ. צ. טוער מרדכי פעדער און צווישן דער פאַרוואַלטונג האָט פאַרנומען אַ אָנגעזעען אָרט דער באַקאַנטער לאָדזשער עסקן מאיר זיידע, וואָס האָט סובסידירט דאָס אַרויסגעבן פון ד"ר פיליפּ פרידמאַנס פּויליש בוך „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון אָנהויב ביז 1863", 1935. מ. זיידע האָט איבערגעלעבט דעם חורבן־פּוילן און איז איצט טעטיק אין יידישן לעבן אין פּאַריז).

אין „פריידענקער" האָט פון צייט צו צייט געשריבן מ. גאַרצעוויטש (1942—1890), וואָס איז אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אַריבער צו די אַנאַרכיסטן און מיטגעאַרבעט אין זייערע אומלעגאַלע אויסגאַבעס אין פּוילן.

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער לינקער פּעריאָדיק אין לאָדזש האָט געהאַט, מ. מאַרקעוויטש (געב. 1897), וואָס איז אויך געווען פון דער אָנפירונג פון דער „אייזענשלאָס־ביבליאָטעק" און פון „געז. פאַר לאַנד־קענטעניש". ער האָט די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד. געלעבט אין וואַרשע פון פענסיע. איז זייער ווייניק טעטיק ליטעראַריש און געזעלשאַפטלעך. היינט אין דענעמאַרק.

אין „ליטעראַרישע טריבונע" האָט אויך אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט יוסף דזשאַלאַשינסקי, געב. 1908 אין פּאַבּיאַניץ ביי לאָדזש. פון די יונגע יאָרן געווען טעטיק אין „השומר הצעיר" און אין 1922 געקומען ווי אַ חלוץ קיין ארץ־ישראל. געטאָן פאַרשידענע אַרבעטן. 1928 צוריק־געפאָרן קיין פּוילן און ביז 1932 געלעבט אין לאָדזש, ווו געווען טעטיק אין די לינקע פּראָפאַריינען און קולטור־אינסטיטוציעס דערנאָך צוריקגעקומען

קיין ישראל. געדרוקט ליטעראַרישע עסייען און קריטישע אַרטיקלען וועגן דער נייער ייִדישער ליטעראַטור. פון 1928 ביז 1939 געווען ארץ־ישראל־קאָרעספּאָנדענט פון „נייע פאָלקסצייטונג" אין וואַרשע (אונטער: בן־יצחק, י. ב. און ק. שאראָן). באַטייליקט זיך מיט מאמרים וועגן געזעלשאַפטלעכע פּראָגעס אין „פרייע טריבונע", „ליטעראַרישע טריבונע", „דער פריידענקער", לאָדזש, א"א, מחבר פון אַ בראָשור (א"פ י. זיסעלמאַן) „פּאַשיזם ביים טויער", תל־אביב, 1937. לעבט אין תל־אביב.

אין די אומלעגאַלע ווי אין די לעגאַלע אויסגאַבעס פון די לינקע אין לאָדזש, האָט זיך אויך באַטייליקט רבקה וואַיסקאָווסקי־שינדער (געב. 1900) וואָס איז ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ לערערין אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין לאָדזש און אַ טוערין אין די האַלב־לעגאַלע קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס זענען געווען אונטער אַ לינקער אָנפירונג (געז. פאַר לאַנדקענטניש, אייזענשלאָס־ביבליאָטעק, טעאַטער־סטודיעס ביי די פּראָפ. פאַראיינען און „הזמיר"). די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט זי אַדורכגעלעבט ווי אַ פּאַרטיזאַנערין און זינט 1945 האָט זי פאַרנומען אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אין צ. ק. פון יידן אין פוילן, לאָדזשער יידישער קאָמיטעט. באַטייליקט זיך אין „דאָס נייע לעבן", „פאָלקסשטימע". לעבט אין פוילן.

# לאַדזשער ליטעראַרישע אומגעגנט

מיר האַלטן פֿאַר אונדזער חוב צו ווידמען אַ טייל פֿון אונדזער אַרבעט די שכנותדיקע שטעטלעך אַרום לאָדזש, וואָס האָבן זיך אויך באַטייליקט סיי אין לאָדזשער אויסגאַבעס און סיי אין דער געשטאַלטיקונג פֿון ליטע־ראַרישן און קינסטלערישן צענטער פֿון יידישן לאָדזש.

דאָס זענען די שטעטלעך: זגערזש, אָזאָרקאָוו, לאַסק, טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, בזשעזשין, לענטשיץ, בעלכאַטאָוו, פּיעטריקאָוו, אַלעקסאַנדער, וויעלון, גאָרשקאָוויץ, קינסק, זדונסקי־וואָליע, קאָנסטאַנטין, ליוטאָמירסק, קאַליש, קאָנין א״אַ, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן באַדייטנדיקע ליטעראַרישע כוחות און האָבן אויך אין די 70קער און 80קער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט געהאַט אַ שם צוליב זייער אינטעליגענץ, און האָבן זיך משפּיע געווען קעגנזייטיק מיט די לאָדזשער ליטעראַרישע און קינסטלערישע שאַפֿערס.

מיר ווייסן וועגן די קעגנזייטיקע השפּעות פֿון שכנותדיקן שטעטל זגערזש וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ וויכטיקן שרייבער ווי דוד פרישמאַן, וואָס הגם ער ווערט באַצייכנט ווי אַ „לאָדזשער שרייבער״, איז ער אין אמתן אַ זגערזשער און דאָרט האָט ער אונטערן איינפֿלוס פֿון די משכּילים געשטעלט זיינע ערשטע טריט ווי אַ יידישער און העברעיִשער שריפֿט־שטעלער. מיר ווייסן למשל וועגן דער ווירקונג וואָס עס האָט געהאַט אויף דער לאָדזשער יידישער אינטעליגענץ דער באַקאַנטער זגערזשער משכּיל ר׳ לייב וואָלף האַלטריכט, וואָס הגם ער האָט זייער זעלטן געדרוקט אין „המגיד״ און „המליץ״, האָט מען דאָך צו אים געברענגט כמעט אַלץ וואָס די שרייבער האָבן אין די ערשטע יאָרן פֿון זייער שרייבן מחבר געווען.

דאָס זעלבע וועגן די „ליטעראַרישע שטובן״ פֿון מיין פֿעטער עוזר קאָן און די סירקיסעס וואָס האָבן ביי זיך אויפֿגענומען דעם גרויסן העברעאישן פּאָעט יעקב כהן, וואָס איז געווען אַ לערער פֿון מיינע קוזינען און ערשט

שפּעטער, ווי אַן אָנערקענטער דיכטער, איז ער אַריבער קיין לאָדזש. אַט די שטובן האָבן זייט לאַנגע יאָרן ביזן חורבן אַרויסגעגעבן שרייבער און עסקנים אויף אַלע געביטן פון יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן.

אין זגערזש האָט אַ צייט געוווינט און געהאַט זיין ערשטע העברעיִשע שול, דער העברעאיש־יידישער דיכטער „בן ימיני״ (דער פאָטער פון יצחק קאַצענעלסאָן), וואָס האָט דאָרט געשריבן זיינע בעסטע דראַמעס. אויך יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין זיינע פריע יאָרן געשריבן זיינע יוגנט־לידער אין זגערזש.

דאָרט איז אויך געווען טעטיק דער ציוניסטישער עסקן און יידיש־העברעיִשער שרייבער ישכר שוואַרץ, דער פאָטער פון קינסטלער מאַרעק שוואַרץ און פון אינזש. שמואל שוואַרץ, וואָס איז געווען דער ערשטער צו שרייבן אין יידיש וועגן די מאַראַנען אויפן אינזל מאַיאָרקע, און וואָס איז געווען דער זיידע פון דער דיכטערין „האַלינע״, וואָס הגם זי האָט אירע לידער געשריבן אין פּויליש, האָט זי פון געטאָ אַרויסגעשריגן דעם פּיין און וויי פון אונדזער אויסגעהרגעטער אומה. זי האָט שפּעטער געדרוקט א. נ. „טשאַיקאַ״. זי האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און ביז איר טויט אין 1969 געלעבט אין פּאַריז.

אַ זגערזשער יליד איז אויך געווען דער אַלטער משכיל און יידיש־העברעיִשער שרייבער אַ. באַרנשטיין (אבנר שטיין, בר נש), וואָס האָט נאָך פּאַר קלמן שולמאַנען איבערזעצט אין יידיש אַ.סיוס „דער אייביקער ייד״, און „די געהיימניסע פון פּאַריז״.

פאָלגנדיקע יונגערע שרייבערס פון זגערזש אין דער יידישער פּרעסע דאַרף מען צורעכענען צום לאָדזשער צענטער: אהרן שלמה צינצינאַטוס (1895—1961), וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן אין „לאָדזער טאַגעבלאַט״ און „פאָלקסבלאַט״ און איז שפּעטער געווען פון די וויכטיקע מיטאַרבעטער פון ווילנער „די צייט״. ער האָט די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין סאָוויעטישע לאַגערן, דערנאָך אַ צייט געלעבט אין לאָדזש און געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן. ער איז געווען רעדאַק־טאָר פון וואָכנבלאַט „באַפרייאונג״ 1946—1949, אַ פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון ליטעראַטן־פאַראיין, פון צ. ק. פון „התאחדות—פועלי ציון״, אַ צייט

האָט ער געלעבט אין פּאַריז ווו ער איז געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון „אונזער וואָרט". שפּעטער עולה געווען קיין ישראל און געדרוקט אין דער יידישער און העברעיִשער פּרעסע און פּעריאָדיק. געשטאָרבן אין תל אביב.

אַ זגערזשער איז אויך דער טאַלאַנטירטער נאָוועליסט פּנחס ביזבערג (געב. 1908), וואָס הגם ער האָט זיך ליטעראַריש אַנטוויקלט אין ארגענטינע, ציט ער זיין שרייבערישן יחוס פון לאָדזש. ער איז דער מחבר פון געלונגענע דערציילונגען, די ביכער „שבת־יומטובדיקע יידן" און „נייע הימען", און איז זייער געליבט געוואָרן אין שייכות מיט זיין דראַמע „ווען וועלדער ברענען", געווידמעט דעם קדוש, יאַנוש קאָרטשאַק.

פון דאָרט קומט אויך דער לערער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין לאָדזש און וואַרשע, דער קדוש ישראל וויניק (1898—1942), וואָס איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען אַקטיוו אין „עונג שבת" ער האָט אָנגעהויבן שרייבן מיט רעפּאָרטאַזשן און בילדער פון יידישן לעבן אין „נייער פאָלקס־בלאַט" דערנאָך ביז 1939 כסדר געדרוקט אין „פאָלקסצייטונג", „פאָרויס" א. אַ. אין וואַרשעווער געטאָ האָט ער געשריבן אַ גרויסע צאָל דערציילונגען פון געטאָ־לעבן, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען און בלויז איין דערציילונג פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער „לייב דעמבאָווסקיס אָוועקגיין" וואָס ער האָט געשריבן אין 1941 איז אָפּגעפונען געוואָרן אין רינגלבלום־אַרכיוו. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ.

זגערזשער זענען אויך דער בעלעטריסט יהודה עלבערג (געב. 1912), פּנחס סירקיס (געב. 1907) און די אומגעקומענע אין לאָדזשער געטאָ, די דיכטערין און לערערין פון די בית יעקב שולן, לאה וואַטשאַרזש־שטשעראַנ־סקי, (1901—1942), וואָס האָט געדרוקט שירים אין די „אגודת־ישראל"־אויסגאַבעס אין פּוילן.

פון נאָענטן צו לאָדזש אָזאָרקאָוו שטאַמען אַ צאָל יידישע שרייבער און געלערנטע. דאָרט איז שוין אין דער צווייטער העלפט פון פריערדיקן יאָרהונדערט געווען טעטיק אַ משכיליש־ליטעראַרישער קרייז צו וועלכן עס האָט געהערט דער שרייבער און תלמיד חכם י. זילבערמאַן. אַ געבוירענער

אין ירושלים, איז ער אין 1876 געקומען קיין אָזאָרקאָוו און דאָרט אַרויס־געגעבן דעם ערשטן טייל פון זיין „ווערטער בוך צו לערנען די אַראַבישע שפּראַכע״ (קיטאב אלים לאראש אויף אַראַביש) ווי מען שרייבט אין פּאַלעסטינע א״י, עגיפּטען, סורא. לייכט צו ערלערנען קליין און גרויס, ערשטער טהייל פאַר אַללע נויטיגע ווערטער״ (דערשינען אַ צווייטע אויפלאַגע, אָדעס 1882), דאָס בוך האָט אויסגענוצט דער יונג פאַרשטאָר־בענער געלערנטער און תלמיד פון הרב קוק, מרדכי קאָסאָווער אין זיין שטודיע וועגן די ווירקונגען פון אַראַביש אויפן ארץ ישראלדיקן יידיש.

צו אַ קרייז פון משכילים האָט אויך געהערט דער שרייבער צבי הירש זילבערצווייג, דער פאָטער פון זלמן ז., דעם לעקסיקאָגראַף פון יידישן טעאַטער, וואָס איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון אין שטעטל.

פון אָזאָרקאָוו שטאַמט אויך דער פרי פאַרשטאָרבענער נאָוועליסט וואָלף געלבאַרד, וואָס האָט, איידער ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, געדרוקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״; אויך זיין ברודער מיכל (1889—1962), וואָס האָט געשאַפן מוזיק צו די לידער פון אַ סך יידישע שרייבער און אַ קאָמ־פּאָזיטאָר פון וויכטיקע ווערק אויפן געביט פון יידישער מוזיק. ער האָט אויך, איידער ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע, געדרוקט אין דער לאָדזשער פּרעסע. און זייער יונגסטער ברודער ישראל יהושיע.

אָזאָרקאָווער זענען אויך געווען דער דיכטער און וועבער־אַרבעטער דוד גודמאַן (1881—1941), מחבר פון „וועבער לידער״, געשטאָרבן אין פּעטערסאָן, ניו־דזשוירסי; דער יונג־פאַרשטאָרבענער נאָוועליסט דוד ברוין, (1876—1945), דער מחבר פון בוך דערציילונגען „מיט אויג און האַרץ״ און דער דיכטער דוד פּעפּער (1892—1953), וואָס האָט נאָך אָנגעהויבן דרוקן אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״ און איז דער מחבר פון 2 ביכער „לידער״ אין וועלכע עס זעט זיך די השפּעה פון לאָדזשער דיכטערס; דער פּאָעט נחמן ווינער (געב. 1875), וואָס איז געווען טעטיק אין לאָדזשער יידישע פּ.פּ.ס. און געדרוקט אין זייערע יידישע אויסגאַבעס. לאַנגע יאָרן געאַרבעט ווי אַ וועבער אין פּעטערסאָן, ניו דזשוירסי און גלייכצייטיק געדרוקט לידער און פּאָעמעס אין די צייטשריפטן. די לידער זענען אַריין אין זיין בוך „שטראַלן״; און אים צו לאַנגע יאָרן, דער דיכטער משה שמעון וואַלדמאַן,

וואָס האָט זיינע ערשטע לידער געשריבן אין שטעטל און אין לאָדזש אויסגעברייטערט זיין טאַלאַנט.

פון גאָר נאָענטן שטעטל אַלעקסאַנדער שטאַמען די דיכטער י. ש. צענדאָרף און ברוך זאַנענבערג (1910—1944), וואָס איז געווען אַ זאַקנמאַכער און טעטיק אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג, האָט געדרוקט לידער און רעפּאָרטאַזשן אין „לאָדזשער וועקער", „יוגנט־וועקער" און „נייע פאָלקס־צייטונג" אויך א"פ „באַריס". ער איז אומגעקומען בעתן חורבן פון פּוילישן יידנטום. זיינע קרובים פּנחס און יצחק הענעך (1857—1929), זענען געווען יידישע מחברים. יצחק הענעך, אַ מקורב פון אַלעקסאַנדערער רבין, האָט געשריבן חסידישע מעשיות. צוו. אַנד. „וווּנדערלעכע געשיכטן פון רבי ר' הענעך", 2 טיילן, לאָדזש 1926.

פון גאָר קליינעם ליוטאָמירסק, זענען די שרייבערס פּרץ אָפּאָטשינסקי און זיין שוועסטער ריינע אָפּער (געב. 1896), וואָס דרוקט לידער און דער־ציילונגען און דער דערציילער און עסייאיסט רפאל פאָזנער (געב. 1897), וואָס איז דערצויגן אין לאָדזש. מחבר פון בוך עסייען „חיים און וועלט". ער דרוקט זיך אין דער לינקער פּרעסע און פּעריאָדיק. לעבט אין קאַליפאָרניע.

דאָס זעלבע פון נאָענטן קאָנסטאַנטין, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די שרייבערס יוסף זעלקאָוויטש און יצחק גוטערמאַן און די יונג־פאַרשטאָר־בענע גרויסע מאָלערס חיים און טוביה האָבער, וואָס האָבן איבערראַשט די מאָלערישע וועלט מיט זייערע בילדער, וואָס מען האָט פאַרגליכן צו די מאָלערייען פון אַ סוטין, מאָדיליאַני.ביידע ברידער זענען געשטאָרבן יונג. איינער פון שווינדזוכט אין לאָדזש, דער צווייטער טוביה, דערמאָרדעט פון די נאַציס אין טרעבלינקע.

פון דעם שטעטל אין לאָדזשער געגנט גראַבאָוו, איז געווען דער יונגער דיכטער יצחק האַלפּערין (1901—1942), וואָס האָט ביז היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן געאַרבעט אין לאָדזש און געדרוקט לידער אין „נייער פאָלקס־בלאַט". ער האָט רעדאַקטירט די 2 זאַמלונגען „אויף דער שוועל" 1936. געווען אין וואַרשעווער געטאָ. אומגעקומען בעת דער נאַצי־ממשלה אין וואַרשע.

אויך די שטאָט לאָסק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן באַרימטע רבנים, איז אויך געווען די היים פון אַ גרויסע צאָל יידישע און העברעיִשע שרייבערס.

פון לאָסק שטאַמען: הערש לייב זשיטניצקי, דער משכיל ר׳ פנחס זעליג גליקסמאַן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל ביכער אין העברעיִש און יידיש, די ברידער מרדכי און לאָזער אַלעי און דער פּראָזאַאיקער אברהם ווייץ, וואָס האָט נאָכן איבערלעבן די נאַצישע טויטן־לאַגערן זיך צעבליט ווי אַ קרעפטיקער דערציילער און ראָמאַניסט, זייער יניקה, ציען זיי אַלע פון דער לאָדזשער סביבה, וואָס האָט זיי מקרב געווען צו דער יידישער ליטעראַטור. אויך די פרומע יידישע דיכטערין מרים אולינאָווער איז געבוירן אין לאָסק.

אַ גרופּע טאַלאַנטירטע שרייבער האָט אַרויסגעגעבן די פאַבריק־שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק. טאָמאַשאָוו, איז דאָס איינציקע אָרט אין לאָדזשער פּראָווינץ, וואָס האָט געהאַט אייגענע 2 יידישע וואָכנבלעטער. איינע דאָס „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״, רעדאַקטירט פון דיכטער נטע גאָלדקראַנץ און „דאָס וואָרט״ רעדאַקטירט פון בענא קורץ (1898—1943), וואָס איז געווען ציוניסטיש אָריענטירט.

פון טאָמאַשאָוו האָבן מיר דעם קרעפטיקן דערציילער און ראָמאַניסט משה דלוזשנאָווסקי; דעם דראַמאַטורג און רעפּאָרטאַזשן־שרייבער ירחמיאל האַניק, מחבר פון ביכער אין ענגליש און רעדאַקטאָר פון אַ חודש־זשורנאַל אין לאָנדאָן; די דיכטערין ברײַנדל בוים (1896—1947), וואָס איז אַ צייט געווען אַ לערערין אין די בית יעקב־שולן און טעטיק אין די פרויען־קרייזן פון לאָדזשער „אגודת ישראל״. זי האָט געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״ און אין כמעט אַלע אויסגאַבעס פון דער אָרטאָדאָקסישער שרייבער־גרופּע. אין 1925 איז זי אַוועק קיין ארץ ישראל און געדרוקט אין דער פרומער העברעיִשער פּעריאָדיק. זי איז די מחברין פון בוך „כתבים לבת ישראל״, געשטאָרבן אין תל אביב.

פון טאָמאַשאָוו שטאַמען: דער יונג פאַרשטאָרבענער דיכטער בערל זאַכאַריאַש (1906—1928), וואָס האָט געדרוקט זייער שיינע לירישע לידער אין לאָדזשער, טאָמאַשאָווער און וואַרשעווער פּרעסע. געשטאָרבן פון

שווינדזוכט אין וואַרשע; זיין ברודער חיים זאַכאַריאַש (1942—1896), איז געווען אַ ראַטמאַן פון „בונד" און קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקס־צייטונג"; אומגעקומען אין די חורבן־יאָרן; דער זשורנאַליסט איסר ראָזענבלום (1943—1890), וואָס איז געווען פון די וויכטיקע עסקנים אין „בונד" און איז אין סוף צוואַנציקער יאָרן אַוועק צו די ציוניסטן און געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען אין „היינט". טאָמאַשאָווער זענען אויך געווען פּנחס וואַלד (1966—1886), וואָס איז זינט ער איז געקומען קיין אַרגענטינע, געווען פון די בויערס פון די יידישע שולן און קולטור־באַוועגונג. געווען רעדאַקטאָר פון אַ צאָל צייטשריפטן. מחבר פון די ביכער „קאָשמאַר", „בלעטלעך" „אין גאַנג פון צייטן", „אויף היסטאָרישע וועגן". געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס. דער נאָוועליסט ישראל לייב לויפער (1942—1897) האָט געדרוקט אין לאָדזשער, טאָמאַשאָווער, פּאַריזער און בעלגישער פּרעסע חסידישע מעשות און דערציילונגען. אַוועקגעפירט פון דער געשטאַפּאָ פון אַנטווערפּן קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

טאָמאַשאָוו האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל וויכטיקע יידישע מאָלערס יהודה טאָפּעל (1959—1891), וואָס איז געווען אַ מיטשאַפער פון די „יונגע" אין אַמעריקע. מחבר פון ביכער אין יידיש און ענגליש. צוו. אַנד. דאָס אייגנאַרטיקע „אַמאָל איז געווען אַ מענטש" 1927. דער פּייזאַזשיסט און צייכענער חנוך באַרטשינסקי (1943—1900), דער אַקוואַקאָלאַריסט יצחק הירשפּאַנג (1943—1890), וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט אין די פּראַנצויזישע קינסטלער־קרייזן מיט זיינע שטיללעבנס. בעתן חורבן געלעבט אין ניצע פון וואַנען דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט. דער קינסטלער יוסף גראַנאַט (1943—1900), דער חבר פון דער שרייבער־גרופּע. ער איז אומגעקומען בעתן חורבן. אַ טאָמאַשאָווער איז אויך ש. ד. זינגער (געב. 1903), וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן שרייבן אין אַמעריקע.

פון יידישן טעקסטיל־שטעטל זדונסקי־וואָליע זענען געקומען גוטע גרוסע וועגן אַ יונגער שרייבער־גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן טאַלאַנטן ווי די פּאָעטן הערש גליקסבערג, (1944—1916), וואָס האָט געהערט צו דער יונגסטער שרייבער־גרופּע און האָט געדרוקט לידער אין „צווייגן", „קוואַלן" און אין די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון דער לעצטער גרופּע לאָדזשער יידן,

וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און דאָרט אומגעבראַכט דורך די נאַציס; ברוך וויטענבערג, דניאל ראָזענזאַפט (1910—1943), וואָס האָט געהערט צו דער אונטערערדישער שרייבער־גרופּע אין לאָדזשער געטאָ און געדרוקט אין לינקע אויסגאַבעס. געשטאָרבן פון הונגער און קראַנקהייט אין לאָדזשער געטאָ.

די בונדיסטן משה שוואַרץ (1890—1935), וועלכער האָט געדרוקט אַרטיקלען אין „לאָדזשער וועקער" און צוזאַמען מיט וו. שעפּס (1890—1942) געווען בונדישע ראַטמענער פון שטאָטראַט און קהילה. וו. ש. האָט געדרוקט אין „פּאַריזער וועקער", „אונזער שטימע" און „לאָדזשער וועקער". ער איז אומגעקומען בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך.

אַ זדונסקי־וואָליער איז אויך דער זשורנאַליסט און שרייבער באַריס פּיק (געב. 1905), וואָס איז געווען אַ בונדישער עסקן. די נאַצישע אָקופּאַציע האָט ער איבערגעלעבט אין לאָדזשער געטאָ, דערנאָך געווען וויצע־פּאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט אין לאָדזש. געדרוקט אין „דאָס נייע לעבן" און פון 1947 אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אויפשטייג אין די אַרגענטינער אויס־גאַבן: „די פּרעסע" און אין חודשניק „אונזער געדאַנק" פון וועלכע ער איז מיטרעדאַקטאָר. ער איז אויך ראַטמאַן פון דער בוענאָס איירעסער קהילה.

פון יידישן וועבער־שטעטל בעלכאַטאָוו האָבן מיר עטלעכע שרייבערס. איך וויל דאָ באַזונדער דערמאָנען איינעם — יואל לייב גאָלדשטיין (1889—1940), וואָס האָט אָנגעשריבן עטלעכע גרויסע ווערק און איז ליידער פאַרזען געוואָרן פון דער קריטיק. י.ל.ג. איז געקומען פון אַ רייכער חסידישער משפּחה און זייער יונג איבערגעריסן מיטן אַלטן שטייגער און געוואָרן אַן אַפּיקורס. ער איז געפאָרן ווי אַ חלוץ קיין פּאַלעסטינע, געהאַקט שטיינער און געאַרבעט אין קיבוצים, אָבער נישט געקענט געפינען קיין רו. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין בעלכאַטאָוו, האָט ער זיך מפרנס געווען פון אַ קליין ביכער־געוועלבל און אַ לייי־ביבליאָטעקל, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל זאַמלפּונקט פאַר דער פרייער יוגנט. אין זיינע ביכער „דער לעצטער מענטש", „צוזאַמענבראָך און איבערבוי" און אין זיינע נאָוועלן פון „מיטן פּנים צום שפּיגל", וואָס טראָגן כמעט אַ ביאָגראַפישן כאַראַקטער, איז אינטערעסאַנט דאָס כסדרדיקע ראַנגלען זיך פון די העלדן.

אוטאָפּיע און ווירקלעכקייט גיסן זיך צוזאַמען אין אַקציעס, וואָס ציען אַריין דעם לעזער צו פאַרטראַכטן זיך איבער די אַקטועלע פּראָבלעמען. י.ל. גאָלדשטיין איז אָפּט געקומען קיין לאָדזש, געווען אַ נאָענטער חבר מיט דער יונגער גרופּע שרייבערס. פון זיי האָט ער גענומען מוט אויס־צוטראָגן אין זיין חסידישער סביבה זיינע ביכער, וואָס ער האָט געשריבן אין די נעכט נאָך אַ שווערן טאָג פּראַצע. בעת די דייטשן האָבן פאַרנומען בעלכאַטאָוו איז ער געבליבן אין שטעטל און דערשאָסן געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ אין מיטן סעפּט. 1940.

אַ בעלכאַטאָווער, כאָטש געלעבט אין לאָדזש אוז געווען יוסף רייף (1896—1971). געווען טעטיק אין „בונד". מחבר פון יידישע האַנטביכער פאַר שניידעריי, וואַרשע 1928—1935. בעת דער היטלערישער אָקופּאַציע אַנטלאָפן פון לאָדזש אין די באַזעצטע סאָוויעטישע געביטן און פון 1941 ביז 1945, געווען אַ פּאַרטיזאַן אין די ווייסרוסישע וועלדער. איבערגעלעבט דעם חורבן און עמיגרירט קיין אויסטראַליע. מחבר פון וויכטיקן בוך „וואַלד אין פלאַמען", 1954, אין וועלכן ער דערציילט וועגן די יידישע פּאַרטיזאַנער־קאַמפן קעגן די נאַציס. געשטאָרבן אין מעלבורן.

פון פּיעטריקאָוו, וואָס האָט געהאַט אַ טראַדיציע פון מחברים פון רומל־ספרים און מעשה־ביכלעך, שטאַמט דער אָריגינעלער הומאָריסט יאַנקל לערער, די משפחה פון משה פיינקינד און זיינע צוויי זין, וואָס האָבן באַרייכערט די יידישע פּרעסע און ליטעראַטור. עס איז אויך זייט 1916 געווען אַ גרופּע פון יונגע שרייבערס. צו איר האָט געהערט דער דעמאָלטדיקער סטודענט און שפּעטערדיקער בונדישער ראַטמאַן און מיט־גרינדער פון „הזמיר" און פון די יידיש־וועלטלעכע שולן דער פעלדשער פינקוסעוויטש (1895—1945), וואָס האָט אין יענער צייט געשריבן לידער און איבערגעזעצט פון גריכישן אָריגינאַל אַ גרויסן טייל פון האָמערס „איליאַדע און אָדיסעע", שפּעטערדיקער מיטאַרבעטער פון „פּיעטריקאָווער וועקער". אין די יאָרן פון דער נאַצישער ממשלה געווען אין רוסלאַנד און דאָרט געשטאָרבן. צו דער גרופּע האָט געהערט אברהם וויסהאָף (1895—1941), וואָס איז געווען בונדישער לאָווניק און מיטרעדאַקטאָר פון „פּיעטריקאָווער וועקער", אומגעבראַכט פון די נאַציס. צו דער גרופּע

האָבן אויך געהערט בעריש ראָזענבערג, שמאי גאָלאָגאָווסקי, וואָס האָט געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן אין „לעבנספראַגן" וואַרשע און אַ צייט געאַרבעט דאָרט ווי אַ זעצער; תנחום פריינד, וואָס איז געווען אַ בריסקער און דער אָנפירער פון דער יידישער שול; לעווין, יאַנקל לעבער, וואָס איז שפּעטער געווען אין פּאַריז און געשריבן אין „פּאַריזער ווערקער", און יעקב מאַלץ (געב. 1893), וואָס איז געווען פון די „צעירי ציון" און געדרוקט אין „באַפרייאונג". אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ער עולה געווען קיין ארץ ישראל. ער איז פון די הויפּט-איניציאַטאָרן און מיטרעדאַקטאָר פון וויכטיקן יידיש-העברעאישן „פּיעטריקאָווער יזכור בוך".

אין די יאָרן פון 1936 ביזן חורבן האָט אין פּיעטריקאָוו געלעבט הרב משה חיים לויא (1893—1942), וואָס האָט מחבר געווען ספרים אין ביכער אין יידיש און לשון קודש, צווישן זיי דאָס וויכטיקע ספר אין יידיש „אויפן וועג צו קידוש השם" 1937, אין וועלכן ער האָט פאָרגעזען דעם יידישן חורבן אין פּוילן. ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער אגודה-פּרעסע אין פּוילן. זיין ספר „דיני קידוש השם" וואָס ער האָט אין יענע יאָרן געשריבן איז בעת דער ליקווידאַציע פון פּיעטריקאָווער געטאָ צוזאַמען מיט אים אומגעקומען. זיין זון ישראל מאיר (געב. 1937) האָט איבערגעלעבט די נאַציש טויטן-לאַגערן און לעבט אין ישראל. ער איז דער רעדאַקטאָר פון העברעאישן טייל פון דערמאָנטן „יזכור בוך".

פון וויעלון, שטאַמט דער באַרימטער ראָמאַניסט און דערציילער שמעון האָראָנטשיק (1889—1939) און די דיכטערין און לערערין פון די „בית יעקב" שולן פּעסיע פראַצעל (1888—1944), די מחברין פון דער ביבלישער דראַמע אין יידיש „רות", קאַליש, 1932. זי איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

פון וויעלון שטאַמט אויך דער היינט באַקאַנטער מאָלער שלמה איצ-קאָוויטש, חבר פון דער יינגער שרייבער-גרופּע, לעבט אין חיפה און אויך דער פּאַריזער קולטור-עסקן א. אַראָנאָוויטש.

אַן אַרעם שטעטעלע ווי יעזשוו, האָט אַרויסגעגעבן דעם היינט באַרימטן פּאָעט און שריפטשטעלער יצחק יאַנאַסאָוויטש, וואָס איז דער וואָרטזאָגער פון דער אַרגענטינער יידישער עפנטלעכקייט; דעם אָריגינעלן מענטש,

דראַמאַטורג און עסייאיסט, ג. מיעדזשינסקי, דעם דערציילער י. שטשאַ־ווינסקי.

קינסק האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן בדחן און לידער־שרייבער, ישראל רעוויזאָרסקי, (דער זיידע פון גרויסן פּאָעט ישראל ראַבאָן), וואָס זיינע לידער זענען אַ מאָל געזונגען געוואָרן ווי פֿאָלקס־לידער. זיי זענען ווייניק געזאַמלט, אָבער האָבן משפּיע געווען אויף דער גרופּע יונגע שרייבערס, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום וואָכנבלאַט „קאָנסקער לעבן". און אַפילו אַזאַ פּיצל שטעטעלע ווי גאַרשקאָוויץ האָט אַרויסגעגעבן אַ טאַלאַנטירטן דערציילער און עסייאיסט, שמאי מאַראָוויטש, וואָס איז אומגעקומען אין די חורבן יאָרן.

קאָנין האָט אַרויסגעגעבן דעם היינט באַרימטן דיכטער, עסייאיסט יצחק אלחנן ראנטש (געב. 1900), וואָס האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין זיינע יונגע יאָרן אין לאָדזש און איז פון די מיטבויערס פון די יידישע שולן אין אַ רייע שטעט אין די פאַר. שטאַטן, און איינער פון די אַקטיווסטע מיטשאַפערס פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. ער איז דער מחבר פון 20 ביכער פּאָעזיע, דערציילונג, ראָמאַן, עסייען וועגן קונסט און קינסטלער (זיין פּרעכטיק בוך וועגן מאַרק שאַגאַל) זיין לעצטע פּאָעמע „אין מדבר" איז אַ דיכטערישע סימפאָניע. לעבט אין לאָס אַנדזשעלעס און איז טעטיק ווי אַ יידישער לערער און לעקטאָר. פון קאָנין איז אויך דער שרייבער מענדל זאַקס (געב. 1897), וואָס איז נאָכן שטודירן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אין 1923 אַוועק קיין אַרגענטינע און ביז 1956 געווען פון די מיטאַרבעטער פון דער לינקער יידישער פּרעסע און פּעריאָדיק. מחבר פון אַ בוך „י. ל. פּרץ" 1945. די לעצטע יאָרן זיך צוריק־געצויגן פון געז. אַרבעט און פאַרנעמט זיך בלויז מיט ליטעראַטור. דאָס זעלבע זיין עלטערער ברודער אברהם (1892—1940), וואָס איז געווען אַ נאָענטער פריינד פון י. ל. פּרץ און האָט געדרוקט דערציילונגען אין „דער פריינד". געשטאָרבן אין פּאַריז. קאָנין האָט אויך אַרויסגעגעבן דעם אייגנאַרטיקן חובב פון יידישער ליטעראַטור און בטלן, דעם שאַרפזיניקן פּאָלעמיקער הלל קעמפינסקי (געב' 1910), דער אַרכיוויסט פון „קורסקי אַרכיוו" אין ניו יאָרק, וואָס שרייבט אונטער פסעוודאָנימען אין דער

בונדישער פּעריאָדיק און איז דער ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענט פון „אונזער שטימע" אין פּאַריז. זיין ברודער אברהם (1912—1968), וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון פּאַרטיי־ראַט פון דער רעכטער פּ. צ. אין פּוילן און געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן אין „דאָס וואָרט" וואַרשע און אין „קאָנינער יזכור בוך", איז געשטאָרבן אין ישראל. מענדל וויטקאָווסקי (1896—1940), וואָס איז געווען אַ לאַנגיעריקער בונדישער ראַטמאַן פון שטאָטראַט און דער אָנפירער פון דראַמאַטישע סטודיעס, האָט רעדאַקטירט אַ בונדישע יוגנט־אויסגאַבע. געשטאָרבן פון טיפוס אין אַ נאַצישן לאַגער אין אָסטראָווצע. מאיר ווינטער (1890—1941), דער אָנפירער פון דער קאָנינער ביבליאָטעק האָט אין 1912 אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן יידישע ביבליאָטעקן אין דער אויסגאַבע „דער יודישער סטודענט". אומגעקומען אין דער צייט פון יידישן חורבן אין פּוילן. יעקב לייביש האַמפּעל (געב. 1898), וואָס איז געווען קאָנינער קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקסצייטונג" האָט איבערגעלעבט דעם חורבן אין נאַצישע לאַגערן. לעבט אין פּאַריז, מיטאַרבעטער פון „אונדזער שטימע", און פון „קאָנינער יזכור־בוך". צבי אָזעראָוויטש (1905), וואָס איז איידער ער איז געפאָרן ווי אַ חלוץ קיין ישראל, געווען פון די אַקטיווע עסקנים צווישן דער חלוצישער יוגנט. איז רעדאַקטאָר פון „קאָנינער יזכור־בוך". פון קאָנין איז אויך געווען דער פאַרפאַלענער אין רוסישע לאַגערן, דער דיכטער אלחנן נאָטאָל.

פון דערבייאיקן קויל (קאָלאָ) איז דער באַקאַנטער שריפטשטעלער מרדכי האַלטער (געב. 1896), וואָס איז געווען פון די מיטאַרבעטער פון „דאָס וואָרט" און האָט זיך באַרימט געמאַכט דורך זיין ראָמאַן פון חלוצישן לעבן „מיר גרייטן זיך", 1937, און דורך זיינע אַנדערע ביכער נאָוועלן. לעבט אין דפנה, ביי דער סירישער גרענעץ. פון קויל איז אויך העניך הירשביין (געב. 1889), געוועזענער ראַטמאַן פון שטאָטראַט און קהילה, געווען רעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט מענדל וויטקאָווסקי) פון דער אויסגאַבע „אונזער צוקונפט", 1926, לעבט אין מדינת ישראל. אויך דער נאָוועליסט אַבעל יאַרמוש (1895—1970), איז געווען פון קאָלאָ. אָנגעהויבן שרייבן האָט ער אין „קאָלישער לעבן" דערנאָך האָט ער זיך געדרוקט אין דער וואַרשע־ווער פּרעסע. אין 1939 איז ער אַוועק קיין באַליוויע און געוואָרן דער

אָנפירער פון דער באַליוויער יידישער קולטור־אַרבעט .ער האָט מיט־געאַרבעט אין דער יידישער פּרעסע אין דרום אַמעריקע, אין „די פּרעסע", „יידישע צייטונג" ב. א. „היינט" מאָנטעווידעאָ. מחבר פון „צוויי היימען" דערציילונגען, ב. א. 1965. געשטאָרבן אין לאַ פּאַז.

פון טורעק איז געווען דער טאַלאַנטירטער בעלעטריסט ק. ח. היישעריק (1890—1941), דער מחבר פון די ביכער „אין פייער און בלוט", „ליידן", „אָן אַ היים" א. אַ. בעת די נאַציס האָבן פאַרנומען וואַרשע, איז ער אַוועק קיין ווילנע און געהאַט גרויסע פאַרדינסטן מיט זיין אָפּראַטעווען די פּרויען פון שרייבערס אין וואַרשע. אומגעבראַכט אויף פּאָנאַר. פון טורעק שטאַמט דער העברעישער דיכטער און וויסנשאַפטלער יצחק וואַרטסקי (1890—1965), וואָס האָט געדרוקט העברעישע שירים אין אָדעסער „השלוח" און „הצפירה". מחבר פון וויכטיקן בוך „לשון המדרשים" מוסד „הרב קוק", 1970. געשטאָרבן אין לאָנדאָן. פון טורעק איז אויך דער חלוצישער טוער יצחק זייפע (געב. 1892), וואָס האָט געדרוקט קאָרעספּאָנדענצן אין „אונזער לעבן" און „הצפירה", וואַרשע, איצט איז ער אין ניו־יאָרק און איז פאָר־זיצער פון בילדונגס־קאָמיטעט פון די שולן ביים נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד. ער איז אויך רעדאַקטאָר פון „טורקער יזכור־בוך". טורעק האָט זיך געגרויסט מיטן באַרימטן היסטאָריקער און שריפטשטעלער משה פיינקינד (1864—1935) דער מחבר פון צענדליקער ביכער און ספרים אויף טעמעס פון יידישער געשיכטע אין פּוילן, ער איז געשטאָרבן אין פּיעטרקאָוו.

דאָס טעקסטיל־שטעטל פּאַביאַניץ, ביי לאָדזש, האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל שרייבערס ווי בן ציון גרינבוים (1900—1943), וואָס איז אויך געווען אַ קונסט־קריטיקער אין דער לאָדזשער פּרעסע; דעם אינזשיניער דוד דאַווידאָוויטש (געב. 1900), וואָס איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער „פּאַביאַניצער צייטונג", מחבר פון וויכטיקן בוך „יידישע שיהלן אין פּוילן" און מיטרעדאַקטאָר פון „ספר פּאַביאַניץ". דאָס שטעטל האָט געהאַט צוויי וואָכנבלעטער אַרום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט די יונגע טאַלאַנטן.

קאַליש, האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער מאַפּע פון דער יידישער ליטעראַטור נאָך אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט דורך די לידער פון

דער דיכטערין ראָזע יאַקובאָוויטש (1889—1942), וואָס האָט באַקומען אָנער־קענונג פון פּרצן אַליין, זי האָט זיך געדרוקט אין די לאָדזשער „יוגענד", „ליטעראַטור", „געזאַנגען" און אין דער פּרעסע פון לאָדזש און וואַרשע. אין די חורבן־יאָרן האָט זי געלעבט אין לאָדזשער געטאָ און געווען אין שרייבער־קרייז פון מרים אולינאָווער. אומגעבראַכט דורך די היטלער־מערדערס אין וואַרשע.

אין קאַליש האָט געשריבן זיינע ערשטע לידער דער מיטגרינדער פון דער נייער סאָוויעטישער פּאָעזיע, אָשר שוואַרצמאַן, וואָס האָט דאַמאָלט געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי און איז געווען אַ מיטגליד פון „שרייבער־קרייז". דער פאָלקסדיכטער „הערשעלע", וואָס איז צוליב אַ ליד פאַרשיקט געוואָרן קיין קאַליש און אויך דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען דאָרט אַ יאָר, האָבן דאָרט געשריבן זייערע ערשטע לידער.

צום שרייבער־קרייז האָבן געהערט: יצחק קלעטשעווסקי (1893—1968), וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען אַ טוער אין די יידישע פּראָפאַראייִנען אין לאָדזש און וואַרשע און אַן עסקן אין „בונד". ער האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין די בונדישע צייטשריפטן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון די בונדישע „פאָלקסצייטונג" און דער „וועקער" אין קיעוו. שפּעטער אַ צייט געווען קאָרעספּאָנדענט פון קאַליש פאַר דער „פאָלקסצייטונג" און זיך אויך געדרוקט אין פאַרשידענע צייט־שריפטן. די יאָרן פון חורבן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, דערנאָך אין לאָדזש און פּאַריז און כאָטש ער איז געבליבן אַ בונדיסט, איז ער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון פּועלי ציוניסטישן „אונדזער וואָרט", פּאַריז, ווו געדרוקט חוץ איבערזעצונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור און פּרעסע און עסייען און אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן מיט אַ ישראל־טענדענץ. ער איז געשטאָרבן אין פּאַריז.

צום זעלבן קרייז האָבן געהערט פּרץ אָפּאָטשינסקי, מענדל זאַקס און דער היינט באַקאַנטער דיכטער, עסייאיסט און קריטיקער ישעיה זאַנדבערג (געב. 1893), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער אין וואָכנבלאַט „פּרייטיק", בערלין 1919 און זינט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט הונדערטער עסייען וועגן ליטעראַטור, לידער און וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. ער איז דער מחבר פון

אַ צאָל ביכער. צווישן זיי: „אונזער ליד", „דער שונא ביי די טויערן", „קלאַנגען" און דאָס וויכטיקסטע בוך וועגן אומגעקומענע שרייבערס „פונקען אין דער נאַכט". לעבט אין בריסעל און איז זיך מפרנס פון זיינע פאָטאָגראַפישע אַרבעטן.

אויך ה. סאָלניק, וואָס איז געווען רעדאַקטאָר פון אַ צאָל וואָכנ־בלעטער, האָט זיינע בעסטע דערציילונגען געשריבן אין קאַליש. אַ קאַלישער איז אויך דער היינט באַקאַנטער קריטיקער און מאָלער, בארווין פרענקעל (געב. 1895), וואָס האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין דער קאַלישער גימ־נאַזיע. ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „אונדזער שטימע" ווו ער שרייבט איבער ליטעראַטור, טעאַטער און מאָלעריי. ער איז אַ מחבר פון עטלעכע ביכער פון וועלכע דאָס אייגנאַרטיקסטע איז „מיט יידישע קינסטלער" 1963. ער האָט אויך אָנזען ווי אַ קינסטלער־מאָלער, מיט אַן אייגנאַרטיקן פּנים. לעבט אין פּאַריז.

צו די לעצטע יידישע שרייבער פון קאַליש געהערט אויך דער בונדישער עסקן דוד קלין, (געב. 1905), וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען דער קאַלישער קאָרעספּאָנדענט פון דער „נייע פאָלקסצייטונג" וואַרשע. די מלחמה־יאָרן האָט ער איבערגעלעבט אין וואַרשעווער אונטערערד און האָט גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר אָפּראַטעווען הונדערטער יידישע לעבנס פון היטלערס לאַפּעס. ער איז דער מחבר פון וויכטיקן בוך „מיטן טויט אונטערן אָרעם", וואָס דערציילט וועגן די איבערלעבונגען פון אַ קעמפער אין פּויליש־יידישן אונטערערד אין פּוילן. ער לעבט אין פּאַריז און אַרבעט מיט אין „אונזער שטימע".

לאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל יידישע שרייבערס און קינסטלער. דער עלטסטער פון זיי איז געווען צבי כהן, שפּעטער פּ. שטיפּט, וואָס איז געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר און געשריבן איבער יידישער מוזיק. ער איז געווען דער זיידע פון שרייבער און קאָמפּאָזיטאָר משולם לעווין (1903—1968), וואָס האָט אין לאָדזש אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „דער סוחר", 1934. מ. ל. האָט דעם חורבן איבערגעלעבט אין נאַצישע טויטן־לאַגערן. אין פּאַריז איז ער געווען טעטיק אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי און אין יידישן שרייבער־פאַראיין. אַ מיטאַרבעטער פון „אונדזער וואָרט" און פון די

„אַלמאַנאַכן" פון יידישע שרייבערס. ער האָט זיך מפרנס געווען פון אַדוואָקאַטור. געשטאָרבן אין פּאַריז.

אויך די שרייבערס י. ש. שאַיאַק (1893—1967), וואָס איז געוואָרן אַ שרייבער אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און דערנאָך אַ מיטאַרבעטער פון דער לאָנדאָנער יידישע פּרעסע און אַ מחבר פון ביכער און זיין ברודער, גדליה טשאַרנעזאָן־שאַיאַק, זענען געבוירן אין לאָוויטש. דער לעצטער האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין לאָדזש און אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט „לאָדזשער פּאָסט". די ערשטע מלחמה־יאָרן איז ער געווען אין רוסישע לאַגערן און דערנאָך איז ער מיט דער פּוילישער אַרמיי געקומען קיין ישראל און זיך באַטייליקט אין שלאַכטן קעגן די דייטשן. ער האָט אַ צייט געלעבט אין פּאַריז פון וואַנען ער איז געפאָרן קיין אויסטראַליע. מחבר פון אַ צאָל ביכער צווישן זיי: „אין שאָטן פון האַקנקרייץ" (געשריבן אין איראַקישן מדבר). ער לעבט אין מעלבורן, געווען רעדאַקטאָר פון אַ יידיש וואָכנבלאַט און פון „לאָוויטשער יזכור בוך".

אויך דער איבערזעצער פון מיצקעוויטש און סלאָוואַצקין אויף יידיש, דער רעדאַקטאָר פון דער „לוויוויטשער שטימע" יעקב קראָנענבערג (1894—1942), איז געווען אַ לאָוויטשער, דאָס זעלבע, דער נאָוועליסט גד זאַקלי־קאָווסקי (1900—1959). אין לאָוויטש איז אויך געבוירן דער באַקאַנטער ציוניסטישער און אַרבעטער־פירער לואיס סיגאַל (שמחה לייב זאַקליקאָוו־סקי), (1895—1964), וואָס האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר די ניו־יאָרקער יידישע נאָדל־אַרבעטער און פון פּראָפּאַגירן די ציוניסטישע אידייען צווישן זיי, ער איז ביז צו זיין טויט געווען גענעראַל־סעקרעטאָר פון „יידיש נאַציאָנאַלן ארב. פאַרבאַנד" און געווען אין דער ערשטער דעלעגאַציע צו ברענגען הילף די שארית הפליטה אין פּוילן. מחבר פון ביכער און בראָשורן. צו זיינע 50 יאָר איז דערשינען אַ זאַמלבוך. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק. אויף זיין נאָמען איז געבויט דאָס שטעטל „קרית סיגל" אין מדינת ישראל.

פון אָרעמען שניידער־שטעטל ברזשעזשין שטאַמען דער דיכטער, פּובליציסט און רעדאַקטאָר י. ב. גיפּס; דער פאָלקסדיכטער מלך פאַ־געל; דער עסייאיסט און קריטיקער נחום סומער (וועגן זיי איז שוין פריער דערציילט געוואָרן) און דער באַרימטער מיניאַטוריסט און אילו־

מינאַטאָר דוד טושינסקי (געב. 1910), וואָס האָט איינגענומען די קינסט־לער־וועלט דורך זיין אייגנאַרטיקן דרך אין דער שוואַרץ־וויס צייכע־נונג. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן פוילן און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך באַזעצט אין פּאַריז, וווּ ער איז אַקטיוו חוץ אין דער וועלט פון קונסט אויך אין קרייזן פון יידישע שרייבערס און יידישער קולטור. ער האָט זיינע אַרבעטן אויסגעשטעלט מיט גרויס דערפאָלג אין ארבע פינות העולם, אָבער גרויסט זיך מיט זיינע לערערס, די לאָדזשער קינסטלערס, וואָס ער איז פון זיי אָנגערעגט צום שאַפן (אַרטור שיק א״א). אַ ברזשעזשינער איז אויך דער טעאַטראַל און קולטור־עסקן וועלוול ראָזענבלום (געב. 1901), וואָס האָט נאָך אין ברזשעזשין ווי אַ יונגער ציוניסט, אינסצעניזירט און אויפגעפירט מיט אַ דראַמקרייז, לויטן בוך „השומר״, בילדער פון יידישן לעבן און קאַמף אין ארץ ישראל. זינט 1920 איז אַמעריקע און אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן. במשך פון יאָרן אָנגעפירט ליטעראַריש־קינסטלערישע טעטיקייט אין יידיש אין „יוניטי־הויז״ פון דער שניידער־יוניע, וווּ אויך געווען רעדאַקטאָר פון דער וועכנטלעכער הומאָריסטישער אויסגאַבע „דער שייגעץ״ און פאַרעפנטלעכט פּאַראָדיעס פון געז. און יוניאָן־טוערס. אַ לאַנגע צייט געלעבט אין לעיקוואוד, וווּ געווען פרעזידענט פון דער פּועלי ציון און אָרגאַניזאַטאָר פון כמעט אַלע אַקציעס פאַר ישראל, דער הסתדרות; יידישער לערער־סעמינאַר און ש״ע פאַלקס אינסטיטוט. מיט־איניציאַטאָר פון „ברזשעזשינער יזכור בוך״ אין וועלכן פאַרעפנטלעכט וועגן יידישע טיפּן אין שטעטל. באַזונדער איז ווערט אָנצומערקן זיין אַרבעט וועגן יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס באַשרייבט אַ דאַטע אין לעבן פון גרויסן יידישן דיכטער. וו. ר. לעבט אין ניו יאָרק.

אין „בזשעזשינער יזכור־בוך״ האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעט דער קולטור־עסקן אין פוילן, פּאַריז און צולעצט אין אַמעריקע יוסף שייבאָוויטש (1905). ער איז סעקרעטאַר פון לאָדזשער ברענטש, „אַרבעטער רינג״, לעבט אין ניו־יאָרק.

## מיין טאַטנס שטאָט לענטשיץ

בדחילו ורוחמי, וויל איך אָנצינדן מיין קליין נר־תמיד פלעמל פאַרן נצח פון דער שטאָט לענטשיץ, וואָס איז געווען פון די דריי ערשטע יידישע קהילות אין פוילן. לענטשיץ, דאָס געבוירן־אָרט פון מיין פאָטער ז״ל, זיידע ר׳ יוסף פוקס, פון ר׳ שלמה אורבאַך און מיינע עלטער־זיידעס, די אָפּשטאַמיקע פון די גולי ספרד, וואָס האָבן נאָך יאָרן ווייי און וואָגל, איבער די שטעט פון צרפת, לותיר און ווירמיזה און איבער די שטעט פון דייטשלאַנד און פויזנא, אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטן אין לענטשיץ.

זיי ציען זיך איבער דורות רבנים און גוטע יידן איבער ר׳ שלמה אפרים, מחבר פון די ספרים „עוללות אפרים״ און „כלי יקר״, וואָס ער האָט אויך געשריבן אין יידיש־טייטש און זיך געחתמעט „איש לענטשיץ״ און דור דורות רבני לענטשיץ ביזן לעצטן רב ר׳ אליעזר, וואָס איז אומ־געקומען צוזאַמען מיט זיינע יידן אין דער שואה. זיי זענען זיך מיחס ביזן רבינו אליקום געץ, ביזן „בית יוסף״, גדולים וואָס האָבן משפיע געווען לטוב און נצח־ישראל דורך זייערע ספרים און פסקי הלכות וכו׳.

אין לענטשיץ האָט מיין פאָטער באַקומען סמיכה און דאָרטן מחדש געווען חוץ חדושי־תורה אויך שירים און משלים אין יידיש.

מיין זיידע, ר׳ יוסף פוקס, אַ שרייבער אין מאַגיסטראַט און אַ ראַטמאַן האָט זיך מוסר־נפש געווען און מקיים געווען מיט זיינע לעצטע גילדנס די מצווה פון פדיון שבויים אין 1863 און צוליב דעם געמוזט עוקר זיין קיין לאָדזש, ווו ער איז יאָרן געווען אַן עסקן אין דער קהילה. עס ציטערט אין מיר דער ניגון פון „מה בצע בדמי ברדתי אל שחת״, וואָס מיין פאָטער פלעגט מיר זינגען אין מיינע חומש־יאָרן, דעם ניגון פון אַ לענטשיצער חזן, וואָס ער האָט געזונגען פאַרן טויט און וואָס זיינע אומעטיקע טענער זענען אפשר די אָפּציטערן פון מיין פאָטערס שירים און פון מיינע תפילות צו שלום און עם ישראל.

זיי לעבן פאַר מיר , די גרויסע מנהיגים פון פוילישן יידנטום — די רבני לענטשיץ — פון ר׳ חיים אורבאַך, איבערן מהר״ל פון פראָג און ר׳ מאיר לייבוש (מלבי״ם) וואָס האָבן אין לענטשיץ מחבר געווען אַ גרויסן טייל פון זייערע ספרים, ווי מיר זעען עס אין דער וויכטיקער אַרבעט אין

„ספר לינטשיץ", תשי"ג, וואָס עס האָט רעדאַקטירט און געשריבן די געשיכטע פון דער שטאָט פון 970 ביז 1939, דער אמתער אוהב ישראל — אַן אָפּשטאַמיקער פון אונדזער משפחה, ר' יצחק ידידיה פרענקעל (געב. 1913), דער תלמיד מובהק פון אָסטראָווצער רבין און פון גאון ר' מנחם זעמבא הי"ד און וואָס האָט זיין סמיכת הרבנות באַקומען פון די גאוני פוילן. הרב פרענקעל וואָס איז פון 1932 ביז 1935 געווען רב אין שטעטל ריפּין (ער שרייבט דערוועגן אין עברית און יידיש אין ספר ריפּין, פּונקט ווי ער טוט עס וועגן לענטשיץ אין ספר קוטנאָ, ווו ער פאַרצייכנט לדורות די הייליקע יידן פון די שטעט). און זייער כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס הרב פרענקעל, בעת ער איז געוואָרן רב אין תל־אביב־יפו אין 1935, האָט ער זיך אויסגעקליבן דווקא די אָרעמסטע שכונה, וואָס ער האָט דערהויבן עד היום די האָרציקע יידן דורך זיינע מעשים בכל יום. הרב פרענקעל איז אויך דער מחבר פון אַ הלכה־ספר „שערי הלכה", תל־אביב תשכ"ח, ווי עס האָבן עס געטאָן זיינע פאָרגענגער די לענטשיצער רבנים ר' לייב פּראָגער (אָפּשטאַמיקער פון „בית יוסף") און ר' זאב וואָלף אויערבאַך, דער זיידע פון טשעכאַנאָווער גאון ר' אברהמעלע אין זייערע ספרים.

הונדערטער טייערע יידן רעדן צו מיר איצט זייער לשון פון תחנונים איך זאָל זיי נישט לאָזן פאַרגעסן ווערן. איך הער זיי דורכן קול פון מיין טאַטנס שוועסטער־קינד דעם בעל קורא און בעל־תפילה פון שטיבל און פון אַלעקסאַנדערער רבינס בית המדרש דורך זיינע ניגונים און האָרצ־ברעכנדיקע תפילות וואָס האָבן געמאַכט אויפציטערן די הערצער מיט אמונה. — ר' שמואל דימאַנט און זיין פרוי הינדע ,דער פאָטער פון שוואָגער משה און מיין שוועסטער פריידע שרה און זייער קליין טעכטעריל רחלע, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער אין לאָדזשער געטאָ.

עס בליקן צו מיר און ווילן נישט צומאַכן זייערע כשרע יידישע אויגן די אַלע עוסקים בצורכי ציבור באמונה, די גבאים פון דער חברה ש"ס און תהילים, די פּשוטע עמך שער־ און־אייזן יידן, וואָס האָבן מיט אמונה אין עם ישראל אויסגעהויכט זייערע לעבנס בימי השמד.

יהי זכרם ברוך ומבורך לחי עולמים, אמן.

## יידיש־העברעישע שרייבערס

אין לאָדזש איז תמיד געווען טעטיק אַ גרעסערע גרופּע העברעאישע שרייבערס, דיכטערס און וויסנשאַפטלער. און הגם זיי האָבן זייער ווייניק אַרויסגעגעבן ספּעציעלע לאָדזשער אויסגאַבעס, האָבן זיי דאָך געהאַט אַ גרויסע השפּעה און געשאַפן וויכטיקע ווערק.

אין לאָדזש האָט אַ צייט געלעבט דוד פרישמאַן און האָט אין יענע יאָרן געשאַפן ווערק, וואָס האָבן אים גרויס געמאַכט.

דער פּאָעט יעקב כהן, איידער ער איז געפאָרן קיין ישראל, איז אויך אַ צייט געווען אַ לערער אין לאָדזש און דאָ געשאַפן אַ גרויסן טייל פון זיינע נאַציאָנאַלע שירים.

דער גאון ר׳ חיים העלער, וואָס איז געווען אַ פעטער פון יצחק ריבקינד, האָט אַ טייל פון זיינע תנ״ך פאַרשונגען און אַנדערע חידושי תורה געשריבן אין לאָדזש.

אין לאָדזש האָט אַ לענגערע צייט געוווינט דער העברעאישער שרייבער און גייסטרייכער דענקער און היסטאָריקער, ד״ר ש. י. שמחוני (דער ברודער פון דער יידישער פעדאַגאָגין און שריפטשטעלערין ראָזע סימכאָ־וויטש). אין לאָדזש האָט ער אָנגעשריבן זיינע בעסטע ביכער אויף טעמעס פון יידישער געשיכטע און יידישער פילאָסאָפיע. זיין ווערק „קורות ימי ישראל" גיט אַ נייעם בליק איבער דער יידישער געשיכטע. ער האָט איבערגעזעצט פון גריכישן און לאַטייניש אָריגינאַל פיל ווערק אויף עברית. זיינע לעקציעס האָבן געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף דער לאָדזשער יידישער יוגנט פון ד״ר ברוידעס העברעאיש־פּוילישער גימנאַזיע, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ לערער.

צו די לאָדזשער העברעישע שרייבער האָט אויך געהערט דער יידישער געלערנטער, דער אָריענטאַליסט און ביבליאָגראַף ד״ר ש. קאַמיענעצקי

(געב. 1874), וואָס האָט כמעט אַלע ווערק זיינע געשאַפן אין לאָדזש (אגב האָט ער אין זיין לאָדזשער פּעריאָד אויך געדרוקט אין „לאָדזער טאַגע־בלאַט", אין „היינט" און „אילוסטרירטע וואָך" וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען איבער יידישער געשיכטע, ביבל־קריטיק און וועגן דער נייער העברעישער ליטעראַטור).

צום זעלבן קרייז האָט אויך געהערט דער רעליגיעזער פילאָסאָף און דיכטער חיים יצחק בונין, דער מחבר פון גרויסן ווערק אין עברית און יידיש „משנה חבד" ווי אויך זיינע צוויי זין מגר. ש. ב., וואָס איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „ל. טאַגעבלאַט" און דער העברעישער דיכטער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און איז יעצט שעפעריש אין מדינת ישראל — דוד בונין.

וועגן דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון יצחק קאַצענעלסאָן איןביידע שפּראַכן, האָבן מיר שוין דערציילט. איצט וועלן מיר מוסיף זיין נאָר וועגן זיין ספּעציעל העברעאישער עבודה. אַלע דראַמעס, די קינדער־לידער און די מיינסטע און בעסטע שירים (אפילו אויף ארץ ישראל־טעמעס), האָט יצחק געשריבן אין לאָדזש. אויך זיין איבערזעצונג פון היינעס לידער, וואָס דערויף האָט ער געאַרבעט אַ סך יאָרן און כסדר געשליפן און איבערגע־אַרבעט, האָט ער געמאַכט אין זיין לאָדזשער דירה, וואָס איז תמיד געווען בשכנות מיט זיין העברעישער שולע.

לאָדזש האָט געהאָט (אין יצחקס שטובן) דעם אייגנאַרטיקן העברעישן דראַמאַטורג און דיכטער מאיר פאָנער (1854—1936), וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געשריבן זיין דראַמע „גיהנום" און איז דורך די לאָדזשער שרייבערס געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „העברעישער דאַנטע". ער האָט אויך געדרוקט אין יידיש אין „יודישעס פאָלקסבלאַט" פּט"ב און אין די „לאָדזער נאַכריכטן" און איז אַ צייט געווען דער פּראָטעקטאָר פון דער לאָדזשער „יונג־אידיש"־חברה. ער האָט אין זיין לאַנג לעבן אָנגעשריבן אַ סך ווערק צווישן זיי די דראַמען: „בית עלי", „יוסף דילא ריינה", „מות המלך הורדוס" „יהודה בן חזקיה המלך", „יונה בן אמיתי". אַלע דערשינען אין לאָדזש (פון 1904 ביז 1930).

אויך זיין פרוי שרה פייגע פאָנער (1855—1937) איז געווען אַן אינ־

טערעסאַנטער טיפּ. זי האָט געשטאַמט פון ווילנער גאון. זי האָט אין איר שרייבן אַריינגעברענגט אַ מין מוסר־שטימונג, וואָס האָט זי אָפּגעזונדערט פון אַרום און אפילו פון איר מאַן. און כאָטש זי האָט מיינסטנס געשריבן אין העברעיש, ווי עס ווייזן אירע ביכער: דער ראָמאַן „בגד בוגדים״, „מראה העיר דווינסק״, האָט זי אין לאָדזש אַרויסגעגעבן די ראָמאַנען „איינע טרויעריגע ליבע״ און איר אייגענע איבערזעצונג פון איר העברעיש בוך „די קליידער פון אַ פערברעכער״, לאָדזש 1889 און 1892. זי האָט אויך געדרוקט אין „יודישעס פאָלקסבלאַט״ אונטער אַ פּסעוודאָנים אייניקע קליינע דערציילונגען. אין 1906 איז זי געקומען קיין אַמעריקע און געווען אַ העברעישע לערערין אין סט. לואיס און פּיטסבורג, וווּ זי איז געשטאָרבן (וועגן איר און וועגן אַלע שרייבערס וואָס ווערן דערמאָנט אין פּעטער־סאָנס ענגלישן בוך „דער העברעישער ראָמאַן אין די צייטן פון דעם צאַרישן רוסלאַנד״ האָב איך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די אַלע האָבן אין אמתן מער געשריבן אין יידיש ווי אין העברעיש. ער האָט פּשוט נישט געוווּסט וועגן זייערע יידישע ביכער וואָס זענען קינסטלעריש געלונגען...).

אין לאָדזש האָט צוזאַמענגעשטעלט זיינע ערשטע העברעישע כרעס־טאָמאַטיעס און לערנביכער, דער פּעדאַגאָג יצחק בערקמאַן (ליידער האָב איך נישט און אויך נישט דער לעקסיקאָגראַף פון דער העברעישער ליטע־ראַטור, גרשון קרעסל, נישט געפונען זיינע ביאָגראַפישע דאַטעס). ער האָט אויך דאָרט געשריבן זיין דראַמע „משה״ וואָס איז געווען פון די געשפּילטע זאַכן אין די העברעישע גימנאַזיעס. יצחק בערקמאַן איז געווען איינער פון די דריי גרינדער פון דער ערשטער העברעישער גימנאַזיע אין לאָדזש, 1909, צוזאַמען מיט די העברעישע שרייבערס און לערערס ס. דאַניושעווסקי און ב. קאָוונער (דער פאָטער פון מאָלער יוסף קאָוונער, וואָס איז אומגעקומען אין אוישוויץ). (ליידער האָב איך נישט עד היום געפונען אין ערגעץ, אַפילו אין שאַרפשטיינס ספר וועגן דער העברעישער דערציונג אין פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, קיין איין מאָל זייערע נעמען דערמאָנט).

ר׳ פנחס זעליג גליקסמאַן און זיין פאָטער, דער לאָסקער רב, האָבן זייערע בעסטע העברעאישע ביכער און ספרים געשריבן אין לאָדזש.

דער אינדוסטריעלער און אַלטער העברעיש־יידישער שרייבער אברהם

יוסף ברזשעזשינסקי דער מחבר פון אַ 5 בענדיקער מאָנאָגראַפיע (נישט פאַרענדיקטער) וועגן לאָדזש, האָט זיינע בעסטע אַרבעטן געטאָן אין לאָדזש (צווישן איין מסחר און אַנדערן).

אויך דער אַלטער העברעישער היסטאָריקער יעקב פרענקעל (1848 — 1916) דער מחבר פון „היהודים בלודז" 1895, האָט אין דער לאָדזשער פרעסע געדרוקט יידישע דערציילונגען.

וועגן עזרא גאָלדין, ווייסן מיר פון אים אַליין, אַז ער האָט זיינע בעסטע העברעישע און יידישע דערציילונגען געשריבן אין זיינע לאָדזשער יאָרן.

דאָס זעלבע וועגן חיים יעקב קרעמער, וואָס האָט געשטאַמט פון דער ציזלינג־משפחה אין אשמענע. ער האָט געהאָט סמיכה אויף רבנות און אין די אַכציקער יאָרן פון 19טן י.ה. געווען דער אייגנטימער פון אַ חדר מתוקן „לתורה ולעבודה" אין לאָדזשער ווילקע. ער איז געווען דער מחבר פון פרושים אויף תורה און אַ מחבר פון העברעישע און יידישע ביכער, צווישן זיי: „שער ציון" און „דורש לציון" (וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד און פוילן). דאָס בוך וואָס איז לזכרון משה מאָנטיפיאָרע, אַנטהאַלט אַ הקדמה פון ר' שמואל מאָהילעווער און אַ סוף דבר פון זיין קוזין, דער אשמענער רב יהודה יוסף ציזלינג (דערשינען אַ צאָל אויפלאַגעס, די ערשטע, לאָדזש 1886, 72 זייטן, די צווייטע, 1891, 96 זייטן). ער איז אויך דער מחבר פון די ביכער אין יידיש: „די אידישע טראַגעדיע", דראַמע אין 5 אַקטן מיט אַ ציוניסטישער טענדענץ, לאָדזש 1891, 48 זייטן. צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע, 1907, 90 זייטן מיט לידער און טעקסט פון יחיאלזאָן. צום סוף איז פאַראַן אַ ווענדונג צו די רעזשיסאָרן מיט זיין אַדרעס: הויזאייגנטימער פון פאַנסקע 36. „די שעהנע דרעזעלע" אָדער חטאת הקהל, ראָמאַן פון יידישן לעבן, לאָדזש, 1892. ער האָט אויך געדרוקט אין דער העברעישער און יידישער פרעסע אין רוסלאַנד. ליידער נישט פאַראַן אין קרעסעלס לעקסיקאָן.

צום זעלבן קרייז שרייבער, איןביידע שפּראַכן, האָבן אויך געהערט: דער דיכטער הרב שלום טרייסטמאַן און זיין יונגערער ברודער, דער געלערנטער און גרויסע בקי הרב שמחה טרייסטמאַן און דער ביבליאָ־

גראַף און פאַרשער יצחק ריבקינד, וואָס האָבן ביז צו זייער לעצט געשריבן איןביידע שפּראַכן און דער יונג־פאַרשטאָרבענער חבר מיינער פּראָפ. אהרן זאב אשכלי, וואָס האָט אַפילו אין ארץ ישראל געשריבן אויך אין יידיש.

פון לאַדזש זענען אויך אַרויס די יונגע העברעישע דיכטערס: יחיאל ראַזענצווייג, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו אַ טאַלאַנט אונטער יצחקס דירעקטער אָנווייזונג און השפעה (ליידער האָב איך אין קיין שום העברעישער ענציקלאָפּעדיע אָדער לעקסיקאָן געפונען עפּעס וועגן אים און זיינע לעצטע טעג ביי היטלערן). יחיאל ראַזענצווייג איז געווען ווי אַ משפחה־מיטגליד אין יצחקס שטוב. ער האָט אויך געאַרבעט ווי אַ לערער, צוערשט אין „גן ילדים" און שפּעטער אין יצחקס העברעישער גימנאַזיע.

דער יונגער באַגאַבטער און אייגנאַרטיקער פּאָעט און וואָרט־מייסטער מלכיאל לוסטערניק, האָט סיי זיינע צוויי בענדלעך „שירים" און סיי זיינע אַרטיקלען וועגן דער העברעישער פּאָעזיע געשריבן אין לאַדזש. ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „ראשית", וואָס האָט אַרויסגעפירט נייע יונגע כוחות פון דיכטונג אין עברית פון לאַדזשער חברה. לוסטערניק איז געווען אַ גוטער חבר דער יונגער דיכטער־גרופּע און איז פון זיי באַווירקט געוואָרן. ער האָט איבערגעזעצט אין עברית אונדזערע לידער און דערמיט איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט צווישן אונדזער גרופּע מיט דער יונגער העברעישער דיכטער־גרופּע אין לאַדזש. אויך דער דיכטער בערל פּאָמעראַנץ איז געווען נאָענט מיט אונדז אין דער צייט, ווען ער האָט געאַרבעט ווי אַ לערער אין לאַדזש און משפיע געווען אויף אונדז.

אויך דער יידישער שוישפּילער, זלמן הירשפעלד (געב. 1902), וואָס האָט זיך געווידמעט דעם יידישן „קליינקונסט־טעאַטער", האָט דעמאָלט געשריבן העברעישע און יידישע שירים. ער האָט דערנאָך אין אַרגענטינע געדרוקט אין דער אָרטיקער פּרעסע און פּעריאָדיק זיינע יידישע איבער־זעצונגען פון דער העברעישער פּאָעזיע און דער עיקר פון דער נייער ישראל־דיכטונג. און פון דער יידישער, אין עברית, וואָס ער האָט באַהערשט אַזוי גוט, אַז ער שפּילט אַפילו אין העברעישן טעאַטער אין ישראל, ווו ער לעבט די לעצטע יאָרן.

אויך דער העברעישער שוישפּילער פון די תל אביבער קליינקונסט־טעאַטערן און סטאַר אין „קומדי־טעאַטער״ פ. חורגעל, האָט אין זיינע לאָדזשער יאָרן געשריבן העברעישע און יידישע שירים.

אין לאָדזש זענען אויך שרייבעריש טעטיק געווען איןביידע שפּראַכן דער קריטיקער און פּובליציסט ד״ר ירמיהו פרענקעל, ד״ר אריה טאַר־טאַקאָווער, דער היסטאָריקער ד״ר פיליפּ פרידמאַן, ד״ר נתן עק, ד״ר נחמן בלומענטאַל, ד״ר י. ריגער, יוסף לעווי, עברי און אַ גאַנצע רייע אַנדערע, וואָס האָבן אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע געהאַט זייערע ווינקעלעך פון וואַנען זיי האָבן גערעדט צו די לאָדזשער לעזער.

מיר ווילן אויך דערציילן אַז דער באַקאַנטער העברעישער שרייבער און לערער אהרן ליובאָשיצקי (1874—1942), האָט אין די יאָרן צווישן 1912 און 1940, ווען ער האָט מיט איבעררייסן געלעבט אין לאָדזש, נישט נאָר געדרוקט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט״ און „נייער מאָרגענבלאַט״ נאָר אויך אין לאָדזש אַרויסגעגעבן זיינע קינדער־זשורנאַלן „הכוכב״ און „בן כוכב״. ער איז דערנאָך אַוועק קיין וואַרשע און איז אין געטאָ געווען אַ לערער אין די אומלעגאַלע העברעישע שולן. בעת אַן אַקציע איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אומגעבראַכט.

מיט באַזונדערער ליבשאַפט וויל איך דערמאָנען מיינע קרובים ר׳ יעקב ווערדיגער (געב. 1900), דער אַמאָליקער לאָדזשער גביר און גרויסער למדן, וואָס האָט נאָכן איבערלעבן דעם חורבן זיך אין גאַנצן געווידמעט דאָס אַרויסגעבן די ספרים פון זיין עלטער־זיידע דעם באַרימטן פּוילישן גאון ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער. ער האָט עד היום אַרויסגעגעבן חוץ דער „הגדה של פסח״ מיט פאַרשידענע פּירושים (צווישן זיי פון זיין זיידע ר׳ מנחם מענדל לאַנדע, וואָס איז אַ צייט געווען פון די עסקנים פון דער „מזרחי״ אין פּוילן און קאַנאַדע), דאָס ספר „זכותא דאברהם״ אין וועלכן ער ברענגט אַרויס מיט גרויס געניטשאַפט דעם שלשלת היוחסין פון אונדזער משפחה, די רבנים פון יידישע קהילות אין פּוילן, „ויעש אברהם״ און „צלותא דאברהם״, דער נוסח התפילה פון טשעכאַנאָווער גאון, א״אַ. לעבט אין בני־ברק. זיין זון אברהם איז אַ כנסת־דעפּוטאַט פון פּועלי אגודת ישראל.

## נייער נאָכוווקס

אין יאָר 1928 מערקט זיך אין לאָדזש אַ נייע ליטעראַרישע אויפֿלעבונג, וואָס קומט צום אויסדרוק סיי אין חודש־זשורנאַל „די פּייל״, וואָס ווערט רעדאַקטירט פֿון משה בראָדערזאָן און יוסף טורקא (אָקרוטני) און סיי אין אַ יוגנט־זאַמלונג „ליטעראַרישע האָריזאָנטן״, וואָס עס האָט רעדאַקטירט דער דעמאָלט יונגער און צוזאָגנדיקער טאַלאַנט, יצחק יאַנאַסאָוויטש.

פֿון ביידע זשורנאַלן זענען נאָר אַרויס צו עטלעכע נומערן, אָבער צוויי נייע שרייבער זענען פֿון דעמאָלט אָן געבליבן אין דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע: יצחק יאַנאַסאָוויטש און גרשון מיעדזשינסקי, וואָס האָט שפּעטער אויך געשריבן אין וואַרשעווער „גלאָבוס״ און אַרויסגעגעבן אין העפֿטן זיין דראַמע „טראָצקי״. זיין לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן דורכן חורבן.

אין 1932 דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פֿון יצחק יאַנאַסאָוויטש אַ נייע ליטעראַרישע זאַמלונג „צווישן מויערן״, וואָס הגם דער לייטמאָטיוו איז דער שטאָט־געראַנגל מיט אַ פּראָלעטאַרישער באַפֿרייונג, ברענגט דער זשורנאַל אַריין אין דער ליטעראַטור צוויי נייע טאַלאַנטן, וואָס זייער דיכטונג און פּראָזע איז גאָר פֿון יידישן און אינטימען געמיט. דאָס זענען: דער פּראָזאַאיקער משה יאָסל סמאָלאַרזש און דער לירישער דיכטער מישע טראָיאַנאָוו.

אין „צווישן מויערן״ דרוקט זיינע ערשטע לידער דער יונגער צוזאָגנדיקער טאַלאַנט וואָלף מושעל (1942—1909), ער איז געקומען קיין לאָדזש פֿון אַ קליין שטעטל און איז געווען אַ שניידער־אַרבעטער. אין די ערשטע יאָרן געווען טעטיק אין דער יוגנט פֿון די לינקע פּועלי ציון, דערנאָך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אַרעסטירט געוואָרן און אַנטלאָפֿן קיין פּאַריז. ער האָט אויך געשריבן אין „ליטעראַרישע טריבונע״ און אין

„נייע פרעסע״ פּאַריז. אין 1942 טראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ און אומ־געבראַכט.

אין „ליטעראַרישע האָריזאָנטן״ האָט אויך געדרוקט אַרטיקלען וועגן מאָלעריי דער קינסטלער יעקב מיטלער (געב. 1897), וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין אַרגענטינע און געווען אַ מיטאַרבעטער פון די „איקוף־בלעטער״ און פון דער לינקער יידישער פּעריאָדיק אין בוענאָס איירעס. י. מ. ווערט גערעכנט ווי דער רבי פון אַ גאַנצער ריי יונגע מאָלערס, וואָס זענען באַווירקט פון אים. אַ סך געדרוקט וועגן מאָלעריי. לעבט אין ישראל.

אין זעלבן יאָר דערשיינט אַ בוך „דערציילונגען״ פון ש. סאַלאָוויטש, דאָס האָט אים געגעבן אַן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין יענער צייט איז צוריקגעקומען קיין לאָדזש דער שרייבער און פאָלקלאָריסט יוסף זעלקאָוויטש. ער האָט אין די יאָרן פאַרן חורבן כמעט ווי אויפגעהערט שרייבן זיינע חסידישע און פאָלקס־מעשיות, נאָר זיך מער אָפּגעגעבן מיט זאַמלען פון פאָלקלאָרישן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט טיילווייז געדרוקט אין „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן״, און אין די „ייוואָ־בלעטער״ אין ווילנע. ער איז אין לאָדזשער געטאָ געווען פון די איינציקע וואָס האָבן מיט לייב און לעבן געזאַמלט יעדן אות, יעדן סימן פון יידישן לעבן און שאַפן. ליידער זענען די צוויי גרויסע זעק מיט זיינע זאַמלונגען פון ספּעציעלן פאָלקס־הומאָר און יידישע ווערטלעך אין לאָדזשער געטאָ, פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אים. השם ינקום דמו!

פון קוילן־גרעבער שטעטל טשעלאַדזש איז אין 1928 געקומען קיין לאָדזש אַן איינזאַמער בחור, וואָס האָט ווי זיינע לאַנדסלייט, די דיכטער דוד זיטמאַן און לאַנדאַנער חובב יידיש אברהם נחום שטענצל, פאַרמאָגט עפּעס אין זיינע שריפטן, וואָס האָבן אַנדערש גערעדט צו אונדזערע נשמות. דאָס איז געווען דער פּאָעט און דערציילער ירחמיאל נייבערג (1904—1941). זיין ערשט „ליד פון אַ יתום״, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין ווייסענבערגס „אינזער האָפענינג״ האָט געוויזן, אַז כאָטש ער טוליעט זיך צו צו אָט דער גרופּע פּרימיטיווע שרייבערס, איז ער אָבער אין תוך גאָר אַן אַנדערער און סוף כל סוף, וועט ער אָוועק אויפן וועג פון דער ראָמאַנטיק, וואָס

איז דער סימן פון דער יידיש־פוילישער ליטעראַרישער געגנעזע. אַז אונדזערע האָראָסקאָפּן זענען געווען ריכטיקע, האָט באַוויזן זיין ערשט בוך לידער „פּוסטע וועבן" לאָדזש 1928, וואָס האָט גיכער געהאַט צווישן זיינע ווייען און ליידן, דינע פּעדים פון לירישער השתפכות הנפש, ווי פון פאָלקסטימלעכן, וואָס עס האָבן אַרויסגעברענגט דער רוב פּאָעטן פון ווייסענבערגס חדר. און כאָטש אַ מין עקסטראַוואַגאַנץ האָט זיך געפילט אין אַ טייל לידער, וואָס זענען מער געווען אונטער דער השפּעה פון מאָדער־ניזם און געווען אומפאַרשטענדלעך, דאָך האָבן זיי עפּעס איבערגעלאָזט אויפן לעזער. נאָך מער איבערראַשט זענען מיר געוואָרן ווען עס האָט זיך אין „היינט" באַוויזן זיין דערציילונג „דאָס העמד פון אַ טויטן", וואָס איז געווען גאָר אַנדערש פון דער אָנגענומענער דערציילונג, וואָס מען האָט געדרוקט אין אַ צייטונג. די נאָוועלע, וואָס איז געווען אין נוסח פון עדגאַר פּאָעס נאָוועלן, האָט ווידער אַמאָל באַוויזן, אַז די שאַפערס פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן גייען אויף די וועגן פון דער וועלט־ליטעראַטור.

פון יענע טעג האָט מען צווישן דער יונגער, אייגנאַרטיקער נייער חברה שרייבערס, אַריינגענומען נייבערגן אין דער חברותא. נאָך מער איז מען געווען צופרידן, וואָס נייבערג האָט נישט געדאַרפט אַליין פאַרקויפן זיינע ביכער, נאָר ער האָט זיך מפרנס געווען פון זיין אַרבעט, ווי אַ דרוקער־אַרבעטער. אין נייעם בוך „פון יענער זייט מענטש", פּאָעמע, ל. 1933, קומט צום אויסדרוק דער טרויער פון אַ פאַרלוירענעם מענטש, וואָס האָט אין דער גרויסער שטאָט געפונען בלויז פּיין, און זיינע חלומות פאַרשווימען אין טאָג־טעגלעכן ווייטאָג. נייבערג האָט ביז דער מלחמה נאָך געדרוקט לידער און דערציילונגען סיי אין לאָדזשער אויסגאַבעס און אין די „ליטעראַרישע בלעטער", זיי האָבן נאָך אַלץ געהאַט פון די השפּעות פון ווייסענבערגן. בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע פון לאָדזש איז ער אַנטלאָפן און געקומען אין סאָוויעטישן ביאַליסטאָק און אַ צייט געאַרבעט ווי אַ דרוקער־אַרבעטער. ער האָט שנעל איינגעזען אַז ליטעראַטור איז אין סאָוויעטן־לאַנד גאָר עפּעס אַנדערש און נישט מאַכנדיק זיך קיין אילוזיעס, אַז מען זאָל אים דאָ אָנערקענען און אויסטיילן, גענומען אַ פּאַספּאָרט אין

1940 ווי אַלע „בעזשענצעס״. דער פּאַספּאָרט איז אָבער געווען מיטן פּאַראַגראַף 11, וואָס האָט אים נישט דערלויבט צו פאַרבלייבן 100 קילאָ־מעטער נאָענט צו דער גרענעץ. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס ער האָט געאַרבעט אין דער זעצעריי פון דער רוסישער צייטונג. מען האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן. ער האָט נאָך געהאַט מזל (אַנדערע, ווי דער שרייבער אהרן בערעזינסקי, האָט מען ביי נאַכט אַרויסגעפירט, ווי „אַ בורזשוי״ און עד היום ווייס מען נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען). נייבערג, וואָס האָט תמיד געלעבט פון זיין אַרבעט, איז דוקא ביי די סאָוויעטן געוואָרן אַרבעטסלאָז און צוזאַמען מיט זיינע חברים, די שרייבערס שמואל וואולמאַן (וואָס איז תמיד געווען אַ לינקער פּועלי ציון און לינק אין זיינע אָנשויוּנגען) און ש. זאַראַמב, דעם קיבוצניק, אַוועקגעלאָזט זיך אין אַ פּיצל שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד. דאָרטן האָבן זיי ביז היטלערס קומען, געפירט אַ געמאַטערט לעבן, ביז היטלער האָט זיי אומגעבראַכט.

אין 1934 קומט צוריק קיין לאָדזש דער פּאָעט באָריס וויסמאַן, וואָס האָט געדרוקט אונטער ז. באַגיש. ב. וויסמאַן איז געבוירן אין לאָדזש אין 1900 און ביז 1921 האָט ער געלעבט פון זיין אַרבעט ווי אַ טעקסטיל־אַרבעטער. ווען ער האָט אויסגעוואַנדערט אין שטעטל באַהוש אין רומעניע, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער, שפּעטער האָט ער געלעבט אין בוקאַרעשט און דאָרט אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „אינזל״ אין וועלכן עס האָבן זיך געדרוקט די יונגע דיכטער נישט בלויז פון רומעניע, נאָר אויך פון פּוילן. זייענדיק געשטימט לינק איז ער טעטיק אין זייערע אָרגאַניזאַציעס. ער ווערט פאַרפאָלגט פון דער סיגוראַנציע און אַנטלויפט קיין בעלגיען. דאָרט באַנייט ער דעם „אינזל״. ער דרוקט אויך אין די „בעלגישע בלעטער״ און גיט דאָרט אַרויס די לידער־ביכער „אין שטויביקן וואַלד״ אַנטוועריפּן 1931, „לערנט ליב צו האָבן דאָס לעבן״, „פלאַקאַטן״, „דאָס געזאַנג פון נעגער־פאָלק״, „כינעזיש״. ער איז תמיד פאַרנומען מיט איבערזעצן לידער פון די אונטערדריקטע פעלקער און איז געווען פון די ערשטע אַרויסצוגעבן אין בוכפאָרם די לידער פון די נעגערס און כינעזער, וואָס ער האָט איבער־געזעצט מיט האַרץ און נשמה. אָבער אויך אין בעלגיען געפינט ער נישט קיין רו און קומט צוריק קיין לאָדזש און באַנייט די דריטע אויפלאַגע פון

„אינזל" און גרופּירט אַרום זיך די יונגע שרייבערס: משה וואַלדמאַן, ש. מאַראַוויטש, פישל פלאַקסער, וואָלף הערש איוואַן, ש. ב. גליקסמאַן, לייבל קופּערשמידט, אַלטער געלב, משה וואַלמאַן, ש. יאַנאָווסקי א"אַ. ער ציט אויך צו צום זשורנאַל דעם פּובליציסט אַרטור גאַביד (וועגן זיי וועל איך דערציילן שפּעטער).

באַגיש איז אין לאָדזש שוין אין גאַנצן אַן אַנדערער, אַנטוישט אין די סאָוויעטישע קאָמוניסטישע מעטאָדן, ווערט ער נאָענט צו דער אָפּאָזיציע און ער דרוקט אין ערשטן באַנייטן „אינזל" אין לאָדזש, אַ פּאָליטיש אַרטיקל פון גאבידן און דערפאַר באַצאָלט ער בעת זיין ביאַליסטאָקער פּעריאָד. מען האָט אים אַראָפּגענומען פון זיין פּאָסטן, וואָס ער האָט פאַרנומען בעת די קאָמוניסטן האָבן געשאַפן דעם „ליטעראַטן־פאַראיין" און באַגיש איז געווען דער סעקרעטאַר. אין די ערשטע טעג פון דער סאָוויעטישער מאַכט אין ביאַליסטאָק, האָט באגיש תמיד אַרויסגעוויזן הילף צו זיינע חברים, געקומענע פון יענער זייט פּוילן. ער איז בכלל געווען אַן אייגנאַרטיקער מענטש און חבר. אַ מזג טוב. ער האָט זיינע לידער געשריבן מיט גרויס מיטגעפיל צו אַלע געיאָגטע און געפּלאָגטע. זיינע איבערזעצונגען פון דער נעגער־דיכטונג זענען אַ וויכטיקער צושטייער צו דער יידישער איבער־דיכטונג פון נעגער־פּאָעזיע בכלל. זיינע „כינעזישע לידער" זענען אינ־טערעסאַנט מיט זייער אָטעם. ער האָט אין זיי אַריינגעלייגט זיין גאַנצע נשמה. בכלל איז באגיש געווען אַ זייער ערלעכער מענטש און דיכטער. ער האָט זיין גאַנץ לעבן געלעבט אין נויט, אַזוי אין דער פרעמד און אַזוי אויך אין לאָדזש און ווען נישט זיין פרוי, די איידעלע און צאַרטע סימע, וואָס האָט אויך געהאָט אַ פּאָעטישע נשמה און געשריבן און זייער שיין געזונגען יידישע פאָלקס־ און חסידישע לידער, וואָלט באַגיש נישט אויס־געהאַלטן פון זיין לונגען־פיבער, וואָס האָט אים תמיד געמאַטערט. סימע באגיש האָט געזאָרגט פאַר פּרנסה און איז אַרומגעפאָרן, פאַרקויפט באגישעס ביכער און געזאַמלט אַבאָנענטן פאַרן „אינזל", געשלעפּט זיך פון איין שטאָט צו דער צווייטער אָבער קיין מאָל זיך נישט באַקלאָגט אויפן גורל. זייער שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. פון 1937 האָט ער געוווינט אין ביאַליסטאָק און חוץ פון „אינזל" אויך

פאַרדינט פון דרוקן אין פסח קאַפּלאַנס „דאָס נייע לעבן". אין 1939 האָט ער אין „מאָמענט" אָנגעהויבן דרוקן זיין ראָמאַן „לענין", וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן באַלד אין ערשטן טאָג מלחמה. ער איז אונטערן איינדרוק פון די יידישע רדיפות, געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער ייד און געשריבן נאַציאָנאַלע און אפילו רעליגיעזע לידער, וואָס אייניקע זענען דורך זיין חבר יצחק בערלינער אין די חורבן־יאָרן אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „דער וועג" אין מעקסיקע. בעת עס זענען אָנגעקומען די ערשטע שרייבער־פּליטים קיין ביאַליסטאָק, איז באַגישעס זייער אָרעמע דירה געוואָרן די היים פאַר אַ גרויסע צאָל חברים. וועגן באַגישן אין זיינע ביאַליסטאָקער טעג ביי די באָלשעוויקעס און שפּעטער ביי די דייטשן, גייען אַרום פאַר־שידענע לעגענדעס (למשל, אַז אין אוישוויץ האָט ער אויסגעטוישט זיין אָרט וואָס האָט אים געלאָזט דערוויַיל לעבן, מיט אַ יונגן בחור, אהרן סאָקאָלאָוויטש, וואָס לעבט היינט אין מעלבורן, אויסטראַליע, וואָס האָט געזאָלט פאַרגאַזט ווערן און איז געגאַנגען צום אומקום אויף יענעמס אָרט...), איינס קאָן איך עדות זאָגן: אין יענער צייט, ארום 1940—1941, איז ער געווען אין גאַנצן אַ פּרוש פון שרייבערישע קרייזן. ער האָט געאַרבעט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. שפּעטער האָבן די באָלשעוויקעס אים אויך פון דער דאָזיקער אַרבעט (אין חשד, אַז ער האָט נישט אָפּגעהאַלטן פון באַגיין זעלבסטמאָרד דעם וואַרשעווער קאָמוניסטישן טוער אברהם ראָזענפעלד — אברהם פויער) באַזייטיקט און ער האָט פּשוט געהונגערט. ער איז אומגעקומען על קידוש השם אין אוישוויץ, 1944.

און יעצט וועגן די מיטאַרבעטערס פון „אינזל".

אַרטור גאָביד (1902—1942), איז אַ פּסעוודאָנים פון אהרן איטקין. ער איז געווען דער זון פון אַלטן העברעישן לערער און שרייבער אברהם לייב איטקין (1870—1936), וואָס האָט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" און „נייער פאָלקסבלאַט" געדרוקט לייכטע הומאָרעסקעס, מעשיות און אויסטייטשונגען פון מדרש און תלמוד. אין 1927 האָט ער זיי אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם א. נ. „פּערל פון ים התלמוד". זיין זון אַרטור האָט געענדיקט דעם וואַר־

שעווער אוניווערסיטעט און אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָל אין דער קאָמוניס־טישער באַוועגונג אין פּוילן, פאַרפאָלגט געוואָרן, אַוועק קיין פּאַריז. געאַרבעט דאָרט ווי אַן אינזשינער אין אַן עלעקטרישער פאַבריק. גלייכ־צייטיק איז גאביד־איטקין געווען אַן אַקטיווער טוער און אַ מיטגליד אין די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער פּאַרטיי און געדרוקט זיך אין דער פראַנצויזישער פּאַרטיי־פּרעסע. אונטערן איינפלוס פון אַרויסטריט נאָכן באַזוך פון אַנדרעי זשיד און זיינע באַריכטן פון רוסלאַנד, איז ביי אים פּאַרגעקומען אַן איבערברוך און ער איז אַוועק צו אַן אָפּגעשפּאָלטענער גרופּע א. ג. מעמאַריאַליסטן, שפּעטער אויך פון זיי אַוועק. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע „פּאָרטרעטן פון די קאָמוניסטישע גדולים" אין „פאָלקסצייטונג" און געוואָרן אַ מיטגליד אין „בונד". אין נאָוועמבער 1939 איז ער געווען אין ביאַליסטאָק, אָבער נאָכן אַרעסט (דורך אַ יונגער יידישער לאָדזשער קאָמוניסטקע) פון לאָדזשער בונדיסטישן טוער און לערער, זעלוויאַנסקי, האָט גאָביד נישט געוואָלט מער פאַרבלייבן אין ביאַליסטאָק. חברים האָבן אים געהאָלפן און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין גאַליציע, דערנאָך געווען, לויטן עדות זאָגן פון בערנאַרד גאָלדשטיין, אין וואַרשעווער געטאָ פון וואַנען אין זומער 1942 אַרויסגעפירט קיין טרעמבּ־לינקי און אומגעבראַכט. אַרטור גאָבידס אַרטיקלען וועגן רוסלאַנד און זיינע פּאָרטרעטן פון די קאָמוניסטישע גדולים, האָבן געהאָלפן אויפ־צוקלערן פאַר די יידישע מאַסן, וואָס דער „סטאַליניסטישער" קאָמוניזם איז אין אמתן. ער האָט נאָך דעמאָלט פאַרגעזען אַ פּאַקט צווישןביידע דיקטאַטאָרן, וואָס איז מקוים געוואָרן און דערפירט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און יידישן חורבן.

אין „אינזל" האָט אָנגעהויבן דרוקן לידער וואָלף הערש איוואַן (געב. 1913), וואָס איז קיין לאָדזש געקומען פון שטעטל קזשעפּיץ. אַלע יאָרן האָט ער געאַרבעט און געשריבן אין דער לאָדזשער פּרעסע און זשורנאַלן. זיין ביכל לידער „אין לויף פון די טעג" זענען נאָך אונטערן איינדרוק פון דער לינקער אָריענטאַציע, ער האָט זיך אָבער ביסלעכווייז באַפרייט פון דער רעטאָריק. אין די יאָרן פון חורבן געווען אין רוסלאַנד, דערנאָך געלעבט ביז צו זיין עליה קיין ישראל, אין וואַרשע, ווו געווען אַ מיטאַרבעטער

פון „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט", ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט די אָפּגעפונענע ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין געטאָ און לאַגערן. אין 1950 איז אַרויס זיין בוך „אויף היימישער ערד", וואָס גיבן איבער איוואַנס אַלגעמיינע מאָטיוון און נישט זיינע נאַציאָנאַלע. ער האָט אַ גרויסן חלק אין צוריקברענגען צום לעבן פיל ווערק פון לאָדזשער שרייבערס, וואָס זענען געווען באַגראָבן אין לאָדזשער געטאָ. דורך זיין מי, האָט ער זיי אַנטדעקט אויפסניי. ער לעבט אין חולון, ישראל, און דרוקט אין „לעצטע נייעס", „לעבנספראַגן" א"אַ, איז זיך מפרנס פון זיין אַרבעט אויף דער פּאָסט אין תל אביב.

אין „אינזל" האָט אויך דעביוטירט ירחמיאל בריקס (געב. 1918), וואָס האָט געלעבט אין לאָדזש פון אַרבעט און פון זיינע דעקלאַמאַציעס אין די קולטור־אינסטיטוציעס. בריקס, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון מרים אולינאָווערס שרייבער־קרייז אין לאָדזשער געטאָ, האָט אין די געטאָ־יאָרן פאַרברייטערט זיין טאַלאַנט און איז אַריבערגעגאַנגען פון ליד צו פּראָזע. אין זיין ערשט ביכל „יונג, מאַי, גרין" לאָדזש, 1939, איז ער נאָך גאַנץ רוי און ער דאָמינירט דורך וואָרטשפּיל און פרייען פערז, וואָס איז אָבער אַ באַגרעניצטער. ערשט אין לאָדזשער געטאָ, ווי עס באַווייזן זיינע לעצטע שריפטן, האָט ער חוץ אין דער דיכטונג, אויך אין פּראָזע געפונען זיין דרך. מיר זעען עס אין זיינע ביכער „אַ קאַץ אין געטאָ" אין וועלכן מיר לעבן איבער דעם גאַלגן־הומאָר פון מחבר אויפן פאָן פון דער טרויעריקער לאָדזשער געטאָ־ווירקלעכקייט. אַזוי אויך אין „אויף קידוש השם" פון וועלכן ס'גייט אויף דאָס ליכט פון לאָדזשער יידן אין זייערע לעצטע טעג. שוואַכער, ווייל מיט טענדענץ, זענען די ביכער „דער קייסער אין געטאָ" און איבערהויפּט זיין צווייטער טייל, אין וועלכן ער גיט מער די שלעכטע זייטן פון די מושלים אין געטאָ. אין די ביכער „די פּאַפּירענע בריק" און „אַנטלויפערס" ברענגט ער אַרויס, ווי אין אַ מעשה־כראָניק דאָס אַלץ, וואָס ער און טויזנטער לאָדזשער יידן האָבן איבערגעלעבט. זיין טעמאַטיק איז טייל מאָל מיט מער מידת הדין ווי מידת הרחמים, וואָס מיר האַלטן, אַז די צייט איז נאָך צו נאָענט צו משפּטן און עס דאַרף גענומען ווערן אין אַספּעקט פון דער גאַנצער נאַצי־מאַשינעריע...

אַ וויכטיקן ביישטייער צו דער לאַגע פון די לאָדזשער יידישע שרייבער אין געטאָ, זענען זיינע אַרטיקלען און זכרונות וואָס ער האָט געדרוקט אין דער יידישער וועלט־פּרעסע, וואָס אין זיי האָט ער לדורות געגעבן דעם גרויל פון לאָדזשער געטאָ און דעם גייסטיקן ווידערשטאַנד פון אירע שרייבערס. און כאָטש זיינע ביכער זענען איבערזעצט אין ענגליש און עס איז פון זיין „קאַץ אין געטאָ" געוואָרן אַ דראַמע און געשפּילט געוואָרן אויף אייראָפּעישע בינעס קאָן ער נישט פון זיינע ביכער זיך מפרנס זיין, נאָר פון טאָן פיזישע אַרבעטביים באַנד־קאַמפּיין.

אברהם יאַכימאָוויטש (געב. 1908), האָט אויך ווי בריקס אַדורכגעמאַכט דאָס לאָדזשער געטאָ און די אוישוויצער טויטן־לאַגערן און הגם ער איז צוריקגעקומען איינער אַליין פון זיין משפחה, דערשלאָגן צוליבן טויט פון זיין באַגאַבטן זון הערשעלע, וואָס איז געווען אַ צאַרטער דיכטער, האָט ער אין ליד געפונען די טרייסט. יאַכימאָוויטש האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן אין „אינזל" מיט לידער וועגן דער לאָדזשער אָרעמקייט, דערנאָך אויך אין „נייער פאָלקסבלאַט" און אין לעצטן דיכטער־זשורנאַל „קוואַלן", רעדאַקטירט פון מיטאַרבעטער פון דער גראָסער־ביבליאָטעק און קריטיקער אַ. געלב, וואָס איז אומגעקומען אין די סאָוויעטישע לאַגערן. אין לאָדזשער געטאָ האָט יאַכימאָוויטש פיל געשאַפן, דערהויפּט לידער, וואָס זענען געזונגען און געשפּילט געוואָרן אין געטאָ־טעאַטער. ער האָט אין 1938 אַרויסגעגעבן דאָס בוך „שטאָט אין רויך", וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם געמיט. נאָכן אַדורכלעבן דאָס אוישוויצער גיהנום, איז ער נישט צוריקגעקומען קיין לאָדזש, נאָר עמיגרירט קיין אַמעריקע. אַ צייט האָט ער געאַרבעט ביי פיזישער אַרבעט און אין דער פרייער צייט געשריבן לידער אין וועלכע ער קומט צוריק צו זיין פאָלקסטימלעכן שורש, די לידער זענען אַ ווערט־פולער ביישטייער צו די מאָטיוון פון פאַרגאַנגענעם עבר. צו פיל פון זיי האָבן געשריבן מוזיק סיי שלום סעקונדע און סיי אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן און זיי ווערן געזונגען אויף אונטערנעמונגען און אין די געציילטע קליינקונסט־טעאַטערן אין אַמעריקע. יאַכימאָוויטש געהערט צו די, וואָס גלייבן באמונה אין זייער ליד, ווי אין יידישן פאָלק. ער דרוקט זיך כמעט אין אַלע יידישע צייטונגען און צייטשריפטן אין אַמעריקע און אין דער וועלט.

פון אַ גאַנץ אַנדערן שניט איז געווען דער דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער משה וואַלמאַן (1904—1944), וואָס איז געווען אַ מיטגליד אין „בונד" און האָט חוץ מיט ליטעראַטור, אויך זיך פאַרנומען מיט סאָציאַ־ליסטישער טעטיקייט. ער איז געווען פון די מיטגרינדער פון דעם דראַ־מאַטישן קרייז „באַגינען" און אַ צייט זיין רעזשיסער. דרוקן האָט מ. וו. אָנגעהויבן אין „פאַרויס", וואַרשע, דערנאָך זיך באַטייליקט אין „לאָדזשער וועקער", „אינזעל", „צווייגן" און „קוואַלן". אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען פון די מיטגרינדער פון מרים אולינאָווערס שרייבער־קרייז. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אָוועקגעפירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

צום זעלבן מ. אולינאָווער־קרייז האָט אויך געהערט די באַקאַנטע בונדישע טוערין רחל וואָלינסקי (1894—1944). אַ רעדנערין און טוערין אין אַמאָליקן טעקסטיל־פאַראיין האָט זי אין געטאָ אָנגעהויבן צו שרייבן לידער און דוקא אויף נאַציאָנאַלע טעמעס, וואָס האָבן אַרויסגערופן באַוווּנדער מיט זייער רעליגיעזיטעט. ליידער איז פון די אַלע לידער נישט געבליבן קיין אָנדענק. זיי זענען צוזאַמען מיט איר אומגעקומען אין אוישוויצער טויטן־לאַגער.

ביי מרים אולינאָווערן אין קרייז האָט אויך אָנגעהויבן דיכטן דער זייער יונגער און פרומער אברהם פנחס ציקערט (געב. 1926), וואָס איז צו 14 יאָר, גלייך פון דער ישיבה, אַריינגענומען געוואָרן צוליב זיינע לידער אין שרייבער־קרייז. ער האָט אין אומלעגאַלן געטאָ־זשורנאַל „ממעקים" און אויך אין אַלטער שנורס „מן המיצר" אָפּגעדרוקט אונטערן נאָמען נח טשאַכנאָווסקי סיי „דאָס ליד פון געטאָ" און סיי פון זיינע דערציילונגען, וואָס אַ טייל זענען אָפּגעפונען געוואָרן אין געטאָ־אַרכיוו. נאָכן אַדורכמאַכן דאָס געטאָ און אוישוויצער טויטן לאַגער, איז ער נישט מער צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש, נאָר עמיגרירט קיין אויסטראַליע און איז פון די געציילטע דיכטער וואָס ברענגען תמיד אין זייער ליד אַ נייעם אימאַזש. ער דרוקט אין אַלע דאָרטיקע צייטשריפטן.

דאָס מזל איבערצולעבן אוישוויץ האָט אָבער נישט געהאַט זיין ישיבה־חבר אברהם מייזעלס (1919—1944), וואָס האָט אויך אין לאָדזשער געטאָ אָנגעהויבן שרייבן לידער. ער האָט אין לאָדזשער געטאָ אָנגעשריבן די

לידער „דין תורה", „בעקערלעך" און דאָס „ליד פון די נײַנער מאַרקן", וואָס זענען געזונגען געוואָרן סײַ אין לאָדזשער געטאָ און סײַ אין לאַגערן. אַ טייל פון מ״ס אַנדערע לידער געפינען מיר אין די אומלעגאַלע „ממעמקים" און „מן המיצר". אין געטאָ האָט ער געטאָן פאַרשידענע אַרבעטן אָבער כסדר געקרענקט און נאָר אַ דאַנק די איינפלוסן פון מרים אולינאָווער האָט מען אים נישט פריער אַרויסגעשיקט צום אומקום, וואָס ער האָט נישט אויסגעמיטן בעת דער ליקווידאַציע אין אויגוסט 1944. אומגעקומען אין אוישוויץ.

אין „אינזל" האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן משה סאָנעק (1908—1970). ער האָט אויך געדרוקט אין „גרינע בלעטער", „קוואַלן". אין לאָדזשער געטאָ איז ער געווען אין מרים אולינאָווערס שרײַבער־קרײַז און געשריבן לידער און הומאָרעסקעס פאַרן „געטאָ־טעאַטער". איבערגעלעבט די געטאָ און אוישוויצער לאַגער. נאָך דער מלחמה געדרוקט אין צײַטשריפטן אין די דײַטשע פּליטים־לאַגערן: „דער מאָרגן", „צויטן" א״אַ. געשטאָרבן אײַנזאַם אין בני ברק. זאָל האָבן איבערגעלאָזט אַ פּאַנד פון יידישע שרײַבערס פון לאָדזש.

דאָס לאָדזשער געטאָ און אוישוויצער טויטן־לאַגער האָט אויך איבערגעלעבט מאיר בער גוטמאַן (געב. 1897), וואָס איז געווען טעטיק אין לאָדזשער פּועלי ציון און אין זײַנע דראַמקרײַזן. ער האָט אין געטאָ אָנגעשריבן אייניקע לידער, וואָס געדרוקט האָט ער זיי ערשט אין די אויסגאַבעס פון דער פ״צ „דער מאָרגן", „באַפרייאונג" און אין די ליטעראַרישע זאַמלהעפטן אין די פּליטים־לאַגערן. אין 1951 איז ער געקומען קיין אַמעריקע און עד היום איז ער אַ לערער אין די יידישע שולן אין שיקאַגע. ער דרוקט ווייניק, אָבער פון זײַנע לידער וויטיקט נאָך אַלץ אַרויס דער חורבן. מיר געפינען אים זייער שטאַרק אין זײַן איינציק בוך „פאַרוואָלקנטע טעג", בערגען בעלזען, 1949, וואָס אין זײַן פאָלקסטימלעכער שפּראַך און בילד קומען צום אויסדרוק סײַ זײַנע און סײַ די איבערלעבענישן פון לאָדזשער יידן אין די יאָרן פון חורבן און אומקום.

אויך דער באַרימטער אַרטיסט פון „אררט"־טעאַטער אין לאָדזש, משה פּולאָווער (געב. 1902), האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ און אוישוויצער

לאַגער. מ. פּ. האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער קליינקונסט־בינע און חוץ פון „אררט", איז ער אויך געווען דער אָנפירער פון טעאַטערל „גרינע קאַטשקע" פאַר וועלכן ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ צאָל געלונגענע נומערן. ביז צו היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן איז ער געווען אַ מיטגליד פון משה בראָדערזאָנס טעאַטערן. בעת די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז ער געבליבן אין שטאָט און שפּעטער געווען פון די אָנפירער סיי פון „געטאָ־טעאַטער" און סיי פון אים געגרינדעטן „קינדער־טעאַטער". ער האָט כמעט אַליין געשריבן אַלע פּראָגראַמען. נאָך דער באַפרייאונג איז ער אַ צייט געווען פון די אַקטיווסטע טעאַטער־טוערס און רעזשיסירט אין די טעאַטערן פון דער שארית הפליטה. זיין בוך „געווען אַ געטאָ" ת.א., 1964, דערציילט סיי וועגן לאָדזש און סיי וועגן יידישע קינסטלער אין אוישוויץ. געלעבט פון פיזישער אַרבעט אין ניו־יאָרק און געדרוקט פון צייט צו צייט אַרטיקלען און זכרונות וועגן לאָדזשער יידישע אַקטיאָרן אין „טאָג מאָרגן־זשורנאַל". ער איז אויך דער מחבר פון 8 קורצע איינאַקטערס, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן דורך דראַמקרייזן אין אַמעריקע. היינט אין תל־אביב.

אין 1934 באַווייזט זיך ווידער אַ נייער זשורנאַל „אויפן שטיינערנעם ברוק", וואָס ווערט רעדאַקטירט פון יצחק יאַנאַסאָוויטש. אין זשורנאַל דרוקט צום ערשטן מאָל זיינע לידער דער צאַרטער ליריקער מאָטל קאַזלאָווסקי (1911—1944), ער האָט אויך דערנאָך געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט", „אינזל", „צווייגן", „קוואַלן", „גרינע בלעטער". אַן איינדרוק האָבן זיינע לידער געמאַכט צוליב זייער איבערגעבן די עלנטקייט און אויסזיכטלאָזיקייט פון דער יידישער יוגנט. זיין בוך לידער „אויף היימישע שליאַכן", 1938, באַווייזט באַגאַבונג. ליידער איז די באַגאַבונג ברוטאַל פאַרניכטעט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, ווו ער האָט געמוזט כסדר הונגערן און אַרבעטן ביי שווערע אַרבעטן. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1944 אין אוישוויצער טויטן־לאַגער.

אין 1935 דערשיינט אַן אויסגאַבע פון דער פּראָגרעסיווער ריכטונג, „לאָדזשער נאַטיצן", וואָס ווערט רעדאַקטירט פון יצחק יאַנאַסאָוויטש,

משה בערשלינג און יצחק גוטערמאַן. אָבער צוליב פּאָליצייאישע רדיפות, איז מער ווי איין נומער נישט דערשינען.

דעם זעלבן מזל האָט געהאַט אַ צווייטע אויסגאַבע פון דער לינקער ריכטונג „אויף נייע וועגן". עס דרוקן דאָרט אַרטיקלען ח. וויינבערג (1894—1944), וואָס איז ביז 1920 געווען אַ טוער אין טעקסטיל־פאַראיין און אין „בונד" דערנאָך אין „קאָמבונד". ער איז געווען פון דער גרופּע, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם „לאָדזשער וועקער" און אַרויסגעגעבן איין נומער, ווי דער אָרגאַן פון „לינקן בונד". ער איז געווען פון די טוערס אין די האַלב־לעגאַלע פּראָפ. פאַראיינען אין קולטור־אינסטיטוציעס. אומגעקומען בעתן חורבן פון לאָדזשער יידן; רעדאַקטאָר איז געווען גרשון האַלפּערן (1897—1944), וואָס איז שפּעטער געווען פאַרשיקט אין לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

אויך די לאָדזשער פּראָפ. פאַריינען גיבן אַרויס זייערע אויסגאַבעס. עס דערשיינט „דער טעקסטיל־אַרבעטער" און „דער שערער־אַרבעטער", רעדאַקטירט פון יוסף מאָרגענטאַלער און „דער האַלץ־אַרבעטער" רעדאַק־טירט דורך אַ קאָלעגיע לינקע טוערס. אין „ה. א." האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן דרוקן גרשון פּאָגעל (געב. 1915), ער האָט אַדורכגעמאַכט אַ זייער אינטערעסאַנטן וועג. אַ געבוירענער אין קרושניעוויץ, איז ער נאָכן לערנען אין אַ ישיבה געוואָרן אַן אַרבעטער און אַן אַקטיווער טוער אין דער לינקער באַוועגונג. אַרעסטירט געוואָרן, באַפרייט, און געקומען קיין לאָדזש, ווו אַריינגעטרעטן אין „בונד". אין „האַלץ אַרבעטער" נאָך געשריבן אין לינקן גייסט, אָבער דערנאָך, אין זיינע אַרטיקלען אין „פאָלקסצייטונג", אין גאַנצן אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. אין לאָדזשער געטאָ האָט ער געאַרבעט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער אין האָלץ־רעסאָרט, גלייכצייטיק געווען פון די אָנפירערס אין אומלעגאַלן „בונד" און אייניקער מאָל געוואָרן אַרעסטירט דורך רומקאָווסקיס פּאָליציי פאַר אַרויסרופן שטרייקן. איבער־געלעבט אוישוויצער לאַגערן און פון 1945 ביז צו דער ליקווידאַציע געווען פאַרזיצער פון „בונד" אין לאָדזש און מיטגליד פון צ. ק. פון פּוילישע יידן. ער האָט אין דער באַנייטער בונדישער פּרעסע אין פּוילן „פאָלקס־צייטונג", „נאַש גלאָס" געדרוקט אַרטיקלען מיט אַ זייער נאַציאָנאַלן טאָן. בעת דער ליקווידאַציע פון די פּאַרטייען אומלעגאַל אַוועק פון פּוילן און אַ

צייט געלעבט אין דייטשלאַנד פון וואַנען געקומען קיין אַמעריקע. דאָ געוואָרן פרום און איבערגעריסן מיט אַלע וועלטלעכע אינסטיטוציעס. דרוקט פון צייט צו צייט, מיינסטנטס אויף טעמעס פון אומקום און חורבן־לאָדזש אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״. מפרנס איז ער זיך פון זיין אַ טאַפּע־צירער.

עס איז אויך דערשינען אַן איינמאַליקע אויסגאַבע פון דער לאָדזשער „צוקונפט״. „לאָדזשער סאָציאַליסטישע יוגנט שטימע״, רעדאַקטאָר איז געווען סערגיי נוטקעוויטש.

אין די יאָרן פון 1932—1937, דערשיינען אַ גאַנצע ריי ביכער פון לאָדזשער שרייבערס. משה בראָדערזאָן גיט אַרויס זיינע „דראַמאַלעטן״ — צען איינאַקטערס אויף נאַציאָנאַלער טעמאַטיק (פריער געדרוקט אין די פרייטיק־נומערן פון „נייער פאָלקסבלאַט״).

ישראל ראבאן גיט אַרויס „לידער״ און „באַלוט״; יוסף אָקרוטני „אַ הויז אויף אַלטשטאָט״; יצחק יאַנאַסאָוויטש, „לידער״ און „שטילקייטן״; חיים לייב פוקס „זינגט מיר די וועלט״, ווו ער דרוקט צום ערשטן מאָל לידער אויף ארץ־ישראל־טעמאַטיק. ער דרוקט אויך סיי אין „נייער פאָלקסבלאַט״ סיי אין „אונזער עקספּרעס״ און „דאָס וואָרט״ די רעפּאָרטאַזשן „פון דן ביז באר שבע״ וועגן זיינע איבערלעבענישן אין דער „הגנה״ און פון לעבן אין די קיבוצים. ער דרוקט אויך אַרטיקלען, וואָס באַשרייבן די שאַפונגען פון די ערשטע יידישע גרופּע שרייבערס אין ארץ ישראל. ער דרוקט אויך סיי אין לאָדזשער צייטונגען, און סיי אין „דאָס וואָרט״. „אונזער עקספּרעס״ און אין דער יידישער וועלט פּרעסע די קאַפּיטלעך פון זיין היסטאָרישן ראָמאַן „בר גיוראס לעצטער וועג״ (דערשינען 1939 סוף אויגוסט), וואָס אין אים ברענגט ער אַרויס, אויפן פאָן פון די אַמאָליקע יידישע קאַמפן בעתן בית שני, די אָנונג פון דעם זיך דערנענטערדיקן יידישן חורבן אין פוילן. (אגב האָבן דאָס געפיל פון נאָענטער סכנה אויך אַריינגעברענגט אין זייערע ווערק לאָדזשער שרייבערס אין אַלע יידישע תפוצות).

אויך הערשעלע, וואָס איז חצי לאָדזשער חצי וואַרשעווער, גיט אין יענע יאָרן אַרויס זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „שבת אויפן טראַקט״. ער איז

אין דער שאַפונג צוריקגעקומען צו די מאָטיוון וואָס מיט זיי האָט ער אָנגעהויבן זיין דיכטערישן וועג אין לאָדזש. ער האָט זיך שוין מיט זיי מער נישט געשיידט אין זיינע לעצטע טעג אין וואַרשעווער געטאָ, ווי מיר האָבן זיי געלעזן אין דעם עזבון זיינעם, וואָס איז געפונען געוואָרן אין „רינגעלבלום־אַרכיוו".

יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין יענע יאָרן געדרוקט זיינע בילדער פון זיין ארץ־ישראל־רייזע און זיינע מאָלערישע אימפּרעסיעס פון זיין געבוירן־שטעטל וואָס האָט אים צוריקגעפירט צו די שיינקייט פון זיין „בגבולות ליטא", אָ צאַרטקייט פון אַ שיינקייט פון דער קינדהייט, וואָס קערט זיך צוריק צו אים אין ליד און פּראָזע, כדי ער זאָל זיך מיט איר געזעגענען אויף אייביק. צום גרויסן באַדויערן האָט יצחק אין די יאָרן פאַרן חורבן נישט געהאַט דאָס געמיט (געהאַט צרות מיט זיין גימנאַזיע, וואָס די פּוילישע מאַכט האָט כסדר געוואָלט צומאַכן), צו זאַמלען אין אַ בוכפאָרם זיינע שאַפונגען, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין דער לאָדזשער פּרעסע. יצחק קאַצענעלסאָן איז תמיד געווען פאַרנומען מיטן דערציען די תינוקות של בית רבן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז ער איז געווען איינער פון די שטיצערס און פאַרהערלעכער פון דער בונדישער „מעדעם־שול" אין לאָדזש. ער איז דאָרט געקומען ווי אַן אייגענער צו יעדער שמחה. די ליבע צו יידיש האָט ער אַריינגעזאַפּט אין זיין בלוט און אַרויסגעגעבן אין זיין גרעסטער שאַפונג, וואָס ער האָט דוקא געשריבן אין יידיש — דאָס „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק". יצחקס לעבן און שאַפן האָט פאַראייביקט זיין שוועסטער צפורה נאַכומאָוו־קאַצענעלסאָן, (געב. 1901), אין איר בוך „יצחק קאַצענעלסאָן, זיין לעבן און שאַפן" בוענאָס איירעס 1948, וואָס זי האָט פריער געדרוקט אין אַרגענטינער און אורוגווייער יידישער פּרעסע.

אין 1937 הויבט אָן צו דערשיינען אַ נייער ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל „אות" לאָדזש־וואַרשע, רעדאַקטירט פון ישראל ראבאָן. אַ צייטשריפט מיט זייער אַן ערנסטן כאַראַקטער זי ציט צו די בעסטע ליטע־ראַרישע כוחות פון דער יידישער ליטעראַרישער וועלט. אין „אות" באַטיי־ליקן זיך אויך גאַנצע נייע שרייבערס, ווי דער יונגער, צוזאַגנדיקער פּראָ־

זאַיקער אַלטער האָפּמאַן (1909—1944), וואָס האָט מיט זיין ערשטער נאָוועלע אַרויסגערופן לויב פאַר זיין געצוימטן און קלאָרן סטיל און פאַר זיין שפּראַך־רייכקייט און שילדערונגס־קראַפט. ער האָט דערנאָך זיך אויך געדרוקט אין „ליטעראַרישע בלעטער", „פאָלקסצייטונג" א"אַ צייטשריפטן. זיין בוך „געפורעמטע כוחות" 1938 האָט פאַר אים אויפגעעפנט די טויערן פון דער ייִנגסטער ליטעראַרישער סביבה אין פּוילן. ביז היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן האָט ער געלעבט אין לאָדזש און זיך מפרנס געווען פון שניידעריי. אין לאָדזשער געטאָ איז ער צוגעשטאַנען צו דער לינקער שרייבער־גרופּע און צוזאַמען מיט פּ. גאַרפינקעל און ד. ראָזענזאַפט אַרויסגעגעבן אַ געהיימען העקטאָגראַפירטן זשורנאַל. ער האָט געליטן הונגער און נישט געוואָלט געניסן פון די „צולאַג־טאַלאָנען". געשטאָרבן פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ, געציילטע וואָכן פאַר דער ליקווידאַציע.

אין „אות" איז אויך געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער ישראל טראַנק, דער מחבר פון ערשטן בוך אין ייִדיש איבער די אַרבעטן פון אַדלער .ער האָט אויך דער ערשטער אַנאַליזירט די חלוקי דעות צווישן פרויד, אַדלער און יונג אין ייִדיש. אויך זיין ברודער ישעיה טרונק, (געב. 1905), וואָס האָט געענדיקט די העברעישע גימנאַזיע אין לאָדזש, האָט אָנגעהויבן דרוקן אין „בלעטער פאַר געשיכטע" און געהערט צום קרייז פון וואַרשעווער יונגע היסטאָריקערס ביים „ייוואָ", שפּעטער האָט ער פאַרבונדן זיין לעבן און פאַרשן מיטן חורבן־לאָדזש. ער איז דער מחבר פון אַ צאָל וויכטיקע ווערק וועגן דער חורבן־תקופה ווי: „ייִדישע אַרבעטס־לאַגערן אין וואַרטעלאַנד", „פּראָבלעמען פון אינעווייניקסטן געטאָ־לעבן" א"אַ. גאַנץ באַזונדער דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן זיין גרויס ווערק „לאָדזשער געטאָ", וואָס גיט דאָס אינערלעכע בילד פון לאָדזשער ייִדן און זייערע פּיינען אונטער די נאַציס. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען איז ער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, ער איז אַ מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער סעקציע ביים „ייוואָ".

ראָבאָן האָט אין „אות" געדרוקט איבער אַקטועלע פּראָגעס און אויך ביטער צעגלידערט דעם נייעם סאָוויעטישן „סאָצרעאַליזם" און אים ריכטיק אַנאַליזירט ווי אַ געפאַר פאַר דער ליטעראַטור. דאָס האָט אים שיער

געקאָסט דאָס לעבן אין זיין ווילנער פּעריאָד. ער האָט אויך געדרוקט זיינע לעצטע לידער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער סופלאָזן טרויער און האָבן זיך איבערגערופן מיט משה לייב האַלפּערנס לעצטע לידער.

אין „אות" האָט אויך אויסגעברייטערט זיין טאַלאַנט יצחק גאָלדקאָרן (געב. 1911), וואָס איז אין 1930 געקומען קיין לאָדזש. ער איז געווען נאָענט צו די יידישע אַנאַרכיסטישע קרייזן און כאָטש ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זעלבסטבילדונג, געלעבט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה פון זיין אַרבעט, ווי אַן עלעקטראָטעכניקער. אָנגעהויבן שרייבן לידער אין וויסענבערגס „אינזער האָפענינג" אין 1930. ער האָט זיך ביז צו זיין מיטאַרבעט אין „אות", ווו געדרוקט חוץ לידער אויך ליטעראַרישע קריטיק, געפונען אונטער וויסענבערגס השפעה; זיין בוך „נאַקטורן" ווייזט אים שוין אין אַן אַנדער געשטאַלט. מער געניגט צו מאָדערנע פאָרמען, ער האָט אויך געווירקט מיט דער אוממיטלבאַרער עקספּרעסיע, וואָס האָט אים שוין אין 1938 געוויזן דעם וועג צו דער מאָדערנער וועלט־דיכטונג. נאָכן אַדורכלעבן פאַרשידענע גיהנומס אין די מלחמה־יאָרן, האָט ער מיט באַנייטער ענערגיע זיך ווידער גענומען צו שרייבן. ער האָט אין די דייטשע פּליטים־לאַגערן אין גאַנצן זיך געווידמעט דער ליטעראַטור (הגם געאַרבעט אין צייטונגס־וועזן). חוץ מיט לידער און אַרטיקלען האָט ער באַזונדער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ליטעראַרישער קריטיק, וואָס ער האָט באַ־האַנדלט אין אַן אייראָפּעאישן פאַרנעם. ווי עס באַווייזט זיין בוך „ליטעראַ־רישע סילועטן", מינכען 1949. דאָרט האָט ער אויך אַרויסגעגעבן זיין בוך „לידער" 1950, וואָס איז אַן אָפּקלייב פון פאַרשידענע מאָטיוון. בעת דעם עקזאָדוס פון די פּליטים פון די לאַגערן אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע און אַ צייט געאַרבעט אין דער אָרטיקער יידישער פּרעסע, אָבער מער נאָך געאַרבעט איבער זיך. פאַרפולט זיין וויסן און שפּראַכן־קענטעניש און געשריבן אין אַ נייעם זשאַנער, וואָס דערפון איז אַ רעזולטאַט זיין בוך „עפּיגראַמאַטיש", 1954, אין וועלכן עס זעט זיך אויסער טאַלאַנט פון אַ באַאָבאַכטער, אויך דער וואָרט־שפּיל און דער געלונגענער קאַלאַמבור, צו וועלכע ער איז אַ ביסל פאַרשקלאַפט... אין מאָנטרעאָל האָט ער אויך

אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט „ווידערשטאַנד״, אַ צייטשריפט מיט אַן אייגן פּנים און מיט דרייסטע געדאַנקען וועגן דער יידישער ליטעראַטור און קולטור אין דער איצטיקער צייט. 12 נומ. (1957—1959), וואָס האָבן אַרויסגערופן אָפּקלאַנגען אין דער פּרעסע. אַ וויכטיקע אַרבעט (הגם נישט קיין פולע) איז זיין בוך „לאָדזשער פּאָרטרעטן״ 1963, וואָס האָט גוטע מאָלערישע פאַרבן פון לאָדזשער שרייבערס און מענטשן פון זיין קרייז, וואָס ער האָט פאַראייביקט לדורות. אָבער אַן אַ ברייטערער און פאַר־טיפטער אַנאַליז צו וואָס ער איז פּעאיק, ווי עס באַווייזן זיין גוטע און דורכגעטראַכטע אַרבעטן איבער דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס זענען אַריין אין זיין בוך „פון וועלט־קוואַל״ 1963 (קליינע עסייען וועגן גרויסע שרייבערס). לאָמיר האָפן אַז גאָלדקאָרן וועט נאָך צוריקקומען צו זיינע לאָדזשער טיפּן. ער קאָן זיי און ווייסט זייער דרך. אויך וואָלט ער געדאַרפט מער שרייבן וועגן די לאָדזשער יידישע אַנאַרכיסטן, וואָס זענען געווען מענטשן פון גרויסן אידעאַליזם, ווי עס זאָגן עדות די מענטשן וואָס האָבן מיט זיי געלעבט אין די פינצטערע לאָדזשער געטאָ־יאָרן און נישט אָנגע־ווירן דעם צלם אלוקים און זיך געטיילט מיט יעדן ביסן ברויט מיט זייערע הונגעריקע און קראַנקע חברים... יצחק גאָלדקאָרן איז, ווי יעדער דיכטער, אַן אומרואיקע, שעפערישע נאַטור און הגם ער האָלט אַן אַ שטענדיקן אַרבעטס־אָרט אין נ. י. „פאָרווערטס״ האָלט ער כסדר אין וואַנדערן. ער האָט באַזוכט אייניקע מאָל מדינת ישראל און די אייראָפּעאישע לענדער. אין „פאָרווערטס״ זינט 1957, דרוקט ער חוץ פּובליציסטישע אַרטיקלען אויך אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און ביכער און ליטעראַרישע פּראָבלעמען. אין 1971, איז דערשינען זיין בוך „זינגערס און זאָגערס״ — סטודיעס וועגן דער וועלט־ליטעראַטור, פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און פּאָלעמיק. ער לעבט אין ניו־יאָרק.

אין „אות״ האָט אויך אַנטוויקלט זיין טאַלאַנט דער היינט באַקאַנטער עסייאיסט און זשורנאַליסט שמעון קאַנץ (הענדלער) (געב. 1914), וואָס האָט פון 1933 ביז היטלערס פאַרנעמען פוילן, געלעבט אין לאָדזש. ש. קאַנץ האָט אַ זייער אינטערעסאַנטע ביאָגראַפיע. אַ תלמיד פון „ישיבת חכמי לובלין״ און אַ מוסמך מיט סמיכה אויף רבנות, האָט ער זיין לעבן

געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע. ער האָט אויך אַדורכ־געמאַכט שווערע יאָרן אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין רוסישע לאַגערן און אין דער פּוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד, מיט וועלכער ער האָט אַדורכגעמאַכט שווערע קאַמפן קעגן די נאַציס פון לענינאָ ביז בערלין און איז עטלעכע מאָל שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין שלאַכטן. פון 1946 ביז 1957 אין פּוילן, דערנאָך אין מדינת ישראל. אָנגעהויבן שרייבן מיט אַ נאָוועלע „אין קלעם", אין „פאָרויס", וואַרשע 1935. שפּעטער געדרוקט נאָוועלן אין „נייער פאָלקסבלאַט" און ליטעראַרישע קריטיק אין „אות", „קוואַלן". געווען אַ קאָרעספּאָנדענט פון „דאָס נייע לעבן" לאָדזש, „פאָלקסשטימע", וואַרשע. מחבר פון די ביכער „דאָס לעבן רופט", „אין די טיפענישן" (רעפּאָרטאַזשן), די נאָוועלן „נייע טעג" 1951, „מענדל ראַטנער" 1952. אין מדינת ישראל איז ער געווען רעדאַקטאָר פון די וואָכנזשורנאַלן „טאָג־איין, טאָג־אויס", „די וואָך". זינט 1960 איז ער רעדאַקציע־מיטגליד פון „לעצטע נייעס" וווּ ער דרוקט כל המיני אַרטיקלען עסייען וועגן ליטעראַטור, רעצענזיעס וועגן שרייבער און ביכער און איבערזעצונגען. ער איז רעדאַקטאָר פון אַ גרויסע צאָל „יזכור־ביכער" פון די אומגעקומענע יידישע קהילות אין פּוילן. וווינט אין רמת אביב.

## עטלעכע ווערטער וועגן לאָדזשער בדחנים

אין לאָדזש זענען פון די גאָר ערשטע צייטן געווען בדחנים, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן ביכלעך מיט זייערע לידער. דער ערשטער איז געווען יאַנקל לערער. ער האָט „געשריבן" פאַר אַנדערע בדחנים פאַר באַצאָלט. אויך דער באַרימטער קינסקער בדחן ישראל רעוויזאָרסקי האָט אין לאָדזש אַרויס־געגעבן אייניקע ביכלעך פון זיינע לידער. ער האָט עס געטאָן אַנאָנים און זיי זענען שפּעטער אַריין אין אוצר פון יידישע פאָלקסלידער און געזונגען געוואָרן פון פאָלק.

וועגן זעליק שמולעוויטש, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביכלעך אונטער די נעמען „אחינועם" און „זעליק וועבער", האָבן מיר שוין דערציילט. איצט ווילן מיר דערציילן וועגן דעם אייגנאַרטיקן בדחן און וויצלער, מרדכי טאַראַדייקאָ (1870—1936), וואָס האָט אין זיינע דרשות אַריינ־געפלאָכטן דברי־תורה און לויטן אלף בית געשאַפן פיל לידער. ער האָט אַ טייל פון זיינע אַקטועלע לידער געדרוקט אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע. ער איז דער מחבר פון די לידער־ביכלעך „פיר וואונדערבאַרע ליעדער" 1902, „דער פּאָגראָם" 1903, די „נייע קינות אויף קעשעניעוו", 1903, „די נייע הגדה", 1914, „דאָס ליעד פון שטייגער" 1926, א"אַ. געשטאָרבן אין לאָדזש. זיין פּלימיעניק, בעני טרוי (געב. 1892), איז פון די אַקטיווסטע טוערס אין דער לאָדזשער רעליף אָרג. און פון די מיטבויערס פון דער אַרבעטער־רינג־היים פאַר עלטערע מיטגלידער אין ניו יאָרק. אַ בדחן איז אויך געווען דער באַרימטער „יעקל זגערזשער". זיין זון הערמאַן גאָלדבערג איז לאַנגע יאָרן געווען פאָרזיצער פון די לאָדזשער האַנטווערקער, וואָס זענען געווען אַנגעשלאָסן אין „בונד". דער אַנדערער זון משה'ל גאָלדבערג, וואָס מען האָט גערופן אין לאָדזש דער „מאָדערנער בדחן", האָט אין 1926 אַרויסגעגעבן אַ בוך „הומאָריסטישע לידער" אויף אַקטועלער און יידישער

טעמאַטיק. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געלעבט אין לאָדזש. אומגעבראַכט דורך די נאַציס אין אוישוויצער טויטן־לאַגער.

אַ בדחן איז אויך געווען אין זיינע יונגע יאָרן יהושיע רייזנער (1860—1915), וואָס איז דערנאָך געוואָרן אַ גאַסן־זינגער און מ'האָט אים גערופן „שיע מיטן ליאַק" ער איז געווען אַן אינטערערעסאַנטער טיפּ, וואָס פלעגט פריילעך מאַכן די לאָדזשער אָרעמקייט און באַזונדערס די קינדער, וואָס זענען אים נאָכגעלאָפן ביז אין ווייטע גאַסן. ליידער איז פון זיינע צאָלרייכע לידער נאָר עטלעכע דערשינען אין דרוק: „די שרעקלעכע טעג אין לאָדז", ווו ער באַווינט דעם פּאָגראָם, לאָדזש 1906, און „דאָס ליד פון טיטאַניק" 1911, וואָס איז געזונגען געוואָרן אין ערשטן רעווי־טעאַטערל „אַזאַזעל". ער האָט אויך אַרויסגעגעבן „בדחנישע לידער" (אָן יאָר). ער איז געשטאָרבן פון הונגער אין זיין באַלוטער שטיבל אין ווינטער 1915.

אַ באַזונדער אָרט דאַרף געווידמעט ווערן דעם לאָדזשער בדחן הערש בזשוסטאָווסקי, וואָס האָט פון די צוואַנציקער יאָרן ביז צו זיין טויט געלעבט אין בוענאָס־איירעס. ער האָט זיינע בדחנישע „שטיקלעך" תמיד אַדורכגעפלאָכטן מיט יידישע אַקטועלע געשעענישן און פּאָליטישע מאָ־מענטן. אַ גרויסע צאָל פון זיינע פעליעטאָנען און לידער זענען במשך פון יאָרן פאַרעפנטלעכט געוואָרן סיי אין דער „יידישער צייטונג" און סיי אין „די פּרעסע" פון בוענאָס־איירעס. געשטאָרבן אין אַרגענטינע.

## אינטענסיווע שרייבערישע טעטיקייט ערב חורבן

פון 1937 ביז צו דער מלחמה, אין 1939, זענען אין לאָדזש דערשינען פּאַלגנדיקע טאָג־ און וואָכנצייטונגען: דאָס באַנייטע „לאָדזער טאָגעבלאַט" — דורך אַ קאָלעקטיוו פון שרייבערס און זעצערס; „נייער פאָלקסבלאַט" — אַ שותפות פון שרייבערס און זעצערס.

די וואָכנבלעטער: „לאָדזשער לעבן", „לאָדזשער פּאָסט", „דער לאָדזשער שפּיגעל", — מיט אַן אָפּטיילונג וועגן טעאַטער־פּראָבלעמען. די חודשניקעס: „גרינע בלעטער", „אינזעל", „בית־יעקב זשורנאַל", „מסורה־בלעטער" און די ספּעציעלע אויסגאַבע פאַר די אָרטאָדאָקסישע אָנהויב־שולן פאַר מיידלעך „קינדער גאָרטן".

חוץ דעם זענען דערשינען אַ צאָל אָרטאָדאָקסישע אויסגאַבעס וועגן יידישע ענינים און וועגן דערציונג, ווי די אויסגאַבע פון גרשון אלי' ליס „מאָדערנעם חדר" און „פאַר רבנים", „לאָדזשער מערקור", אַ וואָכנבלאַט פאַר האַנדל, אינדוסטרי און פאָלקס־ווירטשאַפט. דער „לאָדזשער אַרבעטער", די העברעאישע זשורנאַלן „ראשית" און „הקדם" און די לאָדזשער מוטאַציע פון דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" אין וועלכער עס האָט סטאַביל מיט־געאַרבעט יצחק שמולעוויטש (געב. 1911), וואָס איז צוליב פּאָליציייאישע רדיפות געקומען פון קעלץ קיין לאָדזש און געוואָרן דער סעקרעטאַר פון „באַשפּייז אַרבעטער־פאַראיין". שמולעוויטש האָט אַדורכגעמאַכט אַן אינ־טערעסאַנטן געזעלשאַפטלעכן און זשורנאַליסטישן אַרויפשטייג זינט זיין אָנהויב מיט קאָרעספּאָנדענצן פון קעלץ פאַר דער „פאָלקסצייטונג" ביז צו זיין היינטיקער פּאָזיציע אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס". ביז צו היטלערס אַריינמאַרש קיין פּוילן האָט ער געלעבט אין לאָדזש, דערנאָך איז ער געווען אין רוסישע לאַגערן, ער איז געווען פון די ערשטע יידישע זשורנאַליסטן, וואָס זענען אין 1945 צוריקגעקומען קיין לאָדזש. בעתן קעלצער פּאָגראָם,

וועגן וועלכן ער האָט דער ערשטער געשריבן אין „פאָרווערטס״, געמוזט אַנטלויפן. ער האָט אַ צייט געלעבט אין דייטשע פּליטים־לאַגערן, דערנאָך אין פּאַריז, ווו געווען טעטיק אין „אַרבעטער־רינג״ און אין „יידישן אַרבעטער קאָמיטעט״ ביז 1954 אלס געהילף־סעקרעטאַר. אין 1954 געקומען קיין אַמעריקע און געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״ ווו חוץ וועגן לויפנדיקע ענינים שרייבט ער זייער פיל איבער דעם גורל פון די לעבנ־געבליבענע פון די געטאָס און לאַגערן און רעצענזירט מיט גרויס ליב־שאַפט די פאַרשידענע „יזכור ביכער״. לעבט אין ניו יאָרק.

פון דער אויסגאַבע „חבצלת״ אין געווען רעדאַקטאָר דער לערער און אָנפירער פון דער אָרטאָדאָקסישער אומאָפּהענגיקער מיידל־שול מיטן זעלבן נאָמען, — דער שריפטשטעלער נ. י. קאַמיעניעץ (געב. 1885), וואָס האָט געדרוקט אַרטיקלען איבער חינוך־פּראָגעס, חוץ אין לאָדזשער אויך אין וואַרשעווער צייטונגען און אַרויסגעגעבן אַ צאָל לערנביכער אין יידיש צווישן זיי: „יהדות — לערנבוך פאַר דינים״, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אין די פרומע מיידלשולן אין פּוילן.

די אינטענסיווקייט פון לאָדזשער יידישע שרייבערס האָט נישט אויפגעהערט אפילו אין די סאַמע לעצטע וואָכן פאַרן חורבן. מיר ווייסן וועגן יידישע ביכער. וואָס זענען אַרויס פון דרוק האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך ביז אָנהויב סעפּטעמבער 1939.

אַזוי האָבן מיר אויפן בוך „ייד״ פון משה בראָדערזאָן, די דאַטע 1939. דאָס בוך, וואָס איז אגב זייער ווייניק אָפּגעשאַצט געוואָרן, האָט אין זיך ממש נביאישע ערטער און גאַנצע לידער אין וועלכע בראָדערזאָן האָט אָפּגעפילט דעם חורבן.

אויפן וויכטיקן בוך פון קדוש נטע ירוחם בערלינער „לשון, סיגנון־אויסלייג״, וואָס אין אים פאָלעמיזירט דער אָרטאָדאָקסישער געלערנטער מיטן „ייוואָ״ וועגן פאָנעטישן יידיש, איז די דאַטע פון סוף יוני 1939.

אויפן בוך „די געשיכטע פון יידן״ פון אָרטאָדאָקסישן לאָדזשער שרייבער, דעם קדוש נטע גוטער, וואָס האָט ביז צו דער לעצטער שעה פאַרן אומקום אָנגעפירט מיט אַ געהיימער ישיבה אין בענדין, איז די דאַטע — סעפּטעמבער 1939.

אַ דריטער פּרומער שרייבער פון לאָדזש, שלמה ליכטענבערג, האָט זיין בוך „מיין וואָרט", וואָס איז ווי אַ נבואה אויפן חורבן, אַרויסגעגעבן בעת די מלחמה האָט שוין אין סעפּטעמבער 1939 געהאַט אויסגעבראָכן.

אַזוי אויך דער היסטאָרישער ראָמאַן פון חיים לייב פוקס „בר גיורא'ס לעצטער וועג", די דאַטע איז סעפּט. 1939.

דאָס זעלבע דער איינאַקטער „ראַבאַט" פון גאָר יונגען מענדל לאַזנאָווסקי (1944—1918), וואָס האָט די דאַטע 1939. לאַזנאָווסקי איז געווען אַ שטריקער־אַרבעטער און אַ מיטגליד פון מאָשקאָוויטשעס טעאַטער־סטודיע ביים „הזמיר", וואָס האָט דעם איינאַקטער אויפגעפירט האַרט פאַרן חורבן. ער האָט אין לאָדזשער געטאָ אַ צייט געאַרבעט אין שטריקער־רעסאָרט. בעת דער ליקווידאַציע איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

סוף אויגוסט 1939 איז דערשינען די פּאָעמע „דאָס וואָרט פון צאָרן" פון ווילי גאָטליב (הרב עמנואל הירשבערג) אַן אַפּאָקאַליפּטישע זעונג אין סטיל פון די נביאים, מיט די לעצטע צייכענונגען און אילוסטראַציעס פון אומגעבראַכטן גרויסן יידישן מאָלער חנוך באַרטשינסקי, וואָס איז אויך פון די גאָר לעצטע ביכער אין לאָדזש פאַרן חורבן.

# לאַדזשער שרייבער און קינסטלער אין דער וועלט

אַ באַזונדערן פּרק ווילן מיר ווידמען די לאַדזשער שרייבער, וואָס האָבן זייערע שרייבערישע דערגרייכונגען זיך דערוואָרבן אין דער פרעמד, כאָטש זייער אָנהויב איז געווען אין לאָדזש. צו זיי געהערן אויך אַ צאָל אַקטיאָרן און מאָלערס, וואָס באַשטעטיקן דעם געדאַנק אַז אַ שעפערישער מענטש גייט קיין מאָל נישט אַוועק פון זיך, פון זיין היים און פון זיין שטאָט. מיר זעען עס אין דער צאָלרייכער קאָלאָניע פון לאָדזשער שרייבערס וואָס אין דער פרעמד האָבן זיי אויסגעברייטערט זייער טאַלאַנט און וויסן, וואָס זיי האָבן מיטגענומען פון זייער קינדהייט אין לאָדזשער היימען און גאַסן, סיי אין צענטער שטאָט און סיי אין באַלוט, וואָס האָט אַרויסגעגעבן באַרימטע שרייבער, מאָלער און אַקטיאָרן.

דער ערשטער פון זיי איז פּראָפ. ישראל טענענבוים (געב. 1872), וואָס איז געווען דער עלטערער ברודער פון אברהם טענענבוים, דער מיטרעדאַקטאָר פון די „לאָדזער נאַכריכטן" און „ל. טאַגעבלאַט". ישראל ט. האָט נאָכן ענדיקן די פּאַריזער סאָרבאָן באַזעצט זיך אין מעקסיקע און געווען אַ פּראָפ. אין אָרטיקן אוניווערסיטעט. ער האָט אין 1910 געדרוקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער שיינקייט און רייכקייט פון מעקסיקע און אַגיטירט, אַז לאָדזשער יידן זאָלן זיך דאָרט באַזעצן. זינט 1928 האָבן מיר פון אים נישט געהערט.

עס האָבן זיך אָבער דערמאָנט אין טענענבוימס רוף וועגן מעקסיקע אַ צאָל לאָדזשער יידן, וואָס אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלן צו ווערן די פּיאָנערן פון יידישן ליטעראַרישן און קולטור־לעבן אין מעקסיקע.

דער ערשטער איז געווען דער פּאָעט יצחק בערלינער (1899—1957), וואָס האָט מיט זיינע לידער אין ערשטן ליטעראַרישן זשורנאַל „דריי וועגן" אַרויפגעשטעלט מעקסיקע אויף דער מאַפּע פון דער יידישער וועלט־ליטע

ראַטור. (ברייטער וועגן אים ביי דער „ס׳פעלד״־גרופּע). עס האָט אויך דאָרט געשאַפן יידיש־געזעלשאַפטלעכע געשיכטע הערשל גרינשטיין (זיין פרוי איז ישראל טענענבוימס אַ קרובה) (1891—1963), וואָס איז נאָכן לערנען אין דער ישיבה אין לאָדזש, געוואָרן פון די טוערס אין דער ביבליאָטעק פון „ט. ק. א.״, וואָס האָט אים דערפירט צו דער בונדישער פּאַרטיי, פון וועלכער ער איז, ביז זיין פאַרלאָזן לאָדזש, געווען פון זיינע אָנפירערס. ער איז אויך געווען פאַרזיצער פון טעקסטיל־פאַראיין און פון דער קולטור־געזעלשאַפט „האַרפע״, אָבער אַ פּיאָנער פון מעקסיקאַנער יידישע ישוב איז ער געוואָרן אין 1921, ווו ער האָט געהאָלפן גרינדן און געווען דער פאָרזיצער פון „פרץ־פאַראיין״, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די „קולטור־געזעלשאַפט״, וואָס האָט אויסגעאיבט אַ גרויסע השפעה אויפן אָרטיקן ישוב. דאָס זעלבע, בעת דער אַקציע פאַר די לעבנגעבליבענע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווו ער איז געווען קאַסיר אין קאָמיטעט צו העלפן די פּוילישע יידן. ער איז אויך געווען פון די איניציאַטאָרן פון חודשניק „פאָרויס״, פון בוך „די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש״, פון „ליכטענשטיין־בוך ״א״א אויסגאַבעס פון בונד אין מעקסיקע. ער איז געשטאָרבן אין מעקסיקע. זיין פרוי, אסתר, וואָס איז אויך טעטיק אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון מעקסיקאַנער ישוב, טוט ווייטער פאַר־זעצן די אָנגעהויבענע מעשים פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן.

אין מעקסיקע איז אויך שרייבעריש געוואָרן אַקטיוו זשאמע דאַוויד־זאָן (געב. 1892), וואָס האָט זיין געזעלשאַפטלעך לעבן אָנגעהויבן אין לאָ־דזשער „האַנדלס־אָנגעשטעלטער־פאַראיין״ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און לאָדזשער „בונד״. ביז היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן, געווען פון די טוערס אין דער „מעדעם־שול״, „קולטור־ליגע״, „ייוואָ״, א״א. אין מעקסיקע אָנגעהויבן שרייבן אַרטיקלען אויף אַקטועלער טעמאַטיק אין זשורנאַל „פאָרויס״ פון וועלכן ער איז רעדאַקציע־סעקרעטאַר. דרוקט אויך אין „אונדזער צייט״ א״א אויסגאַבעס. זיין פרוי, די מאלערן זאפיע גוטענטאג, איז די איינציקע לעבנגעבליבענע פון דער גרופּע פרויען־קינסטלערינס פון דער „יונג־אידיש״ גרופּע.

אויך דער פּראָפ. פון ירושלימער אוניווערסיטעט אהרן זאב אשכולי,

איז געוואָרן דער פאָרשער און שרייבער ערשט נאָכן ענדיקן זיין שטודיום אין פּאַריז.

דאָס זעלבע פּראָפ. פּיטלאָוויטש, דער אַנטדעקער פון די פּאַלאַשן אין אַביסיניע, וועגן וועלכע ער האָט געדרוקט אויך אין יידיש.

וועגן אינזשיניער ש. שוואַרץ, האָבן מיר שוין דערציילט.

יעצט וועלן מיר מוסיף זיין וועגן פּראָפ. העלער פון ישראל און וועגן אונדזער אייגענעם חבר פּראָפ. באָלעסלאַוו לעווין (געב. 1908), וואָס האָט אין לאָדזש געשריבן אין פּויליש און איז זינט 1931 פּראָפעסאָר פון שפּאַנישער געשיכטע און קולטור אין די אוניווערסיטעטן פון מאָנטעווידעאָ און זינט 1936 פּראָפ. פון בוענאָס איירעסער אוניווערסיטעט. ער איז איינער פון די בעסטע פאָרשער פון דער אינקוויזיציע אין די לאַטייניש־שפּאַנישע לענדער און האָט דערוועגן פאַרעפנטלעכט אויספירלעכע שטודיעס אין שפּאַניש און אין יידיש. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ט"צ „אורוגוויי" און איז פון די שטענדיקע מיטאַרבעטער אין פילאָ־סאָפישן זשורנאַל „דוואַ", ב. א. ער דרוקט אויך אין „די פּרעסע", „אידישע צייטונג" און אין דער שפּאַניש־יידישער פּרעסע. מחבר פון „סארמיענטאָ, דער ריטער פון דער אַרגענטינער דעמאָקראַטיע" 1938 און פון "יידישע דעראָבערער און מאַרטירער אין לאַטיין־אַמעריקע" 1968, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען די פּרעמיע פון אַרגענטינער אָפּט. פון קולטור־קאָנגרעס. לעבט אין בוענאָס־איירעס.

אין אַרגענטינע האָבן לאָדזשער שרייבערס אַריינגעבראַכט זייער אייגענעם טאָן און שווונג. מיר גרויסן זיך מיט יצחק יאַנאַסאָוויטש, יוסף אַקרוטני, מיט דער דיכטערין שרה בירנבוים (געב' 1910), וואָס האָט אָנגעהויבן דרוקן לידער אין ווייסענבערגס „אינזער האָפענונג" און זינט 1930 געדרוקט אין די אַרגענטינער צייטונגען און קינדער־זשורנאַלן, ווי אויך אין ניו־יאָרקער „קינדער זשורנאַל". אַרויסגעגעבן די ביכער „זינג איך מיר א ליד" 1938 און „געזאַנג און שטורעם", 1950. לעבט אין ב. א. און איז זייער שעפעריש.

עס האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר לאָדזשער לאַנדסלייט משה פלאמבוים (געב. 1895), וואָס איז אַ צייט געווען דער אָנפירער פון לאָדזשער לאַנדסלייט־

פאַראיין און מיטאַרבעטער פון די 5 נומערן „אונזער לאָדזש", ער האָט נאָך אין זיינע לאָדזשער יאָרן געשריבן וועגן יידישן טעאַטער און געוועזן פון די גרינדער פון „דראַמע און מוזיק" און „דראַמאַטישע קונסט". אין די לעצטע יאָרן האָט ער איבערגעריסן מיט די לינקע און איז דער סעקרעטאַר פון לאָדזשער יידן ביים פאַרבאַנד פון יידן אין פוילן. דרוקט אין די „פרעסע" א"אַ אויסגאַבעס אין אַרגענטינע.

אויך דער אַרטיסט דוד לעדערמאַן (געב. 1892), וואָס האָט אין לאָדזש אָנגעהויבן זיין אַקטיאָרישע טעטיקייט איז אין אַרגענטינע טעטיק חוץ ווי אַן אַקטיאָר אויך ווי אַ שרייבער. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן וועגן טעאַטער־פראַגעס אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" דערנאָך אין „טעאַטער צייטונג" לאָדזש 1928. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אין די רוסישע לאַגערן. מחבר פון וויכטיקן בוך „פון יענער זייט פאָרהאַנג". ב. א. 1960, וואָס שילדערט דאָס לעבן פון די יידישע פליטים אין רוסלאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. לעבט אין ב. א.

אין אַרגענטינע זענען שרייבעריש געוואָרן טעטיק די פון חורבן־לאָדזש איבערגעבליבענע: לודוויק ווינאָגראַד, באָריס פיק, (וועגן זיי שוין דערציילט) און דער יוגנט טוער פון לאָדזשער בונד יאַנקל נירענ־בערג (געב. 1910), וואָס האָט אין לאָדזשער געטאָ געטאָן וויכטיקע אַר־בעטן, מחבר פון אַן אויספירלעכער באַשרייבונג פון לאָדזשער געטאָ, וואָס איז געדרוקט אין דער אויסגאַבע „אין די יאָרן פון יידישן חורבן" ב. י. 1948, ז"ז 211—294. אויך יצחק ליפסקי האָט אויסגעברייטערט זיין טאַלאַנט. אַ לאָדזשער איז אויך יעקב פאַלאַטיצקי, וואָס פאַרנעמט אין בוענאָס איירעסער יידישן לעבן אַ חשובע ראָלע. ער איז דער אָנפי־רער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. מחבר פון די ביכער „אין פינטל נצח־ישראל", רעדאַקטאָר פון ווכנ"ב „די נייע צייט", דרוקט אויך פעליעטאָנען און עסייען איבער ליטעראַטור אין „די פרעסע".

אויך דער יונג־פאַרשטאָרבענער יוסף בער פאָסאָוסקי (1906—1959), איז געבוירן אין לאָדזש. אַ צייט איז ער געווען טעטיק אין דער לינקער באַוועגונג און צוליב דעם געמוזט אַנטלויפן פון פוילן און געלעבט אין פאַריז. ער האָט געקעמפט אויפן פראָנט קעגן די נאַציס און געוואָרן אַן

אינוואַליד. מיטאַרבעטער פון „די נייע פּרעסע" ווו חוץ דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן האָט ער אויך געדרוקט אַ ראָמאַן. ער האָט שפּעטער איבער־געריסן מיט די לינקע און באַטייליקט זיך אין „אַרבעטער וואָרט" און „דאָס וואָרט". אין 1952 איז ער געקומען קיין אַרגענטינע און געדרוקט אין „די פּרעסע", „נייע צייט". געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס.

אַ לאָדזשערין אין אויך די דיכטערין מאַרי גאָלד (געב. 1918), וואָס האָט ביז איר פאָרן קיין אַרגענטינע, געשפּילט אין דער „טעאַטער־סטודיע" ביים „הזמיר". אין אַרגענטינע געדרוקט לידער אין „אונזער לאָדזש", „איקוף בלעטער", „היינט". זינט עס איז באַקאַנט געוואָרן וועגן אומברענגען פון די יידישע דיכטערס אין רוסלאַנד האָט זי איבערגעריסן מיט די לינקע און זיך דערנענטערט צו די יידיש־נאַציאָנאַלע קרייזן.

יחיאל ראָזען, לינקער טוער אין לאָדזשער האַלץ־פאַראיין, געווען אין קאַרטוז־בערעזע. לעבט היינט אין בוענאָס־איירעס. מ'עטיק אין דער פּראָ־ישראל־גרופּע פון די לינקע. מיטרעדאַקטאָר פון דער צייט־שריפט „פרייע שטימע".

אין לאָדזש האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן דער פאָרשער מיכאל אסף (אָסאָווסקי) (געב. 1896), וואָס איז עד היום פּאָרזיצער פון העברעיִשן זשורנאַליסטן־פאַראיין. גרויסע טיילן פון זיינע אַרבעטן זענען געווען גע־דרוקט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט", „נייער פאָלקסבלאַט". ער שרייבט אָבער מייסטנס אין עברית.

דאָס זעלבע דער לאָדזשער וואָוטשע יאָסקאָוויטש (געב. 1895), וואָס האָט זיך אין ישראל געענדערט אויף „יוספון" ער איז עד היום געבליבן טריי זיין לאָדזשער בראשית, וואָס ציט זיך פון זיין פאָטערס הויז, דעם באַקאַנטן גערער חסיד.

אין לאָדזש האָט אויך מחבר געווען אַ טייל פון זיינע ספרים אין יידיש דער באַרימטער רב יידל ראָזענבערג (געב. 1865). ער האָט אין די יאָרן 1900—1912 געלעבט אין לאָדזש און דאָרט אָנגעשריבן די ביכער וועגן „מהרל מפראג", „דער שפּאָלער זיידע" און אָנגעהויבן איבערזעצן דעם „זוהר" אויף לשון קודש און יידיש. אין זיינע ביכלעך האָט ער זיין יידישן סטיל דערהויבן צו אַ גרויסער קינסטלערישער מדריגה און זיי

נאָענט און אייגן געמאַכט פאַר די פשוטע פאָלקס־יידן. אַ צייט האָט ער געלעבט אין קאַנאַדע. ער איז באַקאַנט ווי דער „טאַלנער רבי״ און יידל טאַלנער.

אַ לאָדזשער, וואָס האָט דער ערשטער איבערזעצט די שריפטן פון פּלאַטאָ אויף יידיש איז געווען שיע ברוידע (1895—1940), וואָס איז נאָכן ענדיקן ווילנער אוניווערסיטעט, געווען אַ לערער פון לאַטיין אין די ווילנער יידישע גימנאַזיעס און שפּעטער דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. ער האָט אויך געדרוקט אין די אויסגאַבעס פון „ייוואָ״ און אויך אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געאַרבעט אין וואַרשע, און אין געטאָ, כדי נישט אַריינצופאַלן אין היטלערס לאַפּעס, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

דער לאָדזשער זישע האָניק (1907—1942), וואָס איז זינט 1926 געווען אַ לערער פון פּויליש אין ווילנער יידיש־פּוילישע גימנאַזיעס, האָט געדרוקט אַרטיקלען אויף היסטאָרישע טעמעס און דער עיקר וועגן דער „געשיכטע פון יידן אין פּוילן און ליטע״ אין „די צייט״, „ווילנער טאָג״, „ייוואָ בלעטער״. זיין וויכטיקע פאָרשונג צו דער געשיכטע פון יידן אין פּינסק איז געדרוקט אין פּנקס „טויזנט יאָר פּינסק״. ביז דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער געווען אין ווילנע. אומגעקומען בעתן חורבן.

אַ לאָדזשער און דערצו אַן אָפּשטאַמיקער פון לאָדזשער רבנים, איז געווען דער געלערנטער און פאָרשער פון יידישן פאָלקלאָר שמעון איינהאָרן (1893—1950). ער האָט שפּעטער געלעבט אין ווילנע, דערנאָך אין ארץ־ישראל. מחבר פון ביכער וועגן יידישע שפּריכווערטער און פאָלקס־לידער. ער איז געווען פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון זשורנאַל „ידע עם״, תל אביב, און זיך באַטייליקט אין „לאָדזער טאָגעבלאַט״, „נייער פאָלקסבלאַט״, „ווילנער טאָג״ א״אַ. געשטאָרבן אין תל אביב.

אין לאָנדאָן איז שרייבעריש געווען טעטיק דער לאָדזשער פּנחס משה כץ (געב 1901), וואָס האָט זיך געדרוקט אין „די צייט״ און אין דער יידישער פּעריאָדיק אין בעלגיען. מחבר פון אַ בוך איבער „דענטיסטיק״ (אָפּהאַנדלונג איבער ציין־היילונג מיט ציטאַטן פון תלמוד). ער האָט געשריבן אַ צאָל דראַמעס אויף חורבן־טעמאַטיק צווישן אַנד. „דער

משפט", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין די יידישע טעאַטערן אין לאָנדאָן, לעבט אין ניו־יאָרק.

אויך יחיאל וואַרענרייך (געב. 1893), וואָס איז געווען טעטיק אין לאָדזשער דראַמקרייזן זאָל האָבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגע־פירט מיט אַ יידישער אַמאַטאָרן־גרופּע אין לאָנדאָן. מחבר פון די דראַמעס און קאָמעדיעס „דור הפלגה" 1914, „די היינטיקע יוגענד" 1926 (ביידע אין לאָדזש), וואָס ער האָט אַליין אויפגעפירט און רעזשיסירט. זיין גורל איז נישט באַקאַנט.

אויך די שרייבערין קעטי ברוין (1887—1955) איז געווען משפחה מיט לאָדזש און פון דאָרט געהאָט די אינספּיראַציע פאַר אירע הומאָרעסקעס. געשטאָרבן אין לאָנדאָן.

אויך אברהם סאָכאַטשעווסקי און ירחמיאל האָניק האָבן פאַרטיפט זייער שרייבן אין לאָנדאָן און פון דאָרט אויס, זענען זיי באַרימט געוואָרן אין דער יידיש־שרייבערישער וועלט. אויך שמואל ווייס־ווהייט (1891—1971), וואָס האָט זינט 1913 געדרוקט אין דער לאָנדאָנער און אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן, דערציילונגען און לידער, ציט זיין דיכטערישע יניקה פון לאָדזשער שורש, ווי עס באַווייזט זיין בוך „נשמה־קלאַנגען" 1941. ער איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אויסגעוואַקסן צו אַ פּילאַר פון דער אַמעריקאַנער און יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דוד דובינסקי (געב. 1892), וואָס האָט זיין רעוואָלוציאָנערע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט אָנגעהויבן אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" און עטלעכע מאָל געזעסן אין לאָדזשער צאַרישע טורמעס.

ער האָט זינט 1932 דערגרייכט צו אַ מדרגה, וואָס אַ צאָל אַמעריקאַנער פּרעזידענטן האָבן זיך מיט אים באַראַטן וועגן אַלגעמיינע און אַרבעטער־פּראָבלעמען. ער איז געווען לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער „אינטערנע־שיאָנעל", די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון די פרויען־קליידער אַרבעטער און האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דערהויבן זייער מצב. ער איז אויך געווען פון די מיטגרינדער פון „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט" און מיטגעהאָלפן

אים ברענגען הונדערטער יידישע און אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע טוערס און יידישע שרייבערס קיין אַמעריקע, בעת זיי זענען געווען אין געפאַר אַריינצופאַלן אין היטלערס לאַפּעס. ער איז אויך געווען פון די מיטגרינדער פון אַמעריקאַנער „אָרט״ און פון „אַרבעטער אָרט״ וואָס ער האָט געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט, פּונקט ווי ער האָט עס געטאָן אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות פאַר די יידישע שולן און קולטור־אינסטיטוציעס אין פּוילן. ער האָט אויך פון צייט צו צייט געדרוקט אַרטיקלען אין דער יידישער און אין דער ענגלישער פּרעסע. מיר קאָנען אָבער וועגן אים נישט מאריך זיין, ווייל בכלל איז זיין טעטיקייט אַביסל אויסער די ראַמען פון אונדזער אַרבעט.

מיר ווילן אויך דערמאָנען דעם שריפטשטעלער לעאָן ראַסטען (געב. 1910), דער מחבר פון אַ צאָל ביכער און רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „לוק״, וואָס איז דער זון פון די לאָדזשער בונדיסטן: שמחה און אידע ראָזענבערג. ער האָט זיכער אין זיינע יונגע יאָרן אין דער היים פון זיינע עלטערן, אין שיקאַגאָ, באַקומען די יידישע און סאָציאַליסטישע דערציאונג, וואָס מיר פילן אַרויס אין זיינע ווערק און דער עיקר אין זיין וויכטיק בוך „די פרייד פון יידיש״.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן זשעניע לאַרסאָן (געב. 1928), אַ קינד פון די לאָדזשער בונדיסטן מאַרטשינקאָווסקי, וואָס האָט איר דערציונג באַקו־מען אין דער קינדערהיים פון גייערס ראַיאָן און אין דער „מעדעם שול״. זי האָט איבערגעלעבט לאָדזשער געטאָ און די נאַציסטישע טויטן־לאַגערן און איז אַ קראַנקע געברענגט געוואָרן דורך רויטן קרייץ קיין שוועדן. דאָרט איז זי געוואָרן באַרימט ווי אַ סקולפּטאָרין און שרייבערין. מחברין פון זיבן ביכער, צווישן זיי ווערק וועגן לאָדזשער געטאָ און לאָדזשער יידישער אָרעמקייט. זי לעבט אין שוועדן.

עס האָבן אויך אין אַמעריקע צוגעטראָגן זייער חלק צו דער לאָדזשער גייסטיקער שאַפונג, די אָפּשטאַמיקע פון לאָדזש: אָ. גלאַנץ־לעיעלעס (1889—1966), וואָס האָט אויך געשריבן אויף לאָדזשער טעמאַטיק און וועגן לאָדזשער שרייבערס: י. ד. שיניאַק (געב. 1899), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער אין „ראַמאַנצייטונג״ 1908, און שפּעטער געדרוקט

דערציילונגען און לידער אין „פאָרווערטס", „טאָג" א"אַ. מחבר פון אַ בוך דערציילונגען „דער זון אנטקייגן" (אונטער דעם פסעוודאָנים ד. קאַלין).
ישראל זילבערבערג־כאַלעוואַ (געב. 1898), אַ תלמיד פון לעיעלעסעס פּאַטער, איז ער אין ניו יאָרק געווען אַ לערער אין די יידישע שולן. געשריבן וועגן שול־ און קולטור־ענינים אין זשורנאַלן און צייטונגען. מחבר פון ביכער, צווישן אַנדערע, די עסייען „מענטש און פאָלק"; משה פריד (געב. 1893), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט דערציילונגען אין „פאָרווערטס", 1919 און אַרויס־געגעבן אַ צאָל ביכער, וואָס אייניקע האָבן אַרויסגערופן אויסמערק, ווי „כאַווער לייבקע", אַ ווידוי פון אַ געווו. יידישן קאָמוניסט. אַ גאַנג אַרויף איז זיין לעצט בוך דערציילונגען „ליכט און שאָטן", וואָס קענען צוגערעכנט ווערן צו די גוטע דערציילונגען פון דער יידישער שרייבער־גרופּע אין פּוילן. לעבט אין פּעטערסאָן, איז זיך מפרנס פון וועבעריי; חיים נתן פישערמאַן (געב. 1903), וואָס איז געקומען פון אַ לאָדזשער ישיבה. מיט־רעדאַקטאָר (מיט אבא שטאָלצענבערג, אַ. טאַבאַטשניק און מאיר שטיקער) פון זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קריטיק און עסיי, „פּיילן", וואָס איז געווען די טריבונע פון די „יונגסטע". ער האָט אויך רעדאַקטירט 6 נומ. פון „גרמיזא", געווידמעט די נייע פּראָבלעמען פון ליטעראַטור, וואָס דערמאָנט אין די אויסגאַבעס פון דער יונגער שרייבער־גרופּע פון לאָדזש.

אין ניו יאָרק איז אויך געוואָרן טעטיק שרייבעריש אהרן בערגמאַן (1899—1963), וואָס איז אין לאָדזש געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעט און חבריש פאַרבונדן מיט די „יונגע". ער איז געווען אַ לאַנג־יאָריקער לערער און אָנפירער פון דער מיטלשול פון דער פּראָגרעסיווער ריכטונג. מחבר פון לערנביכער און צוזאַמענשטעלער פון כרעסטאָמאַטיעס, וואָס זענען באַנוצט געוואָרן אין די יידישע שולן. צווישן אַנדערע „אידיש" — אַרבעטבוך פאַר דער מיטלשול; און צוזאַמען מיט איטשע גאָלדבערג פון „אידיש" — אַרבעטבוך אויף שפּראַך און „אונזער בוך" כרעסטאָמאַטיע פאַר דער מיטלשול. ער איז אויך דער מחבר פון ווערטערבוך „יידיש־ענגליש, ענגליש־יידיש ווערטער בוך, פאַר היים און שול" וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון איטשע גאָלדבערג, נ. י. 1969. בערגמאַן איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק.

גאַר גרויסע פאַרדינסטן האָט אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן אין אַמעריקע דער לאָדזשער לעאָן רובינשטיין (געב. 1900), וואָס איז ביז זיין קומען קיין אַמעריקע אין 1920 געווען טעטיק אין דער לאָדזשער ציוניס־טישער באַוועגונג, מיטגרינדער פון „בית עם" און טעטיק אין „צעירי ציון" אין לאָדזש. לאַנגע יאָרן איז ער געווען אַ לערער אין די שולן פון נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד. מיטגליד פון צ. ק. פון פועלי ציון אין אַמעריקע און זייער פאָרשטייער (וויצע־פאָרזיצער) פון קולטור־קאָנגרעס. אַ צייט איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער צ"ש: „פאַרן פאָלק" נ. י. ער שרייבט וועגן חינוך־פראַגעס. לעבט אין ניו יאָרק, איז דירעקטאָר פון שול און בילדונגס אָפּט. פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרב. פאַרבאַנד.

צו די ערשטע טוערס פון „צעירי ציון" אין לאָדזש האָבן אויך געהערט יאַנקעלע ליפשיץ (1897—1944), וואָס איז יאָרן לאַנג געווען פון די בעסטע העברעישע לערערס; אברהם יצחק פילאָזאָף (געב. 1894), וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען פון די טוערס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך. מיטגרינדער פון „פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן" און פון די ערשטע וואָס האָבן געהאָלפן גרינדן דעם זשורנאַל „קיום" אין פאַריז. ער איז געווען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ער איז פרעזידענט פון דער מיאַמער פועלי־ציון־פאַרטיי און פון אַ צאָל ברענטשעס פון נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד. לאַנגיאָריקער אָנפירער פון די יונג־שבתן ביים דוד פינסקי־קלוב. ער שאַפט גרויסע סומעס און לאָזט זיך אַליין אויך קאָסטן גרויסע געלטער פאַר אַלע ישראל־אַקטיוויטעטן.

די דיכטערין אַדעלע פרידמאַן (1897—1963), וואָס איז געווען טעטיק אין קולטור און שול־לעבן. זי האָט געדרוקט לידער אין פאַר. זשורנאַלן. איר בוך „אין באַוואונדער", לידער פאַר קינדער און דערוואַקסענע, איז דערשינען שוין נאָך איר טויט, אין נ. י.

חוץ מיט פּאָליטיק האָט אויך מיט שרייבעריי זיך פאַרנומען גינע מעדעם (געב. 1886), וואָס האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין לאָדזש, 1905, ווו זי איז געווען טעטיק אין „בונד". זי האָט באַרייזט כמעט די גאַנצע וועלט און זי האָט אין אירע ביכער געשילדערט אין אַ רייכער שפּראַך, אירע איבערלעבענישן. מחברין פון „לענדער, פעלקער, קאַמפן", „אַ לעבנסוועג"

א״אַ. לאַנגיאַריקע מיטאַרבעטערין פון „מ. פרייהייט״, לעבט אין לאָס אַנדזשעלעס.

אין אַמעריקע האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן דערציילונגען דער לאָדזשער אַקטיאָר שמואל טאַרנבערג (געב. 1872), וואָס האָט געדרוקט אין „יידישער העראַלד״, „פאָרווערטס״, „צוקונפט״ א״אַ. ער איז דער מחבר פון דער דראַמע „דן יצחק אַברבנאַל״ וואָס ער האָט אויפגעפירט אין יידישן טעאַטער אין ניו יאָרק און איז דער איבערזעצער פון אַ צאָל פּיעסן פון ענגליש, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן אין די יידישע טעאַטערן אין אַמעריקע. אין ניו יאָרק איז אויך געוואָרן אַ שרייבער אברהם ביאַלער (געב. 1907), וואָס אין זיינע גוט אַדורכגעטראַכטע אַרטיקלען סיי אין דער טאָג־פּרעסע און סיי אין „אונדזער צייט״ זעט זיך די גייסטיקע השפּעה פון זיין געוועזענעם בעל הבית, י. י. טרונק, אין וועמענס געשעפט ער איז ביז דער מלחמה אין 1939 געווען אַ הויפּט־בוכהאַלטער. לעבט אין נ. י.

צו אַ גייסטרייכער פּערזענלעכקייט, האָט זיך אין ניו יאָרק דערהויבן ישראל בער ביילין (1883—1961), וואָס הגם ער איז נישט געבוירן אין לאָדזש, האָט אָבער לאָדזש אויסגעפורמעט זיין גייסטיקן, שרייבערישן און געזעלשאַפטלעכן פּרצוף־פּנים. ער איז זיכער באַווירקט געוואָרן סיי פון די נביאים, וואָס זייער גייסט איז געווען דאָס פאָרבילד פון זיין לעבן, ווי ער האָט עס געזען און אָפּגעפּילט אין דער שטוב פון זיין עלטער־פעטער הרב אליהו חיים מייזעל און אין די יאָרן אין די ישיבות פון ליטע, דער עיקר אָבער איז ער שוין פון זיינע פריע יוגנט־יאָרן געווען אונטער דער השפּעה פון די לאָדזשער האָרעפּאַשנע און פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אויף די בערזעס אויף דער וווּסכאָדניע גאַס און אין די אומלעגאַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אונטער דער השפּעה פון „בונד״ ווו ער איז אַליין געווען אַ מיטגליד פון לאָדזשער קאָמיטעט. ברייטערע האָריזאָנטן, דער עיקר אויפן פעלד פון יידישער קולטור און ליטעראַטור, האָבן פאַר אים באַשאַפן די טעג און נעכט אין דער „האַרפע״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל יידישע אַרטיסטן און שרייבערס און איז נאָך ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דאָס זאַמל־אָרט, ווו עס האָבן זיך גרופּירט כמעט אַלע יונגע לאָדזשער שרייבערס (ראַבאָן ,קרול, ח. ל. פוקס, פ. גאָרפינקעל)

וואָס זענען געקומען פון דער פּראָלעטאַרישער סביבה און געהאַט דאָרטן אַ שטיקל היים.

אין לאָדזש האָט ביילין אויך אָנגעהויבן זיין שרייבערישן באַגינען (נישט אין „לאָדזער אַרבעטער" ווי עס שרייבן טייל ביאָגראַפן, אַזאַ צייטונג פון „בונד" איז ערשט אַרויס אין 1915 — נאָר אין די אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס: „פלוג בלאַט", „דער פרייהייטס־גלאָק" אין וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל געדרוקט וועגן אַרבעטער־פּראָגעס). ביילין האָט אויך אויספּאָרמירט זיין רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין און אידעאַליסטישן כאַראַקטער אין די לאָדזשער טורמעס אין וועלכע ער איז געווען פאַרשפּאַרט דורך דער צאַרישער מאַכט צענדליקער מאָל און אויך אין זיין פאַרשיקונג־אָרט טשאַרני־יאַר, צוזאַמען מיט לאָדזשער פּאָליטיש־פאַרשיקטע.

אין אַמעריקע, וווּ ער איז געקומען אין 1911, איז ער אַרויס אויפן ברייטן שליאַך פון געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטור־לעבן סיי אַלס בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג און סיי אין די יאָרן 1918—1925, ווען ער האָט רעדאַקטירט דעם „פריינד" און איז פריווויליק צוליב זיין שטעלונג וועגן דער באַציונג צום ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס ער האָט נישט מסכים געווען מיט דער אָנפירונג, אַוועק אין לינקן לאַגער און געווען אַ מיטאַרבעטער פון כמעט אַלע ליטעראַרישע און קולטור־אויסגאַבעס („איקאָר" — אַלמאַנאַך, רעדאַקציע „האַמער" און פון 1939 ביז צו זיין טויט אין דער „מאָרגן־פרייהייט"). די גאַנצע צייט זעט זיך אַלץ נאָך אָן אין זיין שרייבן דער ערלעכער טאָן פון אַ גלויביקן סאָציאַליסט, — דער לאָדזשער שורש פון ערלעכער און אויפריכטיקער באַציונג צו חברים און קעגנערס.

מיר זען עס אין זיינע שריפטן און דער עיקר אין זיינע גרעסערע ווערק, ווי עס איז די מאָנאָגראַפיע וועגן קאָמפּאָזיטאָר „יעקב שייפער" (1938) ווי אויך אין די צוויי גרויסע בענדער „פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון יידן אין אַמעריקע" (1955 און 1965) אין וועלכע ער ברענגט אַרויס אין ליכט פון זיינע געשטאַלטן, אויך זיין אייגענע וועלט־אָנשויונג דעם גלויבן אין מענטש, אין יושר און צדק וואָס וועט זיכער קומען. אָן אמונה, וואָס געפינט איר פאָרם און אינהאַלט און ברענגט אים צוריק צו זיין לאָדזשער

בראשית פון אַ נביאישן סאָציאַליזם, ווי אין זיינע ערשטע יאָרן אין די לאָדזשער אָרעמע גאַסן און שטובן.

י. ב. ביילין איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק. זיין טאָכטער זשאַנעט (וואָס האָט אויך אָנגעשריבן זיין ביאָגראַפיע צום צווייטן באַנד „פּערזענלעכקייטן") ציט ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון איר פאָטערס גאַנג אין לעבן און סאָציאַליזם און גיט אַרויס זיינע פאַרבליבענע שריפטן. אין 1970 האָט זי אַרויסגעגעבן דעם ערשטן טייל פון ביילינס אויטאָביאָגראַפיע „אַלץ אין איין לעבן" אין וועלכן מיר געפינען פיל וויכטיקע און אינטערעסאַנטע קאַפּיטלעך סיי פון י. ל. ביילינס לעבן און סיי פון דער סביבה אין לאָדזשער יידישן אַרבעטער־לעבן, די אָרעמע אָבער גייסטיק־הויכע סביבה פון לאָדזשער גאַסן און בערזעס, פון וועלכע ער איז אַרויסגעוואַקסן, ביז צו זיין פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען אין אַמעריקאַנער יידישן קולטור־ און ליטעראַטור־לעבן.

אין זיין רייזן איבער דער וועלט מיטן יידישן טעאַטער איז געוואָרן אַ גייסטרייכער שרייבער דער אַקטיאָר יעקב מאַנסדאָרף־קאָלמאָוויטש (1920—1959), וואָס האָט אָנגעהויבן זיין אַרטיסטישע טעטיקייט אין דער סטודיע פון לאָדזשער „צוקונפט", ער איז שפּעטער געווען אַ מיטגליד פון דער ווילנער טרופּע און האָט געדרוקט אַרטיקלען איבער טעאַטער און ליטעראַטור, חוץ אין „ליטעראַרישע בלעטער" און אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן, אויך אין די יידישע צייטשריפטן איבער דער וועלט. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען און איבערלעבענישן, אין ראַטנפאַרבאַנד, רומעניע און פּאַריז איז ער געשטאָרבן אין מדינת ישראל, וווּ ער האָט געשפּילט יידיש טעאַטער. צו זיין זכרון איז דערשינען דאָס בוך „יעקב מאַנסדאָרף און זיין דור", וואָס גיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון זיינע אויפטוען אויפן געביט פון יידישן טעאַטער.

אין פּאַריז האָבן (חוץ די וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט: דאָמאַנקע־וויטש, אַ. ווייץ און פּ. גוטערמאַן) אויך צוגעטראָגן צו דער יידישער קולטור און ליטעראַטור די לאָדזשער: יהודה יאַקובאָוויטש (1891—1965), וואָס האָט נאָך געדרוקט אין דער בונדישער „די צייט" פּעטערבורג און לאַנג יאָריקער מיטאַרבעטער פון „אונדזער שטימע". רעד. פון אַלמאַנאַך

„יידישע קינדער", 1931. ער האָט געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך סיי אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און סיי אין דער דורך אים מיטגעשאַפענער „קאָלאָניע סקאַלער", וואָס האָט געראַטעוועט הונדערטער יידישע קינדער פון טויט. ער האָט עס באַשריבן אין זיין בוך "רי אמעלע, הילף און ווידערשטאַנד" 1948. ער איז געשטאָרבן אין פּאַריז.

פון יונגערן דור יידישע שרייבערס אין פּאַריז איז אַ. סקורניק (געב. 1913), וואָס איז אַ מיטאַרבעטער פון „אונזער וואָרט", „אונזער קיום" און מיטרעדאַקטאָר פון „אַלמאַנאַך פון יידישע שרייבער אין פראַנקרייך".

וויכטיקע זשורנאַליסטישע דערגרייכונגען האָט געמאַכט דער אין רוסלאַנד פאַרשווונדענער לאָדזשער שרייבער יעקב ווינטער (געב. 1902), וואָס איז ביז 1930 געווען אַ טוער אין דער לינקער באַוועגונג. אַ לערער און פּעדאַגאָג איז ער שפּעטער געווען טעטיק אין פּאַריז און בעת דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע געווען איינער פון די בעסטע קאָרעספּאָנדענטן פון פראָנט. ער האָט אין זיינע באַשרייבונגען סיי אין „פאָלקס־צייטונג" און סיי אין דער פּרעסע אין אויסלאַנד געגעבן מאָלערישע בילדער און פּאָליטישע באַלייכטונגען פון די ראַנגלענישן פון די העלדישע קעמפער. אין 1939 צוריקגעקומען קיין לאָדזש און בעת דער היטלער־ממשלה, אַוועק קיין לעמבערג פון וואַנען פאַרשיקט אין סאָוויעטישע לאַגערן. נאָך דער „שיקאָרסקי אַמנעסטיע" איז ער אַ צייט געווען דער פאַרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג אין פערגאַנער קרייז און געהאָלפן מיט אַ ברייטער האַנט די פּוילישע פּליטים. אין אָנהויב 1943 אַרעסטירט און זינט דעמאָלט פאַרשווונדן אָן יעדער שפּור.

די דיכטערין און פּראָזאַיִקערין שבע גלאַס־ווינער, וואָס האָט נאָך גע־דרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט", האָט אין אויסטראַליע פאַרעפנטלעכט וויכטיקע זכרונות פון לאָדזשער געטאָ.

אויך ישראל וויצענטאָווסקי (געב. 1914), וואָס איז געווען פון די נאָענטע חברים פון ש. ב. שאַיעוויטש און וואָס איז ביז דער מלחמה ווייניק געווען טעטיק ווי אַ שרייבער, האָט אין אויסטראַליע אַנטוויקלט זיינע פעיקייטן. ער דרוקט סיי אין דער אויסטראַלישער און סיי אין דער יידישער פּעריאָדיק

אין פאַרשידענע לענדער. מחבר פון אַ ראָמאַן „סימפאָניע באַלוט". וווינט אין מעלבורן. אין אויסטראַליע האָבן אויסגעברייטערט זייער שרייבערישע עבודה חוץ די אַלטע מיטאַרבעטער פון „נייער פאָלקסבלאַט": ד"ר ה. רוזשאַנער און אַדוו. אייזיק צימערמאַן (1894—1968), (וואָס איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „דער לאַנדסמאַן" און רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „סידנעיער יידישע נייעס", געווען ראש המדברים אין דער לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפט. געשטאָרבן אין סידנעי), אויך א. ציקערט, וואָס טראָגט נאָך אַלץ אין זיין נשמה די לאָדזשער געטאָ. זייער טעטיק איז באַנאַ ווינער (געב. 1919), דער זון פון לאָדזשער בונדישן עסקן און שול-טוער משה ווינער. ב. וו. האָט אין לאָדזשער געטאָ און ביז זיין אומלעגאַל פאַר־לאָזן פוילן געטאָן וויכטיקע פאָליטישע אַרבעט. געווען אַ מיטאַרבעטער פון באַנייטן „יוגנט-וועקער", לאָדזש 1946—1948. ער דרוקט זיך אין מעלבורנער „אונדזער געדאַנק", „אונדזער צייט", נ. יאָרק און אין כמעט אַלע בונדישע אויסגאַבעס אין דער וועלט.

איך וויל אויך דערמאָנען דעם בונדישן ראַטמאַן, דעם לאָדזשער יוסף ברומבערג (1897—1965), וואָס איז געווען אַ לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן און געדרוקט אַרטיקלען איבער פעדאַגאָגישע און דער־ציונגס-פראַגעס אין „פאָלקסצייטונג", „ווילנער טאָג" און אין די שול־אויסגאַבעס פון דער צישאָ אין פוילן. געשטאָרבן אין שיקאַגאָ.

חוה לעווקאָוויטש-יאַסני (געבוירן 1919), האָט זינט אירע ערשטע טריט אין די בונדישע יוגנט-אויסגאַבעס אין לאָדזש זיך אַנטוויקלט צו אַ פעיִקער זשורנאַליסטין. זי איז אַ מיטאַרבעטערין פון „די לעצטע נייעס", ווו זי פירט דעם אָפּטייל „פרוי און היים", דרוקט אויך אין „לעבנספראַגן", „ישראל שטימע" א"אַ. וווינט אין תל-אביב.

מאַלאַשאַ מאַלי (געב. 1921), האָט אָנגעהויבן דרוקן פאַר דער מלחמה אין די אויסגאַבעס פון דער צס. פועלי ציון „באַפרייאונג", „דאָס וואָרט". זי האָט זינט 1946 זיך דערוואָרבן אַ פּאָזיציע ווי אַ גוטע און אינטערעסאַנטע דערציילערין. מיר האָבן עס געזען סיי אין אירע זאַכן, געדרוקט אין די פּליטים-לאַגערן אין דייטשלאַנד, ווי „באַפרייאונג", „דער מאָרגן" און נאָך מער אין די נאָוועלן, וואָס זענען אַריין אין איר בוך „געוויטער" ווי נעבן

מאָטיוון פון יידישן לעבן אין פוילן, רוסלאַנד, זענען אויך פאַראַנען גאַנץ דרייסטע שילדערונגען פון פסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג און בילדער געמאָלטע פון אַ קינסטלער. אירע געדרוקטע דערציילונגען אין די זאַמלונגען פון דער „יונג־ישראל״ גרופּע און „די גאָלדענע קייט״ און באַזונדערס די נאָוועלע „דער פאַרהאַנג״ פאַר וועלכע זי האָט מיט רעכט באַקומען אַ פּרעמיע, ווייזן איר שטייגן באַרג אַרויף. אויך איר מאַן, פּנחס מאַלי (געב. 1914) (מיט־רעדאַקטאָר פון פ. צ. אויסגאַבעס אין דייטשע פליטים לאַגערן) איז טעטיק אויפן קולטור־געביט. לעבט אין ישראל.

צו די, וואָס האָבן האָרט פאַר דער מלחמה אָנגעהויבן דרוקן געהערט אויך דער פּאָעט און אייגנאַרטיקער דראַמאַטורג לייבל קופּערשמידט (געב. 1910), וואָס איז געקומען קיין לאָדזש פון שטעטל ראַווע־מאַזאָוויעצק. ער האָט תמיד שווער געאַרבעט אַלס טישלער. די עטלעכע לידער געדרוקטע אין „אינזל״, „נייער פאָלקסבלאַט״, „פאַרויס״, אָדער אין „קוואַלן״ האָבן גלייך באַוויזן זייער ווערט. לייבל קופּערשמידט שרייבט „שווער״ זיינע זאַכן, אָבער ער לעבט זיי אַדורך מיט אַ באַזונדערן קינסטלערישן טראַגיזם. מיר האָבן עס געזען אין די געציילטע לידער אין די „יידישע שריפטן״ „דאָס נייע לעבן״ אָדער אין זיינע אַנדערע זאַכן געדרוקטע אין פּוילן, איידער ער איז געקומען קיין ישראל און מיר האָבן זיך נאָך מער איבער־צייגט אין זיין טאַלאַנט אין די נייערע מאָטיוון, וואָס ער באַלעבט אין די לידער און אַנדערע זאַכן, געדרוקט אין מדינת ישראל. ער האָט אין פּוילן אַרויסגעגעבן די ביכער „ציטער־פייערלעך״ 1938, „פלעמלעך אין דער נאַכט״, 1949, „טויבן איבער דענקמעלער״ 1953. אין 1957 געקומען קיין ישראל און אַרבעט ווי אַ טישלער־אַרבעטער. זיינע פרייע שעהן און זיין אָפּגעשפּאָרטע פונטן פאַרנוצט ער אויף שרייבן און אַרויסגעבן זיינע ביכער. ווי מיר זעען עס אין זיין דראַמע אין 7 בילדער „אלי אלי״ תל אביב 1960 און נאָך מער אין זיין פאַרטיפטער דראַמאַטישער פּאָעמע „די פאַררונדיקטע לעגענדע״, 1966, וואָס איז אַ קינסטלערישע וויזיע פון די יונגע טעג פון ירמיהו הנביא מיט זיינע פּשוטע פאָלקסטיפּן, וואָס רופן זיך איבער מיט די פאָלקסטימלעכע יידן פון לאָדזשער געטאָ בעתן חורבן, וואָס קופּערשמידט מאָלט מיט די פאַרבן און פלאַמען פון ירושלימס לעצטע טעג, בעת ער זעט דעם חורבן לאָדזש מיט אירע יידן.

# די יידישע שרייבערס אין לאָדזשער געטאָ

פון גאָר וויכטיקן באַטייט איז געווען דאָס שאַפן פון דער לאָדזשער שרייבער־גרופּע אין לאָדזשער געטאָ. די יידישע שרייבערס זענען אין געטאָ געווען צווישן די איבערגעגעבנסטע צו זייער פאָלק. אפילו אין די שווערסטע מינוטן האָבן זיי ממשיך געווען די יידישע קולטור און אונטער־געהאַלטן דאָס הייליקע פייערל פון יידישן שאַפונגס־גייסט. און בעת מיר באַטראַכטן היינט, אין אַספּעקט פון צייט, די ווערק פון לאָדזשער שרייבערס אין יענעם טרויעריקן פּעריאָד, לעבט ווידער אויף דאָס גרויסע מסירת־נפש פון דער גרופּע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון נצח ישראל. די שאַפונגען פון אונדזערע קינסטלערס אין לאָדזשער געטאָ זענען ליכט־פּונקטן אין דער פינצטערער נאַכט פון געטאָ. די העראָאיק פון לאָדזשער יידן געפינען מיר אין די קינסטלערישע ווערק פון ישעיהו שפּיגעל, וואָס האָט אין זיינע ביכער פון „מלכות געטאָ” ביז צו זיינע לעצטע ביכער „שטיגן צום הימל” און „פלאַמען פון דער ערד”, געגעבן די טראַגיק און העראָאיק פון טאָג־טעגלעכן קידוש השם פון לאָדזשער יידן.

און נאָר אין געטאָ, ווו דער כוח פון ווידערשטאַנד איז געווען פון אַזאַ מדרגה, ווי אַמאָל אין אַ גאָר גרויסער עת צרה אין אונדזער געשיכטע, האָט געקענט געשאַפן ווערן אַזאַ יידיש ווערק, ווי עס איז שמחה בונים שאַיעוויטשעס „לך לך” אָדער „פרילינג תשי״ב”, וואָס מען קען זיי פאַר־גלייכן, סיי אין גלויבן און סיי אין דער פּאַטעטיק, צו אַ מין „שמע קולנו” בעת נעילת שער פון יידישן פאָלק אין דער פינצטערער לאָדזשער געטאָ.

עס זענען אונדז לײדער נאָר באַקאַנט גאָר קליינע טיילן פון אַ ווערק פון שאַיעוויטשן די פּאָעמע „סראָל נאבעל”, אין וועלכער דער דיכטער האָט געגעבן אַ קווערשניט פון יידישן לאָדזש. שאַיעוויטשעס געטאָ־פּאָעמעס ווייזן אונדז א מסירת נפש פון יעדער רגע, און דאָס איז אפשר דאָס

גרעסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין לאָדזשער געטאָ, ווי אין אונדזער גאַנצער יידישער גלות־געשיכטע.

אין זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" האָט דער לאָדזשער יצחק קאַצענעלסאָן מיט אַ קראַפט פון ירמיהו געשליידערט אַ באַשולדיקונג קעגן „די הימלען, וואָס האָבן צוגעזען אונדזער בראָך" און זענען שטום און טויב געווען צו אונדזערע יסורים.

די פּאָעמע, וואָס אין פלוג קען זי זיך אויסדוכטן, ווי אַ ווערק פון אַ כופר, איז אין דער אמתן, גאָר אַ טיף־רעליגיעזער געשריי פון איינעם פון די גרויסע דיכטערס אונדזערע.

מיר ווייסן היינט וועגן חורבן לאָדזש פון ווערק פון אַלטן לאָדזשער פּ.צ. טוער ישראל טאַבאַקסבלאַט, מיר ווייסן עס דורכן ליד פון דער דעמאָלט גאָר יונגער דיכטערין רבקה קוויאַטקאָווסקי און איר „תפילה פון אַ געטאָ־ייד", וואָס שעמט זיך צו זיין „אַ מענטש". עס איז דער באַליידיקטער און פאַרשעמטער יידישער געוויסן, וואָס שרייט אַרויס פון אירע לידער, פונקט ווי ער שרייט פון איר פּראָזע־בוך „פון לאַגער צו לאַגער" ווי מיר געפינען עס אין אַלטן ספר „שבט מוסר" — כדי נישט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש, וואָס איז באַשאַפן בצלם אלוקים.

וועגן רבקה קוויאַטקאָווסקי (געב. 1920), איז כדאי מער צו דערציילן. געבוירן אין לאָדזש, האָט זי נאָך אין דער שול אָנגעהויבן שרייבן, צוערשט אין פויליש אין ד"ר י. קאַרטשאַקס ביילאַגע צום „נאַש פּזשעגלאָנד". אין געטאָ האָט זי פאַרוואָרפן פויליש און געשריבן לידער בלויז אין יידיש. מרים אולינאָווער האָט זי אַריינגענומען אין שרייבער־קרייז. פון געטאָ האָט מען זי טראַנספּאָרטירט אין פאַרניכטונגס־לאַגער שטוטהאָף און על פּי נס האָט זי איבערגעלעבט. דורך רוסישע זעלנער איז זי אַ קראַנקע געבראַכט געוואָרן קיין מאָסקווע. דאָרט האָט זי אָפּגעדרוקט אין „איינִיקייט" „דאָס ליד פון אַ געטאָ־ייד", וואָס איז שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אין כמעט דער גאַנצער יידישער פּרעסע. אין 1946 איז זי צוריקגעקומען קיין לאָדזש און געווען אין אַ קיבוץ. דאָרט האָט זי חתונה געהאַט מיט מרדכי פּנחסיק, וואָס איז געווען פון די מדריכים. אין לאָדזש האָט זי

געשריבן לידער און פּראָזע, געדרוקט אין „דאָס נייע לעבן", „יידישע שריפטן" און אין דער יידיש־פּוילישער פּעריאָדיק. ביי דער ערשטער מעגלעכקייט איז זי עולה געווען קיין ישראל. זי האָט געדרוקט אין כמעט דער גאַנצער יידישער פּרעסע און פּעריאָדיק ווי אויך אין דער העברעישער און פּוילישער. אין בוכפאָרם זענען דערשינען: „פון לאַגער צו לאַגער" 1961, „אין זיכערע הענט" 1965, וואָס זענען אויך דערשינען אין עברית. זי וווינט אין קרית חיים, ביי חיפה. איר מאַן, מרדכי פּנחסיק (געב. 1917), האָט פאַרן חורבן אָנגעפירט מיט פּ. צ. סטודענטן־גרופּעס און געווען אַ מיטגליד פון צ. ק. „התאחדות־פּועלי ציון" אין פּוילן. ער איז אויך געווען מיטרעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „באַפרייאונג" לאָדזש, 1948 — 1949. ער אַרבעט ווי אַ בוי־אינזשיניער ביי דער שטאָט חיפה און דרוקט אין דער העברעישער פּעריאָדיק.

נאָך אַ לאָדזשער יונגער טאַלאַנט יונה קאַרקוטשאַנסקי (1902—1944), וואָס האָט געדרוקט לידער אין די לאָדזשער און וואַרשעווער צייטונגען וויל איך דערמאָנען. זיינע לידער, מייסטנס מאָדערנע אין פריען פערז, האָבן פאַרמאָגט אַ געצוימטן טרויער. אין 1938 האָט ער אין לאָדזש אַרויסגעגעבן אַ טייל פון זיינע פּאָעמעס און לידער „טרוימלאַנד" וואָס זענען פון דער קריטיק אויפגענומען געוואָרן מיט לויב. ער איז אין לאָדזשער געטאָ געווען דער הויפּט־בוכהאַלטער אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, אָבער זיך פריוויליק אָפּגעזאָגט פון די „טאַלאַנען". בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אַרויסגעשיקטע אין קאָנצענטראַציע־לאַגער שטוטהאָף און דאָרט געוואָרן פאַרפייניקט צום טויט. ער האָט זיינע שאַפונגען לרוב געדרוקט אונטער „יאָנאַס קאַרק".

פאַרפייניקט צום טויט באַלד אין די ערשטע חדשים פון היטלערס ממשלה אין לאָדזש, איז אויך געוואָרן דער יונגער דיכטער ישראל־יאַנקל הערשענבוים (1908—1940), וואָס האָט געדרוקט אין די לעגאַלע און אומלעגאַלע צייטשריפטן פון דער יידישער אַנאַרכיסטישער גרופּע אין פּוילן, אין וועלכער ער איז געווען אַקטיוו. זיינע לידער צום מיינסט לירישע, זענען געווען דער אויסדרוק פון אַ צעוויטיקטער און פיינפילנדיקער נשמה. אין אָנהויב 1940 איז ער געכאַפּט געוואָרן „אויף

אַרבעט״ און אַוועקגעפּירט אין אַ טויטן לאַגער און אומגעבראַכט. אין די אַנאַרכיסטישע אויסגאַבעס האָט אויך אָנגעהויבן דרוקן זיינע לידער יאָסל וואָדניק (1914—1942), דער זון פון „לאָדזשער סאָקראַטעס״ חיים וואָדניק. ער איז פאַרפּייניקט געוואָרן אין אַ סאָוויעטישן לאַגער אין קאָלימאַ. עס האָט אויך פון צייט צו צייט געדרוקט ה. גאַרצעוויטש. צו דער גרופּע האָבן געהערט י. שיף, יצחק „שטעקעלעמאַכער״ האַניקמאַן, א״אַ, וואָס האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זייער טעטיקייט אין לאָדזשער געטאָ. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער סטודענט י. גאָלאָמב (1918—1944), וואָס איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון טראָצקיסטישן „אונזער געדאַנק״ (אין יידיש און פּויליש, לאָדזש—וואַרשע). ער איז פאַרפּייניקט געוואָרן אין אוישוויץ.

דעם זעלבן טראַגישן גורל האָט געהאַט שמואל פּאַצאַנאָווסקי (1903—1944), וואָס האָט פאַרלאָזט זיין רייכע היים און געווען פון די טוערס אין דער לאָדזשער חלוצישער באַוועגונג. ער האָט געדרוקט אין „לאָדזער טאַגעבלאַט״, „פאָלק און לאַנד״, „באַפרייאונג״. מחבר פון בוך „די קבוצה און די קבוצה־באַוועגונג״, 1934 און פון בראָשורן אָן אונטערשריפט. אומ־געברענגט אין טויטן לאַגער אָראַניענבורג.

אין אָראַניענבורג זאָל אויך האָבן אומגעקומען ישראל לייזעראָוויטש (1899—1941), וואָס איז ביז צו היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן געווען אַ לערער אין די יידיש־פּוילישע פאָלקסשולן. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון לאָדזשער יידישן עספּעראַנטאָ־קלוב און האָט איבערגעזעצט פון דער יידישער מאָדערנער ליטעראַטור אין עספּעראַנטאָ־זשורנאַלן. ער איז דער מחבר פון „לערנבוך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך עספּעראַנטאָ״, לאָדזש 1926. בעת היטלערס מאַרש אויף וואַרשע, איז ער אַנטלאָפן פון לאָדזש און אויפן וועג פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און מיט מיר צוזאַמען געווען צווישן די פאַרשפּאַרטע אין ראַוווער מאַזאָוויעצקער קלויסטער, דערנאָך אין די קאַזאַרמעס אין טשענסטאָכאָוו, ווו מיר האָבן געמוזט באַגראָבן די הרוגים פון בלוטיקן מיטוואָך. אין סעפּטעמבער 1939 אַוועקגעפירט קיין דאַכאָו און פון דאָרט קיין אָראַניענבורג און אומגעבראַכט.

ס׳איז צום באַדויערן, נישטאָ קיין שפּור פון דער גרויסער צאָל לידער

פון די לאָדזשער גאַסן־זינגער, וואָס האָבן מיט זייערע פשוטע ווערטער פון צער און צאָרן פון איין זייט און פון דער צווייטער — מיט זייער אָפּלאַכן פון די געטאָ־מושלים, געגעבן מוט און מינוטן טרייסט צו די פּאַרפּייניקטע לאָדזשער געטאָ־יידן. באַקאַנט זענען די לידער „בעקער־ליאַדע" אָדער „דאָס ליד פון די נייער מאַרקן" פון אברהם מייזעלס, די לידער פון מענדל מאַלטשאַצקי (1921—1944) — „הונגער" און „מענטשן־פערד" אין וועלכע מיר געפינען סיי דעם פּראָטעסט קעגן די רוצחים און סיי דעם גלויבן און זיכערקייט אין זייער מפּלה. מענדל מאַלטשאַצקי איז אַריין אין געטאָ כמעט אַ יינגל און אַרויסגעפירט געוואָרן צום אומקום אין אוישוויץ, ווי אַ רייפער מוטיקער רעוואָלוציאָנער, וואָס גלויבט אַז אפילו ווען ער און זיינס גלייכן וועלן אומקומען אָבער די וועלט וועט מוזן באַפרייט ווערן פון שלעכטס.

דעם זעלבן גלויבן געפינען מיר אין די געציילטע אָפּגעפונענע לידער פון הירש אַלבוס, (1925—1944), וואָס האָט שוין צו 15 יאָר געשריבן זיינע וויי־ און פיין־געשרייען ווי דאָס ליד „קאַרטאָפל" און אַנדערע, וואָס מיר געפינען אין דער זאַמלונג פון רוטע פּופּס „דאָס ליד אין געטאָ". דער 19 יעריקער אַלבוס האָט זיין טויט געפונען אין אוישוויץ, אָבער זיינע לידער האָבן איבערגעלעבט די שונאים, ווי ער האָט עס געגלויבט אין זיין לעבן.

גאָר אַנדערע מאָטיוון געפינען מיר סיי אין די מאָלערייען און סיי אין זיינע לעצטע לידער ביי ישראל לייזעראָוויטש (1902—1944). ער האָט געהערט צו דער גרופּע „טויז רויט" פון אַלפּערן, גאָלדהאַר, באַרוכין, העלמאַן און נעלקען. אין זייערע אויסגאַבעס האָט ער נישט געוואָלט געבן קיין לידער נאָר צייכענונגען, וואָס זענען געווען דיכטערישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס האָבן באַצירט די אויסגאַבעס „וועגן", „שוועלן", „זאַלבע־צווייט" און „טויז רויט". ערשט אין געטאָ איז ער געווען שעפעריש אויך אין דיכטונג, וואָס איז ווי זיינע מאָלערייען פול מיט אַפּאָקאַליפּטישע טעמעס. לייזעראָוויטש, וואָס איז געווען דאָס גאַנצע לעבן אַ בעל־מום און אַ קראַנקער, האָט מיט געפיל און צאַפּל פון אַ לעצטן לאָדזשער קינסטלער, פאַראייביקט די לאָדזשער יידישע גאַסן פאַרן אַוועקגיין קיין אוישוויץ. ער,

וואָס האָט תמיד געמאָלט זיינע בילדער אין אַ מיסטישן ליכט און קאָליר, איז אין געטאָ געוואָרן כמעט אַ נאַטוראַליסט, ווי ער האָט עס באַצייכנט אין זיינע שריפטן וועגן דעם: „לאָמיר פאַראייביקן די שיינקייט פון פאַרגיין — און מער ווי דאָס פאַרמאָגן מיר שוין נישט". צום באַדויערן האָבן מיר זייער ווייניק פון זיינע כתבים, וואָס האָבן זיך תמיד אויסגעטיילט פון אַנדערע מיט זייער גאָר טיפן אומעטיקן טאָן און געמיט, ווי עס איז אַליין געווען ישראל לייזעראָוויטש. אין 1946 האָט מען געפונען אייניקע פון זיינע לעצטע געטאָ־בילדער אין אַ פאַרלאָזטער דירה אין באַלוט.

אַ גרויסער אויפטו איז געווען דאָס שאַפן אַ שרייבער־גרופּע, וואָס צוזאַמען מיט די עלטערע לאָדזשער שרייבער זענען זיי אין געטאָ געווען פאַראייניקט אין איין גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דער דיכטערין מרים אולינאָווער, וואָס האָט ווי אַ טרייע מאַמע, געוואַכט איבער זייערע שאַפונגען און האָט דורך פאַרשידענע וועגן אויך געהאָלפן זיי אין הונגעריקע טעג און אין העלפן אָפליגן זייער „גרויסשיקן אויף אַרבעט", וואָס האָט געמיינט טויט.

צו אולינאָווערס גרופּע האָבן געהערט די פרויען חיה־הינדע לעווי, רחל וואָלינסקי, וואָס הגם זי איז שוין געווען אַן עלטערע פרוי, און דערצו אַן אויסגעפּרוּווטע בונדישע טוערין האָט זי אין לאָדזשער געטאָ אָנגעהויבן צו שרייבן פּאָעזיע און אפשר אונטער מרימס איינפלוס געשריבן אויף נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע טעמעס. מיר געפינען נעבן איר די אַביסל עלטערע מיידלעך ריווע קוויאַטקאָווסקי און חוה ראָזענפאַרב אויך די גאַנץ יונגע 15־16 יעריקע אסתר אַבראַמאָוויטש און בלומע רייכענבערג.

אסתר אַבראַמאָוויטש (געב. 1926), האָט אָנגעהויבן שרייבן סצעניש זאַכן נאָך אין די שול־יאָרן. אין לאָדזשער געטאָ געווען אין „קרייז פון שרייבער און מאָלער", וואָס האָבן זיך גרופּירט ביי י. לייזעראָוויטשן. זי האָט איבערגעלעבט דעם געטאָ און אושוויצער טויטן־לאַגער. ביז 1949 געלעבט אין פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד, אָבער ווייניק געשריבן, דערנאָך זיך באַזעצט אין ישראל. דרוקט דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן אין דער ישראל־פּרעסע. שרייבט אויך סצענאָרן. וווינט אין בני־ברק.

איר חברטע פון זעלבן קרייז, בלומע רייכענבערג (1918—1944), אַ

זייער צאַרטע דיכטערין, איז נאָך איר פּאַרלאָזן דאָס לאָדזשער געטאָ פאַר־שוווּנדן אָן יעדער שפּור און פון איר׳ע לירישע לידער איז עד היום גאָרנישט געפונען געוואָרן.

צו דער מענער־גרופּע האָבן געהערט חוץ די פון פריער באַקאַנטע לאָדזשער שרייבערס ישעיהו שפּיגעל, ישראל טאַבאַקסבלאַט, יוסף זעלקאָ־וויטש, פּייוול גאָרפינקעל, אַלטער שנור (ישראל בער איצינגער), יהודה לייב גערשט און אויך (צום באַדויערן) די נעמען פון לייב בערמאַן (גראַף קאַלי) און ש. ראָזענשטיין, וואָס מיר פאַרשטייען נישט צוליב וועלכע סיבות האָבן זיי מיטגעאַרבעט אין רומקאָווסקיס פאַרהאַסטער „ליצמאַנ־שטאַטער צייטונג" („די געטאָ צייטונג") און די יונגע: ירחמיאל בריקס, מאיר בער גוטמאַן, אברהם יאַאַכימאָוויטש, שמעון יאַנאָווסקי און משה וואַלמאַן. מיר געפונען אויך דאָרטן גאַנץ נייע נעמען, וואָס ביז דער געטאָ זענען זיי געווען אומבאַקאַנט ווי שרייבערס. למשל, דער טאַלאַנטירטער נאָוועליסט וואָלף קאַרמיאַל, וואָס האָט מיט זיינע דערציילונגען „ברויט", און „מוטער און זון" — באַוויזן שרייבערישן אייגנאַרט. אַזוי אויך די יונגערע מרדכי גרינוואַלד, ש. ל. גרין און הערש גליקסבערג, וואָס איז חוץ שרייבער אויך געווען אַ טוער אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, פּונקט ווי עס איז געווען דער געקומענער אין לאָדזשער געטאָ פון שכנותדיקן שטעטל זדונסקאַ־וואָליע דער דיכטער דניאל ראָזענזאַפט, וואָס איז געווען, לויט ב. מאַרק אין זיין אַרבעט „לאָדזשער רעוואָלוציאָנערע שרייבער אין געטאָ" דער אָנפירער פון אַן אומלעגאַלער שרייבער־גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור און אַ „זאַמלהעפט" און צו איר האָבן אויך געהערט די לאָדזשער באַקאַנטע שרייבערס פּייוול גאָרפינקעל און אַלטער האָפמאַן. (וועגן זיי וועלן מיר דערציילן שפּעטער).

בעת מיר באַטראַכטן היינט די שאַפונגען פון דער דעמאָלט נאָך גאָר יונגער דיכטערין חוה ראָזענפאַרב (געב. 1922), וואָס האָט ערשט אין געטאָ אָנגעהויבן צו שרייבן, זעט מען די אחריות פון יעדן שרייבנדיקן אין לאָדזשער געטאָ. מיר געפינען עס אין „די באַלאַדע פון נעכטיקן וואַלד", אין וועלכער מיר דערפילן דעם צער און צאָרן פון אַ רבים.

חוה ראָזענפאַרב איז געווען די טאָכטער פון לאָדזשער בונדיסט

אַבראַם דער קעלנער און זי האָט האַרט פאַר דער מלחמה פון 1939 געהאַט געענדיקט די „מעדעם-שול". אין גערטאָ האָט זי אָנגעהויבן צו שרייבן, וואָס האָט זי באַרעכטיקט צו געהערן צו מרים אוליניאָווערס שרייבער-קרייז. אַז זי איז עס ווערט געווען באַוויזן אירע ביכער „די באַלאַדע פון נעכטיקן וואַלד", „דער קעלנער אבראם", דאָס פּרעכטיקע לידער-בוך „אַרויס פון גן עדן" אין וועלכע מיר געפינען די באַלאַדן אויף מאָטיוון פון תנך, וואָס זענען ניי און אייגנאַרטיק סיי מיט אימאַזשן און סיי אין דער שטימונג און אָטעם פון אונדזער אַלטן ספר הספרים באַהויכט מיט יוגנט-חן פון אמת'ער שירה. ווייזט אָבער אויס אַז איר „לעבן" און איבער-לעבן אוישוויץ, לאָזט זי נאָך אַלץ נישט אָפּ. ווי מיר זעען עס סיי אין איר חורבן-דראַמע „דער פויגל אין געטאָ" וואָס איז געשפּילט געוואָרן פון דער „הבימה" אין ישראל און סיי אין איר ברייט פאַרטראַכטן ראָמאַן אין דריי טיילן „דער בוים פון לעבן" אין וועלכן זי האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן אויף אַ קינסטלערישן אופן די עפּאָפּייע פון דער יידישער שטאָט לאָדזש פון איר באַגין ביז צו איר גסיסה צווישן די לאַפּעס פון די לאָדזשער נאַציס, די מושלים פון לעבן און טויט פון די לאָדזשער יידן. חוה ראָזענפאַרב וווינט אין מאָנטרעאַל און איז טעטיק אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטור-לעבן.

וואָלף קאַרמיאָל איז געבוירן אין לאָדזש אין 1914, ער האָט געענדיקט אַ העברעישע גימנאַזיע, דעם וואַרשעווער און העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. ער איז געווען אין לאָדזשער געטאָ אַ לערער אין די יידישע שולן און איינער פון די 800 לעבנגעבליבענע פון לאָדזשער יידן. ביז 1946 איז ער געווען אין פּוילן און פון 1947 אין אַמעריקע. אַ צייט געווען אַ לערער אין די אַרב.-רינג שולן, דערנאָך געאַרבעט אין די „הסתדרות"-קאַמפּיינען. ער האָט אָנגעהויבן צו דרוקן ערשט נאָך דער מלחמה אין „דאָס נייע לעבן" אָבער באַלד זיך דערוואָרבן אָנערקענונג נישט בלויז צוליבן באַהאַנדלען די געטאָ-טעמאַטיק, נאָר צוליב זיין קינסטלעריש באַהאַנדלען זיינע העלדן, וואָס ער טוט עס מיט לאָדזשער האַרציקייט און וואַרעמקייט. זיין בוך „וועגענער ציען צום סוף וועלט" איז אַ שטייגן באַרג אַרויף אין זיין שרייבן. כאַראַקטעריסטיש איז זיין אַריינפיר, אין וועלכן

מיר דערהערן די תפילות פון דורות יידן, וואָס האָבן זיך געבעטן מען זאָל נישט פאַרגעסן, וואָס זיי זענען אויסגעשטאָנען אין עת צרות. און נאָך עפּעס וויל איך זאָגן וועגן קאַרמיאַלן און זיין שרייבן: ער האָט די טיפע באַציונג צו זיין עבודה, ווי מיר דערפילן עס אין זיין דערציילונג „דעם דיכטערס טויט" אין וועלכער ער פאַראייביקט לנצח דעם הייליקן אָנדענק פון יידיש־העברעיִשן שרייבער חנן דזשעוויעצקי, וועלכער וואָלט אפשר אָן קאַרמיאַלס דערציילונג פאַרגעסן געוואָרן. וו. ק. לעבט אין ישראל, איז פאַרוואַלטער פון „די גאָלדענע קייט".

גאַנץ נייע און אומבאַקאַנטע נעמען זענען ביז צו דער געטאָ געווען די דיכטער: יאָסל גערשבערג (1915—1942) וואָס האָט נאָכן ענדיקן די העברעיש־פּוילישע גימנאַזיע געשריבן דערציילונגען און סאַטירעס אין העברעיש און איז צו יידיש ערשט אַריבער אין 1937 מיט זיין ערשטער דערציילונג „פלאַמען" אין דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" דערנאָך געדרוקט אויך אין „נייער פאָלקסבלאַט". ער איז געווען פון דער יונגסטער לאָדזשער שרייבער־גרופּע און האָט זיך באַטייליקט אין „גרינע בלעטער", „קוואַלן" א"אַ. בעת די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש איז ער אַוועק קיין ביאַליסטאָק, שפּעטער איז ער צוריקגעפאָרן קיין פּוילן און געלעבט אין וואַרשעווער געטאָ, וווּ ער איז געשטאָרבן פון הונגער, זומער 1942. מרדכי מענדל גרינוואַלד, (1918—1944), וואָס איז געווען ביז דער מלחמה אַקטיוו אין דער בונדישער יוגנט־גרופּע און איז געווען אַ שילדן־מאָלער. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן הומאָריסטישע לידער און סאַטירעס אין דעם הומאָר־אָפּטייל פון „נייער פאָלקסבלאַט" 1935, און געווען צווישן דער יונגסטער גרופּע שרייבערס, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער אויסגאַבע „צווייגן", 1938. ער האָט אויך געדרוקט אין „גרינע בלעטער". געווען אין לאָדזשער געטאָ און געליטן הונגער און קראַנקהייטן. דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן צו שרייבן גאָר אַ סך סאַטירישע לידער און משלים אויף די געטאָ־מושלים, וואָס אייניקע פון זיי זענען פאַרעפנטלעכט אין דער אומלעגאַלער „געטאָ־זאַמלונג" רעדאַקטירט פון אַלטער שנור. ג. איז געשטאָרבן פון הונגער אין לאָדזשער געטאָ אייניקע וואָכן פאַרן אַרויספירן די לאָדזשער יידן קיין אוישוויץ. צו מרים אולינאָווערס שרייבער־קרייז

האָט אויך געהערט די יונגע דיכטערין חנה יאַקובאָוויטש (1920—1944), וואָס האָט נאָך אין דער צייט ווען זי איז געווען אַ שילערין פון דער פויליש־העברעישער מיידל־שול, שוין געדרוקט אירע לידער אין „נייער פאָלקסבלאַט", „גרינע בלעטער" און „קוואַלן". אין געטאָ האָט זי געאַרבעט אין „שטרוי"־רעסאָרט. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט.

דעם זעלבן גורל האָט געהאַט דער יונגער שרייבער און דערציילער י. ל. בער (1908—1942), וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער אין „נייער פאָלקסבלאַט" 1932 און דערנאָך דאָרט און אין „וואָכנשריפט פאַר ליטע־ראַטור" געדרוקט דערציילונגען. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש איז ער אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט ווייטער געשריבן. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקהייטן אין וואַרשעווער געטאָ. זיינע 6 דערציילונגען, וואָס שילדערן דאָס לעבן אין וואַרשעווער געטאָ, זענען אָפּגעפונען געוואָרן צווישן די מאַטעריאַלן פון רינגעלבלום־אַרכיוו.

אין לאָדזשער געטאָ האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן זרח ירחמיאל וויינבערג (1891—1971) דאָס „טאַטעלע", וואָס איז ביז דער מלחמה געווען אַ בונדישער עסקן. ער האָט סיי אין געטאָ און סיי אין אוישוויצער טויטן־לאַגער געמוטיקט און געטרייסט. ער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און איז נאָך דער באַפרייונג געווען פון די טעטיקסטע בונדישע קולטור־טוערס אין פעלדאַפינג. ער האָט גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער לעבנגעבליבענער יונגער בונדישע מחנה, וואָס ער האָט ווי אַ פאָטער אויפגענומען מיט האַרציקייט. ער איז אויך געווען פון די, וואָס האָבן אומלעגאַל אַוועק־געשיקט פון די פּליטים־לאַגערן אין דער פרייער וועלט אַריין. ביז די לעצטע יאָרן געלעבט אין פּאַריז און חוץ מיט מאַלעריי זיך אויך פאַר־נומען מיט שרייבן אין „אונזער שטימע", פּאַריז, אַרטיקלען און זכרונות פון דער געטאָ־צייט און זיינע אויפטוען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאָדזש. געשטאָרבן אין ריימס, פראַנקרייך.

און נישט בלויז לידער און דערציילונגען האָבן די שרייבער געשריבן אין געטאָ, נאָר אויך גרעסערע ווערק. אַזוי ווייסן מיר וועגן אַ ניי גרויס פּראָזע־ווערק פון אָרטאָדאָקסישן שרייבער און תלמיד חכם יהודה לייב

גערשט, דער מחבר פון באַקאַנטן בוך „יידישקייט און וועלטלעכקייט". אויך וועגן אַ צווייטן אָרטאָדאָקסישן שרייבער אַלטער שנור, וואָס האָט אין געטאָ געשריבן אונטער: איצינגער און אַנדערע נעמען. טיילן פון זיינע לידער און נאָוועלן געפינען זיך אין די אָפּגעזוכטע מאַטעריאַלן פון לאָדזשער געטאָ און ביי זיין אלמנה אין קרית אתא, ישראל. מיר ווייסן איצט וועגן די אַרבעטן פון ירחמיאל בריקס, וואָס זיין בוך „אויף קידוש השם" האָט געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג. ער האָט אין זיין בוך (אָנגעהויבן שרייבן אין געטאָ), געגעבן דעם גרויל פון געטאָ־ייד.

מיר ווייסן ליידער זייער ווייניק וועגן די אַרבעטן פון יוסף זעלקאָוויטש, וואָס האָט תמיד זייער אַ סך געאַרבעט און וואָס אין געטאָ האָט ער חוץ אויף ליטעראַרישע טעמעס, דער עיקר געשריבן און געזאַמלט פאָלקלאָ־ריסטישע און וויסנשאַפטלעכע ווערק. אויך אויפן געביט פון „לאָדזשער געטאָ לשון" — אַ וויכטיקער אויפטו פאַר דער יידישער פילאָלאָגיע — האָט ער אין געטאָ געשאַפן. ליידער ווייסן מיר בלויז וועגן זיין טאָג־בוך, וואָס ווייזט דעם שוואַרצן כאַראַקטער פון די געטאָ־הערשער און זייערע קנעכט (טיילן פון זיינע געטאָ־שריפטן געפינען זיך אין די אַרכיוון פון „ייוואָ" אין ניו יאָרק).

און אַז מיר דערמאָנען די ווערק וועגן געטאָ־לעבן, דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן די ווערק (וואָס צום באַדויערן האָבן מיר זיי נישט געקענט אָפּ־געפינען), פון פּראָפעסאָר אַקסעלראָט, אַ גימנאַזיע־לערער, וואָס האָט גענוי נאָטירט אַלע געשעענישן אין געטאָ און געשאַפן אַ גרויס בוך פון גרויסן וויסנשאַפטלעכן באַטייט וועגן לאָדזשער אַרבעטס־לאַגער.

אויך ווייסן מיר גאַנץ ווייניק וועגן די געטאָ־שריפטן פון די שרייבערס אברהם פּאָטשארעק, פּ. גאָרפינקעל, האָפמאַן א"אַ. א. פּאָטשאַרעקס לעצט בוך דערציילונגען, וואָס האָט געזאָלט דערשיינען אין 1939 איז בעת דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע פאַרברענט געוואָרן.

אָבער אַלע שרייבערס אין געטאָ האָבן אויף זייער אופן מקדש־השם געווען טאָג־טעגלעך אין זייער שרייבערישער עבודה.

די לאָדזשער יידישע שרייבערס האָבן מיט זייערע אַרבעטן אפילו באַאיינפלוסט די גרופּע פון יידיש־דייטשע שריפטשטעלערס, וואָס זענען

פאַרשלעפּט געוואָרן פון זייערע ווינטערטער אין לאָדזשער געטאָ אַריין, און זיי נאָענט געמאַכט צו אונדזער יידישער קולטור, ווי למשל, דער לייטער פון די טעאַטערן אין בערלין, ד״ר אָסקאַר זינגער, וואָס האָט אין געטאָ אָנגעשריבן אַ ציקל עסייען „אָסט און וועסט״ אין וועלכע ער באַטאָנט די הויכקייט פון די א. ג. „אָסט־יודן״, די אַזוי שטאַרק פאַרשעמטע צווישן די „יהודים״, וואָס זייער קולטור האָט ער ערשט דערקענט אין דער עת צרה פון געטאָ. זיי זאָלן זיך געפינען אין די אַרכיוון פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע (יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט) אין וואַרשע, און ווער ווייס צי מען וועט זיי אַמאָל אָפּדרוקן.

וויכטיק איז אויך צו דערציילן וועגן דער עטישער הויך פון אַזאַ גרופּע קינסטלערס, וואָס נישט האָבנדיק קיין אָרט ווו צו דרוקן זייערע שאַפונגען, האָבן זיי זיך דאָך נישט מטמא געווען (ווי די צוויי: ראָזענשטיין און בערמאַן) און אפילו קיין איין מאָל נישט געגעבן קיין איין שורה אין רומ־קאָווסקיס „געטאָ־צייטונג״, נאָר ריין געהאַלטן זייער שרייבערישן באַרוף און ווערדע. און נישט נאָר די אַלטע, אָנערקענטע שרייבערס, נאָר אַפילו דער יונגער נאכוווקס, וואָס האָט זיך זיכער געריסן צו קומען צום אויסדרוק, האָט קיינער פון זיי נישט געדרוקט זיך אין דעם שמוציקן בלעטל...

אַזוי ווייסן מיר פון די שווערע יסורים וואָס עס האָט געליטן דער העברעיִש־יידישער שרייבער און ראָמאַניסט חנן דזשעוויעצקי, דער מחבר פון די ביכער „יאוש״ און „קדימה״, וואָס האָט געאַרבעט ווי אַ לערער אין דער יידישער פאָלקסשולע און צווישן די טונקעלע וועגט פון זיין פּיצל שטיבל געשאַפן זיינע צוויי גרויסע ראָמאַנען אין געטאָ, דעם העברעיִשן „פּחם מגיע אל התחנה״ און דעם יידישן געטאָ־ראָמאַן „באַגינען״. און אין מינוטן פון דעם גרעסטן פּיין ווערט ער נישט פאַרצווייפלט און נישט מיד צו רופן צו די יידישע פּען־מענטשן: — רוט נישט! לייזט אויס ס׳אייביקע אין אייך: זייט מנצח דעם חושך איידער עס ווערט צו שפּעט און איידער איר ווערט פון אים פאַרשלונגען...

דזשעוויעצקי האָט געהונגערט און געליטן פון זיין שווערער חולאת — „אַנגינע־פּעקטאָריס״, אָבער קיין איין מאָל נישט געוואָלט אָנקומען צו דער „גנאָדע״ פון די געטאָ־בעלי־בתים.

עס איז אונדז אויך באַוווסט וועגן דער גרויסער גרופּע יידישע מאָלערס, וואָס האָבן ממש מיט די לעצטע כוחות געשאַפן אין געטאָ.

עס איז באַוווסט, וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס לאָדזשער יידישע מאָלערס האָבן געשפּילט אין דער יידישער קונסט-וועלט, מיר קענען לײדער נישט שרייבן ברייט וועגן זיי. מיר ווילן אָבער נישט פאַרגעסן וועגן דעם מייסטער שמואל הירשענבערג (1866—1908), וואָס זיין גרויס ווערק „גלות" האָט אים זיכער געטריבן קיין ארץ ישראל ווו ער איז געשטאָרבן; מאַנע קאַץ (1894—1969), וואָס האָט זיין אָנהויב געמאַכט אין לאָדזש. געוועזן אַן איידעם פון פאַבריקאַנט און ציוניסטישן עסקן פּיקעלני.

דער גרויסער יידישער מאָלער משה (מאוריצי) טרעמבאַטש, וואָס איך זע אין מיין דמיון, ווי ער ווערט געטריבן פון זיין אַטעליע אויף פּיעטרי־קאָווער גאַס אין געטאָ אַריין מיט זיינע בילדער און זיינע אויסגעמאָלטע יידן פליען אַרויף צו די הימלען, ווי די אותיות פון דער ספר תורה אין די לעצטע מינוטן פון ר׳ חנינה בן תרדיון.

עס שפּרייטן זיך נאָך אים הונדערטער לייוונטן פון זיינע תלמידים, וואָס גייען מיט אים אין געטאָ אַריין.

עס גייט מיט זיינע שווערע טריט דער פּייזאַזשיסט אַדאָלף בערמאַן און זיינע קאָלירן וואָס זענען תמיד געווען פון העלן ליכט, שאַטענען מיט טרויער פון אומקום און טויט.

איטשל ברוינער האָט אין געטאָ נאָר געמאָלן מיט אַ פּעדער אין דער פאָרם פון אַן איינגעוויקלטער מגילה, ווי ער האָט געזאָגט, אַז ער מאָלט און צייכנט זיי ספּעציעל אין דער פאָרעם, כדי מיר זאָלן האָבן נאָך היטלערס מפּלה אַ „נייע יידישע מגילה".

דאָס זעלבע געפיל האָט אַרויסגעבראַכט אין זיינע בילדער ישראל לייזעראָוויטש.

דער קינסטלער און זעלטענער פּאָרטרעטיסט הערש שיליס, מיט זיינע „יידישע הייף" און „יידישע קינדער אין געטאָ" און אויך מיט זיינע „גרינע יידן" וואָס בליקן מיט זייערע טרויעריקע פּנימער — אַריבער איבערן איצט, נאָר זען אין זייער חלום דערלייזונג און בטחון מיט וועלכע

לאָדזשער יידן האָבן מקבל באהבה געווען יסורים און גזירות רעות. איבער־געלעבט אוישוויץ, לעבט אין צפת.

אין ישראל לעבן אויך די מאָלערינס ראַוווסקאַ־קאַן, וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין אירע בילדער און פרומע יאַקובאָווסקאַ־בעקער (די פרוי פון רעדאַקטאָר פון „ישראל שטימע", יעקב בעקער, וואָס איז די נאָך מלחמה־יאָרן אין לאָדזש געווען אַקטיוו אין דער פּוע"צ־באַוועגונג). פ. ב. האָט ביזן חורבן געמאָלט אויף פּאַרצעלאַן, אין ישראל אַריבער צו פּיי־זאַזשן און שטיל־לעבנס, ווו זי ווייזט אַרויס אייגנאַרט אין טאָן און פאַרב.

מיינע דריי תלמידים, וואָס האָבן ביי מיר געלערנט שילדן־מאָלעריי און זענען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו באַרימטע קינסטלערס: דער יונגער פּועלי ציוניסט מענדל לאַסקער (1910—1944), דער מאָלער און מעטאַלאָפּלאַסטיקער, וואָס האָט אין אַלטע און פּראַסטע בלעכן אויסבאַהאַל־טענע פון די „געזעץ־היטערס" אויסגעהאַמערט די פּיינען פון די לאָדזשער געטאָ־קינדער און זקנים. זיינע בלעכן זענען ווי ער אַליין פאַרשוווּנדן אין די פייערן פון דער קרעמאַטאָריע אין אוישוויץ..

מיין צווייטער תלמיד יואל פרידמאַן (1900—1942), וואָס איז געווען דער דעקאָראַטאָר פון דער „טעאַטער סטודיע ביים הזמיר" און וואָס האָט געמאַכט הילעס צו קאָמוניסטישע ביכער און פּלאַקאַטן, האָט נאָכן אַנטוישן זיך אין ביאַליסטאָק אין „זייער סאָציאַליזם", פאַרשריבן זיך צו פאָרן צוריק קיין פוילן און איז אין יוני 1940 ביי די כאַפּונגען פאַרשיקט געוואָרן אין די וויסטעניש פון קאָמי און דאָרטן ווינטער 1942 אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקהייטן.

הערשעלע באַלזאַם (1908—1944), אַ קאַרליק, געצייכנט אין געטאָ קאַריקאַטורן פון די געטאָ־מושלים. אַ „יונגבאַריסט". אומגעקומען אין אוישוויץ.

מיינע צוויי תלמידים שמואל זילבערשטיין און אביגדור האַניקמאַן, וואָס זענען אין לאָדזש געווען אַקטיוו אין דער „באַראַכאָוו־יוגנט". זיי האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן אין רוסלאַנד. יעצט אין מדינת ישראל. ביידע האָבן זיך אַנטוויקלט ווי טאַלאַנטירטע מאָלערס און ציען ווייטער זייער לאָדזשער יחוס.

איך זע שפּאַנען פון לאָדזש קיין פּאַריז און פון דאָרט קיין דראַנסי און אוישוויץ מיין חבר, און דער חבר פון דער לאָדזשער און פּאַריזער יונגער שרייבער־חברה, יאַנקל מאַנטשניק (1905—1945). זיינע אַמאָל זייער שיינע אויגן זענען באַצויגן מיטן טרויער, וואָס ער האָט אַריינגע־לייגט אין די צייכענונגען פון די יידישע אַלטע שילן אין פּוילן, צו וועלכע ער האָט זיך איילוק געצויגן אין 1934 מיטן געפיל זיי אָפּצוראַ־טעווען פון שכחה. ער בליקט צו זיין פאָטערס שטוב אויף ווסכאָדניע 59 בשכנות פון אונדזער דירה, און צו זיין טאַטן, ר׳ ישראל דעם אַלעק־סאַנדערער חסיד, וואָס האָט, ווי מיין טאַטע, אויסגעטוישט דאָס באַ־קוועמע לעבן פון אַ לערנער און געוואָרן אַ מאָלער, ווי מיין פאָטער.ביידע זענען געבליבן ביזן טויט גוטע חברים.

מיין טייערער חבר יוסף קאָוונער (1896—1944), דער אינטימסטער פריינד פון דער יונגער שרייבער־גרופּע, וואָס האָט אונדז אַלע הונדערטער מאָל געמאָלט, זיינע בילדער פון געטאָ זענען אין גאַנצן אַנדערש פון זיינע פריערדיקע. י. קאָוונער איז אין געטאָ אין גאַנצן געוואָרן באַהערשט פון יידישער טעמאַטיק, אַנדערש ווי אין זיינע נאַטור־בילדער און שטיל־לעבנס.

וועגן באַרימטן מאָלער, דעם אימפּרעסיאָניסט נאַטאַן שפּיגעל (געב. 1895), ווייסן מיר בלויז, אַז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ אין 1940. דאָס זעלבע וועגן מאָלער מאַרק שאַפּיראָ, וואָס איז אויך אין דער זעלבער צייט דערמאָרדעט געוואָרן אין וואַרשע. אין סעפּטעמבער 1939 איז אין לאָדזש געהרגעט געוואָרן פון די נאַציס דער מאָלער און צייכנער קאַראָל הילער, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן צווישן די, וואָס זענען באַקאַנט געווען ווי אַנטי־נאַציס. י. לעווין, וואָס האָט ביז דער מלחמה געלעבט אין זאַקאָפּאַנע, איז אומגעקומען אין וואַרשע, דאָס זעלבע מאַקס האַנעמאַן, וואָס האָט אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיך געחברט מיט לאָדזשער שרייבערס און זיינע צייכענונגען זענען יעדן פרייטיק געווען אין „ל. טאַגעבלאַט". פון די לאָדזשער קינסטלער, וואָס זענען געווען אין געטאָ, זענען אין אוישוויץ אומגעבראַכט געוואָרן חנוך באַרטשינסקי, אידאַ ברוינער (די שוועסטער פון יצחק ב.), חוה ברזשעזשינסקי, חוה

לייזעראָוויטש, (די יונגערע שוועסטער פון מאָלער און דיכטער ישראל ל.); יצחק זיידלער און ראָמאַן ראָזענטאַל, וואָס איז אַ צייט געווען דעקאָראַטאָר פון „ארט״. דער מיניאַטורן־קינסטלער און מעטאַלאַפּלאַסטיקער און איי־דעלערביין־שניצער, דעם חבר פון דער לאָדזשער שרייבער־גרופּע, כיימאַ־וויטש און פון סקולפּטאָר חיים שפּיגעל, דער ברודער פון שרייבער שמעון ש., וואָס זענען אַרויס פון לאָדזשער געטאָ מיטן פּאַרלעצטן טראַנס־פּאָרט, ווייסן מיר גאָרנישט. מיר האָבן קיין מאָל פון זיי נישט געהערט און ווייסן אַפילו נישט ווו זייערע יונגע קברים זענען. אַזוי ווייסן מיר נישט וועגן דער קינסטלערין פון „שטיללעבנס און בלומען״ און פון אירע טרויעריקע געטאָ־בילדער. דאָס זעלבע וועגן די מאָלערס און סקולפּטאָרן יחזקאל קויאַווסקי, פּייגע עדעלמאַן, משה גורעוויטש, נתן קויפמאַן, שמעון שערמאַן און יעקב לעסמאַן. זיי אַלע האָבן זייערע לעצטע שעהן געהייליקט דער יידישער קונסט מיטן גלויבן אין נצח ישראל.

יחזקאל קויאַווסקי (1902—1969) האָט אין אוישוויצער טויטן־לאַגער איינגעשטעלט דאָס לעבן און אַרויסגעגנבעט עסנוואַרג און פּאַרטיילט צווישן די יידישע קינסטלערס. איבערגעלעבט דעם חורבן און אַ צייט געלעבט אין ישראל. געשטאָרבן אין ליאָן, פראַנקרייך.

אַזוי אויך האָט זיך פון דער גאַנץ־גרויסער פּלעיאַדע לאָדזשער קינסט־לער אין פּאַריז, בלויז געראַטעוועט פון היטלערס טויטן לאַגער אוישוויץ, דער באַגאַבטער יאַנקל מאַרקיעל (געב. 1913), וואָס האָט זיך נאָכן חורבן פּאַרטיפט אין פּאָרטרעט, וואָס ער ברענגט אַרויס אין אַ רעמבראַנדטישן טאָן און מוזיק; און דער מאָלער־דעקאָראַטאָר פון „ארט״ שמואל בלום, וואָס איז געווען טעטיק און געקעמפט קעגן די דייטשן אין פראַנצויזישן אונטערערד.

מיר טאָר נישט פאַרגעסן דעם זעלטן פיינעם קונסט־פּאָטאָגראַף יעקב שענפעלד (1894—1944), וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס גערער שטיבל און געפאָרן שטודירן קיין פראַנקרייך און איטאַליע און איז לאַנגע יאָרן געווען דער חבר פון יידישע שרייבערס. אומגעקומען אין אוישוויץ. דאָס זעלבע וועגן יונגן מענדל גראָסמאַן (1917—1944), וואָס האָט זיינע פּאָטאָ־גראַפיעס דערהויבן צו קונסט־שאַפונגען. ער איז געווען אַ זעלטענער צייכענער.

פעלאַ פּאַצאַנאָווסקאַ און ה. קאַלמאַן־גלעב, וואָס האָט נאָכן חורבן דערהויבן זיך צו גרויסן טאַלאַנט.

עס זענען אומגעקומען אין אוישוויץ די אַלטע לאָדזשער מאָלערס, אברהם וויינבוים (1890—1943), מאַרק סלאָדקי (1892—1943); דער סקולפּטאָר יעקב ציטרינאָוויטש (1893—1943), וואָס האָט אין זיינע לאָדזשער יאָרן אויך געשריבן לידער אין יידיש און פּויליש און דער באַרימטער מאָלער און שרייבער חיים עפּשטיין (1891—1943), וואָס איז נאָך געווען אַ מיטגליד פון דער לאָדזשער „מחמדים"־גרופּע און געדרוקט אַרטיקלען איבער קונסט אין פאַרשידענע צייטשריפטן, און אין „רענעסאַנס" לאָנדאָן, 1920.

דער קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַניסט אַרטור רובינשטיין (געב. 1887), פּאָול קלעצקי (געב. 1902), באַרימטער פּיאַניסט און דיריגענט און אונדזער האַרציקער הערץ גראָסבאַרד, וועלכער האָט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז זיין אַרט איז נישט די לאָדזשער דייטשע בינע, ווו ער האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט, נאָר די יידישע ליטעראַטור, וואָס ער דאַוונט אויס ממש ווי אַ פרומער ייד זיינע תפילות — און די שענסטע טענער און חלומות פון אַ לאָדזשער ייד איבער דער וועלט.

עס דאַרפן געדענקט ווערן צום גוטן די גרינדער פון יונגע דראַמ.־קרייזן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן, ווי ישראל שיוועק (1904—1937), שלמה בעכער (1906—1934), דער חבר פון י. שומאַכער ,וואָס איז געווען טעטיק ביי די צעירי־ציון און געדרוקט לידער און דערציילונגען.

מיר דערמאָנען אויך די יידישע אַקטיאָרן סיי פון די טעאַטער־טרופּעס ווי ראַקאָוו און זיין פרוי נערה, הערשקאָוויטש און זיין משפחה ,פרוי בעז־מאַן, פרוי האבערמאַן, גאָלדבערג און די יונגערע, וואָס האָבן אין מינוטן פון פיין אָנגעוואָרעמט די הערצער פון די יידישע מאַסן אין געטאָ און געמאַכט אויף אַ מינוט שמייכלען זייערע פּנימער. די יונגע אַקטיאָרן פון „אררט", פון די דראַמקרייזן ביי דער צענטראַלע פון די יידישע פאַריינען, די טעאַטער סטודיע ביים „הזמיר" און דער עיקר די פון „געטאָ־טעאַטרל" און פון „קינדער טעאַטער", וואָס זענען געשטאַנען אין קאַמף פאַר דער

יידישער קולטור, צוזאַמען מיטן לאָדזשער יונגן שרייבער. צווישן זיי: מאַשעלע פעטערמאַן (און איר מאַן דיאַמאַנט), אַנקע פאַבריקאַנט, משה נעלקען, ווידאַווסקי, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס און מאָטל קאַן, וואָס איז אומגעקומען אין אַ רוסישן לאַגער. מיר דאַרפן אויך דערמאָנען די קליינע צאָל לעבנגעבליבענע, ווי די לעבנגעבליבענע אין רוסלאַנד ש. דזשיגאַן, י. שומאַכער (געשטאָרבן אין ישראל), מאָטל הילס־בערג, וואָס האָט אין ישראל דערגרייכט צו וויכטיקע טעאַטער־קרעאַ־ציעס, מינאַ בערן און דער קליינער גאָלדשטיין אין אַמעריקע און פון געטאָ — לאָלאַ זילבערמאַן, משה פולאַווער און דעם רעציטאַטאָר שמאי ראָ־זענבלום, וואָס האָט כמעט בלינדערהייט געטאָן אין געטאָ זיין עבודה (ביי דער געלעגנהייט, וויל איך אויך דערמאָנען אַ יונגן שרייבער, וואָס האָט געשריבן פאַר די דראַמקרייזן און איז אומגעקומען — ראָזענבלום).

עס דאַרפן אויך פאַראייביקט ווערן אין זכרון פון פאָלק די אַלע מוזיקערס און זינגערס, קאָמפּאָזיטאָרן און דיריגענטן, הן די וואָס האָבן געטריי געדינט דעם יידישן מענטש אויפן לאָדזשער באָדן און הן די, וואָס זענען פון אַנדערע לענדער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. עס דאַרף דערמאָנט ווערן דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט דוד בייגעלמאַן (און זיין פרוי, וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען פון די אַקטיאָרן אין גרויסן טעאַטער), דער פּאָרפאַסער פון צענדליקער מוזיק־נומערן און האַרציקע ניגונים צו די לידער פון יידישע און העברעיִשע שרייבערס. אין געטאָ איז ער געווען אין גאַנצן פאַרנומען מיט יידישער מוזיק און מיט זיינע אייגענע יידישע דיכטונגען, וואָס ער האָט געשריבן די ווערטער און מוזיק אין די טעג פון הונגער.

די קאָמפּאָזיטאָרן: פּראָפ. פייוווישעס פון „הזמיר־כאָר" פּראָפ. זאַזולאַ, ראָזענטאַל (וואָס חוץ מיט זיינע קאָמפּאָזיציעס צו „אַררט"־פּראָגראַמען איז ער אויך געווען אַ באַגאַבטער מאָלער), דער יונגער אויפגייענדיקער „שטערן פון מוזיק", יאַבלאָן.

אויך די מוזיקער־יידן וואָס זענען געקומען אין געטאָ פון אַנדערע לענדער: עליזאַבעט און רודאָלף בענדער, וואָלף צענדער, מענדל אייזמאַן, סילוויא פעלדשטיין, אַנטאָן קראַפּט — דער באַרימטער דיריגענט, וואָס איז

געווען אין לאָדזשער געטאָ דיריגענט פון יידישן קליינקונסט־טעאַטערל און האָט זיך מיט דער גאַנצער נשמה אַריינגעלעבט אין די יידישע טעקסטן, ווי ער וואָלט כל ימיו געווען אַ מוזיקער פון יידישער נגינה; ישראל קאַץ, אסתר קאָוונער, יאָאַכים קראַפּיווניק, ישראל לעוויטין, יאַדזשע ליקערניק, מאַרעק ליס, יוסף און העלענאַ פּיליפּ, און אונדזערע לאָדזשער וווּנדער־קינדער בראַניע ראַטשטאַט, וואָס האָט זיך אין לאָדזשער געטאָ פאַרטיפט אין יידישער מוזיק און עס צוריקגעגעבן פאַרן עולם מיט דער גאַנצער באַנקשאַפט פון אַ יידישער טאָכטער, וואָס איז צוריקגעקומען אין דער יידישער סביבה אין די טעג פאַרן אומקום אויף קידוש השם; אברהם שטילמאַן, דער פידלער בחסד עליון, העניק טויבע — אַ שריד פון דער באַרימטער, אַלט־לאָדזשער מוזיקער־משפּחה, וואָס נאָר געציילטע זענען געבליבן נאָכן חורבן; אברהם ברין, טעאָדאָר רידער — דער לאַנגיאָריקער דיריגענט פון לאָדזשער פילהאַרמאָניע, וואָס הגם ער האָט זיך געהאַלטן נאָענט מיט יידן, איז ער צוליבן שמד פון זיין פאָטער געווען פון ווייטנס פון יידישע קינסטלער און ערשט אין געטאָ צוריקגעקומען צו יידן; נח שטיינמאַן — דער יונגער ווירטואָז, בערנאַרד מיפּעלד און די אַלע, וואָס די ציין פון דער צייט האָבן אויפגעפרעסן זייערע נעמען — לאָמיר זיי טראָגן אין די הערצער — זיי אַלע האָבן אין די שווערסטע טעג פון לאָדזשער געטאָ אַלע זייערע כוחות און טאַלאַנטן אָפּגעגעבן און געשאַפן דורך זייער אַרבעט מינוטן פון דערהויבונג פאַר די פאַרשמאַכטע און פאַרצווייפלטע.

איך וויל אויך דערמאָנען צום גוטן דעם פאָלקסזינגער „יאַנקעלע", וואָס האָט אין די פינצטערע טעג אין געטאָ דערמונטערט דעם עולם מיט זיינע הומאָריסטישע און חוזק־לידער, וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט און געזונגען אויף די גאַסן און אין די הייף. ער איז לעבנגעבליבן נאָך די יסורים אין אוישוויץ, אָבער צוריקגעקומען אַ קראַנקער. צוליב דעם פאַרבליבן אין לאָדזש, ווי אַ לעבעדיקער זכרון נאָך אונדזער היים־שטאָט.

מיר דאַרפן זיך גרויסן מיט אונדזערע לאָדזשער קינסטלער, וואָס האָבן אונדזער שטאָט גרויס און באַרימט געמאַכט איבער דער גאַנצער וועלט.

# אויך זיי דאַרפֿן מיר געדענקען

עטלעכע ווערטער מוזן מיר אויך ווידמען די אַלע שרייבערס־יידן אין לאָדזש, וואָס האָבן געשריבן אין אַנדערע שפּראַכן. די אַלע יידישע שריפט־שטעלערס און דענקערס, וואָס האָבן באַרייכערט די אַלגעמיינע פּרעסע און ליטעראַטור פון לאָדזש און מחוץ איר.

די שרייבערס היינריך צימערמאַן (וואָס איז אַוועק פון יידיש צו דייטש), אַלטאַשעווסקי־נוסבוים, דער רעדאַקטאָר פון „רעפּובליקאַ", וואָס זיין פאָטער איז געווען אַ„דאָזאָר" אין דער גמינע און מיטגרינדער פון האַנטווערקער־פאַראיין און פון דער יידישער האַנדלס־שולע; יאַן אָרבאַך און פעליקס זאַקס פון „גלאָס פּאָראַנני". ספּעציעל דאַרפן מיר אויסטיילן דעם גרויסן פּאָעט, וואָס איז ביז זיין לעצטן אָטעם געווען אַ לאָדזשער, יוליאַן טובים.

מיר ווילן אָבער מיט אַ באַזונדער פּיעטעט מזכיר זיין עטלעכע דיכטער, וואָס הגם זיי האָבן געשריבן אין פּויליש, האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר יידישע פּאָעטן און זיך געחברט מיט דער יידישער קינסטלער־חברותא פון לאָדזש.

דער אָרגינעלער פּאָעט מיעטשיסלאַוו ברוין, וואָס האָט זיך אויס־געלערנט יידיש און איבערגעזעצט לידער און פּראָזע פון לאָדזשער שרייבערס אין פּויליש און שפּעטער, ווען ער איז געווען אַ ריכטער פון לאָדזשער קרייז־געריכט, אָנגעהאַלטן גאָר נאָענטע באַציונגען מיט דער יידישער קינסטלערישער וועלט.

די צוויי ברידער באַלעק און מאַקס פעפערמאַן, וואָס האָבן זייערע ערשטע לידער געדרוקט אין „נאַש קוריער" און זענען געווען תלמידים פון ברוידעס גימנאַזיע.

דער פּאָעט מיעטשיסלאַוו פּאָטאַש, דער ברודער פון דער דיכטערין רקודה פּאָטאַש, וואָס האָט זיינע לידער געדרוקט סיי אין „נאַש קוריער", „נאַש פּזשעגלאָנד" און אין דער אַלגעמיינער פּוילישער פּרעסע.

דער גוטער חבר פון דער יונגער יידישער דיכטער־חברה סט. קראַש־ציאַנסקי, דער מאָלער און פּאָעט טאַדעק גאַטאַריוש, דער אייגנאַרטיקער קינסטלער, שרייבער און לעקטאָר סטאַניסלאַוו אָקנאַ, וואָס איז געווען היימיש מיט אַלעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישער קונסט.

עס דאַרף אויך באַזונדער אויסגעטיילט ווערן דער שרייבער סטעפאַן געלבאַרט, וואָס האָט ביז דער מלחמה געשריבן אויך אין פּויליש און איז נאָכן חורבן אַריבערגעגאַנגען בלויז צו יידיש און עברית.

מיט באַזונדערע געפילן וויל איך מזכיר זיין לטוב די אַלע לאָדזשער מענטשן און ערטער, וואָס האָבן די קינסטלער פון אונדזער שטאָט באַגייסטערט צו שאַפן.

קודם דאַרף מען דערמאָנען דאָס ערשטע אָרט, ווו לאָדזשער קינסטלער האָבן געהאַט זייער ערשטע היים. איך מיין דאָס „חזקה־שטיבל" פון לאָדזשער יידישע מאָלער, וואָס די משפחה פּאָזנאַנסקי האָט אָפּגעגעבן צו יצחק ליכטענשטיין און איז כל ימיו, געבליבן אַן אָרט ווו אַ יידישער קינסטלער האָט געקענט שאַפן. דאָס שטיבל אויף פּיעטריקאָווער 51, פון דאָרטן האָט צום לעבטן מאָל געשפּאַנט צום טויט דער נעסטאָר פון יידישע מאָלערס, מאוריצי טרעמבאַטש. דאָרט האָט אויך נאָכן חורבן אַ צייט געוווינט דער דערציילער י. שפּיגעל.

מיר דאַרפן אויך דערמאָנען דעם יידישן אַפּטייקער גאָרפיין, וואָס האָט געהאַט זיין אַפּטייק אין דער געדיכטער יידישער געגנט אויף ראָג וּוּסכאָדניע און קאַמיענאַ און האָט אין 1910 געשיקט אויף זיינע הוצאות „נתן בלעכערס יינגל", וואָס פון אים איז שפּעטער געוואָרן דער וועלט־באַרימטער קינסט־לער משה מענדזשיצקי, אָדער ווי י. ל. פּרץ האָט אים גערופן „משה חכם", דעם מיטאַרבעטער אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג קעגן די דייטשן אין פּאַריז. ער האָט איבערגעלאָזט לנצח זיין „אַלבום פון מאַרטיראָלאָגיע" וואָס איז אַ קינסטלערישער „מעמענטאָ" צו די רציחות קעגן יידישן פאָלק. עס פאַרדינט געדענקט צו ווערן דער פּשוטער ייד צבי יאָפע, דער מיטגרינדער פון ערשטן „הזמיר" און דער בעל־הבית פון וועגעטאַרישן רעסטאָראַן „וועגעטא" אין גערטנדל אויף זשעלאָנע 2. אַ פאַרליבטער אין יידישער קונסט, האָט ער אַוועקגעגעבן בחינם זיינע הער־

לעכע זאַלן (זשעלאַנא 3) פאַרן ערשטן „בית וועד" פאַר לאָדזשער יידישע און העברעיִשע שרייבערס און קינסטלערס. צ. יאַפּע איז אויך געווען פון די מיטבויערס פון קיבוצים און פון דער שטאָט „הרצליה" ווו ער איז געשטאָרבן זאָט אין יאָרן.

דעם לאָדזשער גביר און מעלאָמאַן חייקל יאַנאַווסקי (אגב האָט ער פאַרפאַסט אַ צאָל סימפאָניעס און מוזיקאַלישע אימפּרעסיעס, וואָס ער האָט אַליין דיריגירט אין די ערשטע יאָרן פון „הזמיר" 1900—1909). וואָס האָט אויף זיינע הוצאות געשיקט די צוויי לאָדזשער מאָלער מאַקס האַנעמאַן און דענדי־ניסענהויז קיין ארץ ישראל (1910) כדי מיט זייערע בילדער צו באַצירן די ווענט פון „הזמיר" ח. י. איז געשטאָרבן פאַרן חורבן. ער האָט ביז זיינע לעצטע טעג געשטיצט אַלע יידישע הילף־ און קולטור־אינסטי־טוציעס און ספּעציעל די יידישע שולן אין לאָדזש. מאַקס האַנעמאַן האָט ביזן חורבן געלעבט אין זאַקאָפּאַנע און דאָרטן פאַרפייניקט געוואָרן דורך די נאַציס. דענדי־ניסענהויז, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געצייכנט הונדערטער קאַריקאַטורן צו די יידישע הומאָריסטישע צייטשריפטן (אויב עמיצער ווייס פון אים, ווערט ער געבעטן צו וויסן צו טאָן).

*
**

מיט פיל ליבשאַפט דערמאָנען מיר די אָרעמע קאַוויאַרניע „אונטערן גלעזל" אויף פּאָלודניאָווע 8, וואָס זיין אייגנטימער, אַ נישט־אָנערקענטער מאָלער, אַנשל הערשקאָפּף, האָט אָפּגעגעבן פאַר אַ „היים־אָרט" פאַר יונגע קינסטלער און שרייבערס.

אין „אונטערן גלעזל", זענען געבוירן געוואָרן אַלע פּלענער וועגן די זשורנאַלן: „ס'פּעלד", „וועגן", די „פייל", „אויפגאַנג". „אות" א"אַ. דאָ זענען אויפגעשווומען אַלע אידייען וועגן ליטעראַרישע אימפּרעזעס, רייזעס, אָוונטן, בילדער־אויסשטעלונגען. דאָ זענען אויך אימפּראָוויזירט און געשריבן געוואָרן די בעסטע לידער פון די יונגע לאָדזשער דיכטערס און בכלל זענען אַלע קינסטלער דאָ אָנגעוואָרעמט געוואָרן מיט דער האַרציקסטער באַציונג פון די אייגנטימער (אַנשל, משה, אַנדזיע און מלכה הערשקאָפּף),

וואָס האָבן יעדן געגעבן „אויף באָרג" און שפּעטער זיך „געמאַכט פאַר־געסן" אין אַ שרייבערס אָדער קינסטלערס עת צרה.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די יידישע קאַפעטעריעס „אַסטאָריע" און „קאַפּרי" אויף ביידע זייטן פון די ראָגעס צעגעלניאַנע און פּיעטרי־קאָווער, וואָס זענען ביז די לעצטע טעג, איידער די נאַציס זענען אַריין אין לאָדזש, געווען דאָס אָרט פון לאָדזשער יידישע קינסטלערס און שרייבערס און אין וועלכע אפילו די יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן זענען געווען באַגייסטערטע פּאַטריאָטן פון יידישער קונסט און ליטעראַטור און זי געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט.

מיט הייליקן ציטער דאַרפן דערמאָנט ווערן די נעמען פון יידישע קונסט־ליבהאָבערס, וואָס האָבן זייערע דירות אָפּגעגעבן פאַר ליטעראַרישע סאַלאָנען, וואָס זענען תמיד געווען אין לאָדזש.

די דירות פון ש. ווישניאַק, מענדל שידלאָווסקי, אליעזר בליבוים, ראַכטשע און מלך ראַטבאַרד, ש. קאַבאַקער, וואָס האָבן באַגייסטערט מיט זייער אמונה אין יידישער קונסט. דעם לאָדזשער „האָטעל" פון די באַרימטע און באַליבטע (אין לאָדזש מער ווי אומעטום) שרייבערס וויסענבערג און מאַנגער, וואָס האָבן דאָרט מער געהאַט ווי אַ„היים" — די נישט גרויסע דירה פון הענעלע און שמעיה צימערמאַן (די שוועסטער און שוואָגער פון באַרימטן פּאַריזער עסייאיסט לייזער דאַמאַנקיעוויטש), וואָס האָבן מיט־געלעבט און מיטגעפרייט זיך מיט יעדן יידישן קינסטלער און תמיד (פיל מער פאַר זייערע פינאַנציעלע כוחות) מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן אויף יידיש־קינסטלערישע צוועקן און געהאָלפן אַרויסגעבן יידישע ביכער.

די „פּאַלאַצלעך" פון יחיאל ישעיה טרונק (פּאָלודניאָווע 42 און זשעלאָנע 39) די „סאַלאָנען" פון זיין שותף, דעם שיינגייסט און פּרציאַנער אלישע קאָן און זיין ברודער אברהם (וואָס האָט פון צייט צו צייט געדרוקט אין „נייער פאָלקסבלאַט") וואָס האָבן מיט גרויס שמחה אויפגענומען די יידישע שרייבערס און קינסטלערס. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן זייער ברודער אָשר קאָן (ער האָט פאַר זיין טויט, אין מעקסיקע, איבערגעלאָזט זיין ירושה פאַר מדינת ישראל), וואָס האָט אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבן זיין

ספר „מעדני מלך" פאַרבעטן און צוגעטיילט גרויס כבוד צו ר' הלל צייטלין זצ"ל, וואָס האָט געלעבט וואָכן אין זיין פּאַלאַצל אין ווידזעוו.

מיט אַ נישט אויסגעטרוקנטער טרער דערמאָן איך די פּשוטע שטוב פון אסתר און פישל וויינרייך (די שוועגערין און שוואָגער פון שמעון קאַנץ, וואָס האָט ביי זיי אין שטוב, ווי אַלע יונגע שרייבערס אָנגעהויבן זיין שרייבערישע עבודה), די שטוב, וואָס איז געווען מער ווי אַ היים פאַרן יונגן יידישן שרייבער אין לאָדזש.

עס דאַרפן נישט פאַרגעסן ווערן די „עשרה בטלנים", די „קוראים נכבדים", די באַגייסטערער פון יעדן מין שאַפער, וואָס עס זענען געווען די וואָס זענען אַריינגעקומען אין לאָזער בליבוימס דריי שטיבלעך, די טרייע קריטיקערס: משה לויפער, יוסף פרידמאַן, שמשון בליבוים און זיין פרוי חוה ראָטענבערג (ביידע זענען היינט חברים פון קיבוץ „אשדות יעקב"), זייער ברודער שלמה ראָטענבערג (אייניקל פון סאָכאטשאָווער גאון ר' אברהמעלע), בעריש קרימאַלאָווסקי און זיין שוואָגער אביגדור יאַקובאָוויטש, דער חבר פון וויסנשאַפטלער פּנחס קאָן, אַבע באָמאַץ, יידל שערמאַן, שמעון קאַץ, קיווע שעניצקי, ד"ר מאַקס ווישעוויאַנסקי, אינזשיניער י. טומאַרקין און משה שמואל ראָזענזאַפט (1900—1944), דעם געניאַלן בעל־זכרון פון די לידער פון יידישע פּאָעטן און די סימפּאַניעס פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס ער פלעגט אויסזינגען מיט אַלע תנועות און וואַר־יאַנטן (אומגעקומען אין אוישוויץ). מ. שיר איז געווען אַ קוזין פון כלל־טוער און שטיצער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, יאָסעלע ראָזענזאַפט, דער פאַרזיצער פון פאַרבאַנד פון ניצול־געוואָרענע „בעלגען־בערעזענער" און גרינדער פון די „ליטעראַטור פּרעמיעס" אויף חורבן־טעמאַטיק. לעבט אין ניו־יאָרק. ווי אויך משהל באָרנשטיין, דער שרייבער און דראַמאַטורג, די „בני מאַנדעל", משה (דער ליבלינג פון פּרצן), אברהם (דער איידעם פון לעצטן סאָכאַטשאָווער רבי), יהושיע (דער אייזערנער קאָפּ און „חריף"); „מעכעלע" און „הערשל זוהר", פּוליע פיינער, זון פון הרב פייגער און קלמן ליס, דער חסידישער בונדיסט, חבר און שטיצער פון משה יאָסל סמאָליער און אויך די פון אונדזער מחנה, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן שרייבערס און געלערנטע: פּראָפ. א. ז. אשכלי, מגר. פּנחס קאָן און וואָוטשע

יאָסקאָוויטש, וואָס אין זייער זכות און צוליב די אַלע טענות און לויבן, האָט זיך געלוינט צו שאַפן.

לאָמיר זיי אַלע דערמאָנען מיט דער זעלבער ליבשאַפט, מיט וועלכער זיי אַלע האָבן געליבט און געשטיצט די יידישע ליטעראַטור און קונסט פון דער יידישער שטאָט, לאָדזש.

## נאָכן חורבן

באַלד נאָך דעם ווי די ערשטע יידן קומען צוריק פון די לאַגערן, ווערט לאָדזש ווידער דער צענטער אין לאַנד־מאַסשטאַב, פון אַלע אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס.

אין לאָדזש פון נאָכן חורבן געפינען זיך כמעט אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן: דער באַנייטער יידישער ליטעראַטן־פאַראיין, די היסטאָרישע קאָמיסיע, די צייטונג „דאָס נייע לעבן", דער אָרגאַן פון צ"ק פון פוילישע יידן (איידער די יידיש־סעקטאַנטישע קאָמוניסטן„ האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט) און אויך אַלע פּאַרטייאישע צייטשריפטן דערשיינען אין לאָדזש.

קיין לאָדזש ציען און קומען צוריק די איינצעלע יידישע שרייבערס פון די געטאָס און לאַגערן, פון די ווייטע ערטער פון רוסישן אַזיע און מאָסקווע און ווידמען זיך ווידער דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע.

עס דערשיינען די צייטונגען פון די לינקע פּועלי ציון, וואָס ווערן רעדאַק־טירט פון שמעון ראָזענבערג און חברים. די צייטונג „דאָס וואָרט", דערנאָך „דאָס וואָרט־אַרבעטער צייטונג", די יוגנט־אויסגאַבעס „דרור", „פלאַמען", „פרייע יוגנט" אין יידיש, „נאַשע סלאָוואָ", וואָס ווערן רעדאַקטירט דורך אַ קאָלעגיום מיט די הויפּט־רעדאַקטאָרן צבי הערש שנער (געב. 1910) און מיין לאַנגיאָריקער חבר אפרים פישל הערצבערג (געב. 1910), וואָס איז פון די יונגסטע יאָרן געווען אַקטיוו אין דער פּועלי ציון־צ"ס פּאַרטיי, איר מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און גלענצנדיקער אַדוואָקאַט. ער האָט אין רוסלאַנד ביטער געשקלאָפּט אין די לאַגערן און איז דוקא אין ישראל אַריבער צו די קאָמוניסטן, ווו ער איז אַ מיטאַרבעטער פון „פריי ישראל", און „קול העם".

ה. שנער טוט אַ גאַר וויכטיקע און הייליקע אַרבעט ביים פאַראייביקן די קדושי פוילן סיי אין זיינע שריפטן אין יידיש, עברית און פויליש אין

„דפים״ „ידיעות פון קיבוץ לוחמי הגיטאות״ אויפן נאָמען פון אונדזער גרויסן בן עיר, דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן ז״ל, אין וועלכן ער לעבט און איז פון די אָנפירערס. זיין שרייבן און זיין רעדאַקטאָרישע עבודה זענען אין די בעסטע טראַדיציעס פון אונדזערע אַלטע לאָדזשער שרייבערס און רעדאַקטאָרן.

אין די פּ. צ. אויסגאַבעס האָט זיך אויך באַטייליקט דער אַדוואָקאַט יוסף כלודניעוויטש, וואָס האָט נאָך זיין עולה זיין קיין ישראל געענדערט דעם נאָמען אויף חלד. אַ צייט געווען סגן ראש העיר פון תל־אביב.

עס דערשיינט דאָס וואָכנבלאַט „איחוד״ רעדאַקטירט פון היסטאָריקער און וויסנשאַפטלער, יחיאל הירשהויט, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון אויסגעצייכנטן זשורנאַליסט, אפרים שעדלעצקי. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן אויך אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „אָפּיניאָ״ רעדאַקטירט פון מאַקס. טייכנער און אינזש. י. לאַנגנאַס; די צייטשריפטן „משמר״ אין יידיש און מאַסטי״, וואָס ווערן רעדאַקטירט פון סט. געלבאַרד און ארזי־טענענבוים. די אויסגאַבעס פון די יידישע קאָמוניסטן „פאָלקסשטימע״ און „אויפגאַנג״ רעדאַקטירט פון מ. מירסקי ווו עס שרייבן אויך אַ טייל לאָדזשער שרייבערס. עס הויבט אָן צו דערשיינען די „יידישע שריפטן״, די ליטעראַרישע צייטשריפט פון די יידישע שרייבערס אין פוילן, וואָס אויך די לאָדזשער שרייבער פילן, אַז אויף זיי ליגט דער חוב ווידער צו געשטאַלטן דאָס ליטעראַרישע פון דער עיר ואם בישראל, גיבן א תיקון אין ווערק, אין ספרים און דערמיט שטעלן דעם לאָדזשער יידישן ישוב אַ מצבה פון גייסטיקער דויערקייט...

עס ווערן באַנייט די בונדישע אויסגאַבעס „יוגנט־וועקער״ מיט אַ ביילאַגע „חברשאַפט״ פאַר קינדער (די ערשטע פון דעם מין אין נאָכ־מלחמהדיקן פוילן), וואָס ווערט רעדאַקטירט דורך אַ קאָלעגיע: אברהם קאַהאַן (געב. 1920, דער זון פון בונדישן פירער ווירגילי — קאַהאַן), מאַרק עדעלמאַן, (געב. 1919, דער העלדישער אָנפירער פון וואַרשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד, וואָס איז געוואָרן אָן איידעם פון לאָדזשער בונדישן לאַוניק ד״ר אַל. מאַרגאָליס); הלל קעמפּינסקי (געב. 1910);

יהודה קערש (געב. 1909, וואָס האָט די צייטשריפט צוגעגרייט צום דרוק); יצחק לודען (געב. 1925) האָט אין דער צייטשריפט גע־דרוקט זיינע ערשטע אַרבעטן. ער איז אין מדינת ישראל אויסגעוואַקסן צו אַ גאַר קרעפטיקן פובליציסט און שרייבער אויף פאַרשידענע גע־ביטן, ספּעציעל וועגן מאַלעריי, וואָס ער לעבט דערמיט. ב. ווינער (וואָס לעבט יעצט אין מעלבורן). עס האָט אויך געדרוקט אירע ערשטע לידער רוטקע וועקסלער, (די טאָכטער פון ראַדיאָ־הערער אין לאָ־דזשער געטאָ, דעם קדוש יאַנקל וועקסלער). זי לעבט אין ישראל. עס האָט אויך צוגעהאָלפן און געדרוקט פּאָעטישע פּראָזע א״נ מיכאל ליב־לינג, דער שרייבער פון די שורות.

אין לאָדזש, אין דעצעמבער 1945 דערשיינט דער ערשטער נומער פון דער בונדישער „נייע פאָלקסצייטונג״ (די צווייטע יידישע אויסגאַבע נאָך „דאָס נייע לעבן״), רעדאַקטירט פון לעאָ פינקעלשטיין, רעד. סעקרע־טאַר — יהודה קערש.

אין לאָדזש זענען אויך אַרויס אייניקע נומערן פון „גלאָס בונדו״, וואָס ווערן רעדאַקטירט דורך אַ קאָלעגיע. (שפּעטער, ביז צו דער ליקווידאַציע פון „בונד״ אין פוילן, זענען די צייטשריפטן דערשינען אין וואַרשע ביז אויגוסט 1948).

צו דער יינגסטער גענעראַציע לאָדזשער שרייבער געהערן: רישאַ געדולד (פון דער שרייבער־משפחה ווינריב), וועלכע האָט איבערגעלעבט דעם אוישוויצער לאַגער און אין דער ישראל־פּרעסע געדרוקט רעפּאָר־טאַזשן, דערציילונגען אויף געטאָ־טעמאַטיק; אויך אברהם גאָפּלאָט, אַ שילער פון דער מעדעם־שול האָט דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן וועג. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה קומט ער אָן אין דער מאָסקווער טעאַטער־שול פון מיכאָעלסן. שפּעטער טרעט ער אַריין פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי און אַוואַנסירט ביז אויבער־לויטענאַנט. אין דער אַרמיי ווערט אַ מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט.

אויפן וועג קיין ישראל איז ער זייער טעטיק אין די פּליטים־לאַגערן אַלס מיטרעדאַקטאָר פון אַ ריי אויסגאַבן און רעזשיסער. אין 1948 געקומען

קיין ישראל און איז אַ סטאַבילער מיטאַרבעטער פון די אַרטיקע צייט־שריפטן אַלס פעליעטאָניסט און טעאַטער־רעצענזענט.

עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ „לאָדזשער יזכור בוך". אָבער נישט די שולד פון די לאָדזשער שרייבערס איז, וואָס עס איז זיי נישט געלונגען, איידער זיי האָבן פאַרלאָזן פוילן, דאָס צו דערגרייכן. די שרייבער האָבן געטאָן דאָס בעסטע. עס איז אויך שוין געוועזן געלט, וואָס די לאָדזשער אין דער וועלט האָבן צוגעשיקט פאַר בוך.

און זאָל אויך דאָ פאַרצייכנט ווערן לדורות, אַז אַלע מאַטעריאַלן זענען געווען גרייט צום דרוקן. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון: ישעיה שפּיגעל, יוסף אָקרוטני, א. וו. יאסני, יצחק יאָנאַסאָוויטש, יצחק גוטערמאַן און חיים לייב פוקס.ליידער איז עד היום נאָך אַלץ קיין לאָדזשער יזכור בוך נישט פאַראַנען.

די לעבנגעבליבענע יידישע שרייבער אין דער גאַנצער וועלט, טוען ווייטער זייער שרייבערישע עבודה. ביי זיי יועט לעבן אַ לאָדזש של מעלה, אַ לאָדזש פון גייסטיקער דערהויבנקייט...

# חורבן לאָדזש
## (פּאָעמע)

לזכרון מיין טייערער מאַמען
ראָדע־שמחה בת חיים יהודה

אַריינגעכאַפּט אין פייער,
געפאַנגען אין אַ שטייג.
לויף איך אין מיין טרויער,
פאַרשטומט אין בלוט־געשווייג.

ס׳איז מיין ווייטיק גרעסער
פאַרן שאַרף פון שניט.
פון פיין איך בין געמעסערט,
אין כאַרכל ברומט מיין ליד.

עס שלעפּן מיינע פיס מיך
דורכן געטאָ גיין.
אַ הויז אין לעצטער גסיסה
לאַגעווניצקע ניין.

אַ הויז אין יידיש באַלוט,
אַ שטוב פון נויט און טויט.
אין מלכותדיקן דלות,
אַ חלום פלאַמט און בלויט.

דער חלום פון גאולה
מיט ליכט אַרומגעזוימט.
האָפט מען אויך, אפילו
דער גואל האָט פאַרזוימט . . .

פון דאָ, מיין ליבער מאַמען
מען שלעפּט צום לעצטן גאַנג.
צוויי פינטלעך זונען־פלאַמען
אין אירע בליקן צאַנקט.

זי פלעמט מיר אַ לעצט מאָל,
געזעגנט מיט אויגן־צינד.
מיט לעצטער טרער באַנעצט זי,
רחלען, מיין שוועסטערס קינד.

מיט איר צוזאַם אין וואַגן
מען וואַרפט מיט שטיקער נאַכט.
צום לעצטן טויטן־וואָגל —
מיט פיין און וויי באַוואַכט.

פון גרויער שטוב עס ווינקלט
צו מיר מיין שוועסטערס טויט.
אַ לעצטער זונשיין פינקלט
און גרויט עס ווערט דאָס רויט . . .

פון איבער טויזנט מיילן
מיין בליק האָט אַלץ געזען.
ס׳קען קיינער נישט אָפּטיילן
פון אייך, כ׳בין דאָ מיט אייך געווען.

מיט מיינע לאָדזשער יידן
איך שפּאַן דעם לעצטן וועג
זאָל לעצטער גורל צושמידן
צו אייך אויך מיינע טעג . . .

אין נעכט, אילי, דער טייך האָט
געשריגן אייער שריי.
אין קוימענס האָט געריכערט
מיט אייך באַזאָם מיין זיין . . .

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן
אין וויכערדיקן זשום.
געהערט האָב איך אַ צינדן,
פון אויוונס דעם געברום.

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן,
כ'האָב אייער שריי דערקענט.
אויף ווינטן, ווי אויף אינדן
מיט פיס צעאַשט, פאַרברענט.

בין איך קיין לאָדזש געפלויגן
מיט לעצטן פלאַם אין האַרץ.
זיך אויסגעוויינט די אויגן,
נאָר קיינעם נישט דערוואַרט . . .

אין שטערן אויפן הימל
געזוכט האָב איך באַשייד.
אַ ווינקען, ווי אַ סימן,
אַז אויפשטאַנד איז געגרייט.

נאָר ס'האָבן זיך די שטערן
געלאָשן אינעם ווינט.
ווי אַלע די באַגערן
געבוירן וואָלטן בלינד . . .

אויף שאַרף פון געטאָ-דראָטן
ביים צוים פון האָלצן-בריק
האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם
מיין חלומס זונען-בליק . . .

איצט שפּאַן איך אויף דער וואָר דאָ
מיט מיינע מידע טריט.
פון אַלע טויזנט יאָרן,
אַליין, אַ לעצטער ייד.

עס טונקלט זיך דער אָוונט
אויף חרובדיקע ווענט.
און שטילע ווי פאַראַבלט
פון קיינעם נישט דערקענט —

עס ציען זיך בלויז שאָטנס
פון מיר צום האָריזאָנט.
אַריבער געטאָ-דראָטן,
וואָס האָבן מיך געמאָנט . . .

עס ציען זיך די שאָטנס
פון מיר ביז סוף פון וועלט.
די לעצטע געטאָ-דראָטן
ביזן טויטן-פעלד . . .

עס שלענגלען זיך די שאָטנס,
דורכזיכטיקע ווי קרעפּ.
און ווי אין פיין-חרטה,
זיי שאָקלען מיט די קעפּ.

ווי קעפּ אין לעצטע רגעס
אָפּגעהאַקט פון גוף — — —
מיר דוכט, איך הער זיי פרעגן :
איז טאַקע דאָס דער סוף ?

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
מיט נאַכט איך בלייב אַליין.
און ס׳הילט מיך איין דער אומעט
פון לאַגעווניצקע ניין.

עס צינדט זיך אָן אַ שטערן
און לעשט זיך אויס אין ווינט.
די לבנה, ווי דורך טרערן,
אַ פּנים פון אַ קינד,

זי בליקט צו מיר אַראָפּ דאָ,
באַלייכט דאָס טויטן־הויז.
עס דוכט מיר, איך הער מען קאָפּעט
אַ גרויס קבר אויס.

איך זע ווי רידלען גראָבן,
איך זע ווי רידלען, — אָן די הענט.
זיי גראָבן ביז זיי האָבן
מיין שטאָט פון ענד ביז ענד,

פון כוינע ביזן באַלוט,
פון „ווילקע" ביזן „סטאָוו"
די שטיינער מאַכן יעלות,
באַקלאָגן זייער סוף.

די שילדער פון די הייזער,
פון מיינע הענט געמאָלט.
מיט פאַרבן פון געבייזער
אין רעשיקן געוואַלד —

זיי שלאָגן צ׳ריק די רידלען, —
נאָר בלייבן ליגן שטום —
ווי נאַכט־מוזיק פון פידלען,
וואָס ציט זיך פון אַרום — — —

וואָס גרייכט פון טיפע נישן
און קומט אַרויס פאַרשעמט.
ווי שלאַנגען, רידלען צישן
אין לויער פון פאַרלענד.

איך זע ווי רידלען גראָבן
בלויז רידלען, אָן די הענט.
זיי גראָבן ביז זיי האָבן
מיין שטאָט פון באַגין ביז ענד.

צעריסן און צעאַקערט
די רידלען אָן די הענט —
און די אַרבעט פלאַקערט,
און די אַרבעט ברענט . . .

ביז ס׳הויבט זיך אויף און טורעמט
די ערד, צו הויכע ווענט
ביז ס׳נעמען זיך געאָרעמט
די רידלען אָן, ווי הענט . . .

צעזינגען זיך און טאַנצן
אין טויטער נאַכט אַריין.
זיי פינקלען און זיי גלאַנצן
אין לבנהס ווייכן שיין.

זיי טאַנצן און זיי זינגען
פון טויט דאָס לעצטע ליד.
און וואַקלען זיך און שפּרינגען
ביז זיי פאַלן מיד — — —

און פּלוצים פון די רידלען
פיל ראָבן וואַקסן אויס.
און ווי אויף שוואַרצע פידלען
מיט ציינער ווייס און גרויס.

צעשפּילן זיי אַ ניגון,
אַ ליד אָן אומבאַקאַנטס.
און ס׳קומען אָן אין וויגן
ווי פון אַן אַנדער לאַנד —

פול קינדער־קעפּ, צעשויבערט
מיט קעפּ פון זקנים־גרוי
און ווי אַרויסגעצויבערט
פון טונקעלער נאַכט אַרויס

זיי לויפן פון די וויגן
און טוען רידלען אָן.
און צום טאַקט פון ניגון,
די רידלען טוען אָן . . .

באַלד ווערט פון קאָפּ און רידל
אַ מענטשלעכער סקעלעט.
און ווי מיט ווערטער מידע,
דוכט זיך מיר : מען רעדט.

ווי ווערטער שטיל אין יידיש,
צניעותדיק, פאַרשעמט
מיט דורותדיקן חידוש —
איך האָב זיי באַלד דערקענט . . .

מיין ליבער חדר־לשון,
דו ביסט מיר אַ געזאַנג !
— ווערסט קיין מאָל נישט פאַרלאָשן,
פון האַרץ און פון געדאַנק.

מיין מאַמעס שטילע תפילות,
מיין באָבעס קלוגע רייד.
מיין לערנען פון אַ עילוי
פון מיין ישיבה־צייט.

מיין ליבע — שיר־השירים,
דאָס חתן־כלה ליד.
— דורך אַלע טויט־יסורים,
עס הייליקט דיך אַ ייד.

דעם ייידנס אַלטע ווערטער,
די אייביקע געזאַנגען.
פון אַלע, אַלע ערטער,
דורך דורות, כ׳בין געגאַנגען.

פון איבער מדבר־וועגן
ביז צו בבלס טייכן.
זיי קומען מיר אַנטקעגן
און איילן זיך דערגרייכן

צו מיינע לעצטע ברעגן
אין וווּנדערלעכן חידוש.
און ווי מיט מיילער פרעגן
זיי מיך אין פראָסטן יידיש :

צי איך האָב נישט פאַרגעסן
דעם טאַטנס פרומען ניגון ?
די שבתע מעת־לעתן,
וואָס פלעגן מיך פאַרוויגן ?

מיין ליבשאַפט צו פאַרטייטשן
אַ פסוק פון דער תורה — — —
און פלוצים, ס׳דוכט מיר : דייטשן,
איך ציטער און האָב מורא.

די דייטשן, בייז, מיט שווערדן
צעגלאַנצטע און געשאַרפטע.
ווי אַרויס פון ערד, פון
תהום אַרויסגעוואָרפן.

זיי פלוכן און זיי זידלען,
בייז „הייל" און „יודע" רופן
צו די קעפ אויף רידלען,
צו די רידלען־גופים . . .

זיי שרייען און זיי שעלטן
אזוי ווי דייטשן קענען.
ווי „הערן" פון די וועלטן,
וואס דוכט זיך זיי, זיי זענען —

זיי ציען זיך אין מחנות
מילאניקע ארמייען.
איז אמת? צי געדאכט איז?
איך זע: זיי שפאנען, גייען —

זיי נייגן זיך צו גריבער,
זיי שטייגן צו די הייזער,
וואס גלאנצן טויטע, טריבע
זיי נעמען זיך באווייזן.

פון איבער שטעט און גאסן,
פון דורכגענג און פון הויפן
א שטראמענדיקע מאסע,
זיי יאגן, און מיר לויפן — — —

דורך ברענענדיקע שילן,
פארוויסטיק הייליק־ערטער.
זייער טויטן־האס צו שטילן
פון בלוטנדיקע שווערדן.

פון איבער שטיין און שטאקן,
פון איבער פלויט און דעכער.
מיט גאווה, — אומדערשראקן,
זיי הויבן זיך אלץ העכער — — —

זיי פילן־אן די רוימען,
צו די הימלען גרייכן,
דורך די לעצטע צוימען
מיטן „טויטן־צייכן" . . .

און פלוצלים, — פול געווארן
ארום, דאס גאנצע ארט.
א קול, ווי א דונער, צארנט
און ס׳הילעכט הויך א ווארט —

דאס ווארט, וואס געהערט עס
אין מיינע ערשטע טעג,
ווען הימל און ווען ערד איז
געוועזן מיין פארמעג . . .

דאס ווארט ארויסגעשטאמלט
ווי ס׳וואלט געהערט מיך, גאט.
— איך זע דא איצט מיין מאמען —
זי שרייט עס הויך דאס
ווארט — — —

און ס׳בלייבן שטאר די דייטשן
און ס׳קומען יידן אן.
און פרעגן, איז די צייט שוין?
און טוען בגדים אן . . .

זיי הויבן זיך און שטייגן,
ווי איבער שווינדל־טרעפ.
די טויטע אויגן שווייגן
פון זייערע טויטע קעפ . . .

די טויטע ליפּן שווייגן,
עס רעדן בלויזע הענט,
וואָס זעען אויס ווי צווייגן
אויף אַש און קויל פאַרברענט.

די טויטע גופים שווייגן,
תכריכים שרייען הויך.
און ס'ציען זיך און שטייגן
די ווערטער, פייער־רויך.

ווערט יעדער אות און צייכן,
אַ לעבעדיקער ייד.
איך שטייג מיט זיי אין הייכן
און פלאַטער ווי מיין ליד!

# זוכצעטל פון נעמען

# אינהאַלט